THE STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY PROVIDES
ON-DEMAND REPRINTS OF MODERN YIDDISH LITERATURE

ORDERS MAY BE PLACED BY PHONE AT (413) 256-4900 X155; BY FAX AT
(413) 256-4700; BY E-MAIL AT ORDERS@BIKHER.ORG; OR BY MAIL AT
NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER, 1021 WEST STREET,
AMHERST, MA 01002-3375 U.S.A.





MAJOR FUNDING FOR THE
STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY
WAS PROVIDED BY:
*Lloyd E. Cotsen Trust*
*Arie & Ida Crown Memorial*
*The Seymour Grubman Family*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*Max Palevsky*
*Robert Price*
*Righteous Persons Foundation*
*Lief D. Rosenblatt*
*Sarah and Ben Torchinsky*
*Harry and Jeanette Weinberg Foundation*
AND MEMBERS AND FRIENDS OF THE
*National Yiddish Book Center*



The *goldene pave*, or golden peacock, is a traditional
symbol of Yiddish creativity. The inspiration for our
colophon comes from a design by the noted artist
Yechiel Hadani of Jerusalem, Israel.

BOOK DESIGN BY PAUL BACON

PRINTED IN THE U.S.A. ON ACID-FREE PAPER

עלי שעכטמאַן

# ערב

ראָמאַן

פינפטער און זעקסטער בוך

פאַרלאַג
י.ל. פרץ
ישראל

תל־אביב, תשל״ט — 1979

# א

און הגם אונטערוועגנס האָבן זיי זיך דערוווּסט, די באָיאַרס, אַז שוין אויך דאָרטן וווּהין זיי פאָרן, ווו זיי ווילן אַ מקום־מיקלט געפינען, איז אַ שחיטה און אַ גרויסע געווען, — דרײַ באַטקאַ־אַטאַמאַנען מיט אַ מאָל, דרײַ פּרײַע זין פון דער פּעט־ערדיקער, פון דער מוטער אוקראַינע, די נײַע קאָזאַקן־הײַדאַמאַקעס וואָלינעץ, סטרוק און זיראַ־זירקאָ האָבן פון די טיף האַרבסטיקע וועלדער, פון אַלע פיר זײַטן, מיט אַ ווילדן געפײַף און פײַער, אין מיטן דער נאַכט, אויף די אויסגעפּאַשעטע שוואַרצע פערד, אין שטעטל זיך אַרײַנגעריסן, געצונדן און געקוילעט, פאַרגוואַלדיקט מאַמעס און טעכטער, פאַרשוועכט אין די בתי־מדרשים הייליקייטן און צו פּאַר טאָג צו, בײַם שטאַרק־ווינטיקן זונאויפגאַנג, געוואָרפן זקנים פונעם בריק אין טײַך אַרײַן, — דאָך האָבן די באָיאַרס ניט פאַרהאַלטן און ניט אָפּגעשטעלט זיך, געלאָפן ווײַטער מיט ווײַב און קינד פון זייערע אײַנגעזעסענע ערטער, ווײַל מ׳איז שוין בײַ זיך אין שטוב מיטן לעבן ניט זיכער ; די היימישע פּויערים, די שכנים, האָבן גענומען אָנפאַלן און הרגענען די דאָרפסייִדן, — אָקסן־הענדלערס און סטאָ־ליאַרעס, מוכר־תבואהניקעס און קאָוואַליעס, מילנערס און שאָרניקעס, טע־פּערס און סטעלמאַכערס. — דערצו נאָך ליגן אויף די הינטערשטע צוויי פורן די הרוגים, וואָס דאַרפן צו קבר־ישׂראל געבראַכט ווערן. די רעדער זינקען ביז די קלעצלעך און די פערד שלאָגן זיך פון די כּוחות אַרויס, פון די אויגן רינען זיי טרערן און שלעפּן קוים די פיס פון דער געדיכטער בלאָטע... ווילן זיי, די באָיאַרס, אין איין אָרט זיך צונויפפאָרן און אַלע אין איינעם דאָרטן קעגן די רוצחים און בלוט־פאַרגיסערס אַרויסגיין, ווײַל דאָ, אין זייערע דערפער, ווו פון אונטער יעדער סטריכע קוקט אויף דײַן האָב־און־גוטס און אויף דײַן לעבן אַ ניט־גוטער, אַ ניט־פאַרגינעריש, אַ פאַרראַט־קינאַהדיק בלוי אויג אַרויס, און ס׳צלמט זיך דאָרטן אַ געדיכט־באַוואַקסענער,

אַ ווײַס־האָריקער, אַ האַרטבעררדיקער מלאך־המוות. — דאָ, צעשאָטענע איבער די דערפער און כוטערס, ווער מען אַליין ניט קאָנען בײַשטיין.

און אויפן וואָגן לעם די הרוגים זיצט סטיסיע מיט איר דערהרגעטן קינד — מ׳האָט עס פאַר די פיסלעך אָנגענומען, צעהוידעט און מיטן קעפל אין וואַנט אַרײַן געשלאָגן. סטיסיע האַלט דאָס טויטע זעקס־יאָריקע קינד אויף די הענט, און אינעם ווײַסן לײַוונטענעם פאַרטעך פאַרוויקלט ליגן די צונויפגעקליבענע שוואַרץ־פאַרקוילטע ביינער פון איר מאַן, וואָס האָט זיך מיט אַ בענקל אין האַנט אויף די גזלנים געוואָרפן און מ׳האָט אים אַ מעסער אין רוקן אַרײַנגעשטאָכן... זי האָט דעם מאַן אירן, נחומקען, פון דער מומע ליבעס ברענענדיקער שטוב ניט געקאָנט אַרויסטראָגן און ער איז אין פלאַם־פײַער פאַרברענט געוואָרן.

און לעם איר, לעם סטיסיען, זיצט אויך דניאלקע דער מומע ליבעס — אַ געל־שווײַגנדיקער, די אויגן צוגעמאַכט, די קינבאַקן צוקן און די ליפּן פאַרקלעמט. — טאַקע צוליב אים האָט זי, סטיסיע, דעם גוססדיקן מאַן אויפן גליטשיק־ליימיקן פּאָל אין בלוט ליגן איבערגעלאָזט, און אים, דניאלקען, און דאָס טויטע קינד אירס אויף די הענט גענומען און דורכן קעלער פון פײַער אין דער נאַכט אַרויס.

טאַקע נאָר על־פּי נס האָט סטיסיע דניאלקעס לעבן געראַטעוועט. דאָס איז פאָרגעקומען ממש אין געציילטע רגעס בעת דער אַטאַמאַן האָט דעם זעקס־יאָריקן קינד, סטיסיעס יינגל, דעם רעוואָלווער אין הענטל אַרײַנגעלייגט, דעם קינדס הענטל מיטן רעוואָלווער אויף דער מאַמען, אויף סטיסיען, אָנגעשטעלט און דעם קינד געזאָגט און געלערנט:

— אָט דאָ, אויפן צינגל, אָט דאָ קוועטש אָן... הרגע זי, די מאַמע דײַנע, די זשידאָווקע... וועסטו זי הרגענען, וועסטו בלײַבן לעבן. וועל איך דיך צו זיך צונעמען און דו וועסט בײַ מיר אַ גוטער קריסט אויסוואַקסן... נו!

דאָ האָט די מומע ליבע מיט איר גוף סטיסיען פאַרשטעלט און צום אַטאַמאַן, צו אַנגעלן, צו דעם פרומען גוי מיט דער ברייטער האַרטער באָרד, שטיל און אַפילו רויִק, מיט איר טרויעריקן שמייכל, אָבער מיט אַ הייסער שינאה אין די אויגן, און מיט עפּעס אַ מין רחמנות אין קול געזאָגט:

— זאָל דאָס קינד שיסן אין מיר און ניט אין דער מאַמען... זאָל אַזאַ

שרעקלעך פֿאַרברעכן זיך ניט לייגן אויפֿן קינדס נשמה... בײַ אים וועט זײַן אַ פֿאַרשאָלטן לעבן! ווי איז צו אײַך, קריסטן, אַ בראָך צו אײַער גאָט יעזוסן, וואָס כּדי צו זײַן אַ „גוטער קריסט" דאַרף אַ קינד טייטן זײַן מוטער. אײַער גלויבן איז אַ בלוטיקער און אַ מערדערישער.

האָט דער אַטאַמאַן אַנגעל דאָס קינד צו איינעם פֿון זײַנע לײַט אַ וואָרף געטאָן, די מומע ליבע פֿאַר די האָר פֿון שטוב אַרויסגעשלעפּט, אין זײַן ברישקע זי אַרײַנגעוואָרפֿן, געהייסן די שטוב פֿון אַלע פֿיר זײַטן אונטער־צינדן, די טירן און פֿענצטער פֿאַרקלאַפּן, קיין לעבעדיקער זאָל פֿון דאָרטן ניט אַרויס, און אין דער נאַכט, און אין די וועלדער אַוועקגעיאָגט.

ווזהין די מומע ליבע, די טרייסטערין אין דער משפּחה, די שיינע און די שטאָלצע, מיטן גוטן טרויעריקן שמייכל אויפֿן עקשנותיקן פּנים, מיטן שטענ־דיקן, אַפֿילו אין די שווערסטע שעהען, לעבנסדאָרשטיקן צאַפּל אין די קאָרע אויגן, נאָך אָן אַ סימן פֿון גרויקייט אין דעם געדיכטן גלאַנציק־שוואַרצן קאָפּ האָר, ווזהין זי, מיטן קלוגן וואָרט און ווערטל, אַזאַ הויכע סאָסנע — אַ פֿרייד געווען אויף איר צו קוקן, ווזהין מ׳האָט זי, די מומע ליבע, פֿאַרפֿירט און וואָס ס׳איז מיט איר דאָרט געשען, האָט קיינער פֿון די באַיאַרס קלאָר און אויף זיכער ניט געוווּסט. די דרײַ קאָוואַליעס, מאַטעס מיט זײַנע צוויי זין, אויף די פֿערד, מיט די אײַזערנע שטעקנס אין האַנט, האָבן אויף מאָרגן איבער אַלע נאָענטע און ווײַטע וועגן — די סכּנה פֿאַרן לעבן איז גרויס געווען — איבער פֿעלד און וואַלד געזוכט און געפֿרעגט... נאָר איין פֿויערל, אַ פּאַסטעך בײַם שײַטער אין טאָל, האָט מיט האַלבע ווערטער געשטאַמלט:

— אַ זשידאָווקע?.. ווי לײַט רעדן, האָט מען זי לעבעדיקערהייט אין וואַלד באַגראָבן...

— וווּ? אין וועלכן אָרט? אין וועלכער זײַט?

— ליודי נע קאַזאַלי... צע נע האָוואָרילי...*

און עפּעס מערער פֿונעם באַרוועסן פֿויערל, דעם פּאַסטעכל אין דער גרויער סוויטקע מיטן שטריקל אַרומגעבונדן, האָט מען זיך ניט געקאָנט דערוויסן. זענען די דרײַ באַיאַרס דעם גאַנצן טאָג איבער די סוף־האַרבסטיקע,

* מענטשן האָבן ניט גערעדט, דאָס האָט מען ניט געזאָגט.

ערב־ווינטערדיקע פּאַלעסיער וועלדער אַרומגעפּאַרן, נאָר דער מומע ליבעס קבר דאָרטן אין ערגעץ ניט געפונען.

קאָנען זיי נאָך אַלץ בשום־אופן ניט פאַרשטיין, די באָיאַרס, הייבן די אַקסלען און פרעגן איינער בײַם אַנדערן: וואָס הייסט עס? אַזוי פיל יאָרן ווי מ׳לעבט אין איינעם, מ׳קאָוועט פאַר זיי וועגענער און מ׳שמידט פאַר זיי אַקער־אײַזנס, מ׳נייט פאַר זייערע פערד כאָמוטן און שלייעס, מ׳בייגט אויס פאַר זיי רעדער און מ׳דרייט פאַר זיי שטריק. וואָס פאַר אַ שד איז פלוצלינג אין זיי, אין די פּויערים, אַרײַן? אַזעלכע שטילע גוייִם געווען, צו זיך אויף „וועסיליעס״ פאַרבעטן, דעם „באָך נאַ פּאָמאָשטש״ אַנטקעגן געטראָגן; אין די ווינטערס אויף די לעזשאַנקעס געלעגן און ווי די בערן געדרעמלט. אין די זונטיקס, אומקערנדיק זיך פון קלויסטער, מיט סאַמאַהאָן זיך אָנגעטרונקען, אַ געזאַנג געזעצט, מיט די רימענע ווישקעס דאָס ווײַב געצלמט, דערנאָך צוריק אויפן אויוון זיך פאַרקליבן און דאָרטן אין דער וואַרעמקייט די ליולקע מיטן שטאַרקן סאַמאָסאַד תּמעוואַטע געזויגן.

די פּויערטעס האָבן גאַנצענע טעג אויף די קאַלאַוואַראָטקעס און ווערע־טענעס דעם לײַן און דעם קאַנאָפּליע־פלאַקס, און די ניט־דערוואַשענע, געלב־לעכע וואָל געשפּינט. דרײַ מאָל אין טאָג די קי געמאָלקן, בײַ טאָג געפירט צו די קרענעצעס די פערד פּויען. און אַז ס׳האָט אַ שיינער טאָג אויף שטילע שנייען געטראָפן, האָט מען דאָס פי פון די שטאַלן אין קושאַרעס אַרויס־געטריבן:

— זאָלן גאָטס באַשעפענישן די זײַטן זיך דערוואַרעמען.

אין די חגא־טעג האָט מען פון די קאָסטנס די ספּאָדניצעס אַרויסגענומען, די שטײַף־קראָכמאַליעטע העמדער אָנגעטאָן, די גאָמבעס מיט די בונט־פאַרביקע טערנאָווע שאַלכנס אונטערגעבונדן. די מאַנצבלען האָבן די שמוי־שענע יאַלעמס אויף די קעפּ אַרויפגעזעצט, די וועגענער מיט הרעטשענער שטרוי אויסגעבעט, מיט קאָלירנדיקע קילעמס פאַרשפּרייט, די פערדישע גריוועס מיט רויטע סטענגעס פאַרפלאָכטן און מ׳איז צום קלויסטער געפאָרן, די איקאָנעס דאָרטן מיטן אויסלייזער און מיט זײַן בתולה־מוטער געקושט, אויף די קני געשטאַנען און דעם שטערן אָן דעם שטיינערנעם דיל געקלאַפּט און דערנאָך, נאָכן פראַוועון און פרעפּלען אין קלויסטער, איז איין סוואַט

צום צווייטן, איין קום צום אַנדערן געפּאַרן טרינקען, אין די בערד זיך געקושט, מיט געזאַלצענע אוגערקעס פאַרביסן, מיט קוואַשעס זיך געקוויקט, ווידער געטרונקען — שטשאָב סליאַזי נע בולאָ*. געזונגען אויף צעריסן ווערן, פאַרבלאַנדזשעט מיט די פעט־נאַסע הענט צום שכנס ווײַב אין בוזעם אַרײַן, געלאַכט און געקוויטשעט, זיך געשלאָגן ביז צום בלוט גיסן...

אין די זומערס האָט דער גאַנצער קאַנט אין גרינס און אין צוויט און אין שווערער האַרעוואַניע געדרוישט — קאָסעס שטאָלענע און גלאַנציקע האָבן אויף דער זון אין די תבואה־פעלדער געפינקלט און געקלונגען. ווײַבער און קינדער האָבן די זאַנגען מיט הראָבליעס צונויפגעשאַרט, אין סנאָפּעס ביז צו דער שקיעה געבונדן, און ביז האַלבער נאַכט האָבן אויף די לבנה־וועגן די הויכע, די לאַנגע דראַבינע־וועגענער, מיט די געבונדענע ווייצנס און קאָרנס געסקריפּעט, — מ׳האָט מיט געזאַנג און מיט פרייד דאָס גערעטעניש פון שווערער מי אין קלוניע אַרײַן געפירט.

— און אַצינדער, — רעדט מאַטעס דער קאָוואַל צו די זין, וואָס טרעטן מיט אים בײַ דער לעצטער פור איבער די שוין גדיכט־געוואָרענע בלאָטעס, — אַצינדער, קינדער, גייט ווײַטער איבער דער ערד אַ בלוטיקע כמאַרע. די ערד האָט נאָך ניט אַרײַנגענומען אין זיך דאָס בלוט וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן אויף דער מלחמה, וועלף לעקן נאָך דאָס בלוט מיט אַ געוווי אין די באַלקעס... די ייִדן וואָס מ׳האָט אַרויסגעטריבן פון גאַליציע און בוקאָווינע וואָגלען נאָך אַרום און דאָ גייט שוין ווידער איבער אונדזערע קעפּ אַזאַ בלוטיקע כמאַרע.

און מאַטעס וואַרפט זײַן אויג אויף דער פור ווו ס׳זיצט זײַן טאָכטער, סטיסיע, מיטן געהרגעטן קינד אויף די הענט, ווו אין דעם ווײַסן פאַרטעך ליגן אײַנגעוויקלט די פאַרקוילטע ביינער פון איר מאַן, פון נחומקען, וואָס איז געווען אַ קאָוואַל אויף חידושים, און אויך אַ קענער און אַ וויסער געווען. אַפילו ייִדן למדנים פלעגן פון דער ווײַטנס צו אים קומען הערן ווי ער טײַטשט אַ בלאַט גמרא.

זי זיצט, סטיסיע, אַ פאַרגליווערט געוואָרענע. איר פּנים, וואָס די בלוטן

---

* קיין טרערן זאָלן ניט זײַן (אוקראַיִניש).

האָבן אין אים תמיד געשפּילט און געקוועלט, איז שוואַרץ און פאַרוויסט. נאָר די אויגן בליאַסקען איר.

— איבער אונדז, קינדער, גייט שוין ווידער אַ בלוטיקע כמאַרע, — קאָן זיך מאַטעס ניט שטילן — ס׳ברענען אונדזערע הײַזער. אין די וועגענער פירן מיר אונדזערע געהרגעטע... אַ קלאָג צו דער וועלט! די שיינע און די האַרציקע מומע ליבע האָט מען באַגראָבן לעבעדיקערהייט ערגעץ אין די וועלדער. מיר ווייסן אַפילו ניט ווו איר געביין געפינט זיך. צו קבר־ישׂראל אַפילו ניט געקומען... קינדער מײַנע, קינדער, אַ בראָך צו אונדז און צו דער וועלט!

— טאַטע, — זאָגט דער עלטערער זון, עזריאל, וואָס לויטן קלאַנג דערקענט מען זײַנעם אַן אויסגעקאָוועטן וואָגן אויף מײַלן ווײַט, — טאַטע, יצחק איז גערעכט, מ׳דאַרף תיכּף געפינען אַ קוזניע און זיך שטעלן שמידן מעסערס.

— יאָ, מײַן זון, יאָ, אַוודאי איז ער, יצחק, גערעכט. אָבער וואָס קאָנען מיר אויפטאָן מיט אונדזערע מעסערס אַנטקעגן זייערע ביקסן און שווערדן? און וויפל זענען מיר און וויפל זענען זיי? וואָס האָבן מיר און וואָס האָבן זיי? זיי האָבן וווהין צו לויפן און ווו זיך צו באַהאַלטן. הינטער זיי שטייען דערפער, כוטערס, געדיכטע וועלדער. און וואָס האָבן מיר?

# ב

און אַהין, אין דעם מיט בלוט פאַרגאָסענעם, אין דעם מיט קולות פון איבערגעטריקנטע גאָרגלען און אויסגעוויינטע אויגן, אין דעם האַלב חרוב־געוואָרענעם שטעטל, אַ באַרויבטס און באַגזלטס, אַ פאַרלוירנס און עלנטס, אויף קיין הילף פון ערגעץ ניט צו וואַרטן און צו האָפן, צווישן די סוף־האַרבסטיקע, טונקל־ליכטנדיקע, מיט די ריחות פון פוילנדיקע בלעטער און קרײַטעכצער, צווישן די זומפיקע און סכנה־ווייענדיקע פאָלעסיער וועלדער; אַהין, ווו ס׳האָט נאָך געברענט און זיך גערייכערט, ווו אָפּגעסמאַליעטע טירן האָבן אויפן ווינט געקלאַפּט און די צעבראָקלט־פינקלענדיקע טאַפּליעס אויף דער ערד האָבן אין אויג אַרײַן געשניטן; אויף די שטרויענע און שינדל־דעכער, באַדעקטע מיט רעדנעס און לײַלעכער, האָבן ייִדן, אָנגעשפּאַרט אָן די קוימענס, מיט אַש־גרינע פּנימער, פאַרטראָגענע, די בערד אויף די ווינטן, די אויגן אין רויך, די הערצער אין תּפילה, געגאָסן די עמערס וואַסער וואָס ווײַב און קינדער האָבן פון טײַך געטראָגן, ווײַל אַלע קרענעצעס זענען שוין ליידיק און אויסגעשעפּט געוואָרן; אַהין, ווו ס׳לעבן שוין פון פריִער, נאָך פאַרן קיסר, פון די דערפער אַרויסגעטריבענע, אַ סך פון דער משפּחה, — גבריאלס זין און אייניקלעך, און דער עיקר, דאָרטן לעבט דער אָנגעזעענסטער און חשובסטער, דער ניט געקריינטער נשׂיא פונעם דרײַצנטן שבט, יצחק באָיאַר, וואָס איז שוין אויף אַלע גזירה־פּײַערן געפּרוווט געוואָרן, ער לעבט איצט, יצחק, איינער און אַליין, אַן אַלמן... פאַר אַ יאָרן, ווען ער איז מיטן „שטילן זומער״, מיט רבקהן, צו דער אָפּגעברענטער קרעטשמע צוגעפאָרן (מ׳האָט דעמאָלט געטראַכט אַז די שׂרפה איז אַ צופאַל, פּשוט אַן אומגליק אויסגעבראָכן, שקצימלעך האָבן זיך מיט שוועבעלעך געשפּילט) איז „דער שטילער זומער״ פון וואָגן אַרויסגעקראָכן, אויף דער ערד געפאַלן און גענומען דעם אַש אַרום זיך צונויפשאַרן — זיי, יצחק מיט דער מומע־ליבע, האָבן

זי קוים פונעם אַש אויפגעהויבן און פון דאָרטן אַוועקגעפּירט. נאָך דעם האָט שוין „דער שטילער זומער״ לאַנג ניט געלעבט; אַהין, אין שטעטל אַרײַן, מיט פערד און וואָגן, בײַ די דראַבינעס די צוגעבונדענע בהמות וואָס רעווען פון מידקייט און הונגער, מיט די וויינענדיקע קינדער, שוין בײַם סוף פונעם טאָג, — די ערב־פּראָסטיקע, די נידעריק־שטייענדיקע זון, ווי צווישן הימל און ערד, בײַ די אָרומיקע שוואַרץ־בלויקייטן, פאַרנעמט זיך מיט אַ פלאַם־פײַערדיקייט אין די וועלדער אַרײַן — אַהין זענען די באַיאָרס מיט זייערע הרוגים אַרײַנגעפאָרן און שטיין געבליבן ווײַט פונעם בית־הקברות, ווײַל נענטער צופאָרן איז פשוט אוממעגלעך געווען, מענטשן האָבן אַלע וועגן פאַרשטעלט: אַלט און יונג, ווער ס׳האָט נאָר געקאָנט פון שטוב אַרויס, פון בעט זיך אויפהייבן, איז אויף דער לוויה געגאַנגען, דעם לעצטן כּבוד אָפּגעבן דעם רב, דעם צוויי און אַכציק יאָריקן ר׳ יואלקן, וואָס איז בײַ נאַכט, טאַקע בײַ דער טשערנאָבילער קלויז, צו דעם לינדנבוים מיט אײַזערנע צוועכעס צוגעקלאַפּט געוואָרן. פונעם בוים האָט מען אים אַראָפּגענומען נאָך אַ לעבע־דיקן, אָבער צו זיך איז ער שוין מער ניט געקומען און מיט צוויי שעה צוריק איז ער נסתלק געוואָרן.

פון צווישן דער עדה, די מלווים, וואָס זענען אַרום און אויפן בית־עולם געשטאַנען, האָט זיך קיין קול און קיין קרעכץ אַפילו פון קיינעם ניט געלאָזט הערן. די גרינע סאָסנעס האָבן אין דער שקיעה אויף די קאַלטע ווינטן געררוישט. בײַ די ייִדן איז דאָס לשון אָפּגענומען, דאָס קול פאַרפאַלן און די טרערן פון די אויגן אויסגעטריקנט געוואָרן. מ׳איז אין בהלה, אין הייסן טרויער און אין פאַרלאָרנקייט געשטאַנען: אַזוינס און אַזעלכעס האָט נאָך ביז איצטער ניט געטראָפן און ניט געהערט געוואָרן. נעמען אַ לעבעדיקן ייִדן, דערצו נאָך אַ רב, און אַזאַ זקן, מיט אַזאַ הייליקן הדרת־פּנים און אים צו דעם בוים מיט צוועכעס צוקלאַפּן — די פיס צו דעם שטאַם און די צעשפּרייטע הענט צו די צווײַגן...

איז מען דערצערנטע, דער עיקר דערשראָקענע, ביז צו די טיפענישן פון דער נשמה אויפגעטרייסלט געשטאַנען, און אַפילו ווען יאָסל דער חזן, מיט זײַן שטאַרקן און הילכיקן, מיט דעם טרערן־אָנגעפילטן קול, האָט אָנגע־הויבן דעם אל מלא רחמים, איז נאָך די פרײַערדיקע, די מוראדיקע שטילקייט

ניט אויפגעריסן געוואָרן און איז נאָך אַלץ ווײַטער אַזוי שטיין געבליבן. ערשט ווען מ׳האָט אין די לײַלעכער געבראַכט צו טראָגן צוויי דערטרונקענע פון יענע ייִדן וואָס מ׳האָט פאַר טאָג אין טײַך אַרײַנגעוואָרפן, ערשט דעמאָלט ברעכט אויס אַ קלאָג־יללה און אַפילו מאַנצבלען הייבן אָן צו פאַלן אין חלשות.

די באָיאַרס, אַרײַנגעפאָרן אין אָט דעם גרויסן בראָך, זעענדיק וואָס מיט דער שטאָט איז געשען און הערנדיק ווי דער אַטאַמאַן אַליין, דער יונגער און שיינער זיראַ־זירקאָ, דעם גראַף באַגושעווסקיס אַ ממזר־זון, — די פרוכט פון דעם גראַפס אַ שגעון־תאווה צו אַ פעטער פויערטע, וואָס האָט איין מאָל פאַר נאַכט די טרעפּ בײַ אים געוואַשן — הערנדיק, ווי ער, דער זיראַ־זירקאָ, דער קעמפער פאַר אַ סאַמאָסטינער* מוטער־אוקראַיִנע, האָט בײַ נאַכט אין דער טשערנאָבילער קלויז געהוליעט: ספר־תּורות פאַרשוועכט און פאַר־אומרייניקט, דערנאָך דעם אַלטן רב צום בוים מיט צוועכעס צוגעקלאַפּט, און שפּעטער, שוין צום פאַר טאָג צו, צען ייִדן אין טלתים צום הילצערנעם בריק אַוועקגעפירט און זיי דאָרטן, בײַ דער וואַסערמיל, פון דער הייך אין טײַך אַרײַנגעוואָרפן... האָבן זיי, די באָיאַרס, שוין גאָר אויפגעטראָגענע און מיט צונויפגעקלעמטע ציין די רעווענדיקע בהמות מיט די בײַטשן גע־שטילט, בײַ די וועגענער געשטאַנען און מיט גרויס זאָרג צוגעקוקט ווי די זון זעצט זיך, ווי דער טאָג גייט אויס אין דער שקיעה, — אויף נאַכט וועט אַ פראָסט נעמען און בײַ אַזאַ ווינט קאָן אַ שניי אָנטראָגן, און דעמאָלט וועט מען ניט באַווײַזן די הרוגים זייערע נאָך הײַנט צו קבורה ברענגען.

נאָר דאָ איז צו זיי יצחק באָיאַר צוגעגאַנגען — אַן אויסגעגלײַכטער, דעם אויפגעהויבענעם קאָפּ ווי תּמיד אַ ביסעלע אויף אַ זײַט, ווי ער וואָלט צו עפּעס־וואָס אין דער ווײַט זיך צוגעהערט, די לאַנגע ווײַס־שמאָלע באָרד אין האַנט, פונעם ווינט פאַרנומען, און בײַ מאַטעסן און זײַנע זין וועגן דער מומע ליבע, פון זייער אַרומפאָרן איבערן וואַלד, פון זייער אַרומזוכן איבער די טײַכברעגן, זיך געוואָלט דערוויסן, און ווען זיי האָבן אים מיט קיין איין וואָרט ניט געענטפערט, האָט ער, דער אַלטער באָיאַר, ביידע הענט מיט די פויסטן אויפגעהויבן און ווי בײַ דער פאַרגייענדיקער זון געפרעגט:

---

* זעלבשטענדיקער (אוקראַיִניש).

— עד מתי? ביז וואַנען? איז שוין טאַקע באמת קיין סוף ניטאָ צו די אַכזריותן? איז שוין טאַקע באמת ניטאָ קיין סוף צו אונדזערע יסורים און צו אונדזערע נסיונות?

און שטייענדיק אַזוי מיט אויפגעהויבענע הענט קעגן דער שקיעה, אין זײַנע אויגן לויפן אַן טרערן, ווישט ער זיי ניט אויס, לאָזט זיי איבערן פּנים, איבער דער באָרד לויפן און אויף דער ערד אַראָפּפאַלן:

— לאָמיר ניט דערלאָזן אַז אונדזערע הערצער זאָלן צעבראָכן ווערן, איר הערט? מיר דאַרפן האָבן גאַנצע הערצער! — ער לאָזט די הענט אַראָפּ. — ניט מיר, איר הערט, נאָר זיי וועלן אין אונדזער בלוט אומקומען. אונדזער בלוט וועט זיי מאַכן פאַר חיות־רעות און זיי וועלן סוף־כל־סוף איינער דעם צווייטן אויפפרעסן...

ער פאַרנעמט צוריק פּונעם וויגט די באָרד אין האַנט אַרײַן, אויף זײַן פּנים אַזאַ ווייטיק און טרויער, אַז אַפילו בעת ער האָט דעם „שטילן זומער" צו קבורה געבראַכט און דערנאָך אַליין געדאַרפט קדיש זאָגן — אַברהם, דער איינציקער לעבן־געבליבענער זון, איז דאָך צו די רויטע, צו די באָלשעוויקעס, צו די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער אַוועק — אַפילו דעמאָלט האָט מען אויף יצחקס פּנים אַזאַ צער ניט געזען.

— גייט, גייט, — זאָגט ער, — גייט נאָך דער מיטה. באַלד וועט מען אונדזערע קדושים צו זייער אייביקער רו ברענגען. אײַ, אײַ, רבונו־של־עולם, ווי אַזוי האָסטו דאָס געקאָנט צוקוקן ווי מ׳הרגעט דײַנעם אַ ייִדן... אַזאַ פריילעכער ייִד געווען, ברוך דער סטעלמאַך. איך האָב אים אַ מאָל געפרעגט: וואָס איז דיר אַזוי גוט, ברוך? פון וואָס קוועלסטו דאָס שטענדיק אַזוי אַן? דו האָרעוועסט דאָך אַזוי שווער אויפן שטיקל ברויט... האָט ער מיך אַ פאַר־חידושטער אָנגעקוקט: וואָס הייסט? — האָט ער מיר געענטפערט, כ׳בין דאָך אַ ייִד! איין ייִד צווישן אַ דאָרף מיט גויִים, ווי אַזוי זשע זאָל איך זיך ניט פרייען? כאָטש איין גוי אין דאָרף האָט אַזאַ שבת, אַזאַ פּסח, אַזאַ שבועות, אַזאַ סוכּות, אַזאַ שׂימחת־תּורה און אַזאַ חנוכּה? גייט, גייט נאָך דער מיטה!

נאָר דאָ, אַז מ׳דאַרף די הרוגים פון וואָגן אויפהייבן, דאָ כאַפּט מען זיך, אַז זי, סטיסיע, וואָס איז די גאַנצע צײַט געזעסן מיטן טויטן קינד אויף די הענט, זי איז מיטן טויטן קינד ניטאָ. אײַנגעוויקלט אין פאַרטעך, ווי פריִער,

ליגן נחומקעס פּאַרקוילטע ביינער, און זי, סטיסיע, מיטן טויטן קינד איז ניטאָ. און אויך ער, דניאלקע, דער מומע ליבעס יינגל, איז אויפן וואָגן ניטאָ.

נעמט איין באַיאַר בײַם צווייטן פרעגן. אויך די אָרום־שטייענדיקע, צו דער לוויה־געקומענע, קאָנען ניט ענטפערן: אַלעמענס אויגן זענען מיט טרערן פאַרלאָפן, די אויערן צום בית־עולם אָנגעשטעלט: דאָרטן זאָגט דעם רבס זון ר׳ יוחנצע, דער מגיד, מיט אַזאַ געוויין קדיש. און דערצו נאָך בײַ דער שקיעה־לעשן־זיך, רוישן אויפן ווינט שטאַרקער די טאָפּאָלן און די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער שלאָגן אין פּנים אַרײַן. דאָך דערמאָנט זיך עמעצער: אַ ווײַבל, אַ הויכע, אַ פּוללײַביקע, מיט אַ גרויסן קאָפּ אָפּגעדעקטע ליכטיקע האָר, די גרויסע אויגן האָבן איר משוגענערווײַז געבליאַסקעט, יאָ, יענע איז אַראָפּ פון אָ וואָגן מיט אַ קינד אויף די הענט און אַ יינגל פון אַ יאָר צוועלף איז אויך אַראָפּ פון וואָגן, ער איז איר נאָכגעגאַנגען און ביידע זענען זיי אַוועק אַהין, מיט דער זאַמדיקער גאַס. וואָס, זי האָט געטראָגן אויף די הענט איר געהרגעט קינד?

— וווהין זשע איז זי מיטן טויטן קינד געגאַנגען?

— צו וועמען און נאָך וואָס?

לויפט אָן אַ ייִד און דערציילט:

— זי האָט איר געהרגעט קינד אַרײַנגעטראָגן אין טשערנאָבילער קלויז, ס׳אַרײַנגעלייגט אין דעם אָרון־קודש און וויל פון דעם אייבערשטן אַז ער זאָל איר צוריק לעבעדיק מאַכן איר קינד... איר הערט? זי וועט זיך, זאָגט זי, אַזוי לאַנג פונעם אָרט ניט רירן, ביז איר געהרגעט קינד וועט אַליין ניט אַרויס פונעם אָרון־קודש.

— אַ ניט־געהערטע זאַך.

— חילול־השם.

— חבלי־משיח.

— חבלי־משיח, חילול־השם, — זאָגט דאָ יצחק באַיאַר אָן אויפגערעג־טער. — איר טוט בעסער אַ טראַכט וועגן דעם ווײַבל וואָס האָט אין איר פאַרטעך געבראַכט די פאַרקוילטע ביינער פון איר מאַן... דאָס איין־און־איינציקע קינד, וואָס איז אויף אַזאַ אַכזריותדיקן אופן דערהרגעט געוואָרן... חילול־השם? חילול־השם איז דעמאָלט אַז מ׳קוקט צו פונעם כסא־הכבוד

ווי מ׳הרגעט מענטשן, ווי מ׳קלאַפּט צו אַן אַלטן רב צום בוים, ווי מ׳וואַרפט ייִדן אין טליתים פונעם בריק אין וואַסער אַרײַן, ווי מ׳באַגראָבט לעבעדיקער־הייט אַזאַ שיינע און ריינע נשמה.

— ס׳איז כפירה.

— ער גלייבט ניט אין גאָט!

— ס׳א ליגן! ניט איך גלייב ניט, נאָר איר גלייבט ניט. דער וואָס גלייבט אין גאָט, דער קריגט זיך מיט אים, דער שלאָגט זיך מיט אים... יעקב אָבינו האָט זיך מיט אים געשלאָגן.

— גאָטס וועגן זענען פאַרהוילן.

— ס׳איז פאַר משיחס צײַטן.

— מיר ווערן געפּרוּווט.

— גאָטס וועגן זענען פאַרהוילן? וועגן וואָס זענען פאַרפלייצט מיט בלוט, זענען ניט קיין גאָטלעכע, גאָטלעכע וועגן דאַרפן זײַן קדושה, טהרה, פרייד און ליבשאַפט. חבלי־משיח? איך בין אײַך מוחל דעם משיח וואָס דאַרף קומען נאָר דורך טײַכן בלוט און דורך בערג מיטביינער... — דער גאַנצער גוף טרייסלט זיך אים, יצחקן, אונטערן אויסגעריבענעם פעלצל, וואָס איז מיט דער אַלטער קרײַקע אונטערגעבונדן. — מיר ווערן געפּרוּווט? — פרעגט ער איבער מיט צאָרן. — מיר ווערן געפּרוּווט? פּרוּוון קאָן מען נאָר דעם יחיד, אָבער ניט קיין פאָלק... פּרוּוון קאָן מען אַ שטאַרקן, אַ גרויסן מאַן... מ׳קאָן פּרוּוון אַברהם אָבינו, איובן... דעם יחיד קאָן מען פּרוּוון, אָבער ניט קיין רבים, ניט קיין פרויען און קינדער, און ניט מיט טויט און ניט מיט בלוט!..

## ג

און די שקיעה איז צו איר סוף געגאַנגען, — זעלטן־ווען טרעפֿט זיך שוין אין שפּעטן האַרבסט, אין די זייער קליינע טעג, שוין נאָך אַלע אויסגעלאָשענע שײַטערפֿאַרבן פֿונעם בלעטערפֿאַל, שוין בײַם סאַמע ערב־שניי־אויספֿאַלן, אין די נעפּל־גרויקייטן אַזאַ זונפֿאַרגאַנג: באַגילדטע בלויקייטן, כּמעט פֿריי־לינגדיקע, מיט אַ זיך־פֿאַרכלינ״ענדיקן פֿייגל־צוויטשער, האָבן פֿון די אַרו־מיקע נאַקעטע וועלדער זיך געהויבן, — און באַלד איז די נאַכט, און מיט אַ סך פֿינצטערניש, ביז צו די הימלען, צוגעפֿאַלן.

און די ווינטן טראָגן ווײַטער דאָס אַש פֿון די מיט טרערן דורכגעווייקטע תּחינות און טליתים, פֿון סלאַוווטער גמראות און תּפֿילין — ביטערע ריחות פֿון געברענטע לעדער און פֿעדערן; שיכּורע געזאַנגען פֿונעם נאָענטן דאָרף, פֿון מאַהילנע, וואָס פֿאַלן שווער, ווי בייזע אַנזאָגן אויף דער נשמה.

דורכגענומענע מיט קעלט, מיט ווײ און צער — אַ סך זענען אָן אַ דאַך פֿאַרבליבן, ווייסן נאָך ניט וווהין דעם קאָפּ אויף נאַכט צושפּאַרן, די קינדער אַליין דאָרטן, אין אַכסניה איבערגעלאָזט — אָבער אַז ס׳איז צום בית־עלמין וועגן דער באַיאַריכע דערגאַנגען, וועגן דעם דאָרפֿסווײַבל וואָס איז אין בית־מדרש מיטן געהרגעטן קינד אַרײַן און עס דאָרט אין אָרון־קודש אַרײַנגעלייגט, און שרײַט דאָרטן צו גאָט מיט בלוטיקע טרערן אַז ער זאָל איר דאָס קינד צוריק לעבעדיק מאַכן... האָבן זיך אַלע, און אַפֿילו חבֿרה־קדישא וואָס האָבן שוין די פֿאַרקוילטע ביינער, די אײַנגעוויקלטע אינעם פֿאַרטעך, אין קבֿר אַרײַנגעלייגט און געוואָרט מ׳זאָל דאָס געהרגעטע קינד ברענגען, ס׳זאָל צוזאַמען מיטן טאַטנס ביינער באַהאַלטן ווערן — אויך זיי, חבֿרה־קדישא, האָבן מיט די ברענענדיקע לאַמטערנס אין די הענט איבערגעלאָזט דעם אָפֿענעם קבֿר און צו דער טשערנאָבילער קלויז זיך געלאָזט לויפֿן, זען און הערן וואָס וועט מיטן ווײַבל און מיט איר געהרגעט קינד אין אָרון־קודש פֿאַרקומען און געשען.

און דאָרטן, אין דער טשערנאָבילער קלויז, ווו די נײַע הײַדאַמאַקעס, באַגדאַן כמעלניצקיס אייניקלעך, האָבן בײַ נאַכט געהוליעט, מיט נאַהײַקעס געשלאָגן זקנים אין טליתים וואָס האָבן בײַ די פלאַמען פײַער פון די ברענענדיקע הײַזער איבער די עין־יעקבס און משניותן זיך געוויגט; מיט די מעסערס פון אַ ספר־תּורה צלמים געשניטן, גמראות געריסן, אונטער די פיס געוואָרפן און אויף זיי פּריסיאַדקעס געטאַנצט און געזונגען:

היי, אי מי באַטקאָ אי טווי באַטקאָ
אַבאַ בולי קריפּאַקי,
פּאַסיאַ־אַ־דאַלי סערעד כאַטי
טאַי נאַקלאַלי יאַק ביקי...*

און פון כאַכעניש־געלעכטער שיִער ניט געפּלאַצט, און שיכּור געהירזשעט, און פון שפּאַס און פּאַטיעכע בײַ די זײַטן זיך געהאַלטן און דעם אַלטן רבֿ מיטן הדרת־פּנים, ר׳ יואלקען, וואָס איז אויף יענעם אָרט געשטאַנען ווי אַ מאָל פלעג שטיין, בײַם פאַרפאָרן אַהער, ר׳ מנחם־נחום טשערנאָבילער, דער מגיד און בעל־שם, זײַנע התלהבותדיק־האַרציקע דרשות דאָ האַלטן און אויך מופתים באַווײַזן... פון אָט דעם אָרט האָט מען אים, דעם רבֿ, ר׳ יואלקען, וואָס איז מיטן פּנים צום פענצטער געשטאַנען און מיטן אוממענטשלעכן טרויער צוגעקוקט ווי פײַערדיקע וויכערס, ווייגעשרייען טראָגן זיך צו די הימלען, און פאַרן שטעטל און פאַר זײַן עדה בײַם אייבערשטן רחמים געבעטן; אים האָט מען אין דרויסן אַרויסגעפירט און בײַ דער שײַן פון די פלאַמען פײַער צו דעם לינדנבוים מיט צוועכעס צוגעקלאַפּט און דערנאָך שוין יענע זקנים, אין די טליתים, צום טײַך אַוועקגעפירט און בײַם שטאַרק־ווינטיקן זונאויפגאַנג פון בריק אין וואַסער אַרײַנגעוואָרפן, — דאָרטן, אין דער טשערנאָבילער קלויז, שוין אַ צוגעראַמטער, די פאַרשוועכטע הייליקייטן אויפן בית־החיים באַהאַלטן; דאָרטן, בײַ די גרויסע ליכט וואָס זי, סטיסיע,

---

* היי, און מײַן טאַטע און דײַן טאַטע,
ביידע זענען לײַבאייגענע געווען,
האָבן זיי זיך אין מיטן שטוב אַוועקגעזעצט
און ווי די אָקסן אָנגעלייגט...
(אוקראַיניש)

האָט אַהער מיט זיך געבראַכט צו טראָגן פאַר די נשמות פון די אומגעבראַכטע באַיאַרס: פאַר איר מאַן, פאַר דער מומע ליבע און ברוכן דעם סטעלמאַך; פאַר איר קינד, פאַר זרחלען, אַ נאָמען נאָכן עלטער־זיידן, דעם אַריכת־ימימדיקן, צו הונדערט דרײַצן יאָר אַ צווייט מאָל בר־מיצווה געוואָרן, פאַר איר קינד האָט זי, סטיסיע, קיין ליכט ניט געשטעלט: איר זרחל דאַרף אַליין פון אָרון־קודש אַרויסגיין און זיך אַ וואָרף טאָן צו איר:

— מאַ — מו — ליאַ!

נאָכן געשריי אירן, בײַם אַרײַנלייגן דאָס קינד אין אָרון־קודש, צווישן די צוויי גאַנץ־געבליבענע ספר־תורות, שוין נאָך דניאלקעס אָנצינדן די דרײַ גרויסע ליכט, צום שטענדער זיי צוגעשמאָלצן און אַליין אויף דער ערד זיך אַראָפּגעלאָזט און מיט ווערטער, ביז אַהער אין זײַן מויל ניט געווען, קיין מאָל נאָך פון קיינעם ניט געהערט זיי, ווי פון ערגעץ מיט אַ מאָל צו אים אָנגעקומען, מיט אַ מין גרויל ניט אויף אַ קול, נאָר מיטן האַרצן, זײַן אָנגעווייטיקטקייט געגומען אַרויסמורמלען; שוין נאָך יענעם געשריי, וואָס האָט זיך פון איר אַרויסגעריסן נאָכן גאַנצן טאָג פאָרן איבערן האַרבסט־צעגריבלטן פעלדוועג מיטן געהרגעטן קינד אויף די הענט, מיט די פּאַרקוילטע ביינער, וואָס זענען איר פונעם מאַן געבליבן; נאָך יענעם געשריי וואָס האָט אַזוי אויפגערודערט, אויפגעטרייסלט און אויפגעשוידערט דאָס גאַנצע שטעטל, — מ'איז אין קלויז און אין דרויסן, בײַ דער שײַן פון די לאַמטערנס, אויף דער שאַרפער קעלט, מיט אָפענע מײַלער געבליבן, ווי ניט נאָר פונעם דאָרפסווײַבל, נאָר אויך פון זיי אַלע האָט זיך נאָר וואָס דער גוואַלד־געשריי צום אָרון־קודש געטראָגן. און אויך מיט אַ באַהאַלטענער האָפענונג, אַפילו מיט אַ גרויסן גלויבן אין האַרצן, אַז דער געשריי וועט דערגיין און דערהערט ווערן, דער נס וועט געשען. ווײַל ער מוז דאָך, דער נס, קומען! נאָך דעם אַזוי פיל פאַרגאָסענעם בלוט, נאָך דעם וואָס מ'האָט מיטן רב אָפּגעטאָן, נאָך דעם ווי מ'האָט זקנים אין די טליתים אין וואַסער אַרײַנגעוואָרפן, נאָך דעם ווי אַ האַלב שטעטל איז מיטן פײַער אַוועק, מוז דאָך קומען פון הימל אַן ענטפער. — נאָך יענעם געשריי, איז זי שטיין געבליבן, סטיסיע, אַ שטילע, אַן אויסגעגלײַכטע, דעם קאָפּ אויפגעהויבן, ווי שוין ניט קיין חסד און טובה געבעטן, נאָר ווי אַ חוב געפאָדערט. זי האָט מיט די הענט

פּאַרביידע טירלעך פון אָרון־קודש זיך אָנגענומען און געשטעלט זיך וואַרטן.

פון איר מיט אַ מאָל אַנטשוויגן ווערן, וואַקסט און מערט זיך ביי אַלעמען די אויפגערעגטקייט. דערצו נאָך גיט מען איבער:

— ביים קינד האָבן שוין אַ פינטל געטאָן די וויעלעך...

— אוי, גרויסער גאָט אין הימל!

— ניט צוליב אונדז, נאָר צוליב דיר!

— זאָל די וועלט זען אַז מיר האָבן אַ גאָט!

— שווייַגט יידן, שווייַגט! דאָס ווייַבל איז נעבעך פון צרות ניט ביי אירע געדאַנקען... שווייַגט יידן! ס'איז חילול־השם. גייט, יידן, אַהיים!

און אַלע ווערן דאָ אַנטשוויגן און רוקן זיך אָפּ, ווייַל אַלע דערקענען דאָ דעם מגיד, דעם זון פונעם אַלטן רב וואָס איז מיט אַזאַ שווערן טויט אומגעבראַכט געוואָרן; מ'דערקענט דעם מגידס קול, ס'רעדט צו זיי ר' יוחנצע, וואָס וועט פאַרנעמען דעם טאַטנס אָרט, דעם כּסא־הרבנות:

— גייט יידן אַהיים! ס'איז חילול־השם. מיר'ן דאַרפן פאַסטן זיבן טעג. מיר, יידן, דאַרפן אויפנעמען יסורים און אומגליקן מיט דער זעלבער פרייד ווי מיר נעמען אויף ישועות פון דעם וואָס לעבט אייביק... מיר דאַרפן זיך קאָנען דערהייבן צו דער מדרגה פון צדיקים! גייט יידן אַהיים, ניטאָ וואָס צו שטיין דאָ אויפן בייזוווּנדער. חברה־קדישא, נעמט אַרויס דעם מת פון אָרון־קודש!

נאָר אַז אַלע, הגם אַ ביסל אָפּגערוקט פונעם מגיד, בלייַבן דאָך מיט די אָפענע מייַלער ווייַטער שטיין אַרום סטיסיען, וואָס איז מיט אַ מאָל, נאָכן גרויסן געשריי, אַנטשוויגן געוואָרן און מיט ביידע הענט פאַר די טירלעך פונעם אָרון־קודש זיך אָנגענומען, פרעגט ער שוין, דער מגיד, דערשראָקן:

— וואָס, איר זענט זיך צונויפגעקומען אַהער, אינעם מקום־קדוש, צו פּרווון דעם בורא־עולם, דעם בית־דין־של־מעלה, דעם מלך־מלכי־המלכים? האָ?

און אָט די לעצטע ווערטער ווערן געפרעגט דווקא ביי די באַיאַרס, וואָס זענען מיט ווייַב און קינדער פון די דערפער געלאָפן, זייערע הרוגים אַהער געבראַכט — ברוך ליגט נאָך אויפן וואָגן, נחומס ביינער ליגן אינעם אָפענעם קבר — זיי שטייען, די באַיאַרס, פון ביידע זייַטן אָרון־קודש, אין דער מיזרח־

וואַנט, פונעם וועג פאַרמאַטערטע און הונגעריקע, די בײַטשן אין די הענט, מיט שוואַרצע פּנימער, ס'זאָל דאָ מיט סטיסיען קיין שלעכטס ניט טרעפן און קיינער זאָל זי דאָ, חלילה, ניט פאַרשעמען.

— פאַר וואָס טאַקע ניט? — פרעגט איבער סטיסיעס פאָטער, מאַטעס דער קאָוואַל, וואָס פירט ניט אָפּ דאָס אויג פונעם געהרגעטן אייניקל וואָס ליגט אין אָרון־קודש מיט אַן אָפּן מײַלעכל פול מיט פאַרבאַקן בלוט. — וואָס דען? גאָט דאַרף שוין גאָר קיין מאָל ניט אָפּגעבן קיין דין־וחשבון?

— וויפל קאָן מען נאָך וואַרטן און גלייבן אויף צוזאָגעכצן?

— וויפל בלוט אונדזערס און וויפל טרערן דאַרף ער עס נאָך האָבן, דער אייבערשטער, אַז ער זאָל אַראָפּברענגען משיחן?

— האַ? — פרעגט שוין דער מגיד ר' יוחנצע (נאָכן ברענגען צו קבורה דעם פאָטער זײַנעם, דעם רב, האַלטן אים צוויי ייִדן אונטער, ווײַל ער שטייט שוין ניט אויף די פיס). אַ דערשטווינט־און־דערציטערטער, מיט אַ דערוואָרגן קול, אַ הייזעריקס, אַ פײַפנדיקס, אַ פאַרחלשטס, פרעגט ער בײַם הויכן באָיאַר, וואָס האַלט אין האַנט די לאַנגע ווײַס־שמאָלע באָרד, — האַ? איר ווילט דאָ האָבן אַן אצבע־אלקים? איר ווילט דאָ פּרוּוון דעם אין־סוף? איר ווילט דאָ פּרוּוון דעם כּביכול?

— יאָ, — ענטפערט אים יצחק באָיאַר, דער גרויסער בעל־נסיון, דער ביז גאָר אויפגערעגטער און צעווייטיקטער, דער אויפגעבראַכט און אויפגעטראָגענער. אויך זײַן קול וואַרגט זיך פון טרויער, אָבער אויך מיט גאַל און אַרויסרוף. — יאָ, פאַר וואָס טאַקע ניט? איין מאָל מעגן מיר אים דאָך אויך אַ פּרוּוו טאָן? ער פּרוּווט אונדז שוין פון נאָך מתן־תורה אָן. שוין טויזנטער יאָרן ווי ער פּרוּווט אונדז. איין מאָל ווילן מיר אים, דעם גרויסן גאָט אונדזערן, דעם גרויסן בעל־השגחה, דעם דערבאַרעמדיקן פאָטער, דעם טאַטן זיסן... איין מאָל ווילן מיר אים אַ פּרוּוו טאָן! שוין אַזוי פיל דורות, שוין טויזנטער יאָרן ווי מיר לאָזן זיך שעכטן פאַר זײַן הייליקן נאָמען, מיר גייען אין די טויזנטער, גאַנצע קהילות, מיט ווײַב און קינדער אויף קידוש־השם... נו, און ער? מיר ווילן אַז ניט איר, מגיד, זאָלט פאַר אים רעדן. איר פאַרשיט אונדז מיט פּסוקים, מיט פּרשיות, מיט גאַנצע גמראות. זאָל ע ר אַליין רעדן, זאָל ע ר זיך באַווײַזן! זאָלן אַלע גוייִם פון דער וועלט אים דערזען און דערהערן!

מיר גייען אָפּ פאַר זײַן הייליקן נאָמען מיט בלוט און מיט אַלע מיתה־משונות. ס׳איז שוין גאָר ניטאָ אַזאַ טויט מיט וועלכן מ׳זאָל אונדז ניט אומברענגען. מיט פײַער און מיט וואַסער, מיטן מעסער און מיטן אָבוך. מיט דער ביקס און מיט דער קאָסע, מ׳קלאַפּט אונדז צו לעבעדיקערהייט מיט צוועכעס צו די ביימער, מ׳באַגראָבט אונדז לעבעדיקערהייט אין דער ערד. מיר ווייסן שוין אַפילו ניט ווו ס׳זענען די קברים פון אונדזערע נאָענטסטע און פון אונדזערע טײַערסטע. אויב מיר גייען אויף קידוש־השם, פאַר וואָס זשע גייט ער ניט אויף קידוש־העם? האָ? פאַר וואָס גייט ער ניט אויף קידוש־העם?

און יצחק באָיאַר בלײַבט ווידער שטיין שטיל, די לאַנגע באָרד אין דער לינקער האַנט אַרײַנגענומען. דאָ, אין דער מיט אַ מאָל ווידער געשטעלטער טויטער שטילקייט, בײַ די דרײַ ברענענדיקע ליכט, וואָס וואַרפן אַ העלע שײַן אויף סטיסיען, אויף אירע צוויי הענט אָנגענומענע פאַר די טירלעך פון אָרון־קודש, אויף איר אָפּגעדעקטן, גאָלדקאָליריקן קאָפּ האָר, אויף איר פּנים וואָס ס׳איז שווער אויף אים צו קוקן, אַ פאַרשטיינט־געוואָרנס, נאָר אין דעם משונהדיקן, ניט־ערדישן בליאַסק פון אירע גרויסע אויגן זעט מען ווי ס׳ברויזט און ווי ס׳קאָכט אין איר, דאָ, נאָך יצחקס רייד, שפּרינגט ער אויף, דניאלקע, פון דער ערד, און לויפט צו צום מגיד מיט אַ ביטער געוויין:

— ווו איז זי, מײַן מאַמע? ווו איז דער קבר פון מײַן מאַמען?.. איך הער ווי מײַן מאַמע שרײַט און רופט מיך... פירט מיך צו דער מאַמען!.. ווײַזט מיר דעם וועג צו איר!

## ד

און מיט אַ מאָל הייבן אים אָן די טרערן צו לויפן שטיל, און באַלד ווערן זיי אים גאָר פון די אויגן אויסגעטריקנט, ווײַל ער דערזעט, דניאלקע, ווי דער ייִד אין דעם גרויסן פוטערנעם שטרײַמל, אונטער וועלכן ס'הענגען אַראָפּ צוויי לאַנג־געדרייטע פאות, אַ ברייט־געדיכטע און אויך זייער אַ לאַנגע באָרד, ווי אָט דער ייִד צו ווען יצחק האָט מיט אַזאַ אויפגערעגטקייט און מיט אַזוי פיל האַרץ גערעדט, און בײַ וועמען ער, דניאלקע, האָט געפרעגט ווו איז דער מאַמעס קבר, און בײַ אים געבעטן: פירט מיך צו דער מאַמען, ווײַזט מיר דעם וועג צו איר... און געוואָלט אים דערציילן, אַז דער מאַמעס קול הערט ער גוט און זייער קלאָר און דאָס קול איז בײַ איר אַזאַ ווי דעמאָלט, ווי בעתן לויפן צו דער ברענענדיקער קרעטשמע — פאַרגעדענק דניאלקע, האָט זי צו אים גערעדט, פאַרגעדענק די נאַכט פון אָט דער שׂרפה. ניט קיין שטוב ברענט דאָ, נאָר אַ לעבן פון דורות ייִדן. ס'טאָר ניט אַוועקגיין מיטן פײַער! פאַרגעדענק, דניאלקע, מײַנע רייד, דעם מיין וועסטו שפעטער, אַז דו וועסט אונטערוואַקסן, פאַרשטיין — דער מאַמעס קול הערט ער גוט, ער ווייסט נאָר ניט פון וואַנען דאָס קול אירס גייט, אין אַוועלכער זײַט ער זאָל זיך ניט אויסדרייען און וווהין ער זאָל דעם אויער זײַנעם ניט אָנשטעלן, פון דאָרטן און פון יענער זײַט גייט דער מאַמעס קול... און נאָך האָט ער, דניאלקע, אים געוואָלט אָט דעם ייִדן דערציילן, אַז ביז אַהער צו האָט ער פון צײַט־צו־צײַט אין די נעכט, באַזונדערש פאַר טאָג, אויך געהערט אַ קול פון דאָרטן, פון דער מלחמה, פונעם שלאַכטפעלד, פון זײַן שווער־פאַרוווּנדיקטן טאַטן, וואָס האָט בײַ דער גסיסה גערופן: מ־שי־ח!.. ד־ני־אל־קע!.. און אַז פון איצט אָן הערט ער, און שוין ניט בײַ נאַכט, נאָר שוין אין מיטן טאָג, צוויי קולות: דער מאַמעס פון דער נאָענט, פון ערגעץ דאָ, פון די וועלדער,

און דעם טאַטנס פון ערגעץ זייער ווײַט... אָבער ער האָט עס שוין ניט געזאָגט, ווײַל דער צו וועמען ער האָט גערעדט, איז אין חלשות געפאַלן און מ׳האָט אים אויף די הענט פון קלויז אַרויסגעטראָגן.

בלײַבט ער שוין, דניאלקע, גאָר פאַרלוירן און אין דער טונקלקייט, ווו ס׳שטייען אַ סך מענטשן און אָטעמען שווער, און פון עמעצן רײַסט זיך אַ געוויין און עטלעכע ייִדן, ווי זיי וואָלטן אויפן ברעג פון אַן אָפּגרונט געשטאַנען, רופן:

— חברה־קדישא, נעמט אַרויס דעם מת פון אָרון־קודש!

— נעמט אַרויס!

— מ׳טאָר דאָס ניט דערלאָזן!

— תחית־המתים וועט זײַן בײַ ביאת־המשיח...

פון דרויסן טראָגט מיט רויך, אין דער נאַכט הוליעט דער ווינט. אינעם נאָענטן דאָרף, אין מאַהילנע, שפּילן כּלי־זמר. ערגעץ קרייען די ערשטע הענער, און ער, דער צוועלף־יאָריקער דניאלקע, דערפילט דאָ, צום ערשטן מאָל, די איינזאַמקייט און יענע עלנטקייט וואָס וועט אים שוין באַגלייטן און נאָכגיין ווי זײַן שאָטן אויף אַלע וועגן פון לעבן.

אַרויפגעשאַרט העכער דאָס היטל, וואָס אַ ייִד האָט אים פאַר דער חוצפּה צו אָוועקשטעלן זיך מיט טענות פאַרן מגיד איבער די אויגן אַראָפּגערוקט, אונטערגעהויבן דעם ברייטן און לאַנגן אויף אים בורנעס, קערט ער זיך אום צוריק אויף זײַן פריִערדיק אָרט, זעצט זיך ווידער אויף דער ערד, אונטערן שטענדער אויף וועלכן די דרײַ ליכט ברענען און באַלויכטן סטיסיעס צוויי הענט, אײַנגעקלאַמערט אין די טירלעך פון אָרון־קודש, איר פּנים וואָס הייבט שוין אָן אויסגעקרימט צו ווערן, באַזונדערש אירע בליאַסקענדיקע אויגן און אויף דעם קינדס געל פּנימל וואָס הייבט שוין אָן צו שוואַרצן זיך... און פון איבער זײַן קאָפּ, פון די דרײַ אויבן ברענענדיקע יום־כּיפּור־ליכט, גייט אויף אים אַ פּחד: עפּעס קומט דאָ פאַר ביז גאָר שרעקלעכס...

פון אָט דעם פּחד וואָס גייט אויף אים פון די דרײַ ליכט, באַפאַלט אים אַ קעלט. וויקלט ער זיך אין דעם בורנעסל וואָס סטיסיע האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן שוין אין דער לעצטער רגע, בײַם אַרויסלויפן מיט אים און מיטן געהרגעטן זרחלען אויף די הענט דורכן קעלער, פון דער מיט פלאַמען אַרומ־

געכאַפּטער שטוב, — די טאָפּליעס פּלאַצן, די ווײַסע קאַץ שפּרינגט דורכן פײַער אין דרויסן, דער הונט יאָגט מיט אַ ווילדן געוווי אַרום דער ברענענ־דיקער שטוב און ווען ער דערזעט אים, דניאלקען, פון קעלער אויפן גאָרטן אַרויסגיין, טוט ער זיך צו אים אַ וואָרף און נעמט אים די הענט קושן... און באַלד מיט פריִערדיקן געוווי אין וואַלד אַרײַן אַוועקגעיאָגט; האָט ער אויך, דניאלקע, געוואָלט זיך לאָזן נאָכן הונט לויפן, דעריאָגן די פור אויף וועלכער די גויים האָבן די מאַמע אַוועקגעפירט... נאָר סטיסיע האָט אים צוגעשפּאַרט מיטן פּנים צו איר טויטן קינד און ניט געלאָזט פון דער ערד זיך אויפהייבן.

— חברה־קדישא, נעמט אַרויס דעם מת פון אָרון־קודש!

— וואָס שטייט איר, וואָס?

— דער רוח־הטומאה, די סיטרא־אחרא האָט זיך אַהער אַרײַנגעכאַפּט.

— ייִדן, איבער אונדזערע קעפּ ברענט דער גיהנום־פײַער. ס'איז נאָך ערגער פון אַ פּאָגראָם.

— דאָס ווײַבל איז דאָך ניט בײַ אירע געדאַנקען... טוט אַ קוק אויף אירע אויגן.

— אָט די באַיאָרס גלייבן ניט אין גאָט.

— נו, אָט דאָס שוין דײַקע ניט, — רוקט זיך אַרויס מאַטעס דער קאַוואַל, — מײַן טאָכטער איז בײַ אַלע געדאַנקען. און פּונקט פאַרקערט, ניט מיר, נאָר איר גלייבט ניט אין גאָט. וואָלטן מיר ניט געגלייבט אין גאָט, וואָלטן מיר דאָך דאָ ניט געשטאַנען אין געהאַקטע ווונדן מיט אונדזערע מתים און געוואַרט אַז דער אייבערשטער זאָל אונדז, און דער גאַנצער וועלט, זײַן כּוח באַווײַזן...

און דאָ טוט ער, יצחק באַיאַר, אַ שפּאַן־צו, שטעלט זיך הינטער סטיסיעס פּלייצעס און איבער אירע אַקסל נעמט ער זיך אויך אָן מיט בײדע הענט פאַר די טירלעך פון אָרון־קודש; אין פּנים בײַט זיך אים די מראה, די אויגן אָט געעפנט ברייט און אויפגעריסן און אָט פאַרמאַכט און פאַרשלאָסן, די גע־דיכטע ווילד־צעוואַקסענע ברעמען גייען אים אָט ווײַט אויפן שטערן אַרויף און אָט פאַלן זיי און ווערן איבער די אויגן אַנגערוקט; און מיט אַ קול ווי ער וואָלט צו עמעצן אין ווײַטן פעלד אַרײַן געזעדט, אָנגעהויבן:

— רבונו־של־עולם, דאָ שטייען פאַר דיר ייִדן מיט פאַרבלוטיקטע נשמות. נאָך אַ שחיטה. ניט נאָר באו מים עד נפש, נאָר טײַכן בלוט דערגייען אונדז שוין ביזקל דעם האַלדז. מלך מלכי המלכים, ביז וואַנען און וויפל בלוט אונדזערס דאַרפסטו נאָך האָבן? אל עליון, מיט וואָס זענען מיר זינדיקער פון אַלע פעלקער אויף דער ערד? טאַטע אין הימל, ווו איז די מאָס פון דײַן גערעכטיקייט? מיט וועלכן שנור מעסטו די זינד פון פעלקער? זאָג אונדז, גרויסער גאָט אין הימל, וואָס איז דער שׂכל און וואָס איז דער זינען פון דעם וואָס אונדזער בלוט גיסט זיך ווי וואַסער, פון דור צו דור, פון לאַנד צו לאַנד... עפּעס אַ זינען דאַרף עס דאָך האָבן פאַר אונדז און פאַר דער וועלט. וואָס ווילסטו אויפטאָן מיטן בלוט פון אונדזערע קינדער? פאַר וואָס גייען מיר יאָ אויף קידוש־השם און פאַר וואָס גייסטו ניט אויף קידוש־העם? פאַר וואָס?.. אונדז קאָסט דער קידוש־השם טײַכן בלוט און דיר דאַרף דאָך דער קידוש־העם גאָרנישט ניט קאָסטן! דו וואָלסט דאָך נאָר דערפון דערהויבן און געהייליקט געוואָרן. פאַר וואָס, פרעג איך דיך, האַ? ענטפער! אָט שטייט פאַר דיר, רבון כּל העולמים, אַ ייִדישע טאָכטער וואָס האָט פונעם אַש אַרויסגעשאַרט דעם מאַנס עטלעכע שוואַרצע ביינער און זיי געבראַכט אין איר פאַרטעך פאַרן קבר. און איר געהרגעט קינד האָט זי אַוועקגעלייגט פאַר דיר און זי שטייט אין ברענענדיקע יסורים און וואַרט אויף דײַן גערעכטיקייט. דו ביסט דאָך אַן אל־מלא־רחמים, אַן אל־מלא־צדק... דעם מאַן אירן, נחומען, ווערסטו דאָך שטעלן צום מישפּט אין זײַן ערדישן גוף! די פאַר שוואַרצע ביי־נער ווערסטו דאָך פאַרן בית־דין־של־מעלה ניט אַוועקשטעלן... דו ווערסט דאָך דאָרטן, אויף יענער וועלט, איידער דו ווערסט אים ברענגען צום מישפּט, דאַרפן נאָך אַ מאָל באַשאַפן... דאָרטן, אין די אייבערשטע וועלטן, ווערסטו דאָך עס יאָ קאָנען טאָן, טאָ פאַר וואָס דאָרטן, אין די ווײַטע וועלטן יאָ, און דאָ, אויף דער ערד, ווו מיר גייען פאַר דײַן הייליקן נאָמען אויף קידוש־השם, פאַר וואָס קאָנסטו עס דאָ ניט טאָן?! און דאָס קינד איז דאָך נאָך אַ גאַנצס, אָנגעטאָן אין זײַן ערדישן גוף, די גוייִם האָבן דעם נאָר צעקלאַפּט דאָס קעפּל אין דער וואַנט...

אַפילו די וואָס האָבן פריִער געדופן חברה־קדישא אַרויסצונעמען דעם מת פון אָרון־קודש, אויך די שווײַגן; אין די אָפענע טירן פײַפט דער ווינט,

אין דרויסן, אין דער שײַן פון די לאַמטערנס דרייען זיך די ערשטע שנייעלעך, אַלע שטייען אַרומגעכאַפּט מיט אַ ציטערניש.

— טאַטע־זיסער, אַבי־יתומים, — וואַרפט יצחק באַיאַר אין אָרון־קודש אַרײַן ווערטער שווערע, וואָס גייען אים מיט אַ קרעכץ פון האַרץ אַרויס, — אָט זיצט פאַר דיר אויף דער ערד, אונטערן שטענדער, אונטער די דרײַ ברענענדיקע נשמה־ליכט, נאָך אַ גרעסערער בעל־יסורים פון איובן... אָבער יענער איז דאָך שוין געווען אין די יאָרן, יענער האָט דאָך שוין געהאַט פאַרזוכט פון עשירות און פון כּבוד, געהאַט ווײַבער מיט קינדער, און דער, גאָטעניו, וואָס? דער, דניאל בן ליבע־לאה, איז דאָך נאָך אַ קינד, אָט דאַרף אים ערשט ווערן צוועלף יאָר... איז דיר קאַרג געווען, אל־חנון, וואָס זײַן טאַטע, שמריה, געווען דײַנער אַזאַ געטרײַער קנעכט, איז געפאַלן אויף דער מלחמה, פאַרן טויט מיטן לעצטן אָטעם צו דיר געשרי:ען... האָסטו נאָך צוגענומען בײַם קינד אויך די מאַמע זײַנע! אַזאַ ריינע און אַזאַ ליכטיקע נשמה האָבן דײַנע גויִים לעבעדיקערהייט באַגראָבן אין דער ערד! צוליב וואָס האָסטו דאָרטן, אין מידבר, בײַם באַרג סיני, אַזוי געשטורעמט און געבליצט: לא תּרצח! דאָרטן, אין מידבר, האָט מען ניט נאָר געהערט, נאָר ג ע ז ע ן דײַן קול... וכל העם רואים את הקולות. נו און דאָ, ניט אין מידבר? זאָל מען דערזען דײַן קול! מ׳זאָגט אונדז אַז מיר קאָנען ניט פאַרשטיין און ניט באַנעמען דײַנע וועגן. פאַר וואָס קאָנען מיר ניט? אין דײַן הייליקער תּורה שטייט דאָך געשריבן: ויברא אלהים את האדם בצלמו בצלם אלהים...

און ער בלײַבט שטיין, דער ייִד, און נעמט זיך וויגן. און ס׳הערט זיך נאָר ווי ער דערשטיקט אין זיך אַ קלאָגגעוויין. און אויך זי, סטיסיע, מיטן אויסגעקרימט געוואָרענעם פּנים, ווי זי וואָלט צווישן פײַערן געשטאַנען, אויך זי וויגט זיך מיט אים, מיט יצחקן, און די טירלעך פון אָרון־קודש, פאַר וועלכע ביידע האַלטן זיך אָנגענומען, פאַרמאַכן זיך ביז האַלב און עפענען זיך באַלד צוריק ברייט פונאַנדער. און שוין ניט נאָר זיי ביידע, נאָר אַלע אַרום וויגן זיך. ער איינער, דניאלקע, אויף דער ערד, בלײַבט ווײַטער אַזוי פאַרגליווערט זיצן און די נאַכט מיט די דרײַ ברענענדיקע ליכט און מיט אַלץ וואָס ס׳קומט דאָ פאַר גייט אים שוין אויפן גאַנצן לעבן, דורך די מיט טרערן פאַרלאָפענע אויגן, אין האַרצן אַרײַן. און פּלוצעם שטעלן זיך די טירלעך פון אָרון־קודש

אַפּ, און מ׳דערהערט ווי דער ייִד מיט דער שמאָלער ווײַסער באָרד הייבט אָן צו זאָגן מיט אַ ניגון און מיט אַזאַ טרויער ווי ער וואָלט זיך דאָ געשיידט מיט אַלע האָפענונגען פון זײַן לעבן:

— אמת ואמונה כל זאת וקים עלינו, כי הוא ד׳ ואין זולתו, ואנחנו ישראל עמו. הפודנו מיד מלכים, מלכנו הגואלנו מכף כל העריצים, האל הנפרע לנו מצרינו, והמשלם גמול לכל אויבי נפשנו, העושה גדולות עד אין חקר ונפלאות עד אין מספר... ברוך אתה ד׳, מגן אברהם... אתה גבור לעולם אדני, מחיה מתים...

און אַן אויפגעצאָרנטער, אַלע ביינער קראַכן אין אים, לאָזט ער אַפּ די טירלעך פון אָרון־קודש און לייגט די הענט אַרויף אויף אירע אַקסלען:

— קום, סטיסיע, קום... נסים זענען פאָרגעקומען דאָרטן, אינעם חומש... דאָרטן איז יעדער בלעטל אָנגעשפּיקעוועט מיט נסים... דאָרטן האָט דער־וואָס־לעבט־אייביק אָנגעשיקט אויף פרעהן צען מכות, דאָרטן האָט זײַן־ליבער־נאָמען געשפּאָלטן דעם ים־סוף, דאָרטן האָט דער גאָט פון אַברהם, פון יצחק און פון יעקב אַראָפּגעשיקט מן פונעם הימל, דאָרטן האָט זיך פון אַ שטיין געגאָסן וואַסער, אַלץ דאָרטן. און אַלץ אַ מאָל. דאָ הייסט מען אונדז: בדמייך חיי! נײַן, רבונו־של־עולם, געגוג, מוחל! אַ פאַרבלוטיקטער וועל איך פאַר דיר קיין קדוש! קדוש! קדוש! ניט טאַנצן... די פיס מײַנע הייבן זיך שוין מער ניט! קיין קרבן־תמיד וועלן מיר פאַר דײַן רישעותדיקער וועלט ניט זײַן!.. קום, סטיסיע, נעם דאָס קינד און מירן גיין עס ברענגען צו קבר־ישׂראל. נחומס ביינער ליגן דאָך אינעם אָפענעם קבר... ברוך ליגט נאָך אויפן וואָגן. ט׳הייבט אָן שיטן אַ שניי. קום, סטיסיע, מיר וועלן מקבר זײַן די הרוגים און דערנאָך וועלן מיר אַלע גיין אין שעפּטלס קוזניע קאָוועו מעסערס. לאַנגע מעסערס... ניט באַהבה, ניט מיט ליבשאַפט דאַרפן מיר טראָגן אונדזערע יסורים, נאָר מיט שׂינאה... אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר צאָן, בלוט פאַר בלוט... די גויים האָבן דרך־ארץ נאָר פאַר מגושמדיקן כוח! פון אונדזער קידוש־השם קוואַליען זיי נאָר אָן, די גויים!.. אַזוי פירט ער דאָך, דער ד׳ צבאות, זײַן וועלט!

און מיט אַ מאָל דערהערט זיך פון צווישן עולם אַ שופר־בלאָזן — אַ תקיעה־גדולה און אַ שברים און אַ תרועה — דער שוחט און דער בעל־תוקע

פונעם גרויסן בית־מדרש, פונעם „מאָווער", ר' חיים־אַהרן, וואָס זײַן ברודער, דוד־הערשן, האָבן די גויִים פאַר טאָג אינעם טלית פונעם בריק אין טײַך אַרײַנגעוואָרפן און צו פאַר נאַכט איז ער מיטן וואַסער, אינעם טלית, צום ברעג פאַרטראָגן געוואָרן, ער, חיים־אַהרן דער שוחט, וואָס האָט פאַר דער קבורה בײַם ברודער די בלאָ־שוואַרצע האַנט גענומען און אַ תקיעת־כּף געגעבן, אַז ער גיט אים אָפּ, דעם קדוש, אַלע מיצוות פון ביז אַהער און אויך אַלע מיצוות וואָס ער וועט נאָך האָבן ביזן סוף פון זײַן לעבן, ער, חיים־אַהרן, האָט זיך אָוועקגעשטעלט בלאָזן שופר.

און דערנאָך, אַז ער האָט שוין שופר אָפּגעבלאָזן, שוין נאָכן פאַרטרײַבן דעם שׂטן־המשחית, די קליפּה, רײַסט ער זיך פון צווישן דעם שוין ביז גאָר מבולבלן עולם און פון צווישן דער מוראדיק־פײַנלעכער שטילקייט אַרויס און מיט אַ געשריי:

— ועל כולם אלהי סליחות...

לויפט ער צו און פאַרלעשט די דרײַ ברענענדיקע ליכט אויפן שטענדער. שטעלט זיך אַ בהלהדיקע פינצטערניש און אַפילו אַ סך פון די באַיאַרס לאָזן זיך פון קלויז אַרויס לויפן.

## ה

און זי, סטיסיע, — די נאַכט נעמט אין די שפּעטע שעהען אַרײַנגיין, די ווינטן טרײַבן איבער דער האַרטער ערד פֿאַרגעלטע פֿעדערן פֿון אויפֿגעשניטענע קישנס, דעם זילבער־גרינלעכן, הײַיאָר פֿאַרשפּעטיקטן שנייִ, די טונקל־רויטלעכע שײַן פֿון אַן אָפּגעדעקטן שטערן, די ריחות פֿון געברענטן קימל און קלייִ, די געזאַנגען פֿון נאָענטן שיכּורן דאָרף — זי הערט אָבער ניט, סטיסיע, קיינעם און גאָרנישט; די קברות־ייִדן מיט די ברענענדיקע לאַמטערנס ווילן דאָס קינד פֿון אָרון־קודש אַרויסנעמען, אין שוואַרצן געוואַנט אַרײַנלייגן און אויפֿן הייליקן־אָרט אַוועקטראָגן, נאָר זי רירט זיך פֿון אָרט ניט. בײדע הענט נאָך אַלץ אין די טירלעך אײַנגעקלאַמערט און נאָך אַלץ מיט התלהבות, טאַקע מיט לײַב און לעבן, מיט דער גאַנצער פֿאַרגלייבטקייט פֿון אַ פֿרוי און פֿון אַ מאַמע, וואָס ליבע איז בײַ איר ריין און הייליק, שטייט זי ווײַטער, שוין נאָך די ליכט אויסלעשן, ווי צוגעבונדן, ווי צוגעזאָטן און ווי באַהעפֿט געוואָרן מיטן אָרון־קודש, ווײַל נאָך דאָרטן, אין וועג מיטן טויטן קינד אויף די הענט, מיטן מאַנס ביינער אײַנגעוויקלט אין פֿאַרטעך, שוין דאָרטן גוט מיטן שׂכל, און דער עיקר מיטן האַרצן באַנומען וואָס פֿאַר אַ בראָך און וואָס פֿאַר אַ חורבן ס׳איז פֿאַרן לעצטן מעת־לעת אין איר לעבן פֿאָרגעקומען, און זי ווייסט גוט, סטיסיע, אַז פֿון דאַנען, פֿונעם אָרון־קודש, איז שוין קיין וועג פֿאַר איר ווײַטער ניטאָ: דאָרטן, ערגעץ־ווײַטער, וואַרט אויף איר אַן עלנטקייט אָן אַ ברעקעלע פֿײַער... דאָרטן, ערגעץ־ווײַטער, וועט דאָס וויכטיקסטע, דער תּוך, דער תּמצית, דער זינען פֿון איר לעבן, אין אַ פֿינצטערניש אַרײַן: דער מאַרך פֿון אירע ביינער און די ערד פֿון אירע בלוטן וועלן אויסגעטריקנט ווערן און שוין קיין קיום ניט האָבן.

— פֿאַר וואָס איז מיר געקומען אַזאַ חורבן אין מײַן לעבן? — רעדט זי אָן ווערטער, אָבער מיט אַזאַ געשריי פֿונעם האַרצן, אַז אַלע וועלטן קאָנען

זי דערהערן. — פֿאַר העלפֿן דעם טאַטן מיטן גרויסן האַמער, פֿון פֿאַר טאָג ביז פֿאַר נאַכט, אויפֿצוהאָדעווען די צען קינדער, די עשׂרת־הדיברות, ווי עקיבא רופֿט זיי, — איך וויל נאָר וויסן פֿאַר וואָס? איז דען פֿאַראַן אויף מײַן לעבן כאָטש אַ בלוטסטראָפּן?

די הייס־טרוקענע, די גרויסע אויגן אירע, ווי כּמעט בײַ אַלע באַיאָרס טעכטער, פֿײַערן איר אין אָרון־קודש אַרײַן:

— פֿאַר וועלכע זינד מײַנע האָסטו דערהרגעט מײַן זרחלען, דערשטאָכן און פֿאַרברענט מײַן נחומען? און פֿאַר וואָס האָסטו יענעם, שׂימחהן, מיט דרענגלעך דערהרגעט? דו האָסט כאָטש געזען ווי ס׳איז אים גערונען דאָס בלוט פֿונעם אַרויסגעשלאָגענעם אויג?!..

און ניט קיין קלאַנג און ניט קיין ריר מיט אַן אבר, ווי זי וואָלט מיט די אויסגעצויגענע הענט, אָנגעכאַפּט פֿאַר די טירלעך פֿון אָרון־קודש, פֿאַר־קילט, פֿאַרגליווערט און פֿאַרשטיינט געוואָרן: ווען די הענט צעעפֿענען זיך איר, פֿאַלט זי ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים אין וואַלד.

די זיך־וויגנדיקע און אונטערשפּרינגענדיקע פֿאַררייכערטע שײַן פֿון די קברנישע לאָמטערנס וואָס פֿון אונטן, ווי פֿון דער ערד אַרויס, מיטן ביטער־טשאַדענדיקן ריח פֿון טריפֿנדיקן געלן חלב, לויפֿט איר איבערן שוואַרצן מאַנטל, פֿאַרקריכט דורך דער אַראָפּגערוקטער פֿאַטשיילע אויף איר אָפּגע־דעקטן גאָלדיק־בלאָנדן קאָפּ האָר; און דער עיקר גייט אָט די זיך־וויגנדיקע, אָט די פֿאַררייכערט־געלע שײַן אַ מין וויסטן טאַנץ אויף סטיסיעס פֿאַר־שוואַרצטן פּנים.

שטייט מען אַרום איר אין אָט דער פֿאַרפֿלאָנטערטער טונקלעניש און קיינער הערט ניט, אַחוץ זיי צווייען, דער אַלטער יצחק און דער צוועלף־יאָריקער דניאלקע, ווי אַלע בלוטן שרײַען אין איר.

— פֿאַר וועלכע זינד, פֿרעג איך דיך, — פֿײַערט זי ווײַטער און אַן ווערטער אין אָרון־קודש אַרײַן. — פֿאַר וואָס האָסטו אַרויסגעריסן די זון פֿון מײַנע אויגן און אויסגעלאָשן פֿאַר מיר די וועלט? די מומע ליבע איז אומ־געקומען אין גרויסע יסורים, אָבער אירע יסורים האָבן שוין אַ סוף... און איך וועל זיך דאָ אַרומדרייען אויף דער ערד מיט ווײַסע אויגן, מיט דער פֿינצ־טערניש אין די אויגן... און פֿאַר וואָס? פּרווו אָפּלעבן מיט אַ מאַן וואָס

צעבײַסט דיר אַלע נאַכט נאָך די בריסטן... יאָ, גבריאל איז מיר דענסטמאָל געווען שטאַרק צום האַרצן. ער איז ווי קראַפּעווע אויסגעוואַקסן אין מײַן ליידיקן האַרץ... איך האָב ליב געהאַט זײַן ליבשאַפט צו מיר. זײַן ליבשאַפט צו מיר האָב איך געפילט אַלע מאָל ווען ער פלעג דורכגיין פאַרבײַ מיר. ער, דער גבר, פלעג זיך אָנהייבן צו וואַקלען, ווי די פיס וואָלטן זיך אים גענומען אונטערברעכן. שטראָפסטו מיך נאָר פאַר אַ זינדיקן געדאַנק? און אפשר גאָר פאַר יענער פּסחדיקער נאַכט ווען גבריאל האָט פון מיר אַראָפּ־געריסן די מלבושים? אין יענער נאַכט האָט ער עס געטאָן ניט פון ליבע צו מיר און אַפילו ניט פון תּאווה צו מיר. ער האָט עס געטאָן פון צאָרן וואָס זײַן זון האָט ניט געקאָנט איבערלאָזן קיין קינד. גבריאל האָט אין יענער נאַכט געוואָלט אויפשטעלן מיט מיר אַ דור נאָך שׂימחהן. שׂימחהס נאָמען זאָל ניט פאַרפאַלן גיין. און איך בין זיך מודה, אַז טאַקע דערפאַר וואָס ער איז אויף מיר אָנגעפאַלן דעמאָלט ניט מחמת ליבע צו מיר, נאָר מחמת צאָרן פאַר זײַן שׂימחהן, האָב איך אים טאַקע דערפאַר דעמאָלט אָפּגעשטויסן... קומט מיר טאַקע, אַז דו זאָלסט בײַ מיר דערפאַר אַרויסרײַסן די זון פון די אויגן? און וואָס וואָלסטו שוין געטאָן מיט מיר, און וואָס פאַר אַ שטראָף וואָלסטו שוין דעמאָלט פאַר מיר צוגעטראַכט ווען איך גיי טאַקע אַוועק צו גבריאלן? ווען ער בלײַבט דאָך לעבן, ווען ער פאַלט ניט מיט דער האַק אין דער האַנט? וואָלט איך דאָך אויף געוויס צו אים אַוועקגעגאַנגען. אַז אַלע זענען זיך פון אים צעלאָפן, וואָלט איך אים דאָך דאָרטן, אינעם פאַרוויסטן הויף, איינעם אַליין ניט איבערגעלאָזט... וואָס וואָלט מיר שוין דענסטמאָל, פאַר אַזאַ זינד געקומען?

און זי זוכט אין זיך און נישטערט נאָך זינד, פון זינט אויף די פיס זיך געשטעלט און געדענקט זיך, אָבער קאָן זיי ניט געפינען. זי, אָט־די שיינע און געזונטע דאָרפס־און וואַלד־מויד, וואָס פלעגט דאָס ווילדסטע פערד אונטערקאָווען, זי מיט אירע קאָכיקע בלוטן, וואָס האָבן זי צו ברעכן ווענט און אײַזערנע פּלויטן געקאָנט דערפירן, זי האָט קיין מאָל קיין איין טראָט ניט געמאַכט פונעם גלײַכן וועג. זי האָט מיטן גאַנצן האַרצן, שוין אַפילו נאָך איר אומגליק מיט שׂימחהן, שוין אויך נאָך גבריאלס טויט, געגלייבט און געוואַרט אויף איר אמתן באַשערטן, טאַקע אויף דער גרויסער און געבענטש־

טער ליבע, ווו דאָס לײַב ווערט נשמה און די נשמה ווערט לײַב... און זי האָט אים טאַקע, נחומען, אין איינעם אַ הייסן זומערטאָג, פאַרנדיק פון דער גרויסער חתונה — ווען וועלוול מיט ביילען האָבן צוויי טעכטער מיט אַ מאָל אויסגעגעבן, אין איין טאָג צוויי חופות געשטעלט — בײַם סאַמע וועג, אונטער דער פאַרשטויבטער סאָסנע געטראָפן אים ליגן, ווי ער וואָלט אויף איר דאָ געוואַרט.

און נאָך אַלץ אָן אַ וואָרט און אָן אַ ריר מיט אָן אבר, נאָר מיטן ווילד־צאַרנדיקן בליאַסק אין די אויגן, קוקט זי אויף איר געהרגעט קינד וואָס ליגט אין אָרון־קודש צווישן די צוויי ספר־תורות, מיט די צונויפגעבויגענע פיסלעך, — דאָס פּנימל הייבט אים שוין אָן צו שוואַרצן זיך, ווי ס׳וואָלט אָנגעהויבן צו באַדעקט ווערן מיט רויך פון די קברנישע לאָמטערנס, — הייבט איר פּנים אָן צו ווערן אויסגעקרימט ווי בעת איר גיין מיט זרחלען צו־קינד. אָבער דעמאָלט נאָר אין אָנהייב געשריִען, און דערנאָך שוין אַלע דרײַ מעת־לעת די איבערגעטריקנטע ליפּן ביז בלוט געביסן; די מומע ליבע מיט דער מאַמען האָבן אויפן דריטן טאָג דעם בויך מיט אַ לאַנגן האַנטעך איר איבערגעבונדן און פון ביידע זײַטן בעט פאַר די עקן צו זיך געצויגן... אָבער דעמאָלט, אין יענע ווייטיקן, איז דאָך אַזאַ פרייד געווען; דעמאָלט איז דאָך סוף־כּל־סוף, נאָך אַזוי פיל יאָרן האָפן און וואַרטן, דער גרויסער סוד, דער גליקלעך־ווייטיקדיקער סוד פון געווינען פאַר איר אַנטפּלעקט געוואָרן; אין יענע ווייטיקן איז דאָך רושם און התפּעלות געווען; און יענע ווייטיקן זענען דאָך אינעם לײַב אָבער ניט אין דער נשמה געווען; פון יענעם צער איז דאָך אַ קינד, אַ נײַ לעבן געגאַנגען.

— און איצטער? — נעמט זי טרייסלען די טירלעך פון אָרון־קודש און דער בליאַסק אין די אויגן לעשט זיך איר — גאָט! — רײַסט זיך ווידער אַ ביטער געשריי פון איר אַרויס — גאָט! קער מיר אום מײַן קינד!.. מיט די ביינער פון מײַן מאַן וועל איך שוין יאַקאַש לעבן...

און דאָ, אַז סטיסיעס מאַמע, ראַסיע־זלאַטע — פון איר פײַערדיקן קאָפּ האָר איז שוין נאָר דאָס אַש פאַרבליבן, זי איז שוין ניט אַזוי הויך און שוין ניט אַזוי ברייט; מאַטעס האָט שוין אויף איר מער רחמנות ווי מורא — אַז זי נעמט וויינען דער טאָכטער אויפן אַקסל:

— סטיסעניו, לאָז נעמען דאָס קינד... אין דרויסן הייבט אָן גיין אַ שניי, ס׳וועט דאָך פֿאַרשאָטן ווערן דער קבר ווו ס׳ליגן נחומסביינער... טאַכטער, האָב אויף זיך און אויף אונדז רחמנות! — דאָ וואַרפֿט זי, סטיסיע, פֿון זיך מיט אַ מאָל אָפּ די טירלעך פֿון אָרון־קודש און נעמט מיט ביידע הענט צו פֿאַרשאַרן פֿון זרחלס אויגן די האָר און זי טוט עס מיט עפּעס אַ מין משונהדיקן געלעכטער: מיט אַ געלעכטער פֿון אַ פֿרוי בײַ וועמען די לעצטע און די איינציקע האָפֿענונג איז צעבראָכן געוואָרן און ס׳איז שוין ניט געבליבן מיט וואָס און פֿאַר וועמען ווײַטער צו לעבן.

דאָ, אַז אַלע דערהערן אָט דעם פֿאַרצווייפֿלטן, אָט דעם ביז צום טויט דערשטיקטן געלעכטער אירן און ווערן צונויפֿגעדריקט און צונויפֿגעבויגן, דאָ גלײַכט ער זיך אויס, יצחק באַיאַר, גייט אָפּ פֿון דניאלקען וואָס זיצט נאָך אַלץ אויף דער ערד אונטערן שטענדער און לויפֿט צו צום יונגן־מאַן, צו דעם אַרויסגעטריבענעם בעת דער מלחמה פֿון גאַליציע, צו ליפּע זאַק, וואָס יצחק האָט אים מיט דעם טראָגעדיקן ווײַב צו זיך אין שטוב אַרײַנ־גענומען — דער „שטילער זומער” איז אַרום זיי אַרומגעגאַנגען — און מ׳האָט זיי מיט אַלע כּוחות און מעגלעכקייטן געהאָלפֿן, און אַז דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן, האָט מען דעם ברית געפּראַוועט און ער אַליין, יצחק, איז סנדק געווען. און שפּעטער, אין אַ האַלב יאָר אַרום, איז אַ ווײַבל געקומען און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זי איז דעם ליפּע זאַקס ווײַב, מיט אים אונטער דער חופּה געשטאַנען, און אַז ער האָט זי אין וועג בײַ נאַכט איבערגעלאָזט און אַליין מיט אַ פֿרעמדער אַנטלאָפֿן געוואָרן.

— דו, — פֿרעגט יצחק אַ ביז גאָר דערשראָקענער בײַ אָט דעם ליפּען, — דו ביסט אויך אַהער צו געקומען? דו, וואָס דו האָסט געקאָנט אין אַן עת־צרה בײַ אַזאַ פֿאַלקסאומגליק, בעת ייִדן זענען ווי גראָז אַרויסגעריסן געוואָרן פֿון זייערע הײַזער, מ׳איז אויסגעגאַנגען אויף די וועגן, דו ביסט דעמאָלט אַנטלאָפֿן געוואָרן פֿון דײַן ווײַב מיט אַן אַנדערער. בײַ אַזאַ פֿאַלקסאומגליק ביסטו געווען פֿאַרנומען מיט זיך! דו, אַזאַ פֿאַרדאַרבענער, מיט אַזאַ גוייִשן יושר, מיט אַזאַ טרייפֿענעם ביין, דו ביסט אויך געקומען אַהער? — און יצחק באַיאַר נעמט אים אָן פֿאַרן קאָלנער און וואַרפֿט אים פֿון קלויז אַרויס. אַלע ביינער קראַכן אים אונטערן פּעלצל. — האַ, ער איז אויך אַהער צו געקומען! ער האָט דאָך

מיט זײַן האַרץ קיין מאָל קיין שטרוי ניט איבערגעבראָכן... קום, סטיסיע, — גייט ער צו און לייגט איר ווידער אַרויף זײַנע הענט אויף די אַקסלען וואָס טרייסלען זיך נאָך אַלץ אינעם גרויליק־צוגעשטיקטן געלעכטער, — קום, ווײַל אויף אונדזער פֿײַערדיקן אומגליק ווילן זיך מנוולים וואַרעמען די הענט. קום, סטיסיע, אונדזערע ליכט האָט מען אויסגעלאָשן, דער מגיד האָט געזאָגט אַז מיר האָבן טמא געמאַכט דעם אָרון־קודש, די צוויי ספר־תורות. אָ, גיין! אין אָרון־קודש ליגט אַ קינד אַ קדוש! דאָס געהרגעטע קינד איז הייליקער פון הונדערטער ספר־תורות. ספר־תורות קאָן מען שרײַבן נײַע. סטיסיע, שטיל אײַן דײַן געלעכטער! דו הערסט? מ׳שיסט, די ערד ציטערט. ווער גייט אַהער? רויטע? פעטליוראָווצעס? באַנדעס? אפשר גייט דאָרטן מײַן אַברהם? קום, סטיסיע, מיר׳ן ברענגען אונדזערע קדושים צו זייער אייביקער רו.

אָבער סטיסיע האָט פלוצעם דאָס קינד פון אָרון־קודש אַרויסגענומען, צוגעפאַלן מיט איר מויל צו זײַן מײַלעכל און גענומען אין אים מיט אַט יענעם ביזן טויט צוגעשטיקטן געלעכטער אַרײַנאָטעמען. ערגעץ ווײַט רײַסן זיך האַרמאַטן־קוילן, די ערד ציטערט אַלע מאָל אויף; אין די ערב־ווינטערדיקע שוואַרצע הימלען ברענען יום־טובדיקע גרין־רויטלעכע גרויסע שטערן, און איבער דער ערד לויפן זילבערנע שטויבן. קיינעמס רייד דערגייען ניט צו איר. זי אָטעמט שוין ניט אַרײַן אינעם קינדס מײַלעכל, נאָר דעם קאָפ צום נאַקן פאַרוואָרפן און לאַכט אויף אַ קול, ווי צו עמעצן אַהין, איבערן דאַך, איבער יענע יום־טובדיק אויסגעשטערנטע הימלען. אין אַט דעם געלעכטער אירן איז שוין ניט נאָר יאוש, נאָר שוין אויך גאַליקער ביטול פון אַ פרוי וואָס איז מיט אַזאַ האָפענונג און גלויבן געקומען און איז פאַרפירט און אָפגע־נאַרט געוואָרן. וווהין און צו וועמען קאָן זי שוין מיט איר געהרגעט קינד ווײַטער גיין? עס אָפגעבן די באַגרעבערס, מ׳זאָל עס אין דער ערד אַרײַנלייגן און אַליין בלײַבן דאָ, אויף דער ערד, און אַרומגיין מיט ווײַסע אויגן?..

## ו

און אויך דעמאָלטן, טאַקע אין יענע טעג — דער ווינטער איז שוין מיט פֿרעסט און זאַווייעס איבער אַלע וועגן געלאָפֿן, די ערד איז שוין גאָר מיט הורבעס בלינד־שוואַרצער שׂינאה, מיט גאַל־פֿאַרסמטער קינאה, מיט קאַלט־ניכטערער רציחה און מיט ביטול־פֿאַרביסענער הפקרות פֿול געוואָרן; אַ זון האָט די האַק אויפֿן פֿאָטער, און די טאָכטער האָט די האַנט אויף דער מוטער אויפֿגעהויבן; אַ שוועסטער האָט פֿאַר מאַרקסן איבערגעשניטן בײַ נאַכט דעם ברודער מיט אַ מעסער דעם גאָרגל. אומעטום און אַלץ איז צעשנורט־אויפֿגעבונדן און פֿרײַ געוואָרן, אַלע צאַמען אומגעוואָרפֿן און מיט אַ פֿאַר־כאַפּטן אָטעם, מיט אַ פֿאַרשײַט־פֿאַרגעניגנדיקער דערקוויקעניש, מיט אַ מין רייצנדיק־זיסער באַגײַסטערונג זיך אויפֿגעשלאָסן און אויפֿגעבראָכן, מיט עפּעס אַ מין ווילד־פֿריידיקן נײַגער איבער חרפּה און בושה געטראָטן — בפרהסיה זיך אָפּגענאַקעט־און־אָפּגעדעקט.

איבערן גרויסן לאַנד ווו די זון פֿאַרגייט כּמעט ניט, ווו די ערד איז מיט אַל־דאָס־גוטס איבערגעפֿולט, די וועלדער אויף ניט דורכצוגיין און ניט אויסצומעסטן, מיט פֿייגל און מיט חיות פֿול, די פֿולוואַסערדיקע טײַכן שוויבלען און ווימלען מיט פֿיש; די פֿעלדער, ווינטער מיט שניי און זומער מיט רעגן, ווײַט־רחבֿותדיקע, מיטן אויג ניט אַרומצוכאַפּן; די סעדער אין טויִקן בלי, די געדיכט־גראָזיקע טאָלעקעס מיט פֿעטער מילך געבענטשט; און איבער אָט דעם לאַנד איז אַ וואָלפֿישער הונגער געשטאַנען. זעלטן־ווען און זעלטן־ווו האָבן אין די שטעט רויכן פֿון די קוימענס אין די ווײַסע פֿרעסט אַרײַן געשלאָגן. דורך די פֿאָרטקעס פֿון די ניט־פֿאַרפֿרוירענע פֿענצטער זענען שיטער־גרויע רייכלעך געקראָכן — מ׳האָט די אײַזן־ און בלעך־אייוועלעך מיט שטובמעבל און מיט גאָלד־געליישטע, אין לעדער־געבונדענע ביכער געהייצט: שרײַבערס און דענקערס פֿון גאָר דער וועלט, אויף אַלע שפּראַכן, האָבן דענסטמאָל באמת דאָס לעבן פֿון אַ מענטשן דערוואַרעמט.

און אויף די שליאַכן פֿאָרן ניט קיין פֿורן, און אויף די רעלסן גייען ניט קיין באַנען, און אויב אַ צוג גייט שוין יאָ אַ מאָל אין וועג אַרויס, ווייסט מען ניט ווען און וווהין ער וועט אָנקומען. די משׂא־וואַגאָנען — אָן ליכט און וואַרעמקייט, מיט רעשטלעך פֿאַרשטויבטע ריחות פֿון תּבֿואה און קוילן, בוימל און כּודאָבע־מיסט, אָנגעשטופּט און אָנגעפּראָפּט מיט מענטשן פֿון אַלע שטאַנדן און גראַדן, אָנגעבונדן און באַלאָדן מיט זעק און קוישן, אויפֿגערייצטע און אויפֿגעבראַכטע, זידן פֿון רציחה, גרייט יעדער רגע וואַרפֿן זיך איינער אויפֿן אַנדערן צו דורס־זײַן, טרעטן אויף יענעמס גוף און נשמה.

און מ׳פֿאָרט אויף די פֿאַרשנייטע וואַגאָנדעכער, אויף די אָפֿענע פּלאַט־פֿאָרמעס, אויף די בופֿערס און טרעפּלעך — דער פֿראָסט אין לײַב, די פֿעלד־ווינטן אין פּנים און דער פּחד אין די אויגן: אָפּט יאָגן פֿון די וועלדער אַרויס, מיט שיסערײַ און בהלה־טומל, פּויערים אויף ניט־געזאָטלטע פֿערד, אין שוואַרצע פּעלצן, די שמוישענע יאַלעמס איבער די אויגן, שטעלן אָפּ און באַפֿאַלן דעם צוג, רויבן וואָס אונטער דער האַנט קומט, שלעפּן פֿון די זעק און פֿון די ווײַבערשע בוזעמס, ברעכן די פֿינגער אויס בײַם אַראָפּנעמען די רינגען און רײַסן מיטן פֿלייש די אוירינגלעך אַראָפּ. און אַז מ׳טרעפֿט אָן אויף אַ ייִדן, דאָ טוט מען אים שוין גאָר אויס ביזן העמד, מ׳שלאָגט אים מכּות־רצח און מ׳וואַרפֿט אים פֿון וואַגאָן אויף דער ערד, אין וואַלד, ער זאָל דאָרטן אויפֿן פֿראָסט אין שרעקלעכע יסורים אויסגיין.

אָט דעמאָלט, טאַקע אין יענע טעג, אַז קיין אַנדער וועג און ברירה איז פֿאַר דער טאָכטער פֿון שמריהן, וואָס האָט געלעבט מיטן ווינטשפֿינגערל אין לינקן אויג, געגלייבט אַז אין איינעם אַ טאָג וועט די גאולה קומען, אַז ער וועט ערגעץ אויף די יריד־וועגן משיחן באַגעגענען... אַז פֿאַר איר, פֿאַר שמריהס טאָכטער, פֿאַר שיפֿרהן, איז שוין קיין אַנדער אויסוועג ניט געווען, אַלע חלומות אין איר לעבן זענען אומגעפֿאַלן און ווער ס׳וויל קאָן אויף זיי, אויף אירע אויסגעווייטיקט און אויסגעבלוטיקטע חלומות, אַ שפּײַ טאָן, זיי אָפּן לעסטערן, אויסשפּעטן און לצנות טרײַבן... אָט דעמאָלט האָט זי גענומען צו דער מאַמען פֿאָרן און צו יענעם וואַלדשטיבל זיך דערקלײַבן.

צום סוף אָבער, נאָך אַזוי פֿיל מאַטערנישן, פֿון שליטן אויף שליטן, דורך אַזעלכע פֿרעסט און שנייען, דערקליבן זיך אַהין, האָט זי די מאַמע דאָרטן

ניט געטראָפֿן און אויך פֿון דער שטוב איז קיין סימן ניט געבליבן — אַ הורבע שניי מיט טרוקן־גרינע נאָדלען, אָנגעטרייסלט פֿון די אַרומיקע סאָסנעס, זילבערט זיך אויף דער זון, און אין דער ווינטערדיקער שטילקייט פֿון וואַלד הילכט ביז גאָר אָפּ דאָס אויסקלאַפּן פֿונעם פּיקהעלץ, פֿון אָט דעם גרויסן וואַלד־רופֿא, איבער די ליכטיק־באַגילדטע סאָסנעשטאַמען, זי איז געשטאַנען דאָרטן לאַנג, שיפֿרה, אַ פֿאַרטראַכטע און דער ווינט האָט איר פֿון די אַנגע־שנייטע יאָדלעס געטריבן אין פּנים אַרײַן אַ ראַזעווען שטויב.

פֿון דאָרף האָבן זיך צו די פּיאָלעט־קאַלטע הימלען געהויבן ווײַסע זײַלן רויך. האָט זי זיך אַהין, צום דאָרף געלאָזט גיין. געוואָלט דאָרטן זיך עפּעס וואָס דערוויסן, האָט איר אָבער קיינער דאָרטן קיין ענטפֿער ניט געגעבן און אַפֿילו אויף איר די אויגן ניט אויפֿגעהויבן. פֿון אָט דעם עקשנות־וויסטן שווײַגן איז איר געוועזן צו פֿאַרשטיין: מיט דער מאַמע האָט גאָר אַ גרויסער אומגליק געטראָפֿן. אויך פֿון יצחק באַיאַרס שטוב, פֿון דער אַלטער ירושה־קרעטשמע, איז פֿאַרבליבן נאָר איין וואַנט — די דרומדיקע, וואָס שטאַרצט אַ שוואַרץ־פֿאַרקוילטע פֿון די שנייען אַרויס. אַחוץ אָט די צוויי אָפּגעברענטע ייִדישע הײַזער, האָט מען אין דאָרף קיין סימנים פֿון שׂרפֿה ניט געזען. די כאַטעס — ביז צו די פֿענצטער מיט וואַלדבלעטער פֿאַרהאַטעט — האָבן צו די האַלבטאָגיק־ווינטערדיקע הימלען מיט פֿעטע רויכן געשלאָגן: ס'איז ערב נײַיאָר, פֿאַר ניטל־חגא געווען — און פֿון אונטער די סטריכעס האָט געטראָגן מיט געקנאָבלטס און געבראָטנס, מיט גערייכערטע פֿליישן, בלוטווורשטן, געפֿעפֿערטע דריליעס, מיט סאַמאַהאָן און מיט סיוווכע.

האָט זי געוואָלט צום שטעטל זיך דערקלײַבן — דאָס מוז זי טאָן, זי מוז דאָ בײַקומען אַלע שוועריקייטן און שוין צום לעצטן מאָל איר מיין און פֿאַרטראַכט ביזן סוף דערפֿירן — אפֿשר וועט זי פֿאָרט דאָרטן די מאַמע אָדער אַפֿילו יצחקן געפֿינען, צי אויף עמעצן פֿון אירע ברידער און שוועסטער זיך אָנטרעפֿן. הגם ניט זי געדענקט זיי און ניט זיי געדענקען שוין זי: אַזוי פֿיל יאָרן פֿון דער היים, און אַזוי ווײַט געווען. דעם קלענסטן פֿון די ברידער האָט זי שוין אַפֿילו אין די אויגן ניט געזען. יענער, דניאל, ווי מ'האָט איר דערציילט, איז געבוירן געוואָרן בעת די מאַמע איז פֿון טורמע אַרויס, ערגעץ בײַם וועג, הינטער אַ סקירדע שטרוי.

אָבער אַהין איז זי ניט דערפאַרן. אונטערוועגנס, בײַ דער באַנסטאַנציע, דערהערט: שוין אַ מעת־לעת ווי דאָרטן, אין שטעטל, פון דער באַן־קאָליִע ווײַט און ווי אין וואַלד אַרײַן פּאַרוואָרפן, דאָרטן הוליעט דעם גלחס טאָכטער מיט איר באַנדע, מיט איר „קורין סמערטי״, די אַטאַמאַנשע מאַרוסיאַ, וואָס האָט פאַרענדיקט די פּרויען־גימנאַזיע מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל. ס׳זענען שוין דאָרטן ווידער געהרגעטע און פאַרוווּנדיקטע פאַראַן, יונגע מיידלעך ווערן דאָרטן פאַר די אויגן פון די אַטאַמאַנעס פאַרגוואַלדיקט.

ניין, אַהין קאָן זי ניט און טאָר ניט פאָרן. אַ פּנים אַז דער גורל אַליין האָט זיך איר אויף דעם וועג צו דער מאַמע געשטעלט. פאַרהאַלטן זיך דאָ לענגער, קאָן זי שוין מער ניט. זי פילט ווי איר לעצטע שעה נעמט קלאַפּן. און דאָ וועט באַלד אָפּגיין אַ צוג אין שטאָט אַרײַן — דאָס שוואַרץ־גלאַנציקע לאָקאָמאָטיוול פּײַפט פון יִיאוש, ס׳גלייבט ניט אַז ס׳וועט קאָנען אָט די שווער־אָנגעלאָדענע וואַגאָנען פון אָרט אָפילו רירן: פולע מיט קײַלעכדיקע סאַסנע־ און בערעזע־קלעצער, וואָס שמעקן נאָך מיט זומערדיקן וואַלד, און פון אויבן, אויף די קלעצער, מענטשן מיט זעק — ניטאָ שוין וווּהין אַ נאָדל צו פאַלן. און מ׳גייט נאָך אַלץ מיט די קני און עלנבויגנס און מ׳שפּאַרט זיך נאָך אַלץ און מ׳קריכט מיט געוויין און מיט גוואַלדן. און ווי אַזוי זאָל זי, שיפרה, אַהין אַרײַנקריכן און זיך אַהין אַרײַנבערענגען? ניטאָ שוין בײַ איר אויף דעם קיין כּוח און דער עיקר, אין איר מצב איז דאָך אַ גרויסע סכּנה אין אַזאַ געדרענג אַרײַנקומען און צווישן אַזאַ ווילדקייט אַרײַנפאַלן.

גייט זי מיט איר קלומיקל צום מאַשיניסט, וואָס שטייט אין טיר און הינטער אים פלאַקערט דער קעסל־אויוון. און דער פײַער דערמאָנט אָן אַ שטוב, אַ טיש מיט ברויט, מיט אַ זודיקן סאַמאָוואַר און אויך אָן אַ בעט מיט קישן צוקאָפּנס. און דער פײַער אין קעסל־אויוון איז פאַר איר ווײַט און שלאָגט זיך אָפּ מיט סקוליענדיקער בענקשאַפט אין אירע אויגן. און זי בלײַבט שטיין פאַרן מאַשיניסט און קוקט צו אים אַרויף מיט אירע גרויסע אויגן, וואָס בעטן אָן אַ קול ער זאָל זי אויפן פאַראַוואָזל אַרויפנעמען און איר דאָרטן בײַם פײַער אַ ווינקעלע געבן.

האָט ער אירע אויגן דערזען — אויגן פון אַ פרוי וואָס האָט שוין איר מזל פאַרשפּילט און אַלצדינג אין לעבן פאַרלוירן; די פּיס אירע וואָס מיט שמאַטעס

אַרומגעוויקלט און מיט צונויפגעקניפּטע שטריקלעך אַרומגעבונדן, און דער עיקר דעם הויכן בויך אירן באַטראַכט און זיך אויף איר מרחם געווען.

און שפּעטער האָט אויך ער, דער מאַשיניסט, וואָס גייט שוין מיט די יאָרן אין גרויקייט אַריַין — אַז דער אַטאַמאַן אַנגעל מיט זײַנע טויטברענגערס איז דעם צוג באַפאַלן, פון זייערע הענט זי אַרויסגענומען; מ׳האָט שוין בײַ איר אַן אויערינגל מיטן פלייש אַרויסגעריסן — אויפן וועג וואָס פירט אין שטאָט אַריַין זי אַרויפגעפירט, איר אַ שטיקל ברויט אין האַנט אַריַין געגעבן און דערקלערט ווו זי וועט דאַרפן דעם טײַך אַריבערגיין און ווי אַזוי פון דאָרטן צום קימפּעט־שפּיטאָל זיך דערקלײַבן.

דערנאָך, אַרויס מיטן לעבן פון רוצחישע הענט, מיטן פאַרבלוטיקט־צעריסענעם אויער, שאַרט זי די פיס, די אַרומגעבונדענע מיט די שמאַטעס, בײַ דער זײַט פון וועג איבער די שנייען — הערט זיך צו און וואַרט ס׳זאָל אַ שליטן אָניאָגן און זי אונטערפירן. די געבורטווייען נעמען איר שוין אַרומגיין איבערן גאַנצן לײַב און די וואַסערן האַלטן איר אין אָפּגיין — אָט באַלד וועט זי אָנהייבן גיין־צו־קינד דאָ, אין מיטן וועלט, אויפן שניי, בײַם ערב־נאַכט ווערן: די זון איז שוין כּמעט דעם באַוואַלדיקטן באַרג אַריבער, פאַרבליבן פון איר נאָר אַ דין־אויסגעבויגן ריפּטל — אַ פּראַסטיק־פײַערדיקס, אַזאַ וואָס שאַטנט אָפּ פון די נאַקעט־ברוינע צווײַגן עפּעס אַ ווײַט־פרעמדע, אַ זייער אומהיימלעכע שײַן אויף די אַרומיקע בלאָווקייטן און פאַרגייט מיט אַ ביטערער קעלט אין די אויגן אַריַין.

זי וויל, שיפרה, איינס: דערגיין צום קימפּעט־שפּיטאָל און געפינען דאָרטן צווישן די פיר ווענט אַן אָרט אויף צו אָוועקלייגן זיך, — דער בויך ווערט איר אַלץ שווערער און שווערער, ציט זי ממש צו דער ערד און פון ווייטיק וועט זי באַלד אָנהייבן צו וואַלגערן זיך אין דעם פינצטער־ווערנדיקן פעלד, ווו פון אונטער די יאַדלעקוסטעס קריכן גרינלעך־פאַרבלויטע שאָטנס און די בערעזעס נעמען קלערער לײַכטן אין דער נאַכט. די לעצטע נאַכט פון יאָר... און די לעצטע נאַכט פון איר לעבן. און דאָ דערפילט זי ווידער, און ניט נאָר זי דערפילט, נאָר זי ווייס שוין אויף זיכער, און שוין אָן שום ספק, און שוין אָן אַ ברעקל האָפענונג אַז זי וועט שטאַרבן אין קימפּעט. זי זעט אַפילו ווי דער

טויט, טאָקע באַלד ווי דאָס קינד וועט געבוירן ווערן און י ע נ ע וועט פון איר דאָס קינד צונעמען... — אויך י ע נ ע וואָס וועט בײַ איר דאָס קינד צונעמען זעט זי בולט. טאָקע באַלד נאָכן געבוירן דאָס קינד, זעט זי ווי דער טויט רײַסט איר אויף די צוגעמאַכטע אויגן און גייט מיט אַ כאָרכלענדיקן פּײַף צו איר אין הייסן לײַב אַרײַן.

באַדאַרפט געווען — טראַכט זי — דעמאָלט פאָלגן דעם אַלטן דאָקטער וואָס האָט זי נאָך אין דעם ערשטן חודש פון איר מעוברתדיקייט געוואָרנט. האָט זי אָבער צו יענעמס רייד ניט געוואָלט זיך צוהערן, הגם גוט געוווּסט, אַז די באַיאָרס טעכטער זענען שווער־האָבערינס, ווי זיי וואָלטן פאַר זייער לעבנסדאָרשטיקייט, פאַר זייער להוטקייט און שיכּרותדיקער תּאווהדיקייט באַשטראָפט געוואָרן. אין אירע יאָרן, בײַ זעקס און דרײַסיק, און דערצו נאָך אַן ערשטלינג!.. און ווען? אין איר בלײַבן אַליין, אין איר עלנטקייט, און נאָך אַזעלכע יסורים און נאָך אַזוי פיל געפּטרטע כּוחות. און צוליב וואָס דאַרף זי נאָך די ווײַטערדיקע פּײַנען און ליידן איבערטראָגן און אויסשטיין? כּדי באַלד טאַקע, נאָכן האָבן דאָס קינד און נאָכן אָפּגעבן עס א י ר, דער פּרעמדער... פון דער וועלט אַוועקגיין? קיין נאָענטע האַנט וועט איר די אויגן ניט צומאַכן און קיין נאָענטער מענטש וועט זי צום גרוב ניט באַגלייטן. אין יענעם אָוונט, אַז זי איז צו־און־פון דעם דאָקטער געגאַנגען, האָט זי דאָך דער מאַן באַגלייט און פרילינגדיקע וואַסערן האָבן דעמאָלט איבער די גאַסן פון סאַמאַרע, פון צווישן די נאָך נאַקעטע סעדער אַרויס, געריזלט — געטראָגן אין זייער צאַרטן רוישן דעם אייביקן געזאַנג פון בלי און יונגשאַפט. און ניט געקוקט אויף דער זיך־ברעקלענדיקער און אומרויִקער צײַט, איז איר אַ שטילע פרייד אין האַרצן אַרײַן. די פרייד פון די פרילינגדיקע וואַסערן האָט זי פון איר מאַמען געירשנט.

און דאָס קינד, דעם זון — אויף קיין האָר ניט געצווייפלט אַז זי וועט אַ ייִנגל געבוירן — האָט זי דאָך געוואָלט פאַר אים, צוליבן מאַן האָבן. איר גרעסטע מתּנה, ריזיקירנדיק דערבײַ מיטן לעבן, געוואָלט אים פאַר זײַן ליבע צו איר און פאַר זײַן טיפער מענטשלעכקייט שענקען. און אויך פאַר זיך אַליין, אויף דער עלטער, פריידיקע זאָרגן האָבן און צרות פון קינדער טראָגן. און דער עיקר, מיטן קינד האָבן, געוואָלט דעם מאַן שטאַרקער צו זיך

צובינדן, — די שיינקייט אירע האַלט דאָך שוין בײַם פאַרגיין און די רײַפע יאָרן פאַלן אין האַרבסט אַרײַן.

האָט מען דעם מאַן אירן, דעם גענעראַל, דעם לעצטן צווײַג פון אַן אַלטן רוסישן אַדלשטאַם, אין איינעם אַ פאַרטאָג, שוין באַלד זיבן חדשים, בײַ דער וואַלגע צעשאָסן... טאַקע זיי אַליין, די חברים זײַנע, האָבן אים צום טויט פאַרמישפּט: ניט געקאָנט אים זײַן אַריבערגיין צו די באָלשעוויקעס מוחל זײַן, הגם ער האָט זיי אויפן געריכט אַזוי קלאָר און מיט אַזוי פיל וויסן און חכמה דערקלערט: די מאָנאַרכיע, די אַמאָליקע אידעע אַז מאָסקווע האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון ביזאַנץ, אַז מאָסקווע איז דאָס דריטע רוים, אַז צוויי רוימישע אימפּעריעס זענען געפאַלן און דאָס דריטע רוים, מאָסקווע, וועט שוין שטיין אייביק, — אָט צו יענער פּראַוואָסלאַווגע־משיחישער אידעע איז שוין געקומען אַ סוף... דער צאַריזם — האָט ער זיי דערקלערט — דער רוסישער פּראַוואָסלאַווער קלויסטער האָט שוין מער און ווײַטער ניט געקאָנט פאַרהיטן און פאַרהאַלטן די רוסישע אימפּעריע פון צעפאַלן ווערן. יענע גאַנצע אידעע וועגן מאָסקווע ווי וועגן דעם דריטן און אייביקן רוים, ליגט שוין אין שטויב. רוסלאַנד האָט שוין פון לאַנג באַדאַרפט האָבן אַ נײַע אידעע, וואָס זאָל געבן רוסלאַנד די מעגלעכקייט און די קראַפט צו פאַרהיטן און צו באַשיצן איר גאַנצקייט און איר ניט־צעטיילבאַרקייט. און ניט נאָר פאַרהיטן איר גאַנצקייט, נאָר אויך אויף ווײַטער קאָנען אויסברייטערן אירע ערדן און איר ווירקונג אויף דער וועלט. אָבער דער צאַריזם מיט דער פּראַוואָסלאַוויע האָט שוין אויף דעם קיין כּוח ניט געהאַט. רוסלאַנד האָט זיך גענייטיקט אין אַ מאָנאַרכיע פון אַ נײַעם שניט. און ס'זענען געקומען די באָלשעוויקעס מיט זייער מערבדיקן מאַרקסיזם. אויך די פּראַוואָסלאַוויע איז ניט אויסגעוואַקסן אויף דער ערד בײַם דניעפּער, אין דער אַלטער קיִעווער „רוס". וולאַדימיר מאָנאָמאַך האָט דאָס קריסטנטום פון ביזאַנץ געבראַכט קיין רוסלאַנד און מיט דער צײַט איז פּראַוואָסלאַוויע געוואָרן אַ ריין רוסישער גלויבן. דער נײַער וולאַדימיר מאָנאָמאַך, וולאַדימיר לענין, בײַט שוין דעם מאַרקסיזם... ער האָט שוין דעם מאַרקסיזם אַריבערגעפירט פון פּעטראָגראַד קיין מאָסקווע, אין קרעמל אַרײַן, ווו ס'איז געזעסן איוואַן דער גרויזאַמער... נאָר זיי, די באָל־שעוויקעס, מיט זייער נײַער אָרטאָדאָקסאַלער קאָמוניסטישער רעליגיע, וועלן

פאַרהיטן מאָסקווע ווי דאָס דריטע רוים. די קאָמוניסטישע מאָסקווע וועט טראָגן ווײַטער די גרויסע רוסיש־משיחישע אידעע... מאָסקווע וועט גרינדן אַ נײַע קאָמוניסטישע קירך און פאַרשפּרייטן איר ווירקונג אויף דער וועלט. דאָס קלינגט ניט פאַר אײַערע אויערן? נישקשה, מיט דער צײַט וועט עס קלינגען. די רוסישע קאָמוניסטן וועלן מיט פײַער און שווערד, ווי דער איסלאַם, פאַרשפּרייטן זייער לערע. רוסלאַנד וועט ווערן די אויסלייזערין און די פירערין פון אַלע אירע שכנישע לענדער, דער עיקר פון אַלע סלאַווישע לענדער און שפּעטער פון דער גאַנצער וועלט. מיר זענען געווען מאָנאַרכיסטן ניט פון ליבע צום קיסר, נאָר פון ליבע צו רוסלאַנד. איצט דאַרפן מיר דער־שטיקן אונדזער שינאה צום באָלשעוויזם אין נאָמען פון דער ליבע צו רוס־לאַנד. דער קאָמוניזם וועט מיט דער צײַט ווערן אין רוסלאַנד אַ מיסטעריע, אַ מלוכה־קולט. אין אָט דער גאָטלאָזער מיסטעריע וועלן אָנטייל נעמען פעל־קער... אין נאָמען פון רוסלאַנד דאַרפן מיר גיין מיט דער נײַער מאָנאַרכיע! — זיי האָבן אים אָבער ניט פאַרשטאַנען, די חברים זײַנע, און האָבן אים פאַר־מישפּט צום טויט.

פאַר טאָג האָט מען אים צעשאָסן.

און זי האָט אים דאָרטן, דעם מאַן, בײַ דער וואַלגע, איינע אַליין, — מיט די הענט דעם זאַמד און דערנאָך די ערד מיט אַ ברעטל געגראָבן, און אים, מיטן צעשאָסענעם קאָפּ, אַ באַרוועסן, אין גרוב אַרײַנגעקײַקלט. ער איז מיטן פּנים אַראָפּ דאָרטן געבליבן ליגן. זי האָט שוין קיין כּוח ניט געהאָט צו אויסדרייען אים און מיטן פּנים אַרויף אָוועקלייגן. און לאַנג איז זי בײַ זײַן אָפענעם קבר געזעסן, צוליב עפּעס געוואַרט אַז די זון זאָל אויפגיין, און אַז זי האָט זיך דערוואַרט — די זון איז פון טײַך אַ וואַרעם־פאַרבלוטיקטע אויפגעגאַנגען, האָט זי מיט אַ געשריי גענומען אויפן מאַן ערד וואַרפן... און די גרוב פאַרשאָטן און מיט דער ערד אויסגעגלײַכט. זי וואָלט שוין איצט זײַן קבר ניט געקאָנט געפינען.

און אַ כּעס און אַ גרימצאָרן און אַ שרעקלעך ביטערער פאַרדראָס גייט איר מיטן פראָסט אין האַרצן אַרײַן — אַלע אירע באַגערן און שטרעבונגען, אַלע אירע עקשנותן און כּוחות, איר גאַנץ לעבן איז מיט אַ מאָל אין יענער גרוב מיטן פּנים אַראָפּ געפאַלן. ניט נאָר אים, נאָר אויך זיך, דער עיקר טאָקע

זיך אַליין, האָט זי דאָרטן, בײַ דער וואָלגע, באַגראָבן. זי איז דאָך דאָרטן בײַ איר אייגענער קבורה בײַגעווען.

און אַלץ קאָכט און בונטעוועט זיך אין איר. און די גרויסע שוואַרצע אויגן אירע, וואָס האָבן געזוכט די פרייד און דעם תּענוג אין לעבן — אויף קיין נסים־ונפלאות, ווי דער טאַטע אירער, ניט אַרויסגעקוקט און ניט פאַר־לאָזט זיך. ניט געגלייבט אין קיין גאָט און ניט אין קיין שׂטן. אָט די גרויסע שוואַרצע אויגן ווערן איר וואָס ווײַטער אַלץ מער מיט אַנרחמנותדיקייט און מיט שׂינאה צו אַלץ און אַלעמען, צו דער גאַנצער וועלט אָנגעפילט. דער עיקר צו זיך אַליין.

און אַז זי איז דעם פאַרפרוירענעם דניעפּער אַריבער, אויפן באַרג זיך אויפגעהויבן און דעם אָמאָליקן אפרת־שפּיטאָל בײַ דער פולער לבנה דערזען, איז זי געגאַנגען אַהין, ווי צו אַ ניט אויסמײַדנדיקן גורל און ווי צו אַן אָרט, וואָס האָט פאַר איר גאָר אַן אַרײַנגאַנג...

# ז

און אַז זי איז שוין איבערן אָנגעשנייטן פּאַרק געגאַנגען, די געבורט־ווייען האָבן זי שוין כּמעט ניט אָפּגעלאָזן, די ווייטיקן אין די לענדן ווערן אומברחמנותדיקער, ס'וואַרפט זי פון קעלט אין היץ און פון הייסן אין קאַלטן שווייס אַרײַן; די וואַסערן זענען איר שוין פון לאַנג אָפּגעגאַנגען, זי קאָן דאָך יעדער רגע אָנהייבן גיין־צו־קינד דאָ אויפן פראָסט, אין די שנייען... און פון דעסטוועגן שטעלט זי זיך אָפּ און נעמט זיך אײַנהערן און ממש מיט אַלע אברים צו די גוואַלד־געשרייען וואָס טראָגן זיך פון דער שטאָט; אויך דאָרטן גייט אַ שחיטה — מ'קוילעט שוין ניט נאָר די „ביילִיסעס" וואָס דאַרפן קריסטלעך בלוט אין די מצות, נאָר מ'שנײַדט שוין אויך ייִדן וואָס ווילן פאַרשפּרייטן ק אָ מ ו נ ע ס, מ'הרגעט זיי, די זיידעס פון מאַרקסן, די טאַטעס פון די טראָצקיס און די אייניקלעך פון די סווערדלאָווס... און ס'דאַכט זיך איר, שיפרהן, אַז זי הערט פון דאָרטן גיין דער מאַמעס קול, אַזאַ צאָרנדיקס אָבער דערבײַ אַזאַ טרויעריק־פאַרוווּנדערטס; דער מאַמעס קול, וואָס רופט צו הילף פאַר יענעם, פאַר אַנדערע — אירע צרות און יסורים האָט זי תּמיד געטראָגן אין זיך, אין דער שטיל, פאַר קיינעם ניט אַרויסגעוויזן און פאַר קיינעם ניט אַרויסגעשטעלט. — וואָלט זי, שיפרה, נאָר כּוח געהאַט און וואָלט זי נאָר ניט געווען אין אַזאַ מצב, וואָלט זי אַוודאי אַהין געלאָפן צו דער מאַמען און זי פון רוצחישע הענט אַרויסגעריסן... און דאָך, — זי וואָלט עס מורא געהאַט מודה צו זײַן פאַר זיך אַליין, — ברענגען איר אָט די אין דער נאַכט אומבאַהאָלפענע און שוידערלעך־ייִאושדיקע קולות עפּעס אַ מין פאַרלײַכטערונג, אַ דערמוטיקונג און דער עיקר, אַ באַרעכטיקונג. זיי, אָט־די גוואַלד־געשרייען, וואָס רופן עמעצן קומען צו הילף און קיין רעטונג קומט ניט פון ערגעץ, גראָד אָט־די גוואַלד־געשרייען זענען פאַר איר ווי אַן אָנזאָג ניט נאָר פון איר אייגענעם, נאָר פון איר קינדס גורל. און זי ווערט דאָ מיט

אַ מאָל נאָך מער אויפגערודערט און נאָך מער פאַרביטערט: אין דער גאָרער וועלט האָט זי דאָך קיינעם ניט וואָס זאָל אירע לײדן און איר בראָך מיטפילן. גראָד זי, די מאַמע אירע, איז דאָך פון איר די סאַמע ווײַטסטע געוואָרן, אַפילו איין מאָל, דורך אַ בריוול, אָנגעזאָגט: פון דאָרטן וווהין שיפרה איז פאַרגאַנגען, איז שוין צו איר, צו דער מאַמען, קיין וועג אויף צוריק ניטאָ. — און פאַר וואָס, פאַר וועלכע זינד? ווײַל איך האָב געוואָלט זײַן אַ מענטש צווישן מענטשן און ניט קיין ייִד צווישן גויים?

און מיט שטאַרקן ווייטיק אין די לענדן נעמט זי אויף גיך בלעטערן איר לעבן, זוכן דאָרט שלעכטע טריט און פאַלשע גענג, — אָבער זי קאָן זיי ניט געפינען. איין מאָל נאָר, פון זינט זי איז פון דער היים און דערנאָך שוין בכלל פון ייִדן אַוועק, איז זי צו אַ שוואַכקייט און צו אַ געפאַלנקייט געקומען: טאַקע אין אָט דעם פאַרק האָט זי אַ מאָל, אין יענעם פאַרטאָג, פאַר איוועזן וואָס איז אויף דער פאַרשנייטער באַנק געזעסן און צופוסנס איז איר דניאלס געמעל געשטאַנען: „די רויטע בהמה מיטן אָפּגעבראָכענעם האָרן”, וואָס רעוועט דורך די שטאַכעטן אין דעם פרי־פרילינגדיקן פעלד אַרײַן... זי, שיפרה, איז דענסטמאָל פאַר איוועזן אויף די קני אין שניי געפאַלן און געבעטן געבן אַלעקסאַנדערן דעם גט... אָט יענער פרימאָרגן גייט איר נאָך ווי אַ שוואַרצער שאָטן דאָס גאַנצע לעבן. אָבער צו אַלעקסאַנדער לאַנדען האָט זי דעמאָלט געמוזט וואָס גיכער דערגיין — די צײַט האָט זיך פאַר איר אָפּגעשטעלט און איר גורל איז אויך געלייגט געוואָרן אויף דער וואָגשאָל. און זי בלײַבט נאָך עטלעכע רגעס שטיין און הערט זיך נאָך אַלץ אײַן אין די גוואַלד־געשרייען, וואָס זענען פאַר איר ווי אַן אָנזאָג צו דערגיין איר וועג, אָן שום וואַקלענישן, ביזן סוף. און דערנאָך ווײַטער, מיט אַ פאַרביטערט עקשנות, צום שפּיטאָל געגומען גיין, און ווי נאָר זיך אַהין דערקליבן און דעם ערשטן וואָס אין אַ ווײַסן כאַלאַט בײַם אַרײַנגאַנג אָנגעטראָפן, געבעטן אים וואָס גיכער צום בראָכשטול זי ברענגען.

און שוין דאָרטן, אין דער גרויסער טונקעלער פּאַלאַטע, — ערגעץ ווײַט פלעמלט אַ לאַמטערן, ווי לעם אַ פאַרוואָרפענער אַכסניה; ערגעץ ווײַט וויינען נײַ־געבוירענע, און פונעם אַרום גייען איבלדיקע ריחות; ניט ווײַט פון איר שרײַט אַ געוויינעריין אויף קולי־קולות, שעלט דעם מאַן און זידלט אים מיט

די געפּעפּערטסטע ווערטער — ליגנדיק דאָרטן אַ פּאַרוואָגלטע, אין דער גרויער פּינצטערניש, ווי אויפֿן דנאָ פֿון דער וועלט, אויפֿן האַרבאַטן טאָפּ־טשאָן וואָס מיט דער קאַלטער צעראַטע פֿאַרשפּרייט און אין צוקאָפּנס אַ געבערגלט־האַרטער אָנלען; אַרום איר ניט נאָר געווינערינס, נאָר אויך קראַנקע אויף פּלעקטיפּוס, וואָס שרײַען און רופֿן מיט געוויין און קללות, נאָר קיינער גייט ניט צו און קיינער רופֿט זיך ניט אָפּ; מ׳האַלט אין איין אַרויסטראָגן יענע, די אויף אייביק אַנטשוויגן־געוואָרענע, און אויף זייערע באַפּרײַטע ערטער טראָגט מען אַרײַן די קראַנקע וואָס וואַלגערן זיך אין די קאָרידאָרן אויף דער הוילער ערד, ווו פֿון די אַרײַנגאַנג־טירן יאָגן אומברח־מנוחדיקע קעלטן און יענע גוואַלד־געשרייען — דאָרטן האָט זי ערשט דערפֿילט, שיפֿרה, וואָס ס׳הייסט אַליין און אין עלנטקייט בלײַבן.

דערצו נאָך עפּעס איינע, ווי אַ שוואַרץ געשפּענסט, אָנהאַלטנדיק זיך מיט ביידע הענט פֿאַר דער וואַנט, — געשלאָגן, אַ פּנים, מיט נאַכטבלינדקייט, — באַוועגט זיך הין־און־הער, און מיט אַ גלחותדיקער שטים פּרעפּלט זי: און ס׳איז געזאָגט געוואָרן, אַז נאָכן ווײַסן פֿערד וועט אַרויסגיין אַן אַנדער פֿערד, אַ ר ו י ט פֿערד... און דער וואָס וועט אויפֿן ר ו י ט ן פֿערד זיצן, דעם וועט געגעבן ווערן צוצונעמען דעם שלום פֿון דער ערד... און דערנאָך וועט אַרויס אַ ש וו אַ ר ץ פֿערד, און דער וואָס וועט זיצן אויף אים וועט האָבן אין זײַן האַנט אַ וואָגשאָל אויף צו וועגן די זינד פֿון די וואָס האָבן געבעטן און געהאַפּט אויפֿן ר ו י ט ן פֿערד... איצט שרײַען זיי, די ייִדן! וואָרעם ס׳איז דאָך געזאָגט געוואָרן, אַז נאָכן דריטן, דעם שוואַרצן, וועט אויך אַראָפּקומען דאָס פֿערטע, דאָס געלבלעכע פֿערד... און דער וואָס זיצט אויפֿן געלבלעכן פֿערד איז דער נאָמען זײַנער ט ו י ט. און ס׳איז אים געגעבן געוואָרן די שליטה צו טייטן מיט דער שווערד און מיט הונגער און דורך ווילדע חיות פֿון דער ערד... אָבער דאָס איז ערשט דער אָנהייב! אַ פֿאָלק וועט זיך אויפֿהייבן קעגן אַ פֿאָלק און אַ מלוכה קעגן אַ מלוכה און גרויסע ערדציטערנישן וועלן אין פֿאַרשיידענע ערטער פֿאָרקומען... און דאָס אַלץ איז ערשט דער אָנהייב פֿון די ווייען! שרײַט, ייִדן, שרײַט! ווײַל איר האָט געבעטן און געהאַפּט אויפֿן ר ו י ט ן פֿערד און נאָך אים האָט שוין געמוזט קומען דאָס ש וו אַ ר צ ע און דאָס ג ע ל ב ל ע כ ע פֿערד, וואָס

דער וואָס זיצט אויף אים איז זײַן נאָמען ט ו י ט ! — און בײַ דעם געשפּענסט מיט דער גלחותדיקער שטים רײַסן זיך מיט אַ מאָל אָפּ די הענט פון דער וואַנט, טוט זיך פּלוצעם אַ וואַלגער און פאַלט אין איר קרענק, אין דער פּ אַ ל ע נ י ש אַרײַן. זי ווערט צונויפגעדרייט, דער קאָפּ קלאַפּט זיך איר אָן דער ערד און אַ שוים שלאָגט איר פון מויל אַרויס.

און צו דעם אַלעמען, אין אָט דער הקדש־צעמישטקייט, האַלב־ליגנדיק, אויפן האָרבאָטן טאַפּטשאַנדל, אינעם בײַקענעם קורצן כאַלאַטל וואָס מ׳האָט איר בײַם איבערטאָן געגעבן, פילט זי זיך אַזוי ווי זי וואָלט אַהער מיט אַ געגנבעט לעבן אַרײַן. זי האָט שוין אַפילו ניט איר נאָמען. בײַם פאַרשרײַבן ווער און פון וואַנען זי איז, האָט זי זיך ניט מיט אירן, נאָר מיט אַ פרעמדן, מיט אַ ציגײַנערשן נאָמען אָנגערופן: מאַריצאַ מאַקלאַש, די טאָכטער פון דאַנילאָן, פונעם טאַבאָר וואָס שטייט אין וואַלד, ווײַט פון דער שטאָט, ווו מ׳לעבט אין אויפגעשטעלטע געצעלטן. דער פראָסט קומט אָבער אַהין צו ניט אַרײַן — מ׳הייצט מיט יאָדלע־קאָרטשעס, אַזאַ געשמאַקער פײַער...

און דאָס אַלץ האָט פאַרשריבן, אָנגעבויגן איבערן אײַזערנעם טישל, בײַ דער שײַן פון קאַנעצל, דער אַלטער פּראָפעסאָר אפרת, — ס׳איז אים צו דערקענען, הגם ער איז שוין גאָר אַ טיפער זקן. ער האָט אויפגעהויבן אויף איר די אויגן — נאָך זייער לעבעדיקע, אָבער רויִקע, אַפילו גלײַכגילטיקע, שוין אָן קינאה; אויגן פול מיט פיקחות, וואָס האָבן שוין אַלץ געזען און מ׳קאָן זיי שוין מיט גאָרנישט ניט פאַרחידושן. אויך אין זײַן קול, ניט געקוקט וואָס אַרום טוט זיך, איז קיין ציטער ניט געווען. אָבער דאָך איז אין זײַנע אײַנגעפאַלענע בלאָווע באַקן, ריין אויסגעגאָלטע, מיט רויטלעכע פלעקן, באַזונדערש אין די אַראָפּהענגענדיקע ווינקלען מויל, געווען צו זען אַ גרויסע זאָרג און טרויעריקייט ווי פון אַ נאָר וואָס איבערגעלעבטער צרה, אָדער ערב אַזאַ אומגליק וואָס מ׳באַדאַרף ערשט איבערטראָגן און אַרויס מיטן לעבן.

פון שרעק פאַר זײַן קוק אויף איר — ער קאָן דאָך זי דערקענען, אַזוי אָפט צו אים אין שטוב מיט אַלעקסאַנדערן און אויך אַליין אַהין אַרײַנגעגאַנ־גען, אָנגעהויבן אויף אַ קול דערציילן, ווי אַזוי און מיט אַוועלכע שווערקייטן זי איז אַהער צו פוס געגאַנגען, ווי אין וועג איז דאָס פערד געפאַלן און די מאַמע איז דאָרטן אונטערוועגנס לעבן געפאַלענעם פערד בײַם שליטן פאַר־

בליבן. האַ, דער צעריסענער אויער? אַ באַנדיט האָט בײַ איר אויפֿן וועג אַרויסגעריסן דאָס אוירינגל מיטן פֿלייש, געוואָלט אויך דאָס צווייטע אַרויס־רײַסן, נאָר זי האָט אים דערוויזן אַז די אוירינגלעך אירע זענען ניט קיין טײַערע, פֿון פֿאַלשן זילבער, פֿאַרשוואַרצטע, האָט ער פֿון כּעס זי אין שנייִ אומגעוואָרפֿן און דאָס אַרויסגעריסענע אוירינגל אין פֿעלד אַרײַן פֿאַרוואָרפֿן. האָט זי עס דערנאָך לאַנג געזוכט און עס ניט געקאָנט געפֿינען.

— וואָס האָסטו עס באַדאַרפֿט זוכן? האָסטו אים, הייסט עס, אָפּגענאַרט?

— גאָט באַהיט. כ׳האָב אים דעם ריינעם אמת געזאָגט.

— וואָס זשע איז געווען צו זוכן, אַזעלכע קאָן מען קויפֿן שפּאָט־ביליק אין אַלע קלייטלעך.

— יאָ, מ׳קאָן זיי קריגן. אָבער אָט די אוירינגלעך זענען מיר אַן אָנדענק, אַ גרויסע מתּנה פֿון מײַן טאַטן...

און דערציילן דערציילט זי עס שוין ניט אַזוי פֿון וועלן אָפּוועגדן דעם פּראָפֿעסאָר — יענער האָט שוין אָן איר פֿאַרגעסן און איז פֿאַרנומען מיט אַנדערע קראַנקע וואָס ווערן אונטער די הענט אַרײַנגעפֿירט, אָדער אויף טראָגבעטלעך אַרײַנגעטראָגן — נאָר זי דערציילט עס, און שוין מיט אַ זייער אויפֿגערעגט און ממש ציטערנדיק קול, פֿאַר יענער געווינערין וואָס איז נאָר וואָס אַרײַן, אין די גוטע שטיוול, אין דעם ראַמאַנאָווער פּעלץ, ווי גראָד אויף איר האָט שיפֿרה געוואַרט און די גאַנצע צײַט אַרויסגעקוקט... זי רעדט צו איר, צו דער יונגער און שיינער פּויערטע, וואָס באַטראַכט אויך פֿון קאָפּ ביז די פֿיס די ציגײַנערטע און הערט זיך צו זייער אָנגעשטרענגט צו אירע רייד, און פֿרעגט זיך נאָך און וויל וויסן, ווי ס׳וואָלט אויך איר, אָט דער פּויערטע, אין לעבן געגאַנגען, ווו און אין וועלכן וואַלד דער ציגײַנערשער טאַבאָר געפֿינט זיך און ווי לאַנג וועט ער זיך דאָרטן פֿאַרהאַלטן?

וויל זי איר נאָך אַ מאָל, אָט דער פּויערטע, וואָס אויך בײַ איר ווערט שוין דאָס פּנים פֿון די געבורטסווייען אויסגעקרימט, וועגן דעם ציגײַנערשן טאַבאָר אין וואַלד און וועגן דעם געפֿאַלענעם פֿערד אין וועג דערציילן, נאָר זי, מאַריצאַ־שיפֿרה, קאָן שוין מער ניט רעדן, ווײַל די ווייטיקן אין די לענדן ווערן אויף ניט איבערצוטראָגן, און זי בעט מ׳זאָל זי וואָס גיכער אַוועקלייגן.

## ח

און הגם די וואַסערן זענען איר נאָך אין וועג אָפּגעגאַנגען און די ווייען לאָזן זי כמעט ניט אָפּ, קאָן זי נאָך אַלץ ניט האָבן — די באַיאַרס טעכטער זענען שווער־האָבערינס... דער ווייטיק אין די לענדן איז טאַקע ביז צו משוגע ווערן, אָבער נאָך, אַ פּנים, ניט אַזאַ און נאָך ניט יענער פון וועלכן דאָס קינד ווערט געבוירן. אויף איר קול רופט זיך קיינער ניט אָפּ — ס׳פּאַלט ווי אַ שטיין אין אַ טיפן ברונעם אַרײַן. בײַסט זי די אָנגעשוואָלענע, שוין אַזוי אויך צעביסענע ליפּן און ציט נאָך ענגער צונויף די דינע ברעמען און פּאָכעט מיט די לאַנגע ווײַעס איבער אירע הייסע אויגן, ווי געוואָלט אויסלעשן, אָדער לכל־הפּחות שטילן דעם פײַער וואָס שלאָגט פון זיי אַרויס. זי פילט ווי דער סוף אירער גייט און דערנענטערט זיך. זי ספקט אויף קיין רגע ניט, אַז די לעצטע שעה אירע שלאָגט — אין קימפּעט וועט זי שטאַרבן. און נאָך הײַנט פאַר טאָג וועט זי טאַקע אונטער יענע בליציקע שנייען, וואָס זי האָט ערשט ניט לאַנג איבער זיי געטראָטן, באַגראָבן ווערן. אויף אייביק. דער טויט איז דאָך שוין אויף אייביק. זאָל זי אָנהייבן צו רופן איוועץ? בײַ איר אַרײַנגיין אַהער האָט זי געזען איוועץ מיט רמזן דורכלויפן פאַרבײַ אַהין, צו יענעם פליגל, ווּהין מ׳טראָגט די שווער־פאַרוווּנדיקטע אינעם פּאָגראָם. זאָל זי, איווע, קומען און איין רגעלע שטיין דאָ, לעבן איר בעט, נעמען איר האַנט... זי קאָן דאָך שוין מער ניט פאַרטראָגן און איבערטראָגן אַזאַ עלנטקייט.

נאָר זי רופט זי ניט, איוועץ, — צו ווײַט זענען זיך זייערע וועגן צעגאַנגען. קיין שום בלוט־קרובישאַפט, קיין שום משפּחהדיקייט קאָן זיי שוין ניט דערנענטערן. אויף זיך אומקערן צוריק, דאַרף מען האָבן נאָך אַ לעבן. און זי וויל גאָר ניט, שיפרה, זיך אומקערן צוריק אַהין... און זי נעמט זיך ווידער צוהערן צו די גוואַלד־געשרייען, וואָס גייען פון דער נאַכט, און נאָך מיט שטאַרקערער אָנגעשטרענגטקייט, און נאָך מיט גרעסערער אינעווייניקסטער

ציטערניש, ווי אין אָט די געשרייען וואָלט זיך געפֿונען די ענדגילטיקע באַרעכטיקונג און די באַווייליקונג אויף דעם וואָס זי קלײַבט זיך אָפּטאָן שוין דאָ, בײַם סוף פֿון איר לעבן. און די צאַרנדיק־אומבאַהאָלפֿענע קולות אין שטאָט ווערן ניט געשטילט און ניט געלינדערט — זיי קומען פֿון הינטער די פֿאַרשנייטע סעדער און פֿאַרלבנהטע פֿאַרקן. די צווײַגן בייגן זיך פֿונעם געדיכטן פּרירטוי און שפּיגלען זיך אין די אַרויסגעשטעלטע פֿאַרגלאָזטע איקאָנעס פֿון ישו דעם משיח און פֿון זײַן מוטער, דער הייליקער בתולה, מרים; זיי גייען, די קינדער־געשרייען, פֿון צווישן די גאָלד־באַדעקטע קלויסטערס און סאָבאָרן — גריכיש־פּראַוואָסלאַווישע, רוימיש־קאַטוילישע, לוטעראַניש־פּראָטעסטאַנטישע; זיי קומען, די ביטערע ווײ־און ווינד־געשרייען, פֿון די פֿאַרגוואַלדיקטע מאַמעס און טעכטער, פֿון הינטער די מאַנאַסטירן מיט זייערע באַרעמהאַרציקע ברידער און גאָטס כּלות...

אײַנהערנדיק זיך אין אָט די בײַנאַכטיקע קולות, אין וועלכע ס׳הערט זיך אַזאַ אומבאַהאָלפֿנקייט און פֿאַרלוירנקייט, און דערפֿאַר טאַקע ווערט פֿון אָט די געשרייען נאָך שרעקלעכער און ייִאושדיקער, קומט איר דאָ אויפֿן געדאַנק אַרויף: אפֿשר באמת ניט באַדאַרפֿט געווען קווענקלען און וואַקלען זיך אין וועג, און טאַקע אין וואַלד אַרײַן אַראָפּקערעווען און אונטער אַ בערעזע — אָט די ליבשאַפֿט צום בערעזע־בוים האָט זי פֿון איר מאַן, פֿון אַלעקסייען, גענומען — און אין די שנייען, אויפֿן פֿראָסט איבערקומען, און אין איינעם מיטן געווינענעם קינד דאָרטן אומקומען.

אָבער אויך דאָ, אויפֿן האָרבאַטן טאַפּטשאַנדל, דעם קאָפּ מיט די צעשאָטענע האָר אויפֿן געבערגלטן אַנלען פֿון ווייטיק פֿאַרוואָרפֿן, טרײַבט זי פֿון זיך, ווי דאָרט אין וועג, אָט דעם געדאַנק אָפּ: דאָס וואָלט דאָך געווען פּשוט רציחה, זי וואָלט דאָך מיט די אייגענע הענט איר ווײַטערדיק לעבן אומגעבראַכט. דורך איר קינד וועט זי לעבן אין די קומענדיקע דורות...

און זי גייט ווידער אַרײַן אין יענע געשרייען וואָס טראָגן זיך צו דער וועלט פֿון די אויפֿגעבראָכענע פֿענצטער. גאַנצע גאַסן, איינע נאָך דער אַנדערער און אַלע אין איינעם, אָן איבעררײַס און אָפּשטעל, שוין מיט די לעצטע כּוחות, אויף אַלע קולות פֿון דער ערד, טראָגן זיך צו די גריךפּראָסטיקע, צו די תהומיק־שוואַרצע הימלען, וואָס שפּריצן מיט בלוי־פֿײַער־

דיקע פונקען, און זיי פאַלן פון דאָרטן צוריק, די קולות, הייזעריקע, פאַר־שטיקטע, ריינע און געהייליקטע, פון די ווינטערדיק־אויסגעשטערנטע הייכן אין דעם ווילד־חייִשן געבריל, אין דעם הפקר־פּײַפנדיקן געלעכטער און ווערן צעטראָטן אין די שנייען וואָס שמעקן מיט וואַרעם בלוט און געברענטע פעדערן; באַזונדערש שרײַען דאָרטן, אַרום דעם גרויסן סלאַווישן דניעפּער־טײַך, די אַראָפּ־באַרגיקע ענג־קרומלעכע גאַסן און געסלעך, שוין אויסגע־מאַטערטע פון פריִערדיקע תּעניתים און תּפילות, מיט זייערע לעצטע גסיסה־קולות דעם אייביקן ייִאוש־בטחונדיקן שמע־ישׂראל!..

און ווידער דערזעט זי זיי, יענע חולה־נופלדיקע הענט, ווי זיי קריכן מיט די צעשפּרייטע פינגער איבער דער וואַנט און דערהערט ווידער יענץ גלחות־דיק קול וואָס פּרעפּלט: און ס'איז אײַך דאָך געזאָגט געוואָרן אַז נאָכן רויטן פערד וועט קומען דאָס שוואַרצע און נאָכן שוואַרצן דאָס געלבלעכע פערד, און דער וואָס וועט זיצן אויף אים, אויפן געלבלעכן פערד, וועט זײַן נאָמען הייסן טויט... שרײַט ייִדן, שרײַט, איר האָט דאָך געבעטן און געהאָפט אויפן רויטן פערד — און מיט אַ מאָל פאַרלירט זי, שיפרה, די משוגענע הענט אויף דער וואַנט, דעם קלויסטערשן פּרעפּל, אַפילו אויך די שחיטה־געשרייען, און דערזעט שוין נאָר דעם אַלטן פּראָפעסאָר אפרת, אַ באַלויכטענעם פונעם פײַער וואָס גייט פונעם אָפענעם טירל — ער הייצט בײַ דער טיר דאָס אײַזערנע אייוועלע, די „בורזשויקע”, מיט קײַלעכדיקע קורצע קלעצלעך אָנגעהאַקטע פון דיביימער, וואָס ער האָט דאָ אַ מאָל מיט די אייגענע הענט געפלאַנצט... און זי נעמט רופן:

— מאַמע, איווע, ווו זענט איר?

— פּראָפעסאָר, קומט גיכער, העלפט מיר!

זי קלאַמערט זיך מיט די הענט אָן די שאַרסטקע ראַנדן פון טאַפּטשאַנדל, אַזוי אַז די פינגער וועלן איר באַלד איבערגעבראָכן ווערן. ס'קאַרטשעט און ס'דרייט זי אײַן אין ווייען, זי איז אין גאַנצן אין אַ קאַלטן שווייס. עמעצער דריקט איר און פּרעסט איר דעם בויך, מ'הייסט איר שטאַרקער זיך אָנ־שטרענגען, פלײַסן און אָנטאָן זיך אַ נויט, ניט אָפּלאָזן זיך און גלייבן אין די אייגענע כּוחות. זי גייט־צו־קינד, זי גייט צום טויט. דער טויט איז שוין אויף אייביק. דאַכט זיך, אַז לעם איר בעט איז נאָר וואָס דער פּראָפעסאָר

געשטאַנען. און באַלד דערזעט זי איבער זיך אָנגעבויגן און דערקענט יענע פּויערטע צוליב וועלכער זי, מאַריצאַ־שיפּרה, האָט אירע אויסטראַכטענישן וועגן דעם ציגײַנער־טאַבאָר אין וואַלד דערציילט. יענע פּויערטע העלפט איר צו־קינד־גיין. און דאָס וווּנדערט זי ניט. און נאָך ווייניקער חידושט זי, וואָס אָט די פּויערטע קושט זי און וויינט איר אויפן אויער:

— בײַ מיר, האַלובאָטשקאַ, איז ווידער אַ טויטס געבוירן געוואָרן, אַ פּאַרשאָלטענע בין איך. שוין דאָס דריטע פּאַלט אַרויס אָן לעבן... פּראָקליאַטאַ יאַ, פּראָקליאַטאַ!* אָן אַ לעבעדיק קינד וועט מען מיך פון הויף אַרויסטרײַבן. ווער וויל עס זייען אויף אָן ערד וואָס גיט ניט קיין גערעטעניש? שרײַ, מאַריצאַ, שרײַ, אַ געווינערין דאַרף שרײַען. נו, שטשע טראָכי, נאָך אַ ביסעלע, שטרענג זיך אָן, מאַריצאַ. אָך טי גאָספּאָדי מי, אָך דו גאָט מײַנער, הייליקע מאַריאַ, העלף איר. טײַבעלע, מאַריצאַ, ווי שווער דו גייסט־צו־קינד!

און אין שטאָט, פאַרן פאַרלאָזן זי, הוליען פאַרשיכּורטע פון בראָנפן און הפקרות די נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע חיילות פון דער אוקראַיִנישער „די־רעקטאָריע", וואָס בראָש פון איר שטייען אַלטע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, סאָ־ציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, אַזעלכע ווי דער שרײַבער ווינישענקאָ און ווי דער פאָלקסלערער, איצט שוין דער הויפּט־אַטאַמאַן, דער באַטקאָ פּעטליוראַ...

— אין די שטיינערנע הײַזער, הינטער די אַרויסגעשטעלטע איקאָנעס, באַ־געגנט מען דעם פּראַוואָסלאַוונעם נײַיאָר בײַ געדעקטע און געגרייטע טישן, בײַ אָנגעצונדענע פאַרביקע ליכט, בײַ די גלאַנץ־אויסגעצירטע יאָדלע־ביימלעך, וואָס זייערע נאָדלען דאַרפן דערמאָנען אָן דעם דאָרנדיקן וועג פון גאָטס זון וועלכער האָט אויף זיך דעם קרייץ דעם שווערן געטראָגן און דערמיט, מיט זײַנע יסורים, די וועלט פון זינד אויסגעקויפט און אויסגעלייזט. פון אָנהייב דאָרטן שטיל, אײַנגעהאַלטן, אויפגערעגט־דערשראָקן, אָבער וואָס מער מיט אַ כּוס און וואָס ווײַטער מיט אַ ווינטשעוואַניע, אַלץ האָפערדיק־פריילעכער ווערט מען, מ'לאָזט זיך ווילגיין פאַרן נצחון פון די ווײַסע, פאַר דער מפּלה פון דער יודאַ־באָלשעוויסטישער הערשאַפט, פאַר די רומפּולע זין פון דער פרײַער אוקראַיִנע... מ'קושט זיך אין די בערד, און שוין איבער־

---

* אַ פאַרשאָלטענע בין איך, אַ פאַרשאָלטענע (אוקראַיִניש).

געטרונקענע און איבערגעפרעסענע, ברעכט מען מיט דער גרינער גאַל איינער דעם אַנדערן אויפֿן אַקסל און גלחים, די גרויסע בריות אויף טרינקען, וואַלגערן זיך שוין אונטער די טישן. און יענע, די אַנגעלאָפּענע אַהער, די אַנטלאָפֿענע פון די רויטע, די הורטאָווע סוחרים און פאַבריקאַנטן, פּריצים און באַנקירן, גראַפן און פירשטן מיט זייערע שווערוואָגיקע ווײַבער און לײַכטע טעכטער, נעמען אין אײַלעניש צונויף, וואַרפן און פאַרשטופּן די טײַערע פוטערס און פּערסישע טעפּעכער, די גאָלדן און אַנטיקן אין די קופערטן און לאָזן זיך אין בהלה און אין אימה פאַר די באָלשעוויקעס, וואָס שטייען שוין בײַ דער שטאָט, צו לויפן ווײַטער, קיין קרים, זיך אַרויפכאַפּן דאָרטן אויף אַ שיף און זיך דערקלײַבן צו די ברעגן פון טערקײַ און פון דאָרטן נאָך ווײַטער...

— טײַבעלע מײַנס, מאַריצאַ, שווײַג ניט, שרײַ! גיב זיך ניט אונטער. נעם צונויף אַלע כוחות. דו מוזט מ י ר דאָס קינד געבוירן. מײַנס איז געבוירן געוואָרן אַ טויטס. שוין דאָס דריטע קינד פאַלט בײַ מיר אַרויס אָן לעבן. סערדענקאָ, דער מאַן וועט מיך אין שטוב ניט אַרײַנלאָזן, פון הויף פאַרטרײַבן. מענטשן וועלן מיך ווי אַ פאַרשאָלטענע פאַרבײַגיין. די שטוב איז אַ רײַכע און די שטאַלן פול מיט קי, מיט פערד און שאָף. זעכציק דעסיאַטין אַקערערד, און וואַלד און לעוואַדעס. דו גיב מיר נאָר דאָס קינד אַ לעבעדיקס, ס'וועט דעם גאָרנישט ניט פעלן און דאָס גאַנצע גוטס וועט ער איינער אַליין ירשענען. אָט אַזוי, סערדענקאָ, בײַ מיר וועסטו דאָס קינד געבוירן. סערדענקאָ, דו ביסט דאָך ניט קיין ציגײַנערטע. שרײַ, טויב מײַנע, שרײַ!

און די לעצטע נאַכט פונעם אַלטן יאָר פאַרגייט און די ערשטע נאַכט פונעם נײַעם יאָר גייט אויף איבער גאַנץ אוקראַינע — איבער אירע וועלדער, פעלדער און סטעפּעס — אין טרערן און אין אומבאַהאָלפן־צאָרנדיקע גוואַלד־און־וויי, אין הילף־רופנדיקע קולי־קולות. ס'הוליען ווידער די הײַדאַמאַקעס אין די ברייטע שאַראַוואַרעס — מאַלינאָווע, ווי פאַרבאַקן בלוט; אין די ענגע זשופּאַנעס — גרויע, ווי שטויב אין אַ טרוקענעם זומער; זיי הוליען, די פרײַע קאָזאַקן, די אייניקלעך פון כמעלניצקי, פון גאָנטאַ און זשעלעזניאַק, וואָס האָבן אויסגעקוילעט הונדערטער ייִדישע קהילות, קינדער צעריסן אויף צווייען, געקוילעט זיי אין שויס פון דער מוטער, בײַ טראָגדיקע פרויען דאָס

לײַב אויפגעשניטן, לעבעדיקע קעץ אַהין אַרײַנגעלייגט, דעם בויך פאַרנייט און די הענט אָפּגעהאַקט, מ׳זאָל די לעבעדיקע קעץ פונעם לײַב ניט קאָנען אַרויסרײַסן...

אין יענער נאַכט הוליען זיי, די הײַדאַמאַקעס, אין די שוואַרצע באַשליקן, די קאַראַקולנע יאַלמעס אויף אַ זײַט, די ווײַסע היטשקעס האָר איבער די פאַרלאָפן־צעבויטעטע אויגן. שוין ניט כמעלניצקיס און גאָנטאַס, נאָר שוין וויניטשענקאָס און פּעטליוראַס הײַדאַמאַקעס... זיי וויסן, אָט די אַלע נײַע אַטאַמאַנעס און באַטקאָס: די סימאָסענקאָס און זעלעניס, די טיוטיוניקס און זיראַ־זירקאָס, די סאָראָקעס און מאַכנאָס, די אָסקילקאָס און מאַרוסיעס — אַז אויך זיי, ווי די זיידעס זייערע, וועלן פאַר קוילען ייִדן באַזונגען און ווי נאַציאָנאַלע העלדן פאַראייביקט ווערן אין די פאָלקסלידער, ווי ס׳איז באַזונגען און פאַראייביקט געוואָרן שוואַטשקאָ, דער רוצח וואָס האָט אַ מאָל אויסגע־שניטן אַלט און יונג פון דער שטאָט פאַסטאָוו:

דאַ כאָדיט שוואַטשקאָ דאַ פאָ כוואַסטאָווי,
אָאַ או זשאָוטיך טשאָבאָטיאַך,
אוי, וויווישאַוו זשידיוו, אוי, וויווישאַוו ליאַכיוו,
דאַ נאַ פאַנסקיך וואָראָטאַך.*

און ניט נאָר דאָס אוקראַיִנישע פאָלקסליד האָט באַזונגען דעם גזלן, נאָר אויך דער אוקראַיִנישער דיכטער, דאָס שײַנדל פון דער אוקראַיִנישער פּאָעזיע, טאַראַס שעווטשענקאָ, אין זײַן „קאָבזאַר”, האָט געלויבט און גערימט דעם הײַדאַמאַקישן מערדער שוואַטשקאָן, באַזונגען און געשעפּט נחת פון דעם, וואָס:

דאָ סכיד סאָנציאַ או כוואַסטאָווי,
כלאָפּיאַטאַ גוליאַלי...

---

* און ס׳גייט אַזוי זיך שוואַטשקאָ און שפּאַצירט זיך איבער פאַסטאָוו
און שפּאַצירט זיך איבער פאַסטאָוו אין די שטיוועלעך די געלע,
אַך, האָט ער געהאָנגען זיי די זשידעס און די ליאַכן
אַך, האָט ער געהאָנגען זיי אויף די טויערן די פּאַנסקע (אוקראַיִניש).

ער האָט אָנגעקוועלט און איז באַגײַסטערט געוואָרן, דער אוקראַיִנישער דיכטער, דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַט, וואָס די יאַטן, די כלאָפּצעס, האָבן אין פּאַסטאָוו געהוליעט ביז די זון איז אויפגעגאַנגען און אויסגעקוילעט דאָרטן אַזוי פיל זשידעס און ליאַכן, „אַז די פעלדער זענען רויט געוואָרן פון בלוט...״

און זיי הוליען ווידער די שוואַטשקאָס אין יענער נײַיאָר־נאַכט, וואָס אין באַגילדטער לבנה־ליכט, אין גרינלעכן פינקל פון שטערן, אין ווילדן געפילדער פון קראָען אַרויסגעטריבענע פון זייער באַהעלטעניש, אין קלאַנגען פון צעשאָטענעם קלאַוויר וואָס איז פון פּראָפעסאָר אפּרתעס וווינונג, פונעם דריטן שטאָק, צוזאַמען מיט זײַן אייניקל, מיט דער צוועלף־יאָריקער אַניוטאַ דורכן אויפגעבראָכענעם פענצטער אין דרויסן אַרויסגעוואָרפן געוואָרן... זיי הוליען, וויניטשענקאָס און פּעטליוראַס הײַדאַמאַקעס. צו זייערע רציחות איז גאָר קיין גרענעץ און קיין אָפּשטעל ניטאָ: אַז זי, יעלענאַ אפּרת, האָט פון זייערע הענט זיך אַרויסגעריסן און געלאָזט זיך צו דער אַרויסגעוואָרפע־נער טאָכטער לויפן, האָט מען זי אויף די טרעפּ געכאַפּט, אַ ברוסט איר דאָרטן אָפּגעשניטן און אַרויסגייענדיק פון שטוב דאָס הייסע בלוט פונעם מעסער אינעם שניי אָפּגעווישט.

# ט

און אין יענער נאַכט, אין שפּיטאָל, אינעם געווירבל, קאָפּ־איבער־קאָפּ, מ׳טראָגט שוין אַפילו די געשטאָרבענע ניט אַרויס, זיי בלײַבן צווישן די לעבעדיקע אָפּט אויף איין בעטל ליגן, און יענע, די לעבעדיקע, אין דער היץ פאַרטראָגענע, בעטן הילף בײַ די מתים — כאָטש דערלאַנגען אַ ביסל וואַסער. דאָרטן גייט זי, שיפרה, אַזוי שוועך צו־קינד, און זי פאַרלירט שוין אַלע מאָל די וועלט אַרום זיך און ווייסט שוין ניט ווו זי געפינט זיך און וואָס מיט איר קומט דאָ פאָר; מיט די אײַנגעפאַלן געוואָרענע אויגן קוקט זי אויף דער אַנטקעגנאיבערדיקער וואַנט — פון די שׂרפות אַ שטאַרק באַלויכטענע, ווי עמעצער וואָלט איר דאָרטן, שוין צום לעצטן מאָל פאַרן אַוועקגיין פון דער וועלט, נאָך אַ מאָל באַווײַזן שטיקער פון איר לעבן, באַזונדערש פון אירע קינדער־יאָרן, פון יענע וואָס זי איז פון זיי געלאָפן און אַלץ ווײַטער און ווײַטער און קיין מאָל ניט געוואָלט זיך אָפּשטעלן און אַהין, אין אירע קינדער־יאָרן, כאָטש אויף אַ רגע אַרײַנבליקן און עפּעס אין זיי גוטס און שיינס דערזען. און איצטער האָט זי שוין גאָר געוואָלט, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, מיט זיי אַ סוף מאַכן. זי דערזעט זיך דאָרטן, אויף דער אַנטקעגנאיבערדיקער ליכטיקער וואַנט, נאָך גאָר אַ קינד, ווי זי טרעט אַרויף מיטן רעכטן פיסל אויף דער רעדנע מיט וועלכער ס׳איז איבערגעדעקט דער טשוהון זודיק וואַסער וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן צו פאַרפאַרען דאָס גרעט אין „זשלוקטאָ״. — געוואָלט אויספּרווון צי די רעדנע וועט זי אויפ־האַלטן, ווי שוין דעמאָלט געוואָלט זען אויף וועלכע אײַנשטעלענישן קאָן זי גיין... האָט אָבער די רעדנע, דער שטיק גראָבער לײַוונט, זי ניט אויפגעהאַלטן און זי איז מיט דעם פוס אין זודיקן וואַסער אַרײַן, — בײַם אויסטאָן איר דאָס שיכל, האָט מען אין איינעם מיט דעם זאָק אַראָפּגעצויגן אויך די הויט... און באַלד דערזעט זי זיך — אויף דער אַנטקעגנאיבערדיקער וואַנט — אויף

דער קאַנאַפּע ליגן, איבער איר קאָפּ דער שוואַרצער זייגער וואָס מ׳קאָן זיך ניט דערוואַרטן אויף זײַנעם אַ קלונג. אין שטוב שטייט דער שווערער ריח פון די אויסגעהאַנגענע רויע פעלעכלעך וואָס דער טאַטע שינדט אַראָפּ פון די פּגירה־שעפּעלעך וועלכע ער ברענגט פון די יאַרידן, שיט זיי פאַרהאַרטע־ווע פונעם זאַק אונטערן אויוון אַרויס, זיי זאָלן דאָרטן פון זייער געפרוירנ־קייט אָפּגיין. די אָפּגעשונדענע שעפּעלעך וואַרפט ער הינטער דער שטוב, אויפן גאָרטן, און די הינט פונעם גאַנצן דאָרף האָבן זיך אין די לאַנגע ווינטערדיקע נעכט געריסן איבער זיי און אַזוי ווילד געוואויעט, אַז דער טאַטע אירער פלעג ווי אַ שמירה, איבערקערן אַ שוך בײַ דער קיכטיר, און דערנאָך אויסלעשן דאָס לעמפּל, זיך אויף דער לעזשאַנקע אַוועקזעצן און נעמען תּהילים־זאָגן און מיט אַזאַ קול, אַז ס׳האָט זיך איר געוואָלט דעם קאָפּ אין דער וואַנט צעקלאַפּן...

און באַלד טאַקע אויף דער זעלבער אַנטקעגנאיבערדיקער שטיק ווײַסער וואַנט, נאָר אַ ביסל העכער, שטעלט זיך פּלוצעם יענער גרויסער יאַריאַריד, אונטער דער הייסער פרילינגדיקער זון, צווישן די צעגרינטע פעלדער און צעבליטע סעדער; פון די וועגענער, אַרומגעשטעקט מיט גרינע צווײַגן, גייט דער האַנדל מיט געבונדענע שרײַענדיקע גענדז און הינער; ס׳רעווען קעלבער און ס׳הירזשען לאָשיקעס, אַ שאַרמאַנקע שפּילט און דער פּאָפּוגײַ אויפן קעס־טעלע טרעף־מזלות דרעמלט אויף דער זון און ס׳חלומט זיך אים זײַן הייס לאַנד... און די בלינדע בעטלערס, די „סטאַרצעס״, דרייען די קרעכצנדיקע לירעס און זינגען דאָס אייביקע ליד פון אומרעכט, פון מענטשלעכער עלנט־קייט און געפאַלנקייט. די מאַמע פירט זי פאַרן הענטל פונעם אָפּגעזאָגטן אָרט צום טאַטן. ס׳קלינגען די קלויסטערס און די זעגן און די קאָסעס אין די זאַליאַזנע קלייטן — אין די אויגן בליאַסקען שפּיגלען, בײַטשן קרעלן, בראָש־קעס, אוירינגלעך און פילקאָליריקע סטענגעס. די מאַמע קויפט איר אַ בייגל און אַ רויט צוקער־הענדל אויף אַ שטעקעלע.

און דאָ ווערט מיט אַ מאָל די אַנטקעגנאיבערדיקע וואַנט נאָך ליכטיקער און נאָך העלער, שוין מיט אַ רויט־פײַערדיקן אָפּגלאַנץ, און זי דערזעט אים, דעם טאַטן אירן, שטיין אָנגעשפּאַרט אין אַ דראַבינע פון וואָגן, ווי ער וואָלט שוין געוווּסט אַז מ׳האָט זי, שיפרהן, פון איר שטעלע אָפּגעזאָגט און ער וואַרט

אויף איר, און ווי נאָר זי דערזעט, אַזוי האָט ער דעם פוס צווישן די ספּיצעס פון דער ראָד אַרײַנגעשטעלט, אַרויסגעשלעפּט אַ צווײַגל, זי אַ שלעפּ געטאָן צו זיך, אַרויפגעוואָרפן אויף די קני, און איר, דעם דרײַצן־יאָריקן מיידל, דאָס לײַב פאַרהוילט און גענומען זי שמײַסן... דער בייגל פאַרקײַקלט זיך ערגעץ אונטערן וואָגן, דאָס צוקער־הענדל בלײַבט שטיין אויפן שטעקעלע אַרײַנגעשטעלט אין דער ערד און אירע צעפלאָכטענע צעפּ פאַרקערן דעם זאַמד, מיט די נעגל פוןביידע הענט גראָבט זי גיך־גיך ווי זי וואָלט זיך וועלן באַגראָבן אַ לעבעדיקע. און דאָ, גראָבנדיק די ערד, זענען איר אין האַנט די ביליקע ציגײַנערשע פאַלקעלעך אַרײַנגעפאַלן...

— מאַריצאַ, האָלובקאַ, דאָליאַ מאָיאַ* — טרייסלט זי פאַר די אַקסל יענע פויערטע וואָס האָט דאָס דריטע קינד אַ טויטס געהאַט. — מאַריצאַ, סערדענקאָ, הער מיך! — פון אויפרעגונג שפּרינגען איר די קינבאַקן און ס'ציטערן איר, דער פויערטע, די ווײַס געוואָרענע ליפּן. זי האַלט זיך אַליין קוים אויף די פיס, נאָר זי שטייט איבער איר אָנגעבויגן, דריקט און פּרעסט איר, שיפּרהן, דעם בויך און בעט זיך בײַ איר מיט כּעס און מיט יִאוש און מיט טרערן אין די אויגן. — מאַריצאַ, דאָליאַ מאָיאַ, שטאַרב ניט, האָב מיר פריִער דאָס קינד... ניין, שוואַרצברעמיקע מײַנע, ניין, שוואַרצאויגיקע מײַנע, כ'וועל דיך ניט לאָזן שטאַרבן ביז דו וועסט מיר דאָס קינד ניט האָבן. גורל מײַנער, לבנה ליכטיקע, דו ביסט דאָך ניט קיין ציגײַנערין, דאָס האָב איך פונעם ערשטן בליק געזען. און דײַן לײַב, סערדענקאָ, האָלובאָשקאַ, איז דאָך ווײַס ווי גאָטס טאָג. אָט טאַק, דאָליאַ מאָיאַ, אָט אַזוי. שטרענג זיך אָן נאָך אַ ביסעלע. האָב מ י ר דאָס קינד און שטאַרב זיך. נו, סערדענקאָ!..

און זי, די שוואַרצאויגיקע און שוואַרצברעמיקע, די סערדענקאָ, קאָרטשעט זיך אין די לעצטע ווייען, שוין אויפן ראַנד פון אומקום, שוין אין מין הינערפּלעט, און דאָך, און פאָרט, כאַפּט זי אויף דער פויערטעס רייד און נאָך שאַרפער און נאָך שנײַדנדיקער דערגייען צו איר יענע צאָרנדיק־אומבאַהאָלפענע שחיטה־גוואַלדן אין דער נאַכט, וואָס פאַרמערן, פאַרגרעסערן און דערנענטערן זיך... און פאַר די אויגן אירע, אײַנגעפאַלן־ברענענדיקע, ווי ליכט

---

* מאַריצאַ, טײַבעלע, גורל מײַנער (אוקראַיִניש).

פֿאַרן אויסגעלאָשן ווערן, זעט זי זיך איבער דער ווײַסער וואַנט אין יענעם מיטזומערדיקן סוף־טאָג, דעם אָנגעגליטן, מיט דעם האַרבסטמאַנטל אויפֿן הוילן לײַב צום טראַמוויי לויפֿן. און אין טראַמוויי קוקן אַלע אויף איר ווי אויף אַ חסר־דעה, ווי אויף אַ ווילדער וואָס בלאָנדזשעט איבער פֿרעמדע וועלטן: אין אַזאַ היץ, אין אַזאַ שוויצעניש און דאָ נאָך מיט אַ מאַנטל אויף זיך. און זי האָט מורא, ציטערט ממש, טאָמער רײַסט מען אין אָט דער ענגשאַפֿט די קנעפּ פֿון מאַנטל אָפּ, און זי בלײַבט פֿאַר אַלעמען אַ נאַקעטע שטיין. זי פֿאָרט דאָך צום בחור וואָס איז אין איר פֿאַרליבט און האָט געוואָלט איבער איר דאָס לעבן זיך נעמען.

זי קוקט אויף דער וואַנט שוין מיט האַלב־פֿאַרמאַכטע אויגן און זעט זיך אַרײַנקומען אין יענער בוידעם־קאַמער — אַ שמאָלע, אַ לאַנגע, די פֿערטע וואַנט זעט מען ניט, אַ מין קאָרידאָר וואָס פֿירט פֿון לעבן אַרויס. און טאַקע דאָרטן, צום סוף פֿון קאָרידאָר, זעט מען ווי פֿון אַ באַלקן הענגט אַראָפּ אַ שטיקל שטריק, אַן אָפּגעשניטענע, דאָס האָט מען אים פֿון דער שטריק אַראָפּגענומען... אומעטום וואַלגערן זיך ביכער, פֿאַרשריבענע גרויע פּאַסן פּאַפּיר. אין אַ ווינקל, אויף דער ערד, ליגט אַ געלעגער. ער זיצט בײַם פֿענצטערל און שרײַבט עפּעס, — אַ צעפּאַטלטער, אַ פֿאַרוואַקסענער, — ס׳שלאָגט אויף אים דער פֿלאַם פֿון דער זיך־זעצנדיקער זון. וואַרפֿט זי פֿון זיך דעם מאַנטל אַראָפּ און בלײַבט פֿאַר אים שטיין אַ נאַקעטע:

— הײַנטיקע נאַכט בין איך דײַנע.

און די וואַנט ווערט פֿאַר איר מיט אַ מאָל ליידיק, אין די אויגן ווערט איר פּוסט, אין לײַב גרינג און זי הייבט אָן פֿון ערגעץ צו פֿאַלן אין אַ נידערניש וואָס האָט גאָר קיין סוף און קיין דנאָ ניט — מ׳קאָן אַהין צו פֿאַלן אָן אָפּשטעל און אָן אויפֿהער טעג, חדשים און יאָרן. אויך יענע ביטער־אומבאַהאָלפֿענע, יענע עלנטע גאָרגל־געשרייען, טרוקענע, הייזעריקע, שוין ניט קיין ערדישע, ווי איר קול אין יענעם פֿאַרטאָג, אין יענער בוידעם־קאַמער, ווען זי האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און אים אויפֿן געלעגער ניט געפֿונען און איר בליק אַהין געוואָרפֿן און דערזען אים דאָרטן, אין סוף קאָרידאָר, אונטערן באַלקן הענגען... אָט־די אַלע קולות פֿאַלן מיט איר אַהין, אין דער אייביקער טיפֿעניש אַרײַן. און דאָך, פֿאַלנדיק אַהין, בלײַבט זי, ווי פֿון עמעצן אין חלל

פֿאַרהאַלטן, און הערט זיך צו מיט פֿרייד און נאָך מיט אַ גרעסערן טרויער ווי די פֿויערטע רעדט צו איר שוין אָן כּעס, אָבער שוין ביז גאָר אָן אויפֿגעטרייסלטע:

— מאַריצאַ, שטערן מײַנער ליכטיקער, דו האָסט געבוירן. אַ ווײַסלײַביקער, אַ העלהאָריקער. געלויבט ביסטו יעזוס־גאָט פֿאַר אָט דער געבענטשטער נאַכט, געלויבט ביסטו הייליקע מאַריאַ! — זי צלמט איבער שיפֿרהן. — שטערן מײַנער ליכטיקער, דו האָסט מיר מײַן לעבן געראַטעוועט, — און זי וויקלט דאָס שרײַענדיקע נײַ־געבוירענע קינד אין לײַוונט און הערט זיך צו ווי ס'שטאַרקן זיך די שיסערײַען, ווי די האַרמאַטן־קנאַלן און די סנאַריאַדן־אויפֿרײַסן טרייסלען די ווענט און אין די קלינגענדיקע שויבן גייען אויף שׂרפֿות. — מייבוט קראַסני אידוט, די רויטע גייען. — מיט ציטערנדיקע הענט לייגט זי דאָס קינד צו זיך אונטערן קאָפּטל, אין בוזעם אַרײַן, צלמט נאָך אַ מאָל איבער שיפֿרהן און הערט זיך צו צו איר שווערן אָטעמען, ווי זי וואָלט באַקלערט, די פֿויערטע, וואָס ווײַטער מיט דער פֿאַרשטעלטער ציגײַנערין טאָן: וואַרטן ביז זי וועט אַליין אויסגיין, אָדער איר אַ ביסעלע צוהעלפֿן... אָבער דאַ, ווי אומגעריכט, הגם מ'האָט אין יעדער רגע געקאָנט אויף דעם וואַרטן, ווערט דער אַרום פֿאַרהילכט און פֿאַרטויבט און מיט פֿאַרבלענדנדיקן בליאַסק אויף בלינד צו ווערן, ווערט ממש אין אַן אויגנבליק דער ווינקל מיט אַ האַלבן פֿענצטער אַראָפּגעטראָגן און די נײַיאָר־נאַכט, די מיטווינטערדיקע, מיט די נידעריקע הימלען, פֿאַרשאָטענע מיט בליציקגרויסע שטערן, מיטן זילבערדיקן פֿרירטוויזיקן פֿראָסט, מיט די סקריפּענדיקע שנייען, מיטן געקנאַל און געקראַך, פֿאַלט מיט אַ מאָל צווישן די געווינערינס, צו די טיפֿוס־קראַנקע אין פֿאַלאַטע אַרײַן. די ווײַסע ערד הייבט זיך צו די שוואַרצע הימלען, די הילצערנע פֿאַרשטאָט־הײַזער גייען אויף אין פֿלאַמען, ס'פֿאַלן ברענענדיקע טויבן. פֿאַרבײַ דער אַראָפּגעטראָגענער שטיק וואַנט יאָגן אין גאַלאָפּ אָנגעזאָטלטע פֿערד אָן רײַטערס, צווישן די פֿאַרהאַרטעוועטע הורבעס שניי קרייצן זיך מיט פֿאַרביסן־פֿאַרביטערטן געקלאַנג שווערדן, ס'שיטן זיך פֿונקען און ס'פֿאַלן מענטשן... פּעטליורישע אַטאַמאַנען און באַטקאָס, אויסגעניכטערטע און מיט טויטשרעק אַרומגעכאַפּטע, וואַרפֿן די ביקסן אין די קרענעצעס אַרײַן, שלעפּן און וואַרפֿן אַרויס פֿון די אָנגעשוואָלענע

און אויפגעלאָפּענע שאַראַװאַרעס דאָס אָנגעגאָזלטע ייִדישע האָב־און־גוטס — נאָך פֿײַכט פֿון בלוט און טרערן. פֿון דער סטעליע העגגען אַראָפּ באַלקנס, די קראַנקע שפּרינגען פֿון די בעטן אַרויס.

און זי, די פֿויערטע, אײַנגעבויגן אין דרײַען, אין אָט דער בהלה און מהומה, לאָזט זיך מיט שיפּרהס קינד פֿון שפּיטאָל אַרויס אַ גליקלעכע לויפֿן.

## י

און דערנאָך, שוין נאָכן אָפּגעבן יענער פּויערטע דאָס קינד, שוין נאָכן אַריבערטראָגן זי פון יענער פּאַלאַטע, וווּהין דער סאַניטאַר האָט געטראָפן און אַ ווינקל פונעם בנין אַראָפּגעטראָגן, — די הפקר־צעווילדעוועטע, די ווונדערלעך־פּאַרלבנהטע בײַיאָר־נאַכט וואַרגט זיך מיט שוואַרצע רויכן פון שׂרפות, מיט מאַרך פון צעשפּאָלטענע קעפּ, מיט קלאַנגען פון „אינטערנאַציאָנאַל” און פון פּיבערדיק־צעוויגטע קלויסטער־גלאָקן, — ליגט זי דאָרטן, שיפרה, אין אָפּעראַציע־זאַל, מיט איר דערשטיקטן געשריי אין גאָרגל און דאָך מיט אַ נצחונדיקן שמוך אויף די ווײַס־געשוואָלענע ליפּן: זי איז זיך פּאָרט בײַגעקומען, איבער זיך געקאָנט אַריבערטרעטן, דעם וועג אירן ביזן סוף דערגאַנגען...

דער אָפּעראַציע־זאַל איז איבערגעפּולט מיט פֿאַרווונדטע, צעמיטשטע און צעמזיקטע ייִדן — אַלט און יונג, מיט קינדער פון די וויגעלעך — פונעם פּאָגראָם וואָס גייט שוין אין שטאָט דעם דריטן טאָג. אויפן אָפּעריר־טיש, אונטער צוויי נאַכטלאָמפּן, ליגט דער האַלב־נאַקעטער, דער מיט מעסערס צעשטאָכענער בעל־עגלה, דער אַלטער גרײַז־גרויער אַשמדאַי, וואָס האָט מיטן האָרטשיק פונעם וואָגן, רײַטנדיק אויף זײַן אויסגעדאַרטן בולאַנעם פערד, געשניטן אויף רעכטס און אויף לינקס, געטריבן די אָנגעלאָפענע פון די דערפער, וואָס האָבן געגזלט און געטראָגן פון די ייִדישע הײַזער אין די שליטנס אַרײַן, און שוין איינוועגס האָבן זיי, די פּויערים, געהאָלפן כאַפּן און איבערגעבן צו די אַטאַמאַנען און באַטקאָס, צו די קעמפער פאַר דער זעלבשטענדיקער מוטער אוקראַיִנע, די פאַרווונדטע ייִדן: די בעל־עגלות און קצבים, די שמידן און סטאָליערס וואָס האָבן מיט די האָרטשיקעס און פּרענטעס אײַזן, מיט די געציילטע ביקסן און רעוואָלווערן געוואָלט פאַרשטעלן דעם וועג און באַשיצן די ייִדישע גאַס־און־געסל פון די רוצחים, קעגן דעם

שטאַטישן ערב־רב, קעגן דעם דאָרפּישן המון־עם; קעגן אָט די סטײַעס האָט מען נאָך געקאָנט זיך קעגנשטעלן, פאַרהאַלטן און זיי צעטרײַבן. אָבער דאָ, קעגן באַוואָפנטע, צעיושעטע און אָפּטרעטנדיקע חיילות? און אַז זיי, אָט די געכאַפּטע, אָט די שוווער־פאַרווונדיקטע יידן פון דער אַליינשוץ, פון דער „סאַמאָאָכראַנע״, פלעגן צו די פעטליוראָווצעס אַרײַנפאַלן, האָט מען זיי הענט און פיס געבונדן, די מײַלער פאַרשטאָפּט, אָבער ניט אויסגעטאָן, פון זיי גאָרנישט ניט אַראָפּגענומען, אַפילו די בעסטע שטיוול ניט אַראָפּגעצויגן, די זייגערס פון די קאָמזוילן ניט אַרויסגעריסן; דאָ איז שוין אַלץ פון פרומ־קייט, לשם־שמים, פאַרן צלם געטאָן געוואָרן. מ׳האָט זיי, די שוווער־פאַר־ווונדטע יידן, אויף אַ דרינזשעלע־שליטן, ווי קלעצער אין שורות געלייגט, איין שורה אויף דער צווייטער, צום דניעפּער געפירט און דאָרטן, צלמענדיק זיך, אין דער שמאָל־אויסגעהאַקטער פּאָלאָנקע, מיטן קאָפּ אַראָפּ, אונטערן אײַז, אין וואַסער אַרײַן געוואָרפן.

און דאָרטן, בײַם אָפּעריר־טיש, ווו די צוויי דאָקטוירים, איווע און רמז, זענען מיטן אַשמדאַי געווען פאַרנומען — אויף זײַן לײַב איז קיין לעבעדיק אָרט ניט פאַרבליבן און דערצו איז ניטאָ שוין קיין ברעקל און קיין טראָפּן רפואה אויף צו שטילן און צו פאַרגרינגערן אים די ווייטיקן, אָבער קיין קול פונעם אַלטן יידן הערט מען ניט.

— שרײַט, ר׳ לייזער, — בעט זיך בײַ אים איווע. — שרײַט, שרײַט אויס דעם ווייטיק!

— האָדי נו, — פאַרקוועטשט ער שטאַרקער די אויגן, רוקט אַראָפּ נידעריקער די ברעמען, ווי זיי וואָלטן באַדאַרפט פון נאָך אַ גרעסערן ווייטיק אים פאַרהיטן און הייבט זיך אונטער אויף די עלנבויגנס. — האָדי נו. פאַר וועמען, צו וועמען שרײַען? פאַר אײַך? האָדי נו... איר הערט אַזוי אויך מײַן געשריי. און וואָס?

— איליאַ איליטש, — ווענדט זי זיך מיט כּעס צום דאָקטער רמז — איר הערט? איר פאָרט אויף די קאָנגרעסן, איר האַלט דאָרטן הייסע רעדעס, אַלע רעדן דאָרטן מיט פײַער, מיט פלאַם.

ווייל ער איר ענטפערן, נאָר זי, שוין אַן אויסגעשעפּטע, קאָן שוין מיטן שׂכל־הישר דעם דאָקטער רמזעס רייד ניט אויפנעמען — זיי דערגייען שוין

צו איר ניט, זיי פֿאַלן אויף איר איצט, אָט די אַלע רייד זײַנע, ווי אַ רעגן אויף אַ בלעכענעם דאַך. זי געדענקט נאָך גוט יענעם אָוונט, נאָכן פֿאַרלאָזן די לאַנדעס, ווען זי איז פֿאַרטראָגן געוואָרן צו די אפּרתעס. אַרום איר יום־טובדיקע ליכט, קווייטן און די אויסגעפּוצטע און אויסגעצירטע ווײַבער וואָס מײַדן זי אויס און וואַרפֿן אויף איר ביטול־בליקן.

און זי, איוועו, איז ניט נאָר אָן אַ דאַך איבערן לעבן, נאָר שוין אויך אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, ניטאָ אויף דער גרויסער ערד וווּהין זיך אַהינצוטאָן — אין דער היים איז קיין וועלט ניטאָ און אין דער וועלט איז קיין היים ניטאָ, און אַן עלנט, אַ פּאַרווייעט־פּראָסטיקער, גייט איר איבערן רוקנביין אַרום. און מיט אַ מאָל דערזעט זי אים, וואָס איז איר יאָרן נאָכגעגאַנגען, צו אירע פֿיס געפֿאַלן, דעם דאָקטער רמז פֿון אַ זײַטיקער טיר אַרויסגיין, דערפֿרייט זי זיך און שטרעקט צו אים ביידע הענט אויס. און ער בלײַבט דאָ אַ פֿאַרלוירענער שטיין און אירע הענט פֿאַרבלײַבן אין דער לופֿטן. דאָס האָט געדויערט ממש געציילטע רגעס. אָבער פֿאַר איר איז עס געגנוג געווען. אָט די פּאָר סעקונדעס האָבן זי דערמאָלט, אין יענעם אָוונט, אַ וואָרף געטאָן צו אַדריאַנען, וואָס איז אַזוי ענלעך געווען אויף דניאלן.

זי קאָן ניט הערן מער יענע וואָס שיטן מיט גילדענע רענדלעך, פֿינקלענדיקע אויף צו פֿאַרבלענדן און האַרטע אויף צו צעברעכן די ציין; ס'שלאָגן איר צום האַרצן די שיינע רייד פֿון די געשליפֿענע און געטאָקטע צינגער, פֿון די וואָרטקלײַבער און אונטערקלײַבער. ניט קיין ווערטער, נאָר מעשׂים דאַרפֿן קומען! זי קאָן שוין מער ניט איבערטראָגן אָט די מענטשלעכעליידן, אָט דעם גרויסן פֿאָלקסאומגליק, וואָס גראָד איצט, נאָך דער אויסגעוואָרטער און אויסגעטרוימטער רעוואָלוציע, וואָס האָט באַדאַרפֿט אויף ייִדן די ישועה ברענגען, האָט זיך אינעם רישעות־לאַנד, אינעם ווילדלאַנד, גאָרנישט ניט געביטן און גאָר אַ נײַע און נאָך אַ גרעסערע כוואַליע שׂינאה און אַכזריות גייט איבערן ייִדישן פֿאָלק.

דאָ, בײַם פֿאַרנייען די ווונדן אויפֿן אַלטן אַשמדאַי, וואָס איז איר נאָענט און אייגן ווי איר טאַטע, ווי יצחק, ווי די מומע ליבע, ווי דער וואַלד, ווי אין די סעדער דער טוי וואָס גיסט אָן די פּירות מיט זאַפֿט און מיט טעם;

ער, דער אַשמדאַי, האָט דאָך אויפגעהאָדעוועט איר ברודער, עקיבאַן. ווו איז ער איצטער עקיבא, וואָס איז פון זײַן כּישוף־וועגעלע אַראָפּגעפּאַלן, ניט פאַרפאָרן אַהין, צו יענעם לאַנד פון די גאָלדענע פּאַוועס? ער האָט אַפילו זײַן פידל פאַרוואָרפן — פאַר טרויער קאָן מען נאָך קומען מיט אַ ניגון, אָבער פאַר בלוט? — און גענומען אַ ביקס אין האַנט אַרײַן. ער איז דאָך אין שטאָט איינער פון די אָנפירערס פון דער אַליינשוץ. ווו איז ער איצטער, איר ברודער און איר חבר? איז ער אויך אַ פאַרווונדעטער צו די הײַדאַמאַקעס אַרײַנגעפאַלן און זיי האָבן אים געבונדענערהייט אונטערן אײַז, אין דניעפּער אַרײַנגעוואָרפן? דאָס האָט ער דאָך, דער אַשמדאַי, זי דעמאָלט געפירט איבער יענעם ערב־ווינטערדיקן וואַלד אויף קבר־אָבות פון איר ליבע, צו דניאלן, וואָס האָט איר דאָרטן, לעם דער אַלטער קרעטשמע, אונטער דעם ברייט־צעצווײַגטן באַרנבוים ווידער, און שוין צום לעצטן מאָל, געזאָגט: כ׳האָב געמיינט אַז דו וועסט זײַן דאָס שיינע ליד פון מײַן לעבן. — ניין, זי איז פאַר קיינעם קיין ליד ניט געוואָרן. און אַ פרוי וואָס ווערט ניט קיין ליד אין עמעצנס נשמה, איז ווי דער ווינט אין סטעפּ, טראָגט וואָלקנס שטויב. און פאַר אים, פאַרן דאָקטער רמז, איז זי דאָך גאָר געוואָרן אַ ביטערע קללה. איבער איר איז דאָך בײַ אים ניטאָ קיין לעבן מיט יעלענען. זי איז אַפילו ערשט ניט לאַנג געקומען, יעלענאַ, איר גרויסהאַלטערײַ און פרויען־גאווה געבראָכן, און שטיל געבעטן:

— פאָרט אַוועק פון דאַנען. זאָל ער אײַך כאָטש פאַר די אויגן ניט זען. כ׳בעט עס אײַך טאָן צוליבן קינד... אַגיוטאַ האָט אים זייער ליב.

דאָ, אַז אויף דעם אַשמדאַיס זיך קאָרטשענדיקן גוף שלאָגן דורך די פענצטער שוואַרצע שׂרפה־פלאַמען און זי הערט אין די גוואַלד־געשרייען בײַם דניעפּער אויך יענע געשרייען פון רואַן, ווו מ׳שלעפּט יידן אין קלויסטער אַרײַן און די וואָס ווילן זיך ניט שמדן ווערן אויפן אָרט אומגעבראַכט. זי הערט, איווע, אין אָט די געשרייען דאָ, בײַם דניעפּער־טײַך, אויך יענע געשרייען בײַם רײַן־טײַך, ווו קריסטוסעס קריגסלײַט ריכטן אָפּ זייער סעודה... אין די געשרייען דאָ, בײַם דניעפּער, הערט זי די קולות פון וואָרמס און שפּײַער, ווו יידן האָבן זיך אַליין דאָס לעבן גענומען און מאַמעס האָבן זייערע קינדער געטייט. זי הערט, איווע, אין די געשרייען דאָ, בײַם דניעפּער, די קולות

פון מײַנץ און קעלן, װוּ מ׳װאַרפט זיך מיטן געשריי שמע־ישׂראל אין ריַין אַרײַן. און אין אירע אויערן שרײַען די ייִדן פון נעמיראָװ און פון אומאַן... און דאָ, װען פון די דרײַ מעת־לעת ניט אָפּגיין פונעם אָפּעריר־טיש ברייִען און שטעכן איר די שפּיץ־פינגער פון די פיס אויף מער ניט אויסצוהאַלטן: זי לאָזט זיך שוין אָפילו אַז דער דאָקטער רמז זאָל זי אויפן בענקל אָװעקזעצן — ער װעט שוין אַליין מיטן אַשמדאַי פאַרענדיקן; דאָ, װען זי זיצט אַזוי מיט די אַראָפּהענגענדיקע הענט, דעם קאָפּ פאַרװאָרפן און פילט װי די שװאַרצע שׂרפה־פלאַמען שלאָגן איר אין די פאַרמאַכטע אויגן אַרײַן, דאָ קומט ער אַרײַן דער זקן, דער פּראָפעסאָר אפרת, און מיט יענער רויִקייט פון אַ מענטשן װאָס האָט אַ גרויס לעבן אָפּגעלעבט, די װעלט אויסגעװען, אין אַלע אירע פינף טיילן, שוין אַלץ געזען און באַדאַכט און דורכגעטראַכט, יסורימדיקע נסיונות דורכגעגאַנגען, געװאָלט אָפילו אַ מאָל אין לעבן זיך אַרײַנמישן, דאָרטן איבעראַנדערשן, איבערשטעלן, אומװאַלגערן, ירושה־קייטן רײַסן, אויפן מיסט זיי אַרויסװאַרפן און אויף ס׳נײַ אַלצדינג אויפבויען און באַלײַכטן; מיט קיין כּבוד ניט געקאָנט זיך אָנזעטיקן, װיפל געהאַט, אַלץ װיניציק געװען, געװאָלט אַז זײַן נאָמען זאָל אומעטום און שטענדיק קלינגען, נאָר שוין אויף דער עלטער, שוין אַרײַנגייענדיק אין די טיפע יאָרן, זיך געלערנט און נאָך אַ סך צײַט און גרויסער מי זיך אויסגעלערנט אויפנעמען אַלצדינג קאָלט און מיטן שׂכל, גאָרנישט ניט צולאָזן צום האַרצן און װי די נאַטור, װי אָט די גרויסע װעלט־קינסטלערין, צוקוקן מיט גלײַכגילט װי אירע װוּנדערלעכע שאַפונגען װערן רויִנירט און חרוב; דאָ איז ער, דער אַלטער פּראָפעסאָר אפרת, צום אָפּעריר־טיש צוגעקומען און װי צו קיינעם און װי אין דער װעלט אַרײַן זייער רויִק, װי אַ שליח, געזאָגט:

— זיי זענען שוין ביידע ניטאָ — ניט יעלענאַ און ניט אַניוטאַ.

פון זײַנע װערטער װערט איװוּע װי געליימט, קאָן אָפילו די אויגן ניט עפענען — און ער, דער דאָקטער רמז, בלײַבט װי פרייִער איבערן אַשמדאַי אָנגעבויגן, הייבט אויף נאָר דאָס פּנים, אַ משונה װײַס, און זײַנע אויגן, פון אונטער די פענסנע, רויטע, װי זשוראַװינעס אויף שניי. און דער אַלטער אפרת, מיט דער פרייִערדיקער רויִקייט רעדט װײַטער:

— ביידע האָבן געשפּילט אין פיר הענט אויפן קלאַװיר. געװיס מאָצאַרטס

רעקוויעם, זי האָט דאָך אַלע פאַר נאַכט געשפּילט דעם רעקוויעם. האָבן זיך אַרײַנגעריסן הײַדאַמאַקעס. אַניוטען האָבן זיי אַרײַנגעלייגט אין דעם געעפנטן קלאַוויר. דאָס דעקל צוגעקלאַפּט און דורכן באַלקאָן אין דרויסן אַרויסגעוואָרפן. און יעלענען האָט מען אויך געפונען אַ טויטע. אויף די טרעפּ. מיט אַן אָפּגעשניטענער ברוסט. דער גורל פונעם מענטשן וויגט זיך שוין מיט אים אין וויגעלע. די וועלט־טראַגעדיע ווערט געשפּילט פון יחידים. — און פּלוצעם, און מיט אַ מאָל, ווענדט ער זיך צו איווען: — דאָרטן ליגט זי, סאָפיאַ סאַוועליעוונאַ. זי האָט זיך דאָ פאַרשטעלט פאַר אַ ציגײַנערטע.

— וועלכע סאָפיאַ סאַוועליעוונאַ?

— אַלעקסאַנדער לאַנדעס צווייטע פרוי. זי איז דאַכט זיך אײַערע אַ קרובה?

דערהערט שיפרהס נאָמען, טוט זי זיך אַ הייב אויף פונעם בענקל, פילט שוין ניט די בריִעניש און שטעכעניש אין די פינגער פון די פיס, ווערט שוין ביז גאָר אויפגערעגט, ווי זי וואָלט מיט אַלע אברים דערשפּירט אַז ערשט איצט קומט דער גרויסער אומגליק — זי וועט שפּעטער ניט קאָנען דערקלערן פאַר וואָס — נאָך ניט וויסנדיק גאָרנישט וואָס מיט שיפרהן איז דאָ געשען, איז זי אַזוי אויפגערודערט און אויך אויפגעבראַכט געוואָרן.

ניט בײַ דער שײַן פון די צוויי נאַפטלאָמפּן פון אונטער דער סטעליע, וואָס פאַלט אין דער נעפּלדיקער גרינלעכקייט אַרײַן, ווו אַלע פּנימער ווערן צונויפגעגאָסן און אָפּגעמעקט, מ׳זעט דאָ נאָר, אין דער טונקלעניש, משונה־לאַנגע נאַקעטע הענט וואָס וויגן זיך מיט קללות אין דער געדיכט־איבלדיקער לופט — נאָר בײַ דעם בלוט־רויטן שאָטן וואָס שלאָגט דורך די פענצטער אויך אַהער צו, צום בעטל, האָט זי שיפרהן דערזען. פון אָט דעם בלוט־רויטן שאָטן קוקן אויף איר יענע גרויסע אויגן, איר פעטער שמריהס אייביק־בטחונדיקע און די אייביק־ייִאושדיקע אויגן.

דערזען דאָ שיפרהן וואָס האָט איר אַ מאָל, טאַקע אין אָט דעם פּאַרק, שטייענדיק פאַר איר אויף די קני אין שניי געזאָגט: „מיר וועלן זיך ביידע אין לעבן אָפּנאַרן״, און אירע רייד זענען דאָך מקוים געוואָרן — דעם פּראָפעסאָרס אייניקל, דער אַדריאַן־דניאל, איז דאָ איר גרויסער בראָך אויפן גאַנצן לעבן געוואָרן, שוין קיין מאָל דעם בראָך ניט געקאָנט פאַרריכטן און

פאַרגלעטן. יענער האָט זי, איווען, אויפן גאַנצן לעבן ווי אָפּגעסמט. דערזען דאָ שיפרהן, נאָך ניט וויסנדיק אַפילו ווי אַזוי און מיט אַוועלכער קרענק זי איז אַהער צו פאַרטראָגן געוואָרן און צוליב וואָס האָט זי גאָר באַדאַרפט פאַר אַ ציגײַנערטע זיך פאַרשטעלן? נאָר דער רוקן האָט זיך איר, איווען, ווי בײַ יצחק באָיאַר פאַרן אָנקומען פון אַ נײַעם גזר, אײַנגעבויגן און זי איז פאַר שיפרהס בעטל וואָס אויפן סאַמע דורכגאַנג, ווי פאַר אַן אָנזאָג פון אַ שרעקלעכן נײַעם אומגליק שטיין געבליבן. גראָד מיט איר, מיט דער מומע ליבעס טאָכטער, ווי מיט אים, מיט איר פעטער אַבושן, ניט געוואָלט און מורא געהאַט די לעצטע יאָרן צו טרעפן זיך. ביידע, סײַ אַבוש און סײַ שיפרה, הגם איינער פון ליבשאַפט און די צווייטע פון שינאה, זענען זיי ביידע שוואַרצזעערס און אומקום־אָנזאָגערס.

דאָס לעצטע מאָל זיך געטראָפן מיט איר אין יענע טעג ווען מ׳האָט ייִדן ווי פאַררעטערס און שפּיאָנען פון גאַליציע, ליטע און בוקאָווינע געטריבן און געיאָגט, זייערע הײַזער געבראָכן און געצונדן, אויף די ביימער, בײַ די וועגן, זענען ווײַסבערדיקע ייִדן אין טלית־קטנס, באָרוועסע, געהאַנגען... אָט אין יענע טעג ווען שמריה איז אויף דער מלחמה געשיקט געוואָרן, און דאָרטן דערזען זי, שיפרהן — ער איז אויף דער וואָך מיט דער ביקס געשטאַנען — ווי אַזוי זײַן טאָכטער, אין אַזאַ גזירה־צײַט, טאַנצט אין דער קאָמענדאַטור מיט די פאַרביסענע שונאי־ישראל, איז ער אַ דערציטערטער אַהין מיט דער ביקס אין האַנט אַרײַנגעפאַלן, זיך אין טאַנצנדיקן ראָד אַרײַנגעריסן און פאַר דער טאָכטער מיט זײַנע גרויסע אויגן, פולע מיט טרערן, שטיין געבליבן. האָט דער מאַן, דער גענעראַל, זי געפרעגט:

— קאָנסטו דעם סאָלדאַט?

האָט זי די אַקסל פון חידוש אויפגעהויבן, דעם טאַטן אין די אויגן מיט אַ ניט גוטן שמייכל אַרײַנגעקוקט און געענטפערט:

— ניין!

און שפּעטער, אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, שוין נאָך שמריהס אומקומען, איז זי פּלוצעם, שיפרה, — און לויט דער פאַמיליע פון איר איצטיקן מאַן, דעם גענעראַל, שוין טרובעצקאַיאַ סאָפיאַ סאַוועליעוונאַ, — אויף אַן אויטאָ־מאָביל צוגעפאָרן צום לאַזאַרעט ווו זי, איווע, האָט געאַרבעט און אַברהם,

יצחקס זון, איז שוין אַ שווער־פאַרווונדעטער געלעגן; אָן אויסגעפּוצטע אין די טײַערסטע פוטערס זיך אַרײַנגעשטעלט — אַ געזונטע, אַ שיינע, בלוט און מילך, אין די אויגן פאַרריסנקייט און שאָדנפרייד — פריִער געגומען טיילן די פאַרוווּנדיקטע סאָלדאָטן זיסוואַרגן און טיכעלעך, פּאַפּיר און בלײַשטיפטן, מאַכאָרקע און ליולקע־טאַביק, און אייניקע מאַנענישן און פּאַרלאַנגען אויס־געהערט, אַפילו צו זיך אין בלאָקנאָט זיי אַרײַנגעשריבן, דערבײַ אויך מיט איר, מיט איוועץ, ווי מיטן דאָקטער, מיט עטלעכע ווערטער זיך איבער־געוואָרפן — געפרעגט אין וואָס דער לאַזאַרעט נייטיקט זיך; אָבער אויף קיין ענטפער ניט געוואַרט און באַלד אויף גיך, ווי מיט אַ מאָל אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אַלע אָנשטעלן און פאַרשפּילן, צו אַברהמס בעטל צוגעגאַנגען, זיך אויפן ראַנד צוגעזעצט און מיט אַ ניט־געשטילטן נײַגער גענומען וועגן איר טאַטנס טויט אויספרעגן און איבערפרעגן. און ווען אַברהם האָט איר וועגן שמריהס גסיסה אויפן שלאַכטפעלד דערציילט און ווי ער האָט די גאַנצע צײַט געשריִען: משיח... ליבע... דניאלקע... שיפרה — האָט זי, ווי אַ באַרויִקטע, זיך גלײַך אויפגעהויבן, אונטערן קישן אַ פּעקעלע אונטערגעלייגט און געבעטן, אַז ער, אַברהם, ווען זיך אַהיים אומקערן, זאָל ער איר מאַמען איבערגעבן: זי וויל פאַר איר אין שטאָט קויפן אַ שטוב און העלפן די קינדער אַרויספירן אין לעבן. און צו איוועץ, ווי אויך צוליב דעם איז זי אַהער געקומען, מיט איר ברוסטיקער און ווייכער שטים געזאָגט:

— זאָלן די ברידערלעך און שוועסטערלעך וואַקסן ווי מענטשן צווישן מענטשן און ניט ווי ייִדן צווישן גויים.

און דאָ, דערזעענדיק זי, שיפרהן, בײַ דעם בלוט־רויטן שאָטן פון די שׂרפות, בײַ די נאָך ניט געשטילטע געשרייען, וואָס גייען פון הינטער די בערג, בײַם דניעפּער, קאָן זי אָבער מיט איר שאַרפער ראיה און כּוח־הדמיון ניט אויפכאַפּן, וואָס אַזוינס האַלט זי עס, שיפרה, בײַ זיך אויף דער ברוסט מיט ביידע הענט אַרומגענומען. נאָר פון די אַרומיקע בעטלעך הערט זי:

— דאָקטער, דאָס האָט זי אַזוי אַרומגענומען דאָס טויטע קינד.

— מ׳קאָן עס גאָר פון אירע הענט ניט אַרויסנעמען.

— און ווער קאָן דאָ קאָווירן אַז ס׳איז געבוירן געוואָרן אַ טויטס?

— וואָס זשע, איר ווילט זאָגן אַז זי האָט עס אַליין דערשטיקט?

— איך וויל גאָרנישט ניט זאָגן. אָבער טראַכטן...

— ניין, וואָלט זי עס אַליין דערשטיקט, וואָלט זי עס גלײַך אָפּגעגעבן.

— געוויס, געוויס. פון אַזאַ זינד וויל מען וואָס גיכער אַנטלויפן.

פון אָט די רייד ווערט שוין פאַר איווען קלאָר וואָס מיט שיפרהן האָט געטראָפן און אין וואָס פאַר אַ מצב זי געפינט זיך: זי איז אַהער פאַרוואָרפן געוואָרן אַ טראַגעדיקע, שוין אָן דעם גענעראַל, איינע אַליין, פאַרשטעלט זיך פאַר אַ ציגײַנערטע, אונטער אַ פרעמדן נאָמען, און געבוירן דאָ דאָס טויטע קינד. ווערט זי אַרומגעכאַפּט מיט גרויס רחמנות צו דער מומע ליבעס טאָכטער און זי דערזעט פאַר זיך די מומע ליבע, די הויכע, די שיינע, וואָס איז פול מיט פריליגגדיקער צאַרטקייט און כּוח, וואָס אין אירע אויגן שפּילט אַזוי פיל קינדערשע פרייד, וואָס קאָן גובר זײַן אַלע ווייטיקן און געפינען אויך אַ טרייסט פאַר אַנדערע, און וואָס פאַר אַ גזר ס׳זאָל ניט קומען, ווערט זי ניט אײַנגעבויגן און צו דער ערד ניט געפאַלן, אַלע צרות ווערן בײַ איר באַשײַנט מיטן שמייכל פון ליבע און גלויבן אינעם לעבן, הגם אין אָט דעם שמייכל איז פאַראַן אַזאַ גרויסער טרויער און זי וויינט אין דער שטיל, אַז דאָס האַרץ זאָל אין טרערן ניט דערטרונקען ווערן...

וויל זי בײַ שיפרהן צונעמען דאָס טויטע קינד, אָבער יענע לאָזט פון זיך דאָס קינד ניט אָפּנעמען. שיפרהס דפק קלאַפּט מיט איבעררײַסן, און ווי פון ערגעץ ווײַט, ווי פון אַן אַנדער, שוין פון אַ ווײַטער און אַ ניט־היגער וועלט. זי שטאַרבט, שיפרה. און אויך פון דעם וואָס דער מומע ליבעס טאָכטער שטאַרבט פאַר אירע, איוועס, אויגן און זי קאָן איר דאָ מיט גאָרנישט ניט העלפן, און דער עיקר פון איר שטאַרבן מיטן אַרומגענומענעם טויטן קינד אויפן האַרצן, ווערט איר שוין, איוועןָ, אויף ניט אויסצוהאַלטן.

— שיפרה, — בייגט זי זיך אָן צו איר — דו דערקענסט מיך?

— יאָ... כ׳האָב אײַך גערופן...

— גיב מיר אָפּ דאָס קינד!

— מײַן קינד האָב איך שוין אָפּגעגעבן... שוין אָפּ־גע־געבן...

— ניין, שיפרה, דײַן קינד איז בײַ דיר.

— אָט דאָס טויטע קינד... איז ניט מײַנס... ניט מײַנס... מײַן קינד... דאָס לעבעדיקע... האָב איך אָפּ־גע־געבן דער מוטער... פונעם טויטן קינד...

— שיפרה, — פּאַלט זי צו צו איר אַ דערציטערטע. — שיפרה, צוליב וואָס האָסטו דאָס געטאָן ?

— איך שטאַרב דאָך... איך האָב געוווסט... אַז איך וועל שטאַרבן...

— וואָלט דײַן מאַמע צוגענומען דאָס קינד. איך, איך וואָלט צוגענומען דײַן קינד.

— איר הערט... די גוואַלדן ?..

— זיי ווערן שוין שטילער. די רויטע גייען אַרײַן אין שטאָט. נאָר וואָס האָט עס צו טאָן מיטן קינד ?

— איך וויל ניט... דו הערסט מיך ?.. איך... וויל... ניט... אַז מײַן קינד... מײַנע אייניקלעך... זאָל מען הרגענען... וואַרפן אין פײַער אַרײַן... איך בין... מײַן וועג... דערגאַנגען... ביזן סוף...

# יא

און דערנאָך, שוין נאָכן טרעפֿן זיך מיט דער מומע ליבעס טאָכטער, וואָס איז אַהער פֿאַרוואָגלט און פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן, געהאַט דאָ און אָפּגעגעבן אין אָט דער שחיטה־ און שׂרפֿה־נאַכט איר לעבעדיק קינד דער פֿויערטע, ווײַל זי וויל ניט, שיפֿרה, אַז מ׳זאָל אויך אירע קינדער און אייניקלעך אין פֿײַער אַרײַן וואַרפֿן; שוין נאָכן שיקן די באַרעמהאַרציקע שוועסטער צו שיפֿרהן, וואָס שטאַרבט מיט דער גרינער שׂינאה אין די מיט אַ מאָל שמאָלגעוואָרענע אויגן, מיט דעם פֿרעמדן, מיט דעם אַרומגענומענעם טויטן קינד אויפֿן האַרצן. און דערצו נאָך זעט זי, איווע, שוין די גאַנצע צײַט, ווי יעלענאַ לויפֿט טויטערהייט צו איר קינד, וואָס איז מיטן קלאַוויר אויף דער פֿאַרפֿרוירענער ערד אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן — און זי ווייסט גוט, איווע, זי געפֿינט זיך דאָך בײַ אַלע קלאָרע געדאַנקען, אַז טויטערהייט לויפֿט מען ניט, מ׳קאָן ניט לויפֿן, אָבער זי זעט פֿאָרט ווי יעלענאַ, אַ פֿאַרגאָסענע מיט בלוט, לויפֿט פֿון די טרעפּ מיט אויסגעצויגענע הענט, און זי ווערט שוין גאָר אויפֿגעציטערט און אַ הייסע קלאָג מיט אַ ביטערן צאָרן נעמט איר צום האַרצן אונטערגיין און זי בלײַבט שטיין ווי אַ פֿאַרשאָלטענע פֿאַר די שׂרפֿה־פֿלאַמען וואָס שלאָגן אין אָט דער נײַיאָר־נאַכט פֿון די ייִדישע גאַסן און געסלעך בײַם דניעפּער, און זי הייבט אָן אין אַ ייִאוש אַרײַנפֿאַלן: און אפֿשר, — טוט איר אַ שניט דער ווייטאָגדיק־שרעקלעכער געדאַנק, וואָס איז איר אַלע יאָרן ווײַט און פֿרעמד און דערווידער געווען, — און אפֿשר איז זי, שיפֿרה, גערעכט; אָפּגעבן אונדזערע קינדער און אַ סוף זאָל עס נעמען! לויפֿט זי צום טיש ווו ס׳ליגט נאָך דער אַשמדאַי אין די ווונדן אַ פֿאַרשטומטער, ס׳צוקן אים נאָר די קינבאַקן און שליסט שטאַרקער די אויגן צו; זײַן פּנים, בײַ דער שײַן פֿון די שׂרפֿות, אַ הייס־רויטס, ווי די קאָרע פֿון אַן אַלטער סאָסנע בײַם אויפֿגיין פֿון דער זון, אָט בײַ אים, בײַ דעם ייִדן וויל זי איצט, איווע, אַן

אַנשפּאַר און אַ טרייסט געפינען. דאָס האָט ער דאָך איר פריִער געזאָגט:

— גייט ניט אַוועק פון מיר.

און ווען זי האָט אים באַרויִקט:

— דער דאָקטאָר רמז טוט עס בעסער פון מיר —

האָט ער צו איר דעם קאָפּ אויסגעדרייט און אַפילו אַן אויג געעפנט:

— האָדי נו, אונטער אײַערע הענט איז עפּעס דער ווייטיק ספּאָקאָינער...

אויך איר איז לעם אים רויִקער, הגם דער צער ווערט לעם אים גרעסער און שווערער, אָבער אין אָט דעם צער איז אַ זינען, אַ ליכט, אַ גלויבן פאָראָן. בײַ דעם אַשמדאַי, בײַ אָט דעם יידן, הערט זי ווי דאָס לעבן רוישט אין זײַנע ביינער, ווי זי פלעגט הערן אָט דעם רויש בײַ יצחק באַיאַר, בײַ דער מומע ליבע. בײַ יענע רוישן נאָך אין די ביינער אויך די וועלדער. ווי נאָר ס'וועט אויף די וועגן שטילער ווערן, וועט זי אַהין, אין די וועלדער, צו די אַלטע באַיאַרס פאָרן. מיט דער מומע ליבע דעם פרילינג באַגעגענען, פון טאָג צו טאָג וועט גרעסער ווערן אויף דער ערד דאָס ליכט, די וואַרעמקייט אין האַרצן און די שיינקייט פון דער וועלט אין די אויגן. אין די נעכט וועלן זי ווי אַ מאָל נעמען וועקן הייסע שאַרכן אין דער נשמה. זי וועט אַרומגיין מיט דער מומע ליבע אַ באַרוועסע איבערן גאָרטן, אָננעמען אונטער די וויִעס זון און זיך צוהערן ווי די בינען אַרום בינשטאָק רוישן און זיצן מיט יצחקן אין סאָד. דײַנע שוואַרצע אויגן ווערן פון די בלויקייטן אין די הימלען, דאַכט זיך, אויך בלוי און דו פאַרגייסט זיך אויף דאָרטן, אונטער אָט די הימלען, ווי די לאַרך אין אַ פאַרשיכורטן געזאַנג, און הערן די רייד די פון יצחקס גרויס און קלוג האַרץ. אָבער אויפן וועג צום טיש, צום אַשמדאַי, ווו געוואָלט אַן אַנשפּאַר געפינען, קומט איר אַנטקעגן דער אַלטער פּראָפעסאָר אפרת, און מיט אַ מין טענה זאָגט ער:

— קאָלעגע, איך וואַרט דאָך אויף אײַך!

קוקט זי אים פאַרחידושט אָן: פון וואַנען האָט זי געקאָנט וויסן אַז ער וואַרט אויף איר, און צוליב וואָס וואַרט ער, און וואָס וויל ער פון איר? זיי קאָנען זיך דאָך קיין מאָל ניט צונויפריידן און זיך ניט אויסגלײַכן — אַחוץ אין מעדיצין־ענינים. דאָ איז זײַן וואַרט פאַר אים הייליק. כּסדר בײַ ביידן ווײַטע און קעגנאיבערדיקע געדאַנקען. מ'קריגט זיך אָפּט אַזוי, אַז

איינער הערט שוין ניט דעם אַנדערן. אָבער שוין בײַ איר ערשטער באַגעגע־ניש מיט אים, אויף יענעם אָוונט פון זײַן זיבעציק־יאָריקן געבוירן־טאָג, פילט זי, איווע, ווי עפּעס בינדט זי מיט אים, און אַפילו שוין נאָך איר בראָך מיט זײַן אייניקל, מיט אַדריאַנען — ווען דעם איז בײַ זיי קיין מאָל אַפילו קיין רייד ניט געווען — גייט ער, דער אַלטער אפרת, פון איר לעבן ניט אַרויס. פאַרקערט, וואָס ווײַטער מיט יאָרן, אַלץ טיפער טרעט ער אין איר לעבן אַרײַן.

און ווי תּמיד, בײַ יעדער באַגעגעניש מיט אים אויג־אויף־אויג, וואַרט זי מיט מורא, אַז אָט באַלד וועט יענער „עפּעס" קומען, זי אָפּבינדן פון אים, פונעם פּראָפעסאָר, און זי וועט אָנהייבן אין־ערגעץ־ווו צו פאַלן...

און דאָך גייט זי נאָך אים, וויל וועגן יענעם „עפּעס" ניט טראַכטן, ווײַל ער געפינט זיך דאָך, דער פּראָפעסאָר, אין אַזאַ שווערן מצב: די איינציקע טאָכטער, יעלענאַ, און דאָס אייניקל, אַניוטאַ, ביידע זענען הײַנטיקע נאַכט אומגעקומען. גראָד אין זײַן רויִקייט ליגט דער גרויסער טרויער פונעם טאַטן און פונעם זיידן. און דער טרויער פונעם זיידן איז אפשר נאָך גרעסער פונעם טאַטנס טרויער. זי האָט דאָך טאַקע באַדאַרפט פאַרשטיין, איווע, אַז מ׳טאָר אים אַליין ניט איבערלאָזן, אַז זײַן רויִקייט קומט פון אַ טיפן יִיאוש, ס׳איז די רויִקייט פון אַ זעלבסטמערדער.

און זי גייט נאָך אים איבערן קאַלטן קאָרידאָר, ווו מ׳הייבט אויף פון דער ערד די קראַנקע. ס׳האָבן זיך שוין אומגעקערט די דרײַ דאָקטוירים און די צוויי אַקושערקעס און אויך ער, דער אוקראַיִנישער דאָקטער פּאַנאַס פּאַטאַפּענקאָ, מיט די אַראָפּהענגענדיקע זאַפּאָראָזשער וואָנצעס, יענער וואָס האָט געהאַלטן פאַר די באַפרײַער פון דער לײַבלעכער אוקראַיִנע די פינצ־טערע, די שׂינאת־המנדיקע רעדע, אויך ער האָט זיך באַוויזן. די רויטע זענען דאָך שוין אין שטאָט. און ער וועט געוויס קומען צו איר, אָט דער דאָקטער פּאַנאַס פּאַטאַפּענקאָ, און וועט איר זאָגן, אַפילו ניט קיין פינטל טאָן מיט קיין אויג, אַז ער איז גאָר ניט קיין אַנטיסעמיט, אַז צווישן זײַנע בעסטע פרײַנד זענען אויך יִידן פאַראַן, למשל... — די קראַנקע רופן און שרײַען און ס׳איז קיין רפואה ניטאָ אויף צו העלפן און צו פאַרגרינגערן זיי די ווייטיקן. יעדער איינער ראַנגלט זיך דאָ, אויפן שאַרף פון מעסער, מיט

זײַן גזר און גורל; און פון די קעלערן אַרויף טראָגט מען די אויף אייביק שוין שטיל־געבליבענע און באַרויִקטע. מיט די קברנים שאַפּט זיך דאָרטן איר פעטער אַבוש. זײַן טרוקן און יונג קול גייט פונעם קעלערשטוב:

— נעמט אים און טראָגט אים! זאָל ער גיין אין עולם האמת אַרײַן און מקרב זײַן מיט זיך דעם קץ. זאָל ער דערציילן דאָרטן וואָס מ׳טוט דאָ מיט ייִדן. נעמט אים! טראָגט אים! וואָס מער הרוגים אַלץ גיכער וועט אויפגעבויט ווערן ירושלים! — איר פעטערס קול, דער עיקר זײַנע רייד, בייגן זי ממש אײַן און אַ פראָסט נעמט איר גיין איבערן גאַנצן גוף.

און זי גייט, איווע, נאָכן פּראָפעסאָר, שוין נאָך די קנאַפּע דרײַ מעת־לעתן אָפּשטיין בײַם אָפּעראַציע־טיש איבער די צעשלאָגענע ייִדן; שוין נאָך דער באַגעגעניש מיט שיפרהן, וואָס האָט זי אַזוי אויפגעשוידערט און אויפגעטרייסלט, און דערצו נאָך האָט איר נאָר וואָס פון דאָרטן, פון קעלערשטוב, פון וואַנען מ׳טראָגט די מתים, איר פעטער אַבוש, דער חריף, מיט זײַנע רייד: וואָס מער הרוגים אַלץ גיכער וועט אויפגעבויט ווערן ירושלים — שוין גאָר אַרײַנגעוואָרפן אַ פאַרשאָלטענעם שטיין אין דער טיפעניש פון איר נשמה. אַרויסנעמען אָט דעם שטיין פון דאָרטן וועט איר אָנקומען מיט גרויסע שוועריקייטן, און זי ווייסט אַפילו ניט צי זי וועט אויף דעם גאָר כּוח האָבן.

און זי גייט נאָכן פּראָפעסאָר ווי נאָכן לעצטן פּסק־דין שוין אויך אויף איר אייגענעם לעבן. און זי וויל גאָר איצטער ניט אַרײַנגיין אַהין, אין איר אייגענעם לעבן. אויך דאָרטן איז אַ תּוהו־ובוהו, אויך דאָרטן ווייסט זי שוין ניט ווו ס׳איז דער אָנהייב און ווו ס׳איז דער סוף, און ווינטן ווייען אין איר לעבן, און קיין איין לעבעדיק נפש איז דאָרטן ניטאָ — די טאָכטער, טאַמאַראַ, דאָס איינציקע פֿײגעלע, דערוויי״טערט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער, ס׳האָלט שוין בײַם פאַרגיין. דאָרטן אין איר לעבן: אַ בית־עולם, געשפּענסטן און ווילדע חלומות גייען פון דאָרטן.

און זי גייט, איווע, נאָכן אַלטן פּראָפעסאָר אפרת, ווי נאָכן לעצטן פּסק־דין שוין אויך איבער איר אייגענעם לעבן. זי קאָן זיך ניט אָפּשטעלן, ווי זי וואָלט פון עמעצן געיאָגט און געטריבן געוואָרן, און ס׳איז שוין ניט אין איר ווילן און אין איר בחירה צו פאַרהאַלטן זיך און פון אָט דעם וועג אַראָפּקערעווען, הגם זי ווייסט שוין גוט, אַז דער אַלטער אפרת וויל מיט איר רעדן דאָרטן,

בײַ זיך אין קאַבינעט, צום ערשטן מאָל װעגן זײַן אייניקל, װעגן אַדריאַנען, װאָס לעבט ערגעץ אין אינדיע, צװישן בערג, אויפגעבויט פאַר זיך אַ צװיי־שטאָקיק הויז, אַרומגערינגלט מיט הונדערט־יאָריקע צעדערביימער, און מאָלט דאָרטן אויסטערלישע בילדער, כּמעט נאָר מיט צװיי פאַרבן: רויט און שװאַרץ...

און זי גייט נאָך אים, אָבער שוין אָן אויסגעגלײַכטע, שוין מיט יענעם עקשנותדיקן און פעסטן טראָט פון אַ באַיאַר, װאָס װעט ניט מוחל זײַן און קיין מאָל ניט שענקען קיין מלשינות און מסירה, פאַרקויפטקייט און פּחדנות; דער עיקר זענען איר מיאוס און עקלדיק פּחדנים. יענע װאָס ציטערן פאַרן אייגענעם פעלכל און טראָגן אונטער און שרײַבן אונטער און באַדינען און פאַרקויפן דאָס הייליקסטע. און שפּעטער שטעלן זיי זיך אַרויס, אָט די פּחדנים, פאַר געליטענע און פאַר געיאָגטע און פאַר אַנוסים.

ניין, װאָס דער אַלטער אפרת זאָל דאָרטן ניט זאָגן און ניט אויסמאָלן, װעט אַפּילו איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, נאָך דעם װאָס ס׳איז אויף דער זשענעװער אַזערע פאָרגעקומען, קיין פאַרגעבונג און קיין תּשובה ניט זײַן. יענער, אַדריאַן, איז אויך אַ שטיין אויפן דנאָ פון איר נשמה — זי װעט אים קיין מאָל פון דאָרטן ניט קאָנען אַרויסנעמען. װיפל שטיינער — פרעגט זי זיך אַליין, — דאַרפן זיך נאָך אָנקלײַבן אין מײַן נשמה, אַז ס׳זאָל מיך נעמען אַראָפּציִען אין תּהום אַרײַן?

זי אײַלט זיך ניט אָניאָגן דעם פּראָפעסאָר, װאָס מיט יאָרן װערט ער דאַכט זיך העכער און שװערלײַביקער. ס׳קריכן אים נאָך אַלץ, װי אַ מאָל, פון די אַרבל אַרויס די װײַסע האַרטע מאַנקעטן, אמת, שוין שטאַרק פאַר־געלטע; אינעם אַלטן קאָלנער — פונעם פרעסן אַ צוגעסמאַליעטער, מיטן װײַסן און אויך פאַרגעלטן שניפּס; זי שפּאַנט נאָך זײַן שאָטן, — אויך אַ געלער און מיט גלײַכע זיך ניט אײַנבייגנדיקע פיס. זײַן שאָטן, װאָלט זי געמעגט שװערן, זעט זי אָפּט אַרומגיין איבערן קאָרידאָר אַליין, אָן דעם זקן... ער פירט זי צו זיך אין קאַבינעט אַרײַן, װו אויפן טיש ברענען צװיי ליכט און אַ הייסער סאַמאָװאַר זינגט אויס עפּעס אַ װאַרעמע בענקשאַפט אין אָט דער אַרום־פּראָסטיקער און מוראַדיקער נאַכט.

— קאָלעגע, אַנטשולדיקט, אַחוץ טיי האָב איך מער גאָרנישט ניט.

אָבער אין אַזאַ נאַכט, אַז ס׳ווערן חרוב גאַנצע וועלטן, איז אַ גלאָז הייסע טיי אויך עפּעס ווערט. פאַר די הײַדאַמאַקעס, די פּעטליוראַווצעס, וואָס דער „האָפּאַק" און די „אָפּ מאַ! גרעטשאַניקי" איז די איינציקע מוזיק פון זייערע נשמות... אַוודאי האָט זיי מאָצאַרטס מוזיק אויפגערייצט, ווי אַ רויטער לײַוונט רייצט אויף אַן אָקס. און זיי האָבן אַרויסגעוואָרפן דעם קלאַוויר צוזאַמען מיטן קינד.

אין זײַן קול די פריִערדיקע רויִקייט וואָס שרעקט און וווּנדערט. אויך אין זײַן פּנים בײַט זיך ניט די מראה, ס׳טוט קיין אָדערל בײַ די שלייפן ניט אַ ציטער. אמת, די בלויקייט אין זײַנע אויגן ווערט געדיכטער און גייט אַריבער אין אַ שוואַרצקייט. אָט די שוואַרצקייט דערמאָנט איר אַדריאַנס אויגן. ער רוקט איר צו דאָס גלאָז טיי, דעם סאַכאַרין אויפן כינעזישן שאָלעכל, און פרעגט זי שוין אויף דײַטש:

— וועלכען וואָכענטאָג האָבען וויר הויטע? יאַ, יאַ... סילוועסטעראַבענד. נוייאַרסווינטשע... Nil admirari — גאָרנישט דאַרף ניט וווּנדערן. האָט אײַער קרובה געבוירן אַ טויט קינד?

— ניין, אַ לעבעדיקס. נאָר זי האָט עס אָפּגעגעבן אַ פּויערטע, וואָס האָט געבוירן אַ טויט קינד.

— האָט זי עס געטאָן פון אויסגאַנגלאָזיקייט? טאַקע ניט געהאַט וווּהין מיטן קינד זיך אַהינצוטאָן?

— ניין, ניט דערפאַר. זי וויל ניט, האָט זי מיר געזאָגט, אַז איר קינד זאָל מען וואָרפן לעבעדיקערהייט אויפן פײַער.

— קאָלעגע, מיר איז שווער צו רעדן מיט אײַך וועגן דעם.

— פאַר וואָס?

— ווײַל דאָרטן ווו איך זע אַ טיף מענטשלעכע טראַגעדיע, דאָרטן זעט איר אַ יידישע, אַ טיף נאַציאָנאַלע טראַגעדיע. דאָס וואָס אַ מאַמע דאַרף אָפּגעבן איר קינד אַ פּויערטע, אַז מ׳זאָל עס לעבעדיקערהייט ניט וואָרפן אויפן פײַער, דאָס איז פאַר מיר גיכער אַן אַלמענטשלעכע טראַגעדיע. אַ גרויסע אַלמענטשלעכע טראַגעדיע.

— אָבער פּראָפעסאָר, — שרײַט כמעט איווע אויס; פון אירע הענט פאַלט אַרויס דאָס גלאָז, ווערט צעבראָכן און די טיי ווערט צעגאָסן איבערן

טיש. — אָבער פּראָפעסאָר, די אַזוי גערופענע אַלמענטשלעכע טראַגעדיע איז דאָך אַן אַבסטראַקטע, אַ שאָטן, אַ שאָטן, אַן אַנדער שאָטן, אַ געװאַלדיקע! די ענגלענדער, די פראַנצויזן, די אַמעריקאַנער, די דײַטשן און איטאַליענער, די ציוויליזירטע וועלט, די אייראָפּעיִשע קולטור, אַלע זיצן איצט אין די וואַרעמע הײַזער, בײַ די פלאַקערנדיקע קאַמינען און באַגעגענען דאָס נײַע יאָר מיט ווײַנען און געזאַנגען. און דאָ גייט שוין דעם דריטן טאָג אַן אומברחמנותדיקע שחיטה. שוין דרײַ מעת־לעת שפּאַלטן די יִדישע ווייגעשרייען די הימלען, פון די בערג לויפט דאָס יִדישע בלוט אין דניעפּער אַרײַן. די שנייען זענען שוין רויט געוואָרן...

— אַוודאי איז עס, קאָלעגע, שרעקלעך. אויך יעלענעס און אַניוטעס בלוט לויפט דאָרטן אין דניעפּער אַרײַן... אָבער גראָד אין דעם, אין אָט די שוידערלעכע יִדישע פּאָגראָמען, זע איך די גרויסע אַלמענטשלעכע טראַ־געדיע.

— און איר וועט מיר באַלד זאָגן, אַז די געשיכטע פון דער מענטשהייט איז ווי אַ באַרגיקע לאַנדשאַפט, אַז כּדי אַריבערצוגיין פון איין הייכקייט אויף דער צווייטער דאַרף מען פריִער אַראָפּגיין פונעם באַרג אויף וועלכן מען איז מיט גרויסע שוועריקייטן אַרויף.

— אָט אַזוי, קאָלעגע, גייט זי, די מענטשהייט. אָט אַזוי איז איר גע־בערגיקער וועג. אָפט ווערט דער באַרג־אַראָפּ באַדעקט מיט ביינער. אויף אָט דעם באַרג־אַראָפּ קומען אום גאַנצע פעלקער. און פעלקער מיט גרויסע ציוויליזאַציעס און קולטורן — אַשור, בבל, גריכנלאַנד, רוים... כ׳רעד שוין ניט פון די צענדליקער פעלקער וואָס זייערע נעמען זענען שוין פון לאַנג פאַרגעסן געוואָרן.

טוט זי זיך אַ הייב אויף פונעם בענקל:

— באַרעכטיקט איר עס?

— די געשיכטע פרעגט בײַ קיינעם ניט קיין עצות און קומט צו מיר אויך ניט אויף קאָנסולטאַציע. די געשיכטע האָט זיך איר אומברחמנותדיקן אײַזערנעם גאַנג. אָפט מאָל איז עס דער גאַנג פון אַ גולם. מ׳קאָן עס אָפילו מיטן שׂכל ניט באַנעמען און ניט דערקלערן.

— אָבער פּראָפעסאָר, — בייגט זי זיך אָן צו אים איבערן טיש און פרעגט

שטיל ווי ס'וואָלט איר אָטעם פאַרפעלט. — אָבער אָט דער גולם טרעט דאָך ניט אַזוי איבער קיין שום אַנדער פאָלק.

— פאַר וואָס מיינט איר אַזוי, — באַוויזט זיך אין זײַנע הענט אַ פעשל קאָרטן און ער נעמט זיך צעלייגן אַ פּאַסיאַנס אויפן נאַסן, מיט טיי פאַרגאָ־סענעם טיש. — איר זעט די וועלט נאָר דורך ייִדן. נעמט די אַרמענער! אין פאַרלויף פון יאָרן, איר הערט, קאָלעגע, יאָרן, פונעם סוף נײַנצנטן יאָר־הונדערט ביז צו אונדזערע טעג; איינס פון די עלטסטע און קולטורעלסטע פעלקער אין דער וועלט, האָט איבערגעלעבט איינע פון די שוידערלעכסטע טראַגעדיעס אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. אין אָט די יאָרן, וואָס דערמאָנען די צײַטן פון דזשינגיס־כאַן, — איר הערט, קאָלעגע, — האָבן די טערקן — אָנגעהויבן האָט דער סולטאַן און פאַרענדיקט האָבן שוין די יונג־טערקן...

— די פּראָגרעסיווע, די רעוואָלוציאָנערן? — רעדט זי שוין קוים אַרויס.

— שוין די, וואָס זענען אַרויף אויף אײַער באַרג, אויף די הייכן?

— Nil admirari, קאָלעגע, גאָרניט דאַרף ניט וווּנדערן! — טראָגט ער אַריבער דעם צענטל לעקעך אויפן ייִנגל פּיק און עפּנט אויף אַ מלך צלם. — אין אָט די יאָרן, איר הערט, אין פאַרלויף פון יאָרן, האָבן די טערקן אויסגעקוילעט און פאַרברענט דרײַ מיליאָן אַרמענער. דרײַ מיליאָן.

— פּראָפעסאָר, און די אַרמענער זענען דאָך קריסטן, זיי גלייבן אין יעזוסן ווי עס גלייבן אין אים די ענגלענדער, די פראַנצויזן, די איטאַליענער, און די אַמעריקאַנער.

— יאָ, קאָלעגע, זיי האָבן איין רעליגיע. האָבן זיך די אַרמענער געווענדט און געשריִען צו דער קריסטלעכער וועלט, צו אַלע מלוכות: די טערקן האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אומצוברענגען און צו פאַרטיליקן די אַרמענישע נאַציע.

— נו, פּראָפעסאָר, איז דען עמעצער זיי געקומען צו הילף?

— ניין. — לייגט ער ווײַטער די קאָרט אויף יענער און פון איין אָרט אויפן צווייטן, מאַנעווורירט און קאָמבינירט מיט זיי, און לויט די פינגער איז צו זען דעם פּראָפעסאָרס צופרידנקייט: די קאָרטן פאַלן זיך צונויף, דער פּאַסיאַנס קומט אַרויס. — די שחיטות זענען דאָך געווען שרעקלעכע.

די אַרמענער האָט מען געבונדן הענט און פיס, זיי געלייגט אויף דער ערד אין רייען, דערנאָך אויף זיי אַרויפגעוואָרפן צווײַגן און זיי לעבעדיקערהייט פאַרברענט. די טערקן האָבן געקוילעט אַלט און יונג, פאַרגוואַלדיקט פרויען און קינדער, חרוב געמאַכט שטעט און דערפער. מ׳האָט זיי אומגעבראַכט אויף אַן אַכזריותדיקן אופן אין די קלויסטערס, אויף די בערג, אין די טאָלן, אין די וועלדער...

— פּראָפעסאָר — שלאָגט זי אים איבער און כאַפּט זיך אָן מיט ביידע הענט פאַרן טיש, ווי זי וואָלט מיט אַ מאָל דערזען יענעם אָפּגרונט צו וועלכן דער זקן פירט זי. — פון אײַער „באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ״ ווערט דאָך שוין גאָר פינצטער און שוואַרץ... די יונג־טערקן, די פּראָגרעסיווע, די רעוואָ־לוציאָנערן, וואָס זענען די ערשטע אויף אײַער „באַרג״ אַרויף, האָבן דאָך גאָר מיט מערער ברען און מיט מערער פלײַס און מיט גרעסערער ווילדקייט געשניטן די אַרמענער ווי דאָס האָבן געטאָן די סולטאַן־לײַט, וועלכע האָבן זיך געפונען „אין טאָל״!

דער זקן ענטפערט ניט און לייגט אַוועק די לעצטע קאָרט — דער פּאַסיאַנס איז אַרויס: די קאָרטן זענען זיך לויט די קאָלירן צונויפגעפאַלן און זיך צונויפגעגאַנגען. די אויגן ווערן אים אָבער מיט אַ מאָל פאַרמאַכט ווי די רויט־רויכיקע שׂרפה־פלאַמען וואָלטן אים אָנגעהויבן צו שטערן. די פינגער נעמען אים לויפן איבערן טיש, ווי איבער קלאַווישן פון אַ קלאַוויר — ער פאַרנייגט אַפילו דעם גרויסן קאָפּ ווי זיך צוגעהערט צו קלאַנגען וואָס קומען פון ערגעץ, פון אַן אַנדער וועלט אָן. זי, איווע, הערט אָבער ווי הינטערן פענצטער, ניט ווײַט דאָ, בײַ אַ פאַרווייעטער סאָסנע, שרײַט צו די פלעמלדיק־גרינע שטערן אין די שוואַרצע הימלען, אַ פאַרוווּנדט פערד, ווי אין יענער נאַכט ווען זי האָט מיטן קינד, מיט טאַמאַרעלען, דאָס פירשטאָקיק־ווײַסע מויערל, די לאַנדעס, פאַרלאָזט.

פּלוצעם הייבט ער זיך אויף, דער פּראָפעסאָר, און גייט שווער, מיט אַ טופּענדיק־הילכיקן טראָט אין יענעם ווינקל אַרײַן וווּהין ס׳דערגייט ניט דער אָפּשײַן פון די שׂרפות און בלײַבט דאָרטן מיטן פּנים צו דער וואַנט שטיין. און דער סאַמאָוואַר בלײַבט אויך אויפן טיש שטיל, ווי אויך ער האָט שוין אויסגעזונגען זײַן ווינטערדיקע בענקשאַפט און טוליעט זיך צו דער אייגענער

ביסל וואַרעמקייט, וואָס שמעקט מיט טײַך, מיט ווערבע און מיט אָטאַווע־גראָזן.

קאָן זי ניט פאַרשטיין, איווע, צוליב וואָס האָט דער פּראָפעסאָר באַדאַרפט אַהין, אין דער פּינצטערניש, אין ווינקל אַרײַן, און דערצו נאָך מיטן פּנים אין דער וואַנט זיך אַוועקשטעלן... קלײַבט ער זיך ניט, דער אַלטער אַפּיקורס, דער גרויסער אָפּלייקענער און צווייפלער, דער אייביקער חסרונות־זוכער און ווידערשפּעניקער, ווײַל ער ניט איצט, דער כּופר־בעיקר, אין אָט דער שוידערלעכער נאַכט אין וועלכער ער האָט זיי ביידע, די טאָכטער מיטן אייניקל, אויף אַזאַ מין אופן פאַרלאָרן, ווײַל ער ניט דאָרטן, אין דעם שוואַרצן ווינקל, קיינער זאָל ניט זען, נאָר פאַר זיך אַליין, תּפילה טאָן און מיט אַ ווידוי צום גאָט פון זײַנע אָבות זיך אומקערן? איר, איווען, ווילט זיך איצט אַזוי בלײַבן אַליין און ווי די מומע ליבע, פאַר הימל און ערד, אויפן גאָרטן, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים, זיך אויסוויינען, אַז דאָס האַרץ זאָל אין טרערן ניט דערטרונקען ווערן. נאָר דאָ דערזעט זי — גאָר ניט באַמערקט ווען און ווי אַזוי ס׳איז אַהער געקומען — אַ בילד אין אַ באַגילדט רעמל בײַ די צוויי לײַכטער שטיין: אַ מאַנספּאַרשוין מיט אַ באָרד, באמת אַ שיינער, טאַקע אַ שטיק וווּנדער פון דער נאַטור; דעם קאָפּ אין ווײַסן אַרומגעוויקלט, דער גוף אין אַ מין שוואַרצער טאָגע ביז צו דער ערד, מיט אַ הויכן שטעקן אין דער האַנט, שטייט פאַר דער טיר פון אַ געגלאָזטער וועראַנדע, ווי אויף עמעצן געוואַרט און אַרויסגעקוקט. האָט זי תּיכּף, טאַקע לויט די אויגן וואָס האָבן אויף איר פונעם בילד צווישן די ליכט געקוקט, גלײַך דערקענט אים, אַדריאַנען... און אַ הייס־ברי־ענדיקער ציטער, אָבער אויך פול מיט יי׳אוש און צאָרן, איז איר איבערן לײַב אַדורך. מאַכט זי אַ פּאָר טריט צום פּראָפעסאָר און נעמט וואַרטן אַז אָט־אָט וועט יענער אָנהייבן צו רעדן וועגן זײַן אייניקל, וועגן אַדריאַנען, וואָס לעבט שוין באַלד דרײַצן יאָר ערגעץ דאָרטן, בײַ די הימאַלײַער בערג.

נאָר דער אַלטער אפרת שווײַגט און שטייט דאָרטן אינעם פּינצטערן, כּמעט שוואַרצן ווינקל, ווי אײַנגעגראָבן, ווי אַ מצבה. די מאַנקעטן ווײַסן זיך אים נאָך פון דאָרטן אַרויס און דערמאָנען איר אַז דער פּראָפעסאָר איז אַ לעבעדיקער און ווען ער זאָל וועלן קאָן ער זיך באַוועגן. און זי שטעלט נאָך

אַ פּאָר טריט און בלײַבט באַלד אויך הינטער זײַנע פּלייצעס, אין יענעם שוואַרצן ווינקל, פאַרגליווערט און אָן אָטעם שטיין. ערשט דאָ דערזעט זי, אַז די שׂרפה־פלאַמען דערגייען יאָ אַהער צו: אויף איין בעטל ליגן זיי דאָ ביידע.

— פּראָפעסאָר, — רעדט זי קוים אַרויס. — דאָס זענען ז י י.

ער ענטפערט איר ניט. אָבער זי ווייסט שוין: דאָ, אויפן שמאָלן בעטל ליגן די ביידע אומגעבראַכטע — זײַן טאָכטער יעלענאַ און זײַן אייניקל אַניוטאַ.

— פּראָפעסאָר...

— גיסט מיר אָן, כ׳בעט אײַך, אַ גלאָז טיי! — און נעמט צו איר רעדן ווײַטער און אַלץ מיטן פריִערדיקן, מיט יענעם רויִקן, מיטן ניט געאײַלטן, מיטן אָפּגעוויגענעם און אָפּגעמאָסטענעם קול, וואָס האָט זי אויך פריִער אַזוי געשראָקן און איצט ווייסט זי פּשוט ניט פון אָט דעם קול, וואָס גייט פון יענעם ווינקל וווּ ס׳ליגן די צוויי טײַערסטע זײַנע, וווּהין פון צער און פון ווייטיק זיך אַהינטאָן. — און איר ווייסט, קאָלעגע, — רעדט ער צו איר מיט יענעם קול און דאָס גלאָז שפּרינגט אויף דער שאָל אין איר זיך־טרייסלענ־דיקער האַנט. — איר ווייסט וואָס די דײַטשן האָבן דאָ, אויף אוקראַיִנע, געטאָן מיט די פּויערים? ווילהעלם דעם צווייטנס זעלנער האָבן צוגענומען פון די דערפער דאָס ברויט, דאָס פי, די לעצטע הון. זיי האָבן פון די פעלדער אַראָפּגענומען דעם אייבערשטן שיכט שוואַרצע ערד און אַרויסגעפירט קיין דײַטשלאַנד. און יענע דערפער וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט האָט מען אין שפּעטן האַרבסט, ס׳איז שוין שניי געפאַלן, פאַרטריבן אַלט און יונג, פרויען מיט זייגקינדער אויף די הענט אין טײַך אַרײַן, געהאַלטן זיי דאָרטן אונטער די ביקסן ביזן האַלדז אין קאַלטן וואַסער, אַלטע־לײַט, פרויען און קינדער זענען פון די פיס געפאַלן און דערטרונקען געוואָרן...

— פּראָפעסאָר, — שטעלט זי אַוועק דאָס אָנגעגאָסענע גלאָז טיי אויפן טיש, לעם אַדריאַנס בילד. — און דאָס טוען דאָך לעסינגס און שילערס, קאַנטס און העגעלס, געטעס און בעטהאָווענס אייניקלעך! ווילט איר זאָגן, אַז לית־דין ולית־דיין?

— און אין דער צײַט, — רעדט ווײַטער דער אַלטער אפרת — ווען אַ

דאַרף מיט מענטשן איז געשטאַנען אין פרירנדיקן טײַך, האָבן די דײַטשן געראַבט און געצונדן די שטרויענע כאַטעס.

— צוליב וואָס, — לויפט זי צו אים צו, — צוליב וואָס, פּראָפעסאָר, דערציילט איר עס מיר? ווילט איר מיר זאָגן, אַז ווי באַלד ס'ברענט אַזוי דאָס נאַסע האָלץ... אַז דאָס יידישע פאָלק, דאָס סאַמע עלנטסטע אויף דער ערד, דאָס פאָלק פון די עשׂרת־הדיברות, פון דער עטישער לערע פון די נביאים, אַז דאָס פאָלק איז פאַרמישפּט אויף שווערע ליידן און אונטערגאַנג, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט נאָר איין וועג, דעם איינציקן וועג וואָס איר האָט אים איבערגעלאָזט, דעם וועג פון אַסימילאַציע?

— שוין צו שפּעט!

— וואָס, וואָס איז צו שפּעט?

— צו אַסימילירן זיך. די צײַטן ווען יידן האָבן געקאָנט זיך אַסימילירן זענען שוין פון לאַנג פאַרבײַ און אַריבער. אַלע צײַטן...

— פּראָפעסאָר, — שלאָגט זי אים איבער מיט פאַרביטערונג און ביז גאָר אַ באַליידיקטע. — פאַר וואָס האָבן גראָד יידן, דאָס פאָלק וואָס האָט געגעבן דער וועלט דעם מאָנאָטעיִזם, די עשׂרת־הדיברות, די נביאים, פאַר וואָס, פּראָפעסאָר, האָבן גראָד מיר באַדאַרפט באַגיין נאַציאָנאַלן זעלבסט־מאָרד?

— אַלע צײַטן פון אַסימילירן זיך, — לאָזט ער אירע רייד פאַרבײַ און רעדט אַלץ מיט יענעם קול — האָבן די יידן שוין דורכגעלאָזט. שוין צו שפּעט! יידן האָבן געקאָנט אַסימילירן זיך אין די געצן־דינערישע צײַטן. יענע פעלקער, די געצן־דינערישע, וואָלטן יידן אין זיך אַרײַנגענומען. האָבן אָבער די פאַנאַטישע חשמונאים זיך געשטעלט אויפן וועג. און וואָס האָט עס געגעבן? אַ רגע זעלבשטענדיקייט? ניט די פּרושים, נאָר די צדוקים האָבן געוויזן דעם ריכטיקן און דעם קלוגן וועג. מצדה איז געווען דער ווילדער שפּרונג פונעם באַרג אינעם אייביקן פײַער אַרײַן.

— פּראָפעסאָר, די חשמונאים, מצדה... — און זי קאָן ווײַטער ניט רעדן.
אַ ביטערע קעלט גייט אויף איר ניט פונעם פּראָסטיקן פאַרטאָג, אַפילו ניט פון דער פאַרשנייטער סאָסנע, ווו ס'שרײַט דאָס פאַרוווּנדעטע פערד, נאָר פון דאַנען, פון פינצטערן ווינקל, ווו דער זקן שטייט איבער די צוויי טויטע גופים.

— די קריסטלעכע קירך, — רעדט ער ווײַטער, אָבער שוין מיט אַ זיך לעשנדיק קול — האָט אויך געוואָלט אָפּשמדן די ייִדן, זיי צעשטויבן צווישן די קריסטלעכע פעלקער. איצט וועט שוין דער שמד ניט העלפן! ייִדן מעגן זיך אָנטאָן ווי דאָנער קאָזאַקן, וועט עס זיי שוין אויך ניט העלפן. פאַר ייִדן איז פאַרבליבן דער שרעקלעכער און דער ווילדער בדמיך חיי! קאָלעגע, קאָלעגע, גיט מיר אַ גלאָז וואַסער, אַ דאַנק!

נאָך אַלץ מיטן פּנים צו דער וואַנט, טרינקט ער פאַוואָלינקע אויס, קערט איר אום, דורכן לינקן אַקסל, דאָס ליידיקע גלאָז און שטעלט ייִך מיט אַ מאָל אויף די קני בײַם בעטל, לייגטביידע הענט אויף די צוויי איבערגעדעקטע מתים אַרויף און בלײַבט אַזוי לאַנג שטיין. דערנאָך הייבט ער זיך שווער אויף, שטעלט זיך אויף די פיס, טרייסלט אָפּ דעם שטויב פון די קני און גייט מאָדנע וואַקלענדיק זיך און שאַרנדיק איבערן דיל צום טיש. ניט נאָר זײַן פּנים נאָר נאָך מער זײַנע אויגן, זענען פשוט ניט צו דערקענען. שוין פונעם ערשטן בליק אויף אים, ספקט זי שוין אַפילו ניט, איווע, אַז דער פּראָפעסאָר אפרת, שטייענדיק דאָרטן אינעם פינצטערן ווינקל און רעדנדיק מיט איר מיט יענעם רויִקן קול, האָט בעת־מעשׂה אײַנגענומען סם און זי, דער דאָקטער, דער קאָלעגע, האָט אים נאָך געגעבן וואַסער צו פאַרטרינקען. וויל זי לויפן ברענגען הילף, האָט זי אָבער דער זקן אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט פאַר איר כאַלאַט:

— אַדריאַן וואַרט נאָך אַלץ אויף אײַך. ער איז אַ גרויסער קינסטלער! און די וועגן פון גרויסע שאַפערס קאָן מען ניט מעסטן מיטן וואָכעדיקן אַרשין. פאַרט צו אים! ער וואַרט נאָך אַלץ אויף אײַך...

— קיין מאָל ניט! — ציטערט זי אין גאַנצן און אין די אויגן שטעלן זיך איר טרערן — קיין מאָל ניט! פאַר מסירה איז ניטאָ און ס׳קאָן ניט זײַן קיין באַרעכטיקונג. פאַר אַ קינסטלער אַ מסורניק קאָן אַוודאי און אַוודאי קיין פאַרגעבונג ניט זײַן. אַלצדינג, אַלצדינג וואָלט איך אים מוחל געווען — זי רײַסט זיך פון זײַנע הענט אַרויס און לויפט ברענגען דעם דאָקטער רמז, יענער זאָל איר העלפן דעם פאַרסמטן זקן אָפּראַטעווען. נאָר ווען זיי לויפן אַהער שפּעטער אַרײַן, טרעפן זיי שוין דעם פּראָפעסאָר אפרת אויפן דיל אַ טויטן, און טאַקע אין יענעם פינצטערן ווינקל, ווו אויפן בעטל ליגן די צוויי

הרוגים, די טאָכטער זײַנע יעלענאַ און דאָס אייניקל אַניוטאַ, וואָס האָבן פֿאַר נאַכט, ביידע, אין פיר הענט, מאָצאַרטס רעקוויעם געשפּילט. און אויפֿן טיש געפינען זיי אויך אַ שטיק גרוי פּאַקפּאַפּיר מיט עטלעכע ווערטער, פריִער אין העברעיִש: רעוֹת שׂבעה נפשי. ביגוֹן כּחי כלה, — מיט ליידן איז זאַט געוואָרן מײַן נשמה. אין טרויער איז מײַן קראַפט אויסגעשעפּט געוואָרן.

און דערנאָך אין רוסיש, און שוין גאָר מיט אַ זיך טרייסלענדיקער האַנט געפירט: אין אַזאַ וועלט איז אַ חרפּה צו לעבן און צו רופן זיך מענטש...

## יב

און דאָרטן, אין שטעטל, אין דעם האַלב חרוב־געוואָרענעם, צווישן די ערב־ווינטערדיקע פּאָלעסיער וועלדער, וואָס ווייען מיט סכּנה און מיט מחיה־שאַרפע ריחות פון וואַסערן ערב־פאַרפרוירן ווערן, מיט איבערגעטריקנטע קרײַטעכצער און מיט דעמבנבלעטער; ווו צווישן די שפּעט אויפגייענדיקע קאַיאָרן און די פּרי צופאַלנדיקע נעכט בלאָען זיך פון די נעפּלען אַרויס די נאַקעטע בערעזעס און ס'שוואַרצט זיך גערדיכטער די אויפגעאַקערט־גלאַנציקע ערד; ווו אין אַ שעה פון שײַן לויפן איבער די שיפּועים דורכזיכטיק־גרינגע פײַערלעך פון די אויפגייענדיקע ווינטערווייצן און ווי הענגלען פאַרקילטע טראָפּנס שקיעה פלאַמען אַראָפּ און וויגן זיך אויפן ווינט די ראַבינע־ און קאַלינע־טרויבן; ווו פון די קופּער־ברוינע שווערע וואַלדרויז־יאַגעדעס וואָס לײַכטן זיך אין די אויסגעלאָשענע קוסטעס, הערט זיך שוין אין דעם פריילעכן ניגון פון די בלויערלעך די שרעק פאַר די אָנקומענדיקע זאַווייעס און לאַנגע שנייפאַלן — דאָרטן, שוין נאָך יענער האַלבער נאַכט אין דער טשערנאָבילער קלויז, בײַם אָרון־קודש, ווּהין סטיסיע האָט צווישן די צוויי גאַנץ געבליבענע ספר־תורות איר געהרגעט קינד אַרײַנגעלייגט, שוין שפּעטער, שוין נאָך דעם ווי דער שוחט, חיים־אַהרן, האָט נאָכן שופר־בלאָזן די דרײַ ליכט אויפן שטענדער אויסגעלאָשן און זי, סטיסיע, שוין נאָר בײַ דער פאַררייכערט־רויטלעכער שײַן פון די קברנימשע לאַמטערנס, האָט דעם קאָפּ צום נאַקן פאַרוואָרפן און פון איר אויסגעצויגענעם האַלדז, ווי אויף דער עקדה געלעגן, איז אַהין, איבערן דאַך, אַריבער יענע פאַרווינטערטע הימלען, אַ פאַרביסן־גאַליקער, אַ יִאוש־פאַרביטערטער געלעכטער־געשריי געגאַנגען; אַלעמען האָט אַ קדחת־קעלט אַרומגענומען און קיינער האָט ניט געוווּסט מיט אַוועלכע רייד און מיטלען פון אָט דעם מצב זי אַרויספירן און ווי אַזוי דאָס טויטע קינד פון אירע הענט אַרויסנעמען... דאָ האָט זיך פון דער ערד, פון אונטערן

שטענדער, דניאלקע אויפגעהויבן און כמעט אָן אַ קול, קוים וואָס מ׳וואָלט אים אין אַ שטילן אַרום דערהערט, געזאָגט צו איר:

— מערער קאָן איך שוין ניט פאַרטראָגן!

און צו אַלעמענס שטוינען און נשתומם ווערן האָט זי אים דערהערט און איר געלעכטער־געשריי האָט אָנגעהויבן צו פאַלן, שטילער ווערן און אויסגיין. עטלעכע רגעס איז זי נאָך אַזוי מיטן אויסגעצויגענעם האַלדז אַ פאַרשטומטע געשטאַנען — מ׳האָט נאָך געקאָנט הערן ווי אַלע אירע ביינער קנאַקן ווי טרוקענע צווייַגן אויפן פייַער, דערנאָך האַסטיק און מיט שטאָלץ דעם קאָפּ אויסגעגלייַכט און מ׳האָט פאַרן לעצטן מעת־לעת איר קול דערהערט:

— יאָ, יאָ, לאָמיר גיין. איך דאַרף גיין! די נאַכט שטייט ניט. ניטע, דניאלקע, ניטע, נאָך ניט פאַר דייַנע כּוחות צו טראָגן מתים.

— טאָ גיט אָפּ זיי.

— זיי? — פירט זי מיט די צוגעלאָשענע אויגן איבער די באַגרעבער, וואָס שטייען מיט די לאָמטערנס אין די הענט און וואַרטן. — זיי? ניין! פאַר זיי איז קבורה שוין אַן אַרבעט... אַ פּרנסה!

און זי גיט זיי ניט, די קברנים, דאָס קינד אירס, וואָס האָט באַדאַרפט האָבן אַריכת־ימים ווי איר עלטער־זיידע זרחל: בייַ הונדערט דרייַצן יאָר נאָך אַ מאָל בר־מיצווה געוואָרן, ביז צו דער לעצטער רגע געווען דער בעל־יועץ אין דער משפחה, אַלע שׂימחות באַשיינט, דורות באַיאַרס צו דער חופּה געפירט און אויף אַלע בריתן געווען דער סנדק; צו יענעמס לוויה איז מען געקומען כּמעט אויסגעפּוצטע. מ׳האָט אים, דעם משפחה־זיידע, געטראָגן איבער די פרי־פרילינגדיקע פאַלעסיער וועלדער מיט גאווה און גדלות. און איר זרחלען האָט מען ניט געלאָזן אויסלעבן זייַנע לאַנגע שיינע הונדערט דרייַצן יאָר. מ׳האָט אים ניט געגעבן אויפצושטעלן נייַע דורות און פירן זיי צו דער חופּה. מ׳האָט אים, איר קינד, אויף אַזאַ רוצחישן אופן אומגעבראַכט. איר גרויסן חלום האָט מען צעשטערט און חרוב געמאַכט. אַ טויט קינד און פאַר־קוילטע ביינער איז פון איר חלום געבליבן.

און זי גיט זיי ניט, די קברנים, דאָס קינד אירס און גייט אַליין מיט דעם פון דער טשערנאָבילער קלויז אַרויס און טראָגט עס מיט דער זאַמדיקער גאַס צוריק צום פעלד, ווו ס׳וואַרטן דאַרטן אויף אים אין דער אָפענער גרוב

די ביינער פון זײַן טאַטן — אײַנגעוויקלטע אין איר לײַוונטענעם פאַר־טעך. זי טראָגט אין דער נאַכט איר קינד — די שײַן פון אירע אויגן, דאָס קול און דעם ניגון פון איר לעבן — צו די עטלעכע פאַרקוילטע ביינער פון איר מאַן, צו נחומקען, וואָס זי האָט אַ מאָל טאַקע געטראָפן דאָרטן אויפן פאַרוואָרפענעם וואַלדוועג אַ צעממיתטן און אַ פאַרווייעטן מיט זאַמד אונטער דער יאָדלע ליגן.

איר פאָרן דעמאָלט מיט יענעם פאַרוואָרפענעם וועג איז געווען אַ גרויסע אײַנשטעלעניש. ס׳האָט זי ניט נאָר אין אַ זײַט און ווײַט פון איר דאָרף און פון איר היים פאַרפירט, נאָר דאָרטן, אין יענעם ווינקל, בײַ די באַליאַרקער זומפן, איז דער וואַלד פול געווען מיט יענע, וואָס האָבן אויף דער מלחמה ניט געוואָלט גיין און זייערע קעפּ ניט געוואָלט לייגן פאַר ניקאָלײַ דעם בלוטיקן. די מענטשן דאָרטן, אין די וואַלדהייל, אַרויסגעריסענע פון זייער לעבן, זענען בייז און ביז גאָר פאַרביטערט געוואָרן און צווישן זיי האָבן זיך שוין אויך אַרײַנגעכאַפּט יענע לײַט, וואָס לעבן פון אָנפאַלן און גזלה, און בלײַבן בײַ דעם אויך ניט שטיין. אַפילו פּאָליציי האָט די באַליאַרקער זומפּן אויסגעמיטן און פאַרבײַגעפאָרן.

און דערצו איז שוין צום סוף טאָג געווען, — די זון, די גרויסע האַרע־פּאַשניצע פון דער וועלט, שוין אַ מידע, האָט געהאַלטן בײַם זעצן זיך; דער גאַנצער אַרום איז אין אַ הייס־גרויליקער שטילקייט געשטאַנען, אַפילו די רעדער אינעם שיטעווודיקן זאַמד האָבן זיך געקײַקלט אָן אַ מינדסטן קלאַנג; דער שפּאַק, דער טונקל־גרויער אָגער מיט די ווײַסע עפּל, האָט געוואָרפן פון צווישן די גרין־געפּאַרבטע אויסגעבויגענע דישלען די אומרויק־דינע פיס אין דער לופטן, ווי ער וואָלט געשוווּמען איבערן אָנגעגליטן וועג; שוין וואָכן ווי קיין טראָפּן רעגן איז ניט געפאַלן. דער טוי, די ברכה פון די נעכט, האָט זיך אָפּגעטאָן פון דער ערד. אויף די פעלדער, פאַרזייטע מיטן לעצטן ביסן פון מויל, געשפּאַנט אין אַקער זקנים, ווײַבער און קינדער, — די מאַנצ־בילן זענען אויף דער מלחמה פאַרטריבן געוואָרן — אויף אַט די פעלדער האָט געגוסטט די גרינקייט, ס׳האָבן געגעלט און געקוואַרט די זאַנגען; אויף די טאָלעקעס האָבן די בהמות ביז בלוט זיך צעריבן די ליפּן און גערע־וועט מיט רויט־אָנגעגאָסענע אויגן; די וואַסערן זענען אַוועק ווײַט פון די

ברעגן, דער סאָלאָוויי האָט געשוויגן, נאָר די פּרעש האָבן געקוואַקעט אין דער וואַרעמער סליאָטע.

אין יענעם סוף טאָג, די פֿײַערדיקע ראָד קויקלט זיך פֿון די הימלבערג צו די וועלדער אַראָפּ, אין דער הייס־גרויליקער שטילקייט, אַליין צווישן די פֿאַרטריקנטע פֿעלדער, גייט איר איבערן האַרצן אַ האַרטער טרויער, וואָס דראַפּעט איר ביז בלוט די נשמה און איינצײַטיק, נאָך די דרײַ טעג טאַנצן אויף דער חתונה, רוישן אין איר אַלע בלוטן — אַחוץ דער מומע ליבע האָט קיינער פֿון די באַיאַרס ניט געטאַנצט מערער און שענער און שטאַרקער פֿון איר, פֿון סטיסיען; אין יעדער „שער" און אין יעדער „פֿריילעכס" איז זי ווי אין אַ רוישיקן טײַך פֿון פֿרייד אַרײַן. און פּלוצעם, ווי זי וואָלט אַ קול פֿון וואַלד דערהערט, אויף אַ רגע פֿאַרקילט געוואָרן, נאָר גלײַך אַ לײַכטן, טאַקע קוים־קוים אַ צי געגעבן פֿאַר דער רעכטער ווישקע, האָט אויך אויף דעם שפּאַק די פּעל, די טונקל־גרויע מיט די ווײַסע עפּל, אַ ציטער געטאָן, אָבער באַלד דעם מיין און דעם ווילן אירן דערפֿילט, אַ קאָסע געגעבן מיטן לענגלעכן קלוגן אויג, פֿונעם פֿעלדוועג אין וואַלד אַרײַן און מיט יענעם פֿאַרוואָרפֿן־געפֿערלעכן, שוין פֿאַרוואַקסענעם וועגל שטיל, מיט אַנגעשטעלטע אויערן, טראָט בײַ טראָט געגומען גיין.

און הגם זי האָט געוווּסט, סטיסיע, אַז פֿון הינטער די הויכע סאָסנע־שטאַמען, וואָס שווענקען זייערע גרינע קעפּ אין דער שקיעה, קוקן שוין אויף איר יענע, וואָס באַהאַלטן זיך דאָ אויס פֿון אַ פֿרעמד אויג, דערווײַל זענען זיי נאָך דאָרטן געפֿלעפּט און פֿאַרחידושט: אַ פֿרוי זאָל אַהער איינע אַליין און צו נאַכט־צו אַרײַנפֿאָרן; באַלד וועט אָבער זייער פֿאַרוווּנדערונג פֿאַר־בײַגיין און זיי וועלן צום וועג אַרויסלויפֿן און דעם שפּאַק פֿאַרן צײַמל אָנכאַפּן... אַוודאי איז עס געווען אַ גרויס אײַנשטעלעניש און אַ ווילדקייט צו פֿאָרן אַהער. דערצו נאָך, רעדט מען, אַז אין אָט דעם ווינקל וואַלד באַהאַלט זיך אויס דעם מילנערס זון, אַלעס לעוואַדאַ, וואָס פֿאַרן אַוועקגיין אויף דער מלחמה האָט ער מיט דעם סטאַראָסטעס טאָכטער, מיט דער שיינער קאַטע־רינאַ, חתונה געהאַט און שפּעטער, אַז מ'האָט אים, אַלעסן, אַ קאַליקע פֿון דער מלחמה געבראַכט, אין דער אויסגעגנייטער העמד, די הענט צונויפֿגעלייגט אויפֿן האַרצן, אַן אויסגעוואַשענעם און צוגעקעמטן, אונטער די איקאָנעס

אַוועקגעלייגט; די ערשטע טעג, אין די אָוונטן, האָט נאָך דער פאָטער פאַר די איקאָנעס אויף די קני זיך געשטעלט און פרום און לאַנג זיך געצלמט; אויך זי, קאַטערינאַ, — פאַר דער צײַט נאָך געזונטער און שענער געוואָרן — איז פון מאָל צו מאָל אַרײַנגעקומען און דעם קאַליקע מיט עפעס וואָס געהאָלפן. דערנאָך איז ער שוין, אָלעס, אונטער די איקאָנעס, אונטער דער ברענענדיקער לאַמפאַדע, אַליין געלעגן און נאָר די מוטער, אַן אײַנגעפאַלענע און אײַנגעדאַרטע, מיט רויטע אויגן, פלעג לעבן זון, מיטן אַראָפגעלאָזטן קאָפ, אַ שווײַגנדיקע זיצן.

נאָר אין איינער אַ נאַכט, אין דער צערוישט־האַרבסטיקער, אין דער פינצטער־פינצטערער, מיט די קאָסע רעגנס, האָט זיך דער קאַליקע צו דער מיל דערקליבן, געטראָפן דאָרטן קאַטערינען מיט זײַן טאַטן אונטער איין פעלץ שלאָפן און זיי ביידן מיט דער האַק דערהרגעט. ער באַרויבט קיינעם ניט, דער קאַליקע. ער הרגעט נאָר גרויבערדיקע מענער און יונגע פרויען.

און דאָך, הגם זי האָט עס גוט געוווּסט און די סכּנה קלאָר פאַר זיך געזען, מיט גרויס אומרו דורכגענומען געוואָרן, געאָטעמט שווער מיט די זיס־ביטערע טמיך־ און פאָלין־ריחות; מיט אַ מין שרעק זיך צוגעהערט ווי אין דער הייס־שקיעהדיקער וואַלד־שטילקייט לאָזט זיך פון מאָל צו מאָל הערן דער אויס־געבענקט־צאַרטער פײַף פון דער איוואָלגע, וואָס האָט שוין בײַם געזעגענען זיך מיט איר נעסט אין דער הייך, מיטן וואַלד, און מעגלעך שוין גאָר מיטן לעבן, ווײַל ווער ווייסט צי אירע פליגל וועלן זי דערטראָגן צוריק אַהין, צי זי וועט ערגעץ ווו אויפן וועג ניט אַראָפפאַלן און אפשר שוין גאָר דאָרטן, אויפן ברעג פון איר אַלטער היים, אומקומען. און שוין גאָר מיט אַ פאַר־טײַעטן פּחד געקוקט ווי אויף דער אויסגעברענטער לאָנקע, צווישן די פאַר־געלט־ווײַסע גראָזן, אויף אַ בערגעלע זאַמד, בליט אַן איין־און־איינציק קווייטעלע און מיט אַזאַ בונטזאַפטיקן צוויט... און אויפן פערד האָט נאָך ניט אויפגעהערט די פעל צו ציטערן — די ווײַסלעכע עפל יאָגן אים איבערן שוואַרץ־געוואָרענעם רוקן, די אָנגעשפיצט־ראָזלעכע אויערן באַוועגן זיך נאָך אָנגעשטרענגטער — און שטעלט איבער די פיס נאָך געהיטער; זי קאָן נאָך, סטיסיע, דורך דער לאָנקע, אַרום דעם ווונדער־בליִענדיקן קווייטל, פאַרקע־רעווען און צוריק פון וואַלד אַרויספאָרן. נאָר זי פאַרלייגט די ווישקעס אויפן

פליגל פון שאַראַבאַן און לאָזט דעם אָגער ווײַטער אַזוי גיין איבערן וועג, וואָס פאַלט שוין אין טונקלקייט אַרײַן, ווי זי וואָלט איר ווײַטערדיקן גורל איבערגעגעבן צו גאָטס באַשעפעניש, צום שפּאַק, וואָס איז מיט כּוח און פאַרשטאַנד געבענטשט, — ער האָט זי שוין איין מאָל פון אַ טויט־געפערלעכן אָרט אַרויסגעפירט. זײַנע אָנגעשפּיצטע אויערן, דאָס ציטערן פון דער פעל, דאָס איבערשטעלן אַזוי געהיט די פיס, באַווײַזט, אַז דער שפּאַק ווייסט וווהין ער איז מיט איר אַרײַנגעפאָרן.

און אויב די סכּנה וועט שוין פון הינטער די יאָדלעס אַרויס, וועט זי דעמאָלט דעם אָגער פון די האַלאַבליעס אויסשפּאַנען, דעם וואָגן וואַרפן, זיך רײַטנדיק אַרויפכאַפּן און ער וועט זי שוין פון וואַלד אַרויסטראָגן. דער פערד איז דאָך אויך אומגעריכט צו איר געקומען. פלוצעם גייט אַ מיליטערישע טייל פונעם פראָנט דורכן דאָרף. ניט אָפּגעשטעלט זיך און אַפילו צו די קרעניצעס נאָך וואַסער ניט געלאָפן, נאָר מיט אַ מאָל האָט איינער אַ צע־קאַליעטשעט־פאַרוווּנדיקט פערד, הויט און ביינער, די אויגן פאַרקיסנעט, אויפן הינטערשטן פוס האַלט זיך שוין קוים די קאָפּעטע, אין הויף אַרײַנ־געשלעפּט, און פון שטאַל די קאַשטאַנקע, די צוויי־יאָריקע קאַרע לאָשיצע אַרויסגעפירט און אויף איר אַוועקגעריטן. ניט דער טאַטע, ניט די ברידער האָבן געוואָלט מיט דער פּגירה צו טאָן האָבן — אַזאַ פירט מען שוין אין וואָגן צום פעלשינדער, אָדער מ׳פירט עס אַרויס אין וואַלד פאַר די וועלף; נאָר זי, סטיסיע, האָט גענומען דעם פערד אַרומגיין, מיט אַלערליי שמירעכצן שמירן, געוואַשן און גערייניקט, אויף די פעטסטע פּאַשע־וויהאַנעז געהאַלטן, מיט האָבער און גערשטן אונטערגעפיטערט, און דער אָגער האָט אין אַ האַלב יאָר אַרום אויפן פערטן פוס זיך געשטעלט, מיט לײַב זיך אָנגענומען, אַ פײַער אין די אויגן באַקומען, די פעל אין איר קלאָר אַרײַן — טונקל־גרוי אין ווײַסע עפּל; זי האָט דעם אָגער דעם נאָמען שפּאַק געגעבן און ער איז איר געטרײַ און איבערגעגעבן געוואָרן, פאַרשטייט איר יעדער תּנועה, איר יעדער קער און ווענד. זי קאָן זיך אויף איר שפּאַק פאַרלאָזן — ער וועט מיט די ציינער און אויף די הינטערשטע פיס זיך שטעלן און מיט די קאָפּעטעס אויף אירע אָנפאַלער גיין.

פון ערגעץ דאָרטן ווו די זון — ס׳האָבן שוין אין איר אָפּגעבושעוועט

אַלע פּײַערן, שוין אַ געשטילטע, אָן אָנגעהאָרעוועטע — זעצט זיך צווישן די ביימער אויף דער ערד, וואָס עטעמט שווער פון היץ און פון דאָרשט; פון דאָרטן גייט מיט אַ נאָכקול איבערן גאַנץ וואַלד, שוין צום צווייטן מאָל, אַ שאַרף־אָפּגעהאַקטער פּײַף, ווי צו עמעצן אַ רוף און אַ וואָרענונג! נאָר זי פּאָרט ווײַטער, סטיסיע, ווײַל זי גלייבט מיטן גאַנצן האַרצן, מיט דער גאַנצער נשמה, ווי נאָר אַ באָיאַר קאָן גלייבן: ביזן סוף, ביזן דנאָ, ביזן לעצטן טראָפּן בלוט — אָן אַ שאָטן און אָן אַ וואַקל, זי גלייבט אינעם חלום, וואָס זי האָט געזען נעכטן פאַר טאָג, ווי נאָר דעם קאָפּ אויפן קישן אַוועקגעלייגט. און ס'איז דאָך קיין חלום ניט געווען: זי איז נאָך פונעם טאַנצן און פון די אויסגעטרונקענע, ניט געציילטע, קעלישיקלעך בראַנפן ניט אָפּגעקילט געוואָרן; נאָך מיט אָפענע אויגן צום אָפענעם פענצטער געלעגן — איבערן שפּיץ טאָפּאָל האָט גענומען שאַרי׳ען; דאָ האָט זי אים, דעם עלטערזיידן דערזען און באַלד זײַן קול אין איר אויער דערהערט. ס'האָט גערעדט צו איר דער לעבעדיקער, דער הונדערט דרײַצן יאָריקער זרחל באָיאַר. ער האָט איר געהייסן פאָרן צו די באָליאַרקער זומפּן, ווו ס'איז בײַ אים אַ מאָל אײַנגעזונקען געוואָרן פערד־און־וואָגן... זי זאָל פאָרן צו יענעם ווינקל וואַלד און קיין מורא ניט האָבן. גאָט וועט זײַן מיט איר. דאָרטן בײַ די באָליאַרקער זומפּן וועט זי בײַם וועג אַ צעבראָכענעם קריגל געפינען. טאָ זאָל זי צונויפנעמען די שערבלעך, זיי צונויפשטעלן און וואַרטן ביז דער קריגל וועט זיך אָנהייבן אָנפילן מיט לויטערן האָניק... — האָט זי זיך תּיכּף אויפגעהויבן, קיינעם קיין וואָרט ניט געזאָגט, דעם שפּאַק אײַנגעשפּאַנט און פון דער חתונה צו די באָליאַרקער זומפּן אַוועקגעפאָרן.

און טאַקע בײַ די באָליאַרקער זומפּן, וואָס ווייען מיט פּוילנדיקגעווירצטע, מיט יוירנדיק־שיכּורע ריחות, שוין בײַ דער זיך־לעשנדיקער שקיעה, האָט דער שפּאַק זיך אָפּגעשטעלט, שטיל אַ הירזשע געטאָן, ווי איר צו וויסן געגעבן: ווײַטער איז שוין קיין וועג ניטאָ: איז זי פון וואָגן אַראָפּ און באַלד אַ כריפּען דערהערט; זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער יאָדלע און דערזען אַ מענטשן האַלב אין זאַמד ליגן. דער מענטש האָט געכריפּעט אַקוראַט ווי שׂימחה בשעת מ'האָט יענעם אויפן וואָגן אַהיים געבראַכט. דער מענטש איז געווען שווער צעשלאָגן. מ'האָט אים אַהער אַ צעממיתטן בײַם וועג אײַן

זאַמד אַוועקגעלייגט — אָדער ער וועט דאָ אויסגיין, אָדער עמעצער וועט אים פון דאַנען צונעמען, הגם קיינער האָט ניט געקאָנט גלייבן, אַז עמעצער זאָל דאָ אַפילו בײַ טאָג דורכפאָרן.

דער מענטש אונטער דער יאָדלע, ניט ווײַט פון די אַלטע און טרוכלע בערעזע־פּניאַקעס, אַרומגעוואַקסענע מיט קוסטעס, ווו ס'קאָנען זיך אויך גיפטיקע שלענג טרעפן, איז אויפן רוקן געלעגן, די באָרוועסע פּיס אויסגע־צויגן, אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן, די פאָרדאָרט־הויטיקע שוואַרצע קני און עלנ־בויגנס אין דרויסן, דער געדיכט־האָריקער קאָפּ ביז די אויערן אין זאַמד, דעם פּנים ניט צו זען, נאָר אין די צוויי אויגן־שפּעלטלעך, פונעם שטויב אַרויס, לעשן זיך די לעצטע ברעקלעך שקיעה, וואָס דערשלאָגן זיך נאָך אַהער דורך די גרין־נאָדלדיקע קרוינען. האָט זי אירע שיך אין וואָגן אַרײַנגעוואָרפן, אויף די שפּיץ פינגער זיך לעבן אים צוגעזעצט און זײַן קאָפּ אויף איר האַנט פונעם זאַמד אונטערגעהויבן:

— ווי רופט מען אײַך?

די אויגן־שפּעלטלעך האָבן אָנגעהויבן בײַ אים ברייטער ווערן, ווי געוואָלט פאַרשטיין, וואָס מ'רעדט צו אים, אָדער ווי געוואָלט דעם אמתן נאָמען זײַנעם זיך דערמאָנען. דערווײַל האָבן ווידער צוויי שאַרף־אָפּגעהאַקטע פּײַפן פון קעגנאיבערדיקע ווינקלען זיך צו איר דערטראָגן, האָט זי אויף זיי אָפּגעענטפערט, סטיסיע, מיט אַן אומרויקן קלאַקאַטשע פון אַ וואַלדשנעפּ אין בין־השמשותדיקן הימל, און נאָך אַ מאָל בײַ אים געפרעגט:

— ווי רופט מען אײַך?

ענדלעך האָט זי דערהערט:

— נאָום...

— נחום?

און דאָ דערפילט זי ווי זײַן קאָפּ אויף איר האַנט טוט אַ שאָקל אויף יאָ.

— איר וועט קאָנען זיך אויפהייבן?

זײַנע אויגן האָבן נאָך ברייטער זיך אויף איר צעעפנט און זי האָט אין זיי דערזען דעם פאַרנאַכטיקן שאָטן פון דער ערד. פון טײַך האָבן זיך וועסלע־פּליעסקן דערהערט — צוויי שיפלעך זענען פונעם געדיכטן אָטשערעט אַרויס. האָט זי שוין מער בײַ אים ניט געפרעגט און שוין אויך מער ניט געטראַכט

וואָס און ווי אַזוי וויַיטער צו טאָן: זיַין רעכטע האַנט אַרום איר האַלדז פאַר־וואָרפן, מיט איר לינקער ביַי די לענדן אים אַרומגעכאַפּט, פון דער ערד אים אויפגעהויבן און גענומען מיט אים צו דעם וואַסער אַראָפּנידערן. דאָ האָט פּלוצלינג אַ שפּאַרבער — ס׳איז אים גרינג לויטן עק און לויטן ברייטן פּאַך פון די פליגל צו דערקענען — אין די ראָרן זיך אַראָפּגעלאָזט, ווי אַריַינ־געפאַלן אַהין, און באַלד פון דאָרטן אין די נעגל אַרויסגעטראָגן אַן ענטעלע; האָט די מוטער, די קאַטשקע, זיך אויך פונעם ראָר אַ וואָרף געטאָן אין דער לופטן אויפן שפּאַרבער, און דאָס קינד אירס פון זיַינע נעגל אַרויסגעשלאָגן. דאָס ענטעלע איז אָבער שוין מיט צעשפּרייט־רויטע פליגעלעך אויף אַ קוסט געבליבן ליגן. די מוטער האָט זיך אַ פּאָר מאָל מיט אַ געשריי איבערן ביימל דורכגעדרייט און צוריק אין אָטשערעט אַריַין. ביַי סטיסיען האָבן זיך פון דעם שיַער די פיס ניט אונטערגעבראָכן, הגם גוט געוווּסט, אַז אין וואַלד איז קיין רחמנות ניטאָ: אַ מאַרדער קאָן אין אַ ווינטערדיקן טאָג אָנפאַלן אויף אַ וועווריקל, וואָס שלאָפט אין זיַין וואַרעמער נעסט, עס אויפעסן און אַליין אויף יענעמס אָרט אינעם דופּלאָ פונעם אַלטן בוים זיך שלאָפן באַלייגן.

דער שפּאַק האָט צו איר ווידער אַ מאָל אַ שטילן הירזשע געטאָן, אַפילו זיך פון אָרט מיט דער בריטשקע גערירט, ווי געוואָלט זי פאַרהאַלטן און ניט לאָזן גיין אַהין, ווו אויפן קעגנאיבערדיקן ברעג טיַיך, מיט די ווענטקעס אין די הענט שטייען מענטשן, ווי טונקעלע ווערבעס, ביַי די שטיל־גייענדיקע, ביַי די נידעריקע וואַסערן. אָבער זי מוז אים דאָך אַרויספירן פון דאַנען, פון אָט די זאַמדן, פון אָט דעם הייס־רייכערנדיקן אַרום, ווו מ׳קאָן אים שפּעטער, ביַים צופאַלן פון דער נאַכט, אויף די זומפּן אַ וואָרף טאָן, ער זאָל דאָרטן אין אַנגסטן, אָן אויסוועג און האָפענונג, אַ דערשלאָגן־פאַרייַאוש־טער, פון די גרינע בלאָטעס אַיַינגעזויגן ווערן. און זי מוז אים דאָך אויך פריַער דעם גומען און דעם לײַב זיַינעם מיט וואַסער דערקוויקן, אים צו־זיך ברענגען, ווײַל אין אַזאַ פאַרחלשטן צושטאַנד וועט ער וויַיט ניט פאַרפאַרן.

זי באַמערקט גאָר ניט ווי די שקיעה ווערט גיך אויסגעלאָשן — אין די תּמוז־טעג געדויערט זי דאָך כּמעט ביז האַלבער נאַכט — די בערעזעס טונקלען זיך און די קרוינען נעמען רוישן: טאָקע פון דאָרטן, ווּהין די זון איז אַראָפּ, הייבן אָן גיין כמאַרעס. איבערן טיַיך, אָגרירנדיק מיט די פליגל

דאָס וואַסער, טראָגן זיך ווי צעמישטע די ברעגשוואַלבן, און אויף אַ לינדנ־צווײַג קרעכצן פון הייסע האָניק־ריחות די וואַלדטויבן.

אַ פײַערדיקער בליץ שנײַדט אָפּ אַ שטיק פונעם הימל און עמעצער דונערט דאָרט אין די הייכן פון ווייטיק. איבער די אויסגעקרימטע ברעגן, פון יענער זײַט די געדיכטע ראָרן, ברענען שוין כוואָראָסט־שײַטערס און ס'ווייעט מיט רויכיקער זשיווינצע. יענע צוויי שיפלעך, די „טשאָוונעס" — פון דעמבנשטאָם אויסגעהאָקט און אויסגעדליבעט, פאַרהאַלטן זיך אין מיטן טײַך און רופן זיך איבער, ווי די טעטרע־הענער אין די קאַיאָרן, מיט יענע, וואָס שטייען אין דעם רויטן אָפּשײַן פון די שײַטערס אויפן אַנטקעגנאיבער־דיקן ברעג מיט ווענטקעס אין די הענט — פאַר אַ רעגן גייען גוט די קאַרעשן און העכטן אויפן ערדוואָרעם.

און באַלד טיילט זיך איין שיפל אָפּ און נעמט זיך דערנענטערן צום אָרט ווו זי, סטיסיע, ביז האַלב מיטן אָנטאָן אין וואַסער, וואַשט און מינטערט דעם צעשלאָגן־פאַרחלשטן; דאָס צווייטע שיפל האַלט זיך פון דער ווײַטנס און פּאַטשט מיט דער ווערסלע איבערן טײַך. און די בליצן ווערן געשלענגלטער און שאַרפער, שנײַדן זיך ממש ביז די טיפסטע טיפן אין די הימלען אַרײַן און פון די דונערן בייגן די סאָסנעס די קעפּ אײַן און רוישן אויף די ווינטן, וואָס טרײַבן די כמאַרעס נידעריק איבערן וואַלד — אָט וועט אַ גאָס טאָן אַ שלאַקסרעגן: ס'פּאַלן שוין די ערשטע שווער־געבענטשטע טראָפּנס, צוגע־זאַלצענע, ווי די וואַלקנס וואָלטן אַהער פונעם ווײַטן ים פאַריאָגט געוואָרן.

דאָס שיפל איז שוין לעם איר אויפן ברעג און מיט דער האַנט צו דער־לאַנגען. זי הייבט ניט אויף דעם קאָפּ — פאַר אירע אויגן וויגט זיך איר לעבן, איר גורל, ווי די לויפנדיקע שאָטנס פון די כוואָראָסט־פלאַמען איבערן אויפגעברויזטן טײַך. און באַלד דערהערט זי — מ'זינגט:

> אוי, לעטילאַ זאָזולענקאַ פּאָנאַד מאָרע וו'גײַ
> טאַ פּוסטילאַ סיווע פּירצע או טיכי דונײַ*...

* אוי, געפלויגן די קוקאַווע איז איבערן ים צו דעם וועלדל
און פאַרלוירן אַ גרוי פעדערל אינעם שטילן דונײַ... (פון אוקראַאיניש).

און נאָכן אָפּבליצן און אָפּדונערן, קומט ווידער און אויך מיט אַ ניגון:

— דאָברי וועטשיר טאָבי, דיווטשינאַ מאָיאַ ליובאַ, — אַ גוטן־אָוונט דיר מיידל מײַנע, ליבע.

— דאָברי וועטשיר טאָבי, כאָזיאַין ליסאַ... — ענטפערט זי. — אַ גוטן־אָוונט דיר, בעל־הבית פון וואַלד.

— איך בין אַלעס לעוואַדאַ... געהערט?

— אַ יאָק זשע. דײַן נאָמען, ווי דער שטערן, לויכט ווײַט.

— ביסט געקומען אַהער, אין אָוונט פאַרן רעגן, הערן מײַן וואַלדליד?

— איך בין געקומען אַהער ראַטעווען דעם מענטשן. פאַר וואָס האָט איר אים אַזוי געשלאָגן? ער האָט דען אײַך שלעכטס געטאָן?

— ווער ביסטו און פון וואַנען? ביסטו אַ פּראַוואָסלאַוונע?

— ניין. אַ זשידאָווקע בין איך. פון ווערבינקע. דעם קאָוואַלס טאָכטער.

— און אַ מאַן אויף דער מלחמה האָסטו?

— ניין.

— ווו איז דײַן מאַן?

— כ'האָב ניט קיין מאַן.

— און פון וואַנען קאָנסטו אים?

— איך קאָן אים ניט.

— ווער זשע האָט דיר דאָרטן אין ווערבינקע דערציילט וועגן אים?

— אַ חלום האָט זיך מיר געחלומט און אַ קול האָב איך אין חלום געהערט: פאַר אַהין צו די באַליאַרקער זומפּן...

— און דו האָסט געגלייבט דעם חלום?

— געגלייבט מיטן גאַנצן האַרצן.

— און דו ביסט געפאָרן הונדערט ווערסט צו די באַליאַרקער בלאָטעס?

— געפאָרן אַהער הונדערט ווערסט צו די באַליאַרקער בלאָטעס און אים געפונען דאָ אין זאַמד אונטער דער יאָדלע.

און אַרום איר וויגן זיך שוין אויפן אויפגעכוואַליעטן טײַך דרײַ שיפלעך, וואָס וואַרטן אויפן קאַליקעס וואָרט. און דער, וואָס איז פריִער ווײַט געווען און מיט דער וועסלע איבערן וואַסער געשפּילט, זאָגט צום קאַליקע, וואָס פון שיפל שטעקט אים אַרויס נאָר דער קאָפּ:

— באַטקאַ לעוואַדאַ, וואָס רעדסטו מיט איר אַזוי פּיל? זי וועט דיר דערציילן, אַז אַדלערס זייגן ציגן.

— וווהין, באַטקאַ, זי פּירן, גלײַך אַהין... צי פּריִער אין קורין אַרײַן?

— באַטקאַ, וואָס שווײַגסטו? אַרכיפּ מאַיע ראַציו... — ער רעדט צו דער זאַך אַרכיפּ.

— אַ זשידאָוואַטשקאַ טאַ האַרנאַ טאַ גלאַטקאַ... — און די זשידאָווקע איז אַ שיינע און אַ גלאַטע.

— ניטשעהאָ נע סקאַזשעש, דאַראַדנאַ זשינקאַ... — ניטאָ וואָס צו זאָגן, אַ געראָטענע פרוי.

— נו, באַטקאַ, וואָס שווײַגסטו? דו הערסט ווי דער רעגן קלאַפּט שוין איבער די בלעטער? טשויעש, באַטקאַ!

קיין פּנימער זעט ניט סטיסיע. הייסע שווערע טראָפּנס באַשלאָגן זי. זי וואָלט ניט געקאָנט זאָגן צי דאָס זענען טראָפּנס רעגן, צי טראָפּנס טויט־שווייס. דער קאַליקע שווײַגט. פון די זיך לעשנדיקע שײַטערס אויפן אַנטקעגנ־איבערדיקן ברעג שיטן זיך פונקען אין וואַסער אַרײַן.

— באַטקאַ, טשויעש? דו הערסט?

— וווהין זי פּירן? זאָג?

— אין ערגעץ ניט. נע טשעפּײַטע! זאָל זי אים נעמען און פאָרן.

— באַטקאַ!

— ציט! צע מאַיאַ וואָליאַ!.. שטיל! דאָס איז מײַן ווילן!

— באַטקאַ, כאָט קאָניאַ דײַ... גיב אונדז כאָטש איר פערד.

— אי קאָניאַ נע דאַם, אויך דעם פערד וועל איך אײַך ניט געבן. זאָל זי נעמען איר חלום און אים טראָגן! זי איז אָדער אַ משוגענע, אָדער אַ הייליקע. זאָל זי גיין פון דאַנען מיט איר ווילדן חלום. נעם אים און גיי... גיכער!

און זי האָט ניט אָפּגעגעבן די באַיאַריכע, סטיסיע, איר קינד די באַגרעבערס און אַליין מיט דעם פון דער טשערנאָבילער קלויז אַרויס און געטראָגן עס מיט דער זאַמד־גאַס צוריק אַהין, צום הייליקן אָרט, ווו ס׳וואַרטן אויף איר דאָרטן די עטלעכע פאַרקוילטע ביינער פון זײַן טאַטן, פון איר מאַן, פון איר גרויסן חלום, וואָס ליגט אין דעם אָפענעם קבר אײַנגעוויקלט אין דעם ווײַסן פאַרטעך און הייבט אָן פאַרווייעט צו ווערן מיט שניי.

איבערן שטעטל קלאַפּן און קלינגען שוין אין שעפּטלס קוזניע די האַמערס: מ׳שמידט אויף די קאָוואַדלעס לאַנגע שפּיזן און קורצע מעסערס און פון אַלע פיר זײַטן ברענען שײַטערס — מ׳שטייט שוין דאָרטן מיט ביקסן אין די הענט. און ווײַט ערגעץ רײַסן זיך סנאַריאַדן — ציטערט דאָ די ערד. און אין נאָענטן דאָרף, אין מאָהילני, הוליען נאָך די באַנדיטן מיט זייער באַטקאָ־אַטאַמאַן, מיט זיראַ־זירקאָ.

די דרײַ פאַררייכערט־קברנימשע לאַמטערנס און די שיבעה־ליכט פון די פענצטער אַרויס און אויך די פײַערן פון די שײַטערס, וואָס וואָרענען פון אַ נײַער סכּנה, טראָגן זיך נאָר אַדורך מיט די ווינטן, כאַפּן אויף אַ רגע אַרויס אַ שטיק שוואַרצן וועג, פאַרשלאָגן און פאַרבלענדן די אויגן און דערמאָנען איר, סטיסיען, אין יענע שײַטערס, וואָס האָבן געפלאַקערט לענג־אויס דעם טײַך בײַ די באָליאַרקער זומפּן און באַלויכטן דאָס שיפל מיטן קאַליקע, מיט אַלעסן, בײַם אויפגעכוואַליעטן ברעג, ווו זי איז געשטאַנען מיטן אָנטאָן ביז האַלב אין וואַסער און געמינטערט דעם צעממיתטן נחומען. פון אָט דעם נאַכטיקן שײַן־פלאָנטער איז זי שוין איין מאָל שיִער ניט אומגעפאַלן. דניאלקע מיט יצחקן האָבן זי בײַ צײַטנס אונטערגעהאַלטן. בײַם געהרגעטן קינד איז דערבײַ פון פיסל אַ שטיוועלע אַראָפּגעפאַלן. האָט זי געוואַרט ביז מ׳האָט דאָס שטיוועלע אָנגעטאָן און ווײַטער עס צום פעלד געטראָגן.

און די לוויה, הגם ס'איז שוין אין די שפּעטע שעהען פון דער נאַכט, די צווייטע הענער וועלן באַלד קרייען, ווערט דאָך ניט קלענער און אַלע וואָס זענען פריִער אין דער טשערנאָבילער קלויז און אַרום אַרון־קודש געשטאַנען און אויפן גרויסן נס פון הימל געוואַרט, גייען אַלע מיט איר צום בית־עלמין: אַוודאי, וואָלטן דאַרטן די עטלעכע פאַרקוילטע ביינער ניט געלעגן אין דעם אָפענעם קבר, וואָלט מען דאָס קינד איבער נאַכט אַוועק־געלייגט אין טהרה־שטיבל. דערצו נאָך לויפט איבער דער ערד אַ ווײַסער שטויב און ס'קאָן צעשפּילן און צעבושעווען זיך אַזאַ זאַווייע, אַז די גרוב זאָל פאַרשאָטן ווערן. ניט ווײַט פונעם הייליקן אָרט, נעמט יצחק איבער בײַ סטיסיען דאָס טויטע קינד:

— די טירלעך פון אָרון־קודש זענען פאַרבליבן אָפן?

— דאָרט איז פּוסט, ר' יצחק. ניטאָ דאָרטן וואָס צו פאַרמאַכן.

— אַ טיר, וואָס מ'קאָן ניט פאַרמאַכן, טאָר מען ניט עפענען!

— וואָס מיינט איר דערמיט?

ער ענטפערט ניט, דער דערצאָרנט־אויפגעטרייסלטער אַלטער באַיאַר, שפּאַנט נאָך די דרײַ לאַמטערנס, וואָס די קברנים פאַרשטעלן פונעם ווינט מיט די פאָלעס. ער האָט שוין אַ מאָל אַזוי געטראָגן איבערן בית־עולם זײַן אייניקל — חרותעס קינד... ער גייט צווישן די קברים־שטיבלעך, פאַרבײַ דעם קבר פון זײַן טאָכטער, פון רחלען, וואָס איז נאָך אין יענע טעג, בעת די צאַרישע פּאָגראָמען, געקוילעט געוואָרן אויפן שוועל פון איר שטוב; פאַרבײַ דער שטיינערנער מצבה פון זײַן בכור, פון דניאל, וואָס האָט מיט איילפאַרבן אויף לײַוונט געוואָלט באַשאַפן נאָך אַ וועלט, זײַן אייגענע וועלט, און ער איז צעבראָכן געוואָרן און געפאַלן; פאַרבײַ דעם דעמבענעם שטיבל פונעם „שטילן זומער"... און דאָ, אין די ווינטן, דערהערט ער פלוצעם איר קול פון דאָרטן, פון אונטער דעם שטיבל אַרויס: „גאַטעניו, איך קלאָג זיך דען חלילה, איך פרעג נאָר, פאַר וואָס קומט עס אונדז?" מיט אָט די ווערטער איז זי דאָך, רבקה, „דער שטילער זומער", אַוועק פון דער וועלט.

ער נעמט שפּאַנען גיכער נאָך די דרײַ לאַמטערנס מיטן געהרגעטן קינד אויף די הענט. ער ווייסט שוין, יצחק באַיאַר, בײַם אַרויסגיין פון דער טשער־נאָבילער קלויז האָט אים עמעצער געזאָגט, אַז זײַן זון האָט מען אויף אַ פור

געבראַכט צו פירן אַ שווער פאַרוווּנדיקטן. ווידער? שוין דאָס דריטע מאָל... איצטער שוין פון דאָ־הי, פון די וועלדער, פון די פּאַרטיזאַנער. און אויך אַלע אייניקלעך זענען אַוועק צו די באַלשעוויקעס. וואָס טראָגן זיי די „גרויסע" פאַר יידן? — דער שניי ווייעט שוין ניט נאָר איבער דער ערד, נאָר שוין אויך פון אויבן. די זאַווייע שטאַרקט זיך. און פאַר וואָס האָט מען אים, אַברהמען, פאַרפירט ניט צו זיך אַהיים, נאָר גאָר אַהין צו, צו וועלוול ביילעס?

און צום ווײַטערדיקן שטוינען פון אַלעמען, האָט מען אויך פאַר דער קבורה, פון סטיסיען קיין קול ניט געהערט. זי האָט נאָר, אָן ווערטער, ניט געלאָזט יצחקן איבערגעבן דאָס קינד די באַגרעבערס, אַליין אין קבר אַראָפּ, פון זײַנע הענט דאָס קינד גענומען און פאַוואָלינקע און זייער געהיט לעם איר ווײַסן פאַרטעך מיט די פּאַרקוילטע ביינער אַוועקגעלייגט. געבליבן אַ פּאָר מינוט שטיין איבער זיי אָנגעבויגן, דערנאָך זיך שווער אויסגעגלײַכט און גענומען פון קבר אַרויסקריכן. און דאָ האָט מען דערהערט דניאלקעס קול:

— נעמט, נעמט, לייגט אויך אַרײַן מײַן מאַמעס בורנעסל... זאָל כאָטש דאָ בלײַבן פון איר אַ סליד... איך וויל האָבן וווהין צו קומען, דאָ וועט אויך זײַן איר קבר!

האָט סטיסיע בײַ קיינעם קיין דינים ניט געפרעגט, דער מומע ליבעס בורנעסל גענומען, צוגעדעקט מיט דעם איר קינד, און שוין מער זיך אויף אַ רגע דאָרטן ניט פאַרהאַלטן. פון קבר אַרויס, אויסגעטאָן פון זיך דעם לײַביק, אָנגעטאָן דניאלקען, פאַר דער האַנט גענומען און פון בית־עולם צו וועלוול ביילעס הויף אים אַוועקגעפירט. ניט געוואַרט אַפילו ביז מ'וועט דעם קבר פאַרשיטן, ביז עמעצער וועט דאָרטן אינעם ערשטן שניי, אויפן פראָסט, איבערן פרישן בערגל ערד, אָנהייבן צו זאָגן דעם יתגדל ויתקדש... ניין, נאָכן אָפּשטיין דאָרטן מיט אַזאַ גלויבן און ציטער, מיט אַזאַ האַפענונג און פאַרגליווערטקייט, אין דער טשערנאָבילער קלויז בײַם אָפענעם אָרון־קודש, ווו איר געהרגעט קינד איז געלעגן צווישן די צוויי גאַנץ־געבליבענע ספר־תורות... אַ מאָל איז ער געווען אַ באַשאַפער פון וועלטן, אַ מאָל איז ער געווען אַ גאָט פון לעבן. הײַנט איז ער אַ גאָט פון טויט.

זי דאַרף ניט דעם יתגדל ויתקדש...

און דערצו נאָך, נעמענדיק פון דניאלקעס הענט דער מומע ליבעס בורנעסל און דערפילנדיק ווי פונעם יינגל שלאָגט אַ היץ, ווי ס'טרייסלט אים, האָט זי אים געוואָלט וואָס גיכער אין אַ וואַרעמער שטוב פאַרפירן, אויף אַ געלעגער אַוועקלייגן און דאָס האַרץ אים אונטערלענען — שוין באַלד אַ מעת־לעת אין מויל ניט געהאַט. און דער עיקר, ווי נאָר ער וועט אײַנשלאָפן, וועט זי שוין קאָנען זיך לאָזן גלײַך אַהין, און דאָרט וועט זי שוין איר צווייטע, — די סאַמע וויכטיקסטע שליחות פון איר לעבן — אויספירן און אויספילן.

און זי פירט אים, דניאלקען, צו דער נאָענטסטער שטוב, און מיטן קירצסטן וועג, צו גבריאלס צוויי זין, צו אירע אַמאָליקע שוואָגערס, צו וועלוולען און נפתּלין, וואָס האָבן דאָ ניט ווײַט פונעם הייליקן אָרט, איבערן שליאַך, זוי אויסערן שטעטל, אויפגעשטעלט, נאָכן פאַרטריבן ווערן פונעם דאָרף, אַ גרויסן הויף, אַקוראַט אַזאַ ווי בײַ דעם טאַטן זייערן אויפן כוטאָר: מיט שטאַלן, אַמבאַרן, קושאַרעס און פירן ווײַטער דעם ברייטן האַנדל מיט פּי, לײַן, קאַנאָפּליעס, וואַלד און שוין אויך מיט רויכוואַרג, וואָל, שאָפן־ און רינדן־פעל. דער דריטער ברודער, זײַנוול, האָט נאָכן טאַטנס טויט, נאָך יענעמס פאַלן מיט דער האַק אין דער האַנט, אַנגענומען בײַם ברונעם מיט די דרײַ אָלכעס אַ טאַרבעלע ערד און איז מיט ווײַב און קינדער אַוועק קיין אַמעריקע, ערגעץ אויף יענעם אינדזל, בײַם ניאַגאַראַ־טײַך, וואָס מרדכי־עמנואל נח האָט אַ מאָל אָפּגעקויפט און געוואָלט גרינדן אַן „אַנטרינונג־היים" פאַר אַלע געפּלאָגטע און געיאָגטע ייִדן... ס'איז דאָרטן אַפילו געלייגט געוואָרן אַ גרונטשטיין פאַר אַ קרוינשטאָט בײַ אַ פײַערלעכער צערעמאָניע: ס'האָבן געשאָסן קאַנאָנען, און קריסטלעכע גײַסטלעכע האָבן דערבײַ אָנטייל גענומען און אויך אַמעריקאַנער אינדיאַנער, וואָס מרדכי־עמנואל נח האָט זיי געהאַלטן פאַר די פאַרלוירענע צען שבטים פון ישׂראל... דאָרטן האָט זיך זײַנוול באַיאַר אויף ערד באַזעצט, אַ שטוב מיט די אייגענע הענט געבויט, דאָס פעלד גע־אַקערט און געשניטן — אַ פאַרמער געוואָרן. דערנאָך מיט פּי גענומען האַנדלען און שפּעטער שוין אָנגעהויבן צו בויען הײַזער, — נתעשר געוואָרן. עוסקט זיך בצרכי־ציבור, זאָרגט שטאַרק פאַר ייִדישקייט, איז מנדב אויף

ישיבות, שטעלט זיך שיין בײַם רבינס הויף, שיקט פֿאַר ארץ־ישראל; די קינדער זײַנע, זײַנוולס, — דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן. די אייניקלעך פֿאַר־שטייען שוין קיין ייִדיש וואָרט ניט, מ׳דערציילט זיי אויף ענגליש וועגן די פֿאָלעסיער וועלדער, וועגן דעם עלטער־זיידן.

אויך אַהער אין שטוב איז ניט אַרײַנצוגיין: אומגעוואָרפֿן און אָנגעוואָרפֿן. ס׳וואַלגערט זיך אונטער די פֿיס אַלצדינג וואָס ס׳איז אין קעשענע, אין דער פֿאַזוכע ניט אַרײַן, אין זאַק ניט געקאָנט אַרײַנשטופּן און צום זאַטל צובינדן, האָט מען געשניטן, געריסן, געהאַקט, צעזעצט, צעשלאָגן און צעפּיצלט. אויך דאָ, אין אָט דעם הויף פֿון די באַיאַרס, איז אַן איבערקערעניש: די שטאַלן האָבן געברענט, די ביימער אין סאָד ביז צו די וואָרצלען פֿאַרקוילט, אין מיטן הויף ליגן צוויי דערשטאָכענע אָקסן מיט אויפֿגעלאָפֿענע בײַכער און דער דערשאָסענער וואָלפֿהונט ליגט מיט די פֿאַדערשטע לאַפּעס איבערן דעכל פֿון דער בודע פֿאַרוואָרפֿן. די נאַכט ווערט ליכטיקער — די ערד הייבט אָן צו באַדעקט ווערן מיט שניי.

זי האָט אים, דעם שווײַגנדיקן, דעם קראַנק געוואָרענעם, דניאלקען, אַרומגענומען פֿאַר די אַקסלען און פֿילט ווי ער טוליעט צו איר אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער זײַן קאָפּ. אַוודאי וואָלט זי אים באַדאַרפֿט פֿירן ניט אַהער, נאָר צו מלכּהן. דאָרטן וואָלט אים געווען בעסער און היימישער. דאָרטן וואָלט פֿון אים מלכּה איר אויג ניט אָפּגעטאָן, אים דערוואָרעמט און אויסגעפּילנע־וועט. איר שטוב איז נאָך ניט אויסגעליידיקט און דער הונגער שטייט נאָך ניט בײַ איר שוועל: דער פּויער קאָן ווינטער אָן אַ היטל ניט גיין און מוז ברענגען דעם קירזשנער, הערש־לייבן, אַ מעסטל קאַרטאָפֿל, אַ טאָפּ מעל, אַ קוואָרט בוימל, אָבער זי דאַרף, סטיסיע, גיין אַהער, צו גבריאלס זין, ווו זי קאָן האָבן אַ גרויסע און שטאַרקע האָפֿענונג אויף דעם שוואַר־פֿאַרווונדיקטן אַברהם, אויף יצחקס זון, וואָס האָט געוויס געבראַכט מיט זיך פֿון וואַלד, פֿון די פּאַרטיזאַנער, געווער. און אויב אָט די אָ האָפֿענונג אירע וועט אויך אײַנ־געבראָכן ווערן, דעמאָלט וועט זי שוין דאָ אין אַלטן אַלמער זוכן יענעם שטאָלענעם מעסער מיטן געשניצטן הענטל פֿון העלפֿאַנטביין, וואָס גבריאל פֿלעג טראָגן אינעם אויסגעצירטן שיידל אַרויסספּאַרנדיק פֿון הויף. און אויב זי וועט יענעם שטאָלענעם מעסער אויך ניט געפֿינען, וועט איר קיין אַנדער

וועג ניט בלײַבן, ווי גיין אין שעפּטלס קוזניע און אַליין אויסשמידן פאַר זיך אַ קורצן מעסער.

און זי פירט אים דורכן אָפּגעסמאַליעטן סאָד מיט אַ פאַרטײַעט און פאַרקלעמט האַרץ: זײַן מאַמע האָט מיט זיך, מיט איר לײַב און לעבן, געראַטעוועט זי, סטיסיען, און אַליין אומגעקומען מיט אַזאַ שווערן טויט. דאַרף זי, סטיסיע, פאַר דניאלקען אַ מאַמע ווערן. אָפּגעבן אים איר לעבן. פון זײַן לויפן צוריק מיט עטלעכע טעג, אין מיטן דער נאַכט פון איר שטוב, האָט זי ניט געוואָלט טראַכטן. זי האָט אויף דעם נאָר געהויבן די אַקסלען. פאַרגעדענקט האָט זי נאָר וואָס נחומקע פלעג אויף דניאלקען זאָגן: בײַ די באַיאַרס וואַקסט אַ שיינער בוים, אַ יש... — און זי דאַרף אָט דעם שיינעם בוים העלפן אויסוואַקסן, און ניט געבן אים פאַרטריקנט ווערן. זי וועט עס אָבער ניט קאָנען טאָן. איר לעבן האָט שוין גאָר אַן אַנדער שליחות.

און זי הערט זיך צו ווי די האַמערס קלאַפּן איבער די קאָוואַדלעס אין שעפּטלס קוזניע און ווי די פאַרקוילטע ביימער ברעכן זיך אין סאָד, און אויך מיט אַ קלאַנג, אויף די שנייִיקע ווינטן. די שפּײַטערס פון אַלע פיר זײַטן פלאַקערן און שאַרעס פלאַמען צינדן די נידעריקע גרויע הימלען. דעם קבר האָט מען שוין מסתּמא פאַרשאָטן. אויפן פרישן בערגל ערד פאַלט יצחקס קדיש אין ערשטן שניי אַרײַן. וויפל ווערסט איז אַהין, צום דאָרף? אַ ווערסט פיר. די צווייטע העגער קרייען. האַלבע נאַכט. גוט וואָס די זאַווייע צעשפּילט זיך ניט און בײַ די ווינטן פאַלן די כּוחות.

און די שטוב דאָרטן, בײַ וועלוול ביילעס, איז פול מיט מענטשן, קאָפּ־אויף־קאָפּ און אַלע רעדן מיט די פאַרבײַלט־אָנגעגאָסענע הענט, און ניט נאָר די יונגע, אויך זיי, די ווײַסבערדיקע, שלאָגן איבער איינער דעם צווייטן, פאַלן אין יענעמס רייד אַרײַן. ס׳זידט דאָ מיט כּעס און צאַרן. מ׳וואָלט זיי מיט גאַרנישט ניט געקאָנט שטילן און טרייסטן, ווײַל פון טרייסטווערטער וואַקסט נאָך מער דער טרויער און פון אַ צעבראָכן האַרץ שיטן זיי זיך סײַ ווי סײַ גיך אַרויס. זי כאַפּט אָבער באַלד אויף פון וואָס ס׳קאָכט זיך דאָ אַזוי: די יונגע ווילן שוין גיין און אָנפאַלן אויפן דאָרף ווו ס׳הוליען די זיראַ־זירקאָווצעס, און די עלטערע, די באַיאַרטע, פרעגן: מיט וואָס וועט איר גיין, מיט די זעקס ביקסן און מיט די פיר גראַנאַטעס? דאָס איז אפשר געניג

דאָ, אויף אָנצושרעקן און אָוועקצוטרײַבן. און אויף וועמעס הענט וועט דאָ בלײַבן דאָס האַלב־חרובע שטעטל, אויף די זקנים און אַלמנות? — דער לאָמפּ אונטער דער סטעליע וויגט זיך אין אַ באַזילבערטן וואָלקן רויך פון ייִאוש און גלויבן. אונטער די פּיס טײַעט דער שניי, וואָס האָט אין זיך דעם ריח פון די ערשטע פרייִאָריקע וואַסערן.

אין די אויגן וואַרפט זיך איר, סטיסיען, די אויסגעבונדענע רויטע באַנדן אויף די פּעלצלעך און די אויסגעשניטענע און צו די היטלען צוגענייטע פינפשפּיציקע שטערן; אויבן אָן, בײַם טיש, אַ פאַרוואַקסענער, די באָרד אַ לאַנגע און אויך אַ שמאָלע, ווי בײַ זײַן טאַטן, בײַ יצחקן, נעמט רעדן אַברהם באָיאַר, וואָס מ'האָט אים געבראַכט פון וואַלד צו פירן אַ שווער פאַרווונדיקטן. שוין דאָס דריטע מאָל. פריִער, צוריק מיט יאָרן, האָט מען אים געבראַכט פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, דעמאָלט איז ער געשפּרונגען אויף די מיליצעס אינעם קורץ־פאַרדאַרטן שינעל, אַ האַלב־באָרוועסער, הויט און ביין — אַ שאָטן מיט האַלב־־פאַרמאַכטע אויגן, מיט אַ צעקאָטשמעטער באָרד, מיט ווײַס־איבערגעטריקנטע ליפּן, אַ פאַרשטויבטער געשפּענסט מיט אַ קאָקאַרדע אויפן שמויסענעם יאָלעם; און אויפן וועג צו טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן שוין געזאָגט גאַנץ פרי און פאַר נאַכט נאָך אים קדיש, איז ער אַרײַנגעשפּרונגען שוין נאָכן פאָגראָם אין שטעטל, ווו ס'האָט געלעבט זײַן שוועסטער און זי געטראָפן דאָרטן אויף דער שוועל שוין אַ טויטע ליגן.

און מיט יאָרן שפּעטער, שוין ניט פונעם ווײַטן מיזרח, נאָר שוין פון דאַנען, פון דער גרויסער וועלט־שׂרפה, אויך אַ שווער־פאַרווונדטער, האָט ער זיך געשלעפּט ווידער אויף די מיליצעס דורך שטעט און שטעטלעך, צעשטערטע און וויסט־געוואָרענע, דורך אַש און רויך און אומעטום האָבן געוואַנדלט און געוואָגלט ייִדן, קינד־און־קייט, אין די טויזנטער, אַרויסגעטריבענע פון זייערע דורות־אײַנגעזעסענע היימען, געטנעכטיקט בײַ די טײַכן, אין די טיפע טאָלן. און אָפט האָט ער געטראָפן אויף אַ געדיכט־פאַרשטויבטן בוים אַן אויפגעהאַנגענעם ייִדן — דעם שפּיאָן, דעם שולדיקן אין די אַלע מיליטערישע מפּלות — אַ ייִדן מיט אַ ווײַסער באָרד, מיט נאַקעטע ווײַסע פיס, אין דעם לאַנגן טלית־קטן. פלעג ער, אַברהם באָיאַר, שוין בײַ אַזאַ בוים זיך פאַרהאַלטן און בײַ דער נאַכט, מיט מסירת־נפש דעם הרוג־מלכות פון

דער תּליה אַרויסנעמען און אים מיט ערד צודעקן. דערנאָך וויַיטער גע־שפּרונגען מיט די מיליצעס איבער די פעלדוועגן ווו ס׳האָבן זיך געשלעפּט פורלעך מיט מתים — געפאַלענע און אויסגעגאַנגענע אויפן וועג, צום נאָ־ענטסטן בית־עולם. נאָך די עגלות, איבערגעדעקטע מיט שוואַרצנס, זענען זקנים געגאַנגען — הויפנס ביינער מיט ברענענדיקע אויגן, די פּנימער צום הימל, אויף אַ קול תּהלים געזאָגט און מיט די זיך־טרייַסלענדיקע שטעקנס אָנגעטאַפּט די ערד אונטער די פיס.

אויבן אָן, ביים טיש, מיט דער לאַנגער און שמאָלער באָרד, ווי ביי זיין טאַטן יצחקן, נאָר אַ פּעך־שוואַרצע, נעמט רעדן אַברהם באַיאַר מיט התפּעלות, מיט אַ מין ניט־ערדישן פייַער, ווי ער וואָלט געפינען דאָס אייביקע, וואָס דור־דורות יידן פאַר אים האָבן דורך אַזוי פיל גזירות און ליידן געזוכט:

— אַלע פעלקער וועלן פון איצט אָן, נאָכן נצחון פון דער סאָציאַליסטי־שער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אָנהייבן לעבן ווי ברידער, ווי איין משפּחה. אַלע פעלקער פון דער געוועזענער צאַרישער אימפּעריע...

— שיין... — שלאָגט אים עמעצער איבער. — דער לייב וועט זיך שוין אָנהייבן פּאַשען מיטן שעפעלע.

— הלוואַי, יידן, קרעפּלעך עסן.

— אַ לייב בלייַבט אָבער אַ לייב. קנאָבל האָט תּמיד איינעם און דעם זעלבן ריח.

— שלאָגט אים ניט איבער, — הייבט זיך אויף וועלוול באַיאַר, וואָס הייסט שוין דאָ אין שטעטל ר׳ זאב־וואָלף און באַמיט זיך מיט אַלע כּוחות צו פירן זיך און צו נאָכמאַכן אַלע תּנועות פון זיין טאַטן, גבריאלן. — לאָזט אים רעדן, ער איז דאָך שוין די וולאַסט, דער רעווקאָם.

— די טשעקאָ צעשיסט דאָך הונדערטער מענטשן אין איין נאַכט.

— קאָנטררעוואָלוציאָנערן צעשיסט מען.

— זיי צעשיסן אַ יידן פאַר אַ האַלבן פונט זאַלץ.

— די רעוואָלוציע דאַרף זיך באַשיצן.

— אַוודאי, אַוודאי, — גיט צו ר׳ זאב־וואָלף באַיאַר. — דער אָקס פאַרהיט זיין פעל מיט די הערנער. אָבער נאָך וואָס דאַרפן קריכן אַהין צו יידן?

— וווהין אַהין צו?

— וווהין, וווהין? אין טשעקאַ מיין איך, ווו מע הרגעט מענטשן ניט נאָר פאַר אַ האַלבן פונט זאַלץ, נאָר פאַר דעם, וואָס מע וויל ניט דאַווענען פונעם נײַעם סידור, ווי מײַן טאַטע, עליו־השלום, פלעג זאָגן.

— ניט קיין ייִדן אַרבעטן אין טשעקאַ, נאָר באָלשעוויקעס. איר הערט? באָלשעוויקעס, קאָמוניסטן!

— פאַר דיר זענען זיי באָלשעוויקעס, פאַר די גויים — ייִדן... פאַרן סאַמע לײַטישסטן גוי, פאַרן סאַמע קליגסטן גוי זענען זיי פאַרט ייִדן.

— און מיר וועלן דאַרפן פאַר דעם צאָלן מיט אונדזער בלוט.

— לעניִן איז פאַר די גויים אַ באָלשעוויק און טראָצקי, זעט איר, — דער ייִד... דער ייִד, הייסט עס, צעשיסט זייערע. דער ייִד טראָצקי־בראָנשטיין פאַרמאַכט די פּראַוואָסלאַוונע קלויסטערס, ער וועט צעטיילן צווישן די ייִדן די פעטע רוסישע ערד און מאַכן אַלע פּויערים אויף אייביק פאַר זייערע קנעכט...

— די וואָס מאַכן פּאָגראָמען אויף ייִדן, וועלן תּמיד געפינען אַן אויסרייד.

— מיר האָבן זיך נאָך ניט צעצאָלט מיט דער וועלט פאַר יעזוסעס טויט!

— די באָלשעוויקעס — וואָרפט אַרײַן זאב־וואָלף באַיאַר, — ווילן איבערפאַרבן דאָס שטײַגל. נאָר פון דעם וואָס מ׳פאַרבט איבער דאָס שטײַגל, ווערט דעם פויגל ניט גרינגער.

— די רויטע זענען פאַר ייִדן אויך אַ בוים אָן אַ שאָטן.

— רוסלאַנד וועט פאַרבלײַבן אַ טורמע, אַז מ׳וועט אַפילו אַרום איר פאַרפלאַנצן אַ סאָד מיט טייטלביימער.

— גייט שוין גייט, די באָלשעוויקעס לאָזן אַרויס פון די טורמעס אַלע אַרעסטירטע. פון סיביר קערן זיך אום אַלע פאַרשיקטע.

— און דאָס וואָס זיי צעחשבונען זיך מיט די פּורישקעוויטשעס, מיט די שולגינס, מיטן „סאָיוז רוסקאָווואָ נאַראָדאַ", דאָס איז שוין בײַ אײַך גאָרניט?

— מיט בלוט וואַשט מען ניט אָפּ קיין בלוט!

— אפשר... נאָר מידה קעגן מידה! אויך מיר דאַרפן ווערן צוריק ייִדן... איר הערט?

— וואָס הייסט עס, ווי דאַרף מען אײַך פאַרשטיין?

— גאַנץ פשוט. ניט די פעלקער פון דער וועלט, נאָר מיר, יידן, זענען די קריסטן. שוין צוויי טויזנט יאָר ווי מיר שטעלן אונטער די צווייטע באַק.

— ס'איז אַ ליגן. אַן אויסטראַכטעניש. דאָס האָבן אויסגעטראַכט די זינדלעך און טעכטערלעך פון די קלייטניקעס, אָט די וואָס שעמען זיך מיט זייערע טאַטעס און מאַמעס, אָט די וואָס שעמען זיך מיט יידיש און רעדן פאָ רוסקאָמו. אָט יענע יונגע־לייטלעך האָבן עס אויסגעטראַכט.

— וואָס זשע, מיר האָבן זיך דען ערגעץ קעגנגעשטעלט?

— הונדערטער מאָל. אמת, מיר האָבן ניט געקאָנט ענטפערן אונדזערע שונאים מיטן זעלבן רענדל.

— יידן האָבן געקאָנט גיין נאָר אויף קידוש־השם. קיין איין פאָלק אין דער וועלט...

— קידוש־השם הייסט ניט שטאַרבן מיט אַ תפילה אויף די פאַרבלו־טיקטע ליפּן.

— וואָס דען הייסט ביי אייך קידוש־השם?

— קידוש־השם הייסט זיך וואַרפן אויפן רוצח מיט די נעגל, מיט די הוילע הענט, אים אויסדראַפּען די אויגן, אים אָנשפּייען אין פּנים אַריין...

און דאָ שטעלט זיך שוין אַזאַ טומל, וואָס פון אַלע רייד ווערט אַ געפלאָנ־טערטער קנויל אויף ניט פונאַנדערוויקלען און אויף ניט אויסצוגלייכן; אַ קנויל פון פייערדיקן פאַרדראָס, צאָרן און אויפרעגונג. באַזונדערש איצט, נאָכן פאַגראָם, נאָכן צוקלאַפּן דעם אַלטן רב מיט צוויעכעס צום בוים, נאָכן וואַרפן פונעם בריק אין וואַסער אַריין די זקנים אין די טליתים, וואָס זענען געגאַנגען מיט די אויפגעהויבענע הענט צום פאַרטאָגיקן הימל און געזונגען:

— מיר גייען אַהיים...

— מיר גייען אַהיים...

דאָ, אַז דער טומל, נאָך די רייד וועגן דער אונטערגעשטעלטער באַק און דעם יידישן קידוש־השם, האָט זיך געגרעסערט און געהויבן, דאָ האָט אַברהם באָיאַר, וואָס האַלט צו מיט דער האַנט דעם איבערגעבונדענעם פוס אויף אַ בענקל, ווי געוואָלט דערמיט פאַרגרינגערן זיך דעם ווייטיק וואָס שלאָגט אים אין פּנים אַריין, אַפילו די אויגן זענען אים פאַרפלאָמט, און דאָך לאָזט ער ניט דער ווייב, דאָבציען, זי זאָל אים צולייגן דאָס פענכערל אייז,

וואָס זי האָט פון איר שטוב געבראַכט, ווו די קעלט איז אַזוי גרויס, אַז דאָס וואַסער אין עמער ווערט פאַרפרוירן; דאָ, אַז דער טומל ווערט אָנגעגליטער, טוט ער, אַברהם באַיאַר, וואָס האָט געירשנט דעם טאַטנס גבורה און געטראָגן אין זיך דער מאַמעס הכנעה, מ׳האָט אים שוין די לעצטע יאָרן אַפילו אָנגע־הויבן צו רופן „דער שטילער זומער״... ער, אַברהם, האָט דאָ אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער לינקער האַנט אין טיש, געוואַרט ביז ס׳איז שטיל געוואָרן און ווײַטער גערעדט:

— צי ווילן מיר יאָ, צי ווילן מיר ניט, נאָר מיר געפינען זיך אין דער סאַמע מיט פון דער רעוואָלוציע, אונטער אירע פֿײַערדיקע רעדער... מיר געפינען זיך אויפן מיטן וועג פונעם בירגערקריג. אַלע, איר הערט, אַלע: פּעטליורע און ווינישענקאָ, די צאַרישע גענעראַלן דעניקין און קראַסנאָוו, וורענגעל און קאַלטשאַק, — אַלע מאַכן זיי פּאָגראָמען אויף ייִדן. די שׂינאה צו ייִדן איז דאָך דער בראָנפן, דער ספּירט מיט וועלכן מע פּויעט דעם המון שוין אַזוי פיל יאָרן. און דער המון טרינקט אים, אָט דעם ספּירט, גערן און מיט פאַרגעניגן. איצטערט גייען שוין די פּאָליאַקן און הרגענען אויף זייער וועג ייִדן. און מאַכנאָ? און גריגאָריעוו? און די אַלע באַנדיטן־אַטאַמאַנעס וואָס ווימלען און שווימלען דאָ אין די וועלדער און פאַלן אָן אויף אונדז אין מיטן דער נאַכט?

— ווו זשע איז, אַברהם, דער אויסוועג?

— מיר האָבן, ברידער, איין אויסוועג: מיט די באָלשעוויקעס!

— מיר זענען שוין געגאַנגען מיט דער פראַנצייזישער רעוואָלוציע.

— אַפילו די פרומע, אַפילו די רבנים זענען דאָרטן נאָכגעלאָפן. און וווהין איז מען דערלאָפן? מ׳איז דערלאָפן צום דרייפוס־פּראָצעס?

— ייִדן זענען שוין געגאַנגען מיט אַלע רעוואָלוציעס, וואָס זענען געווען אין אייראָפּע.

— ס׳איז דאָ ניט צו פאַרגלײַכן. יענע רעוואָלוציעס זענען טאַקע געווען גרויסע רעוואָלוציעס, אָבער דאָס זענען געווען רעוואָלוציעס בורזשואַזע. בור־זשו־אַ־זע! פון די רײַכע און פאַר די רײַכע! ס׳איז דאָ, חברים, ניט צו פאַרגלײַכן! אין רוסלאַנד קומט פאָר אַ גרויסע, די גרעסטע אין דער וועלט־געשיכטע, סאָציאַלע רעוואָלוציע. אַ רעוואָלוציע פונעם אַרבעטער־קלאַס, פו־

נעם פויער, פונעם האָרעפּאַשניק, פונעם אָרעמען מאַן: פונעם פאָלק! — אַברהמס פּנים איז ווײַס און די אויגן פלאַמען אים און ער ציטערט אַלע מאָל אויף מיטן גאַנצן גוף פון התלהבות און אויף פונעם וויטיק אין פוס. — יענע אַלע רעוואָלוציעס, חברים...

— פאַר דער צײַט וואָס ער איז געווען דאָרטן, איז אים שוין גאָרניט צו דערקענען.

— ווו דאָרטן, בײַ די פּאַרטיזאַנער?

— מ׳זאָגט אַז ער איז שוין אַרײַן אין דער קאַ־פּע־בע.

— אין דער פּאַרטיי פון די קאָמוניסטן?

— וואָס איז זיך דאָ צו חידושן? זײַן שוועסטער, די חרות, זאָגט מען, איז אין קרעמל, בײַ לענינען אַליין...

— ס׳וועט ווערן שטיל, צי ניין?

— רעד, אַברהם, רעד!

און אַברהם באַיאַר מיטן ווײַסן פּנים, אָבער ווי פון אַן אָפּשײַן אַן אויפגעלויכטענער, אָנגעשפּאַרט אויף דער רעכטער האַנט (דאָבציען לאָזט ער נאָך אַלץ ניט צו צו זיך מיטן פענכערל אײַז) רעדט ווײַטער מיט יענער באַגײַסטערונג און מיט יענעם פלאַם אין די אויגן:

— דער באַרג פון שׂינאה צו ייִדן וועט אָפּגעראַמט ווערן. די שוואַרץ־מאהניקעס וועלן פאַרשווונדן ווערן ווי די שוואַרצע שאָטנס בײַם אויפגיין פון דער זון. די פּורישקעוויטשעס און די מאַרקאָווס מיט זייערע פּראָטאָקאָלן פון די זקני־ציון וועלן אַרויס־גע־ריסן ווערן מיטן וואָרצל.

— הלוואי.

— חברים, אַזוי וועט עס זײַן! דער ייִד וועט אויסגלײַכן דעם רוקן, וואָס מ׳האָט אים אין משך פון דורות אײַנגעבויגן. מיר וועלן ווערן אַ פאָלק צווישן פעלקער. אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער. מיר וועלן אויפהערן צו זײַן אינאָראָדצעס, פרעמד־געבוירענע, אָנגעוואָרפענע...

— ס׳עט, מירצעשעם, אַלצדינג זײַן: אי בריתן, אי לוויות, — האָט ר׳ זאב־וואָלף אַ זאָג געטאָן מיט זײַן קול פון וועלכן ס׳הייבט זיך אָן צו זעצן דאָס פײַער אין לאָמפּ. — מײַן טאַטע, עליו־השלום, פלעג זאָגן: דער אייבערשטער גלײַכט אַלעמען זויס, אָבער נאָכן טויט.

און ס׳איז שוין צו אַ גרויסער מחלוקת געגאַנגען: ר׳ זאב־וואָלפס מי־זינקע, די שענסטע מיידל אין שטעטל, וואָס אַלע בחורים, אָנהייבנדיק פון די בר־מיצווה־יינגלעך, זענען אין איר פאַרליבט; זי, אסתּר באַיאַר, די לערערין פון די העברעיִש־קורסן און די טוערין אין אַלע הילפס־קאָמיטעטן, זי, וואָס האָט אין דער שול, אין „מאָוער" געהאַלטן די הזכּרה־רעדע נאָך די געפאַלענע אינעם פּראָסקוראָווער פּאָגראָם; זי, אסתּר, האָט אויף אַברהמס דרשה גענומען רעדן וועגן ארץ־ישׂראל, וועגן דעם לאַנד פון די אָבות און דער עיקר וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

האָט זי הערש־לייב דער קירזשנער, יצחק באַיאַרס איידעם, דער פירער פון די היגע בונדיסטן געפרעגט: ווי אַזוי וועט זי, אסתּר, אויפהייבן פינף מיליאָן רוסישע יידן און זיי פירן מיט ווייַב און קינד קיין פּאַלעסטינע, און אויף וואָס וועט זי זיי פירן, אויף וועגענער?.. און דורך וואָנען וועט זי זיי פירן, דורך דייַטשלאַנד, דורך טערקייַ? און דורך וועלכע פראָנטן, דורך די פּעטליורישע, צי דורך די דעניקינישע? — און נאָך: צי גלייבט זי טאַקע, אסתּר, אַז די ענגלישע לאָרדן וועלן האַלטן וואָרט? — און נאָך: און וואָס וועלן אויף דעם זאָגן די אַראַבער? — און דאָ קומט שוין פון אַ ווינקל:

— די ציוניסטן האָבן דאָך אַ מיניסטער בייַ פּעטליורען. עפּעס איינעם...

שלאָגט אים שוין איבער אַ צווייטער:

— נו, און אייַער ראַפעס, דער בונדיסט, האָט דען ניט געשיקט קיין באַגריסונג דער דירעקטאָריע?

און דאָ, אין אָט דער אָנגעגליט־און־אָנגעווייטיקטקייט, ווו ס׳וואָלט זיכער צו אַ געשלעג געקומען: פוןביידע צדדים האָבן זיך שוין בענקלעך איבער די קעפּ אויפגעהויבן... דאָ איז פונעם אַלקער אַ צעטומלטער און שטאַרק אויפ־געגרעגטער דניאלקע אַרייַנגעלאָפן און גענומען מיט אויסגעשטרעקטע הענט שרייַען: — מ׳וועט זי דאָך דאָרטן הרגענען!

— ווענען וועט מען הרגענען?

— סטיסיען... זי האָט דאָך אַרויסגענומען אַברהמס רעוואָלווער און איז אַוועק קיין מאַהילני...

— צו די באַנדיטן?

— מ׳וועט זי דאָך דאָרטן הרגענען...

און אין אָט די אָנגעגליטע מחלוקתן — אסתּר באַיאַר רופט און ממש מיט טרערן אין קול: ייִדן זאָלן זיך אויפהייבן און גיין אַהין, אין דעם היסטאָרישן היימלאַנד, ווײַל די לעצטע שעה האָט שוין געשלאָגן; און אויך ער, איר קרוב, אַברהם באַיאַר, און אויך מיט האָרץ און מיט אויפגעפלאַמטע אויגן: ייִדן זענען דאָ תּושבים אינעם לאַנד, לעבן שוין אויף אָט דער ערד העכער טויזנט יאָר, האָבן געשלאָגן דאָ טיפע וואָרצלען אויף ניט אַרויסצוּ־רײַסן; און זי, אסתּר, שלאָגט אים איבער: קיינער וועט דאָ די וואָרצלען ניט רײַסן, איר זעט דען ניט, אַז מ׳האַקט דאָ פּשוט דעם בוים! — און אַברהם באַיאַר רעדט זיך זײַנס: ערשט איצט, נאָך דער גרויסער אָקטאָבער־רעוואָ־לוציע, דאַרפן דאָ ייִדן און מיט אַלע זייערע כּוחות העלפן אויפשטעלן און אויפבויען דעם געטרוימטן קיניגרײַך פון פעלקער־פרײַנדשאַפט און פון ליבשאַפט... — דאָ, בײַ אָט די מחלוקתן, אָנגעגליטע, שוין פײַערדיקע, שוין באַלד אויף מעסערשטעך; דאָ, בײַ דניאלקעס אַרײַנלויפן פונעם אַלקער מיטן געשריי: מ׳וועט זי דאָרטן הרגענען, סטיסיען, זי איז דאָך צו די באַנדיטן אַוועק; דאָ בלײַבן שוין אַלע געפּלעפט און דערשראָקן, קוקן זיך איבער און קיינער קאָן זיך גאָר ניט גלייבן און קיינער קאָן זיך עס אַזעלכעס גאָר ניט פאָרשטעלן.

און שוין אַפילו נאָך דעם ווי אַלע האָבן זי געזוכט און אין ערגעץ ניט געפונען, אויך אַברהמס נאַגאַן איז אין דער קאָבורע ניט געווען, מ׳איז געלאָפן אין דעם געדיכט־פאַלנדיקן שניי, און גערופן, אָבער קיין ענטפער און קיין אָפּרוף איז ניט געקומען; דאָך האָט נאָך קיינער ניט געקאָנט גלייבן, אַז סטיסיע, אַפילו אין איר איצטיקן צושטאַנד, שוין אַפילו נאָכן אַרײַנלייגן דאָס קינד אין אָרון־קודש מיט יענעם ניט־ערדישן געשריי און דערנאָך אַ פאַרגליווערט געוואָרענע, פריִער בײַ די דרײַ אָנגעצונדענע און שפּעטער

שוין בײַ די אויסגעלאָשענע ליכט, שוין נאָר בײַ דער פאַררייכערטער שײַן פון די קברנימשע לאַמטערנס, געוואַרט ביז האַלבער נאַכט אַז דער אַלמעכ־טיקער און אייביקער זאָל לעבעדיק מאַכן איר געהרגעט קינד... און אַפילו שוין נאָך איר גיין אין דער נאַכט מיטן טויטן קינד אויף די הענט פון דער טשערנאָבילער קלויז ביזן הייליקן אָרט און אויך דאָרטן ניט געוואָלט געבן איר קינד די באַגרעבערס און אַליין עס אין קבר אַרײַנגעלייגט און דערצו בײַ דניאלקען גענומען דער מומע ליבעס בורנעסל און מיט דעם די פאַר־קוילטע ביינער און איר זרחלען צוגעדעקט און אויך ניט געוואַרט ביז מ׳וועט דעם קבר פאַרשיטן; הגם מ׳האָט עס אַלצדינג געוווּסט, און אין דעם מצב האָט מען געקאָנט אַלץ פון איר דערוואַרטן, דאָך האָט קיינער ניט געוואָלט גלייבן, אַז זי וועט זיך איינע אַליין, מיט אַברהמס רעוואָלווער — פריִער האָט זי געזוכט אין דעם שראַנק ווו ס׳ליגן די טליתים און תּפילין, דערנאָך צווישן דעם געשיר; איין מעסער לאַנג אין די הענט געדרייט, באַלד אים צוריק אין שופלאָד אַרײַנגעוואָרפן און איז אין אַלקער אַוועק; דאָרטן אין אַברהמס רוקזאַק זיך געפּאָרעט, די קאַבורע אַרויסגעשלעפּט און דעם נאַגאַן אַרויסגענומען, ווידער אין אַלקער אַרײַן, פאַר דניאַלקעס בעטל זיך אָפּגע־שטעלט, געוואָרפן אויף אים אַ בליק, זיכער געווען אַז ער שלאָפט, און דורך דער הינטערשטער טיר פון שטוב אַרויסגעלאָפן — און דאָך ווויסנדיק שוין אַפילו אויך אָט די אַלע פּרטים, האָט קיינער ניט געוואָלט גלייבן אַז זי קאָן זיך אַוועקלאָזן אַהין, אין דאָרף אַרײַן, ווו דער אַטאַמאַן זירראַ־זירקאָ הוליעט מיט זײַנע גאַרגל־שנײַדערס.

נאָר ערשט דעמאָלט ווען זיי, מאַטעס מיט יצחקן, זענען פון בית־עלמין געקומען און דערציילט: מ׳האָט געוואָלט פאַרפירן ברוכן אין טהרה־שטיבל, מ׳וועט אים שוין באַהאַלטן אין דער פרי, טרעפט מען אין די האַלאַבליעס נאָר די שלייע... מ׳האָט צוגעגנבעט סטיסיעס פערד, דעם שפּאַק, שוין טאַקע אַ פערד אין די יאָרן, אָבער מיט שטאַרקע פיס. קאָן נאָך הײַנט אויך נעמען פונעם וועג בײַ אַכצן ווערסט אַ שעה... — ערשט איצטער, נאָך מאַטעסעס רייד, האָבן שוין אַלע פאַרשטאַנען, אַז דעם פערד האָט קיינער ניט געגנבעט, אַז דאָס האָט זי אַליין, סטיסיע, אויסגעשפּאַנט פון וואָגן איר שפּאַק און אַוועקגעריטן אַהין, אינעם גזלנישן בינשטאָק, אויף אומקומען.

און אַזוי איז עס אין דער אמתן געווען: טאַקע זי, סטיסיע אַליין, האָט דעם שפּאַק אויסגעשפּאָנט — געוווּסט אַז אין וואָגן ליגט נאָך ברוך דער סטעלמאַך, וואָס פלעג בײַם טעסען און בייגן די רעדער זינגען גויִישע לידער מיט חזנישע ניגונים. אַלע הרוגים זענען שוין צו קבורה געקומען און ער, ברוך, ליגט נאָך אויפן וואָגן אַ פאַרשנייטער. אויך איצטער האָט ער אַלעמען אָפּגעטראָטן, פאַרבליבן, ווי בײַם לעבן, דער לעצטער. און אַז מ׳האָט אים אַ מאָל געוואָלט דעם ערשטן און אויבנאָן אַוועקזעצן, האָט ער מיט זײַן געלעכטער געזאָגט: „איך, דער לעצטער, וועל דאָך אויך זײַן פאַר עמעצן דער ערשטער. נאָך אָדם הראשונען איז בײַ ייִדן שוין ניטאָ קיין ערשטער און קיין לעצטער"... דעמאָלטן, פירנדיק נחומקען פון די באַליאַרקער זומפּן (נאָך די טריקענישן איז געגאַנגען אַזאַ געבענטשטער רעגן) האָט זי אים פאַרפירט ניט צו זיך אַהיים, נאָר צו ברוכן דעם סטעלמאַך. — זי האָט פונעם פערד די פאַרשנייטע פאָפּאָנע אַראָפּגעשלעפּט, אַ פוס אויפן ראָד אַוועקגעשטעלט, דעם צווייטן איבערן אָגערס רוקן מאַנסבליש פאַרוואָרפן, און אָן אַ ציַימל איבער די אָנגעשנייטע אָנהייב־ווינטערדיקע און פאַרטאָגיקע פעלדער אַוועקגעיאָגט.

און דער ביז נאָך האַלבער נאַכט געדיכט־פאַלנדיקער שניי האָט שוין כמעט אויפגעהערט. די ברענענדיקע שײַטערס אַרום שטעטל וואַרפן משונה שוואַרץ־רויטלעכע שאָטנס איבער די ווײַסע פעלדער. דורך די צעסיטעטע וואָלקנס שיטן זיך באַבלויט־פינקלדיקע שטערן און די יונגע לבנה פאַדעט אַרום זיי אַ פאַרפאַליעטע: האָט מורא אַז זיי זאָלן חלילה אין די ערשטע שנייען ניט אײַנגעזונקען און פאַרפאַלן ווערן. פון דער קוזניע טראָגן זיך די שווער־צאַרנדיקע קלאַנגען פון די האַמערס איבער די קאָוואַדלעס. קיין קעלט פילט זי ניט, הגם צו פאַר טאָג צו שטאַרקט זיך דער פראָסט און אויף איר איז נאָר דער לײַביק און דאָס באַוולנע שאַלעכל אויפן קאָפּ.

צוגעבויגן מיטן גאַנצן קערפּער צום פערד, מיט בייזע הענט אָנגעכאַפּט פאַר דער גריווע, אָטעמט זי מיט דער ריחדיקער פאַרע, וואָס שלאָגט אויף איר פונעם צעהיצטן אָגער. ער גייט שוין אין גאַלאָפּ — די ערד הילכט אָפּ און די פאַרפרוירענע וואַסערן פּלאַצן ווי שויבן אונטער זײַנע קאָפּעטעס און די גאַנצע פעל ציטערט אויף אים מיט יעדער רגע שטאַרקער און

דריבנער. ער הייבט אַפילו אָן צו כראָפּען — אַזעלכס האָט נאָך מיטן שפּאַק קיין מאָל ניט געטראָפן: ניט אַנדערש ער האָט דאָ אין דער נאָענטקייט דערפילט וועלף.

זי ווייסט, סטיסיע: נאָך די טונקל־קורצע טעג טרעפט שוין זעלטן־ווען אַ ברעקל זון אין די פאַלנדיקע טראָפּנס פון די נאַקעט־פאַרשוואַרצטע צווייַגן, דער הימל און די ערד ווערן אויסגעלאָשן פון אַלע פאַרבן — גרוי... אין דער־אָ צייַט, צום סוף האַרבסט און אָנהייב ווינטער, גייען זיי אַרויס, די וועלף, פון די וואַלד־געדיכטענישן, פאַרלאָזן אויך די גראָזיקע זומפּן, לויפן אָפּט אין די נעכט מייַלן־ווייַט איבער די פּוסטע פעלדער, איינער נאָכן אַנדערן, טריט אין טריט, פאָרויס — די וואָלפיכע, נאָך איר דאָס יונגוואַרג און דער לעצטער, פון הינטן, — דער אַלטער וואָלף.

און פּלוצעם דערזעט זי אים, דעם וואָלף, אין דער שייַן וואָס פאַלט פון צווישן די אויסגעליידיקטע שיטער געוואָרענע וואָלקנס — ס׳פינקלט אַפילו דער פרירטוי אויף זייַן פעל, און באַלד, ווי נאָר דאָס ליכט גייט אַוועק אונטער אַ געדיכטן וואָלקן און ס׳שטעלט זיך אַ פינצטערניש, קומען די פייַערבליצן פון זייַנע אויגן. אויב זי וועט פאַרקערעווען אָדער פאַרבייַרייַטן, וועט דער וואָלף אויפן רוקן פון פערד אַרויפשפּרינגען און מיט די ציינער אינעם שפּאַקס גאָרגל אַרייַן... דאָ וועלן שוין יענע וועלף פון טאָל אַרויס־שפּרינגען און אויך זי אויף שטיקער צערייַסן. קיין פייַער קאָן זי ניט אָנצינדן. קיין מעסער האָט זי דאָך אויך ניט. אַרויסנעמען דעם רעוואָלווער און שיסן אין דער נאַכט אַרייַן? — און ס׳לויפט איר ווידער דורך יענע אָנגעווייטיקטע פראַגע: פאַר וואָס האָט ער, נחום, ניט געשאָסן אין די באַנדיטן? ער האָט דאָך געהאַט בייַ זיך דעם נאַגאַן... — און זי נעמט פּאַטשן מיטביידע הענט איבערן האַלדז פונעם פערד, טוליעט זיך צו אים נאָך שטאַרקער, רעדט און מונטערט אים און קלאַפּט אים דערבייַ צאַרט מיטן רעכטן שטיוול אונטערן בויך און דער אָגער פאַרשטייט זי און טראָגט זי אַוועק מיט אַ הירזשערייַ גלייַך אויפן וואָלף, וואַלגערט אים אום, טרעט אויף אים מיט די פאָדקאָוועס ביז ס׳דער־הערט זיך דער לעצטער געוווי און די גסיסה־סקולערייַ, און יאָגט ווייַטער — די פעל אין געדיכטן שוים, פון די נאָזלעכער אַ פייַערדיקע פאַרע — ווייַטער אַהין, אויפן ווייַטן געביל פון די הינט, אין דאָרף אַרייַן.

און אַז זי האָט שוין אין דאָרף, אין מאָהילני, אַריַינגעיאָגט — אויפֿן שפּאַק ציטערט נאָך די נאַסע פעל, אָבער שוין ניט פֿון שרעק, נאָר ווי דעמאָלטן, אין יענעם פֿאַרנאַכט אויפֿן זײַטיק־פֿאַרוואָרפענעם וואַלדוועגל, וואָס האָט זי צו די באָליאַרקער זומפן געפֿירט, — קוקט זי זיך ניט אום אויפֿן שיסערײַ פֿון צווישן די כאַטעס; ערשט שפּעטער דערוווּסט זיך, אַז אין דאָרף האָבן זיך צוויי באַנדעס געטראָפֿן. פֿון אָנהייב צוזאַמען געשיכּורט און געהוליעט און נאָך דעם, אַז ס'איז דערגאַנגען, די אַטאַמאַנען קריגן זיך, האָבן אויך די זין פֿון די באַטקאָס גענומען זיך אַמפּערן און טאַקע באַלד שיסן... — בײַם אַרײַניאָגן אויפֿן שפּאַק, אָן דעם צײַמל און אָן אַ זאָטל, האָט זי אויף די געשרייען און רופֿן און שיסערײַען ניט אומגעקוקט, ניט אָפּגערופֿן און ניט אָפּגעשטעלט זיך, צוגעריטן ביז צו דעם גאַניק פֿון דער גרויסער שטוב, וואָס לויכט שטאַרק מיט אַלע פֿענצטער אינעם פֿאַרטאָג אַרײַן, ווו די כּלי־זמר שפּילן אַן אוקראַיִנישע פּאָלקע און פֿונעם טאַנצן, דער עיקר פֿונעם צוקלאַפּן מיט די געקאָווועטע אָפּצאַסן, קלינגען די גלעלע טאַפּליעס... האָט זי פֿונעם פֿערד ווי אַראָפּגעגליטשט זיך, אַ פֿיר געטאָן מיט דער האַנט איבערן שפּאַקס פֿײַערדיקע אויגן, ווי זי טוט עס תּמיד צו באַרויִקן אים און ווען זי לאָזט אים איבער צו וואַרטן אויף זיך, דערנאָך אים צוגעפֿירט פֿאַר דער גריווע צום וואָגן מיט היי, ווו ס'זענען געשטאַנען צוויי אָנגעזאָטלטע פֿערד, און זיך געלאָזט אין שטוב אַרײַן.

— קודי, וווּהין? — פֿאַרהאַלט זי אַ שוואַרצבערדיקער, אַ שוואַרצפּעל־ציקער און אַ שוואַרצשטיוולדיקער, וואָס טאַנצט אונטער אין דער שײַן פֿונעם פֿענצטער אויפֿן צעטראָטענעם שניי — אַ שוואַרץ־יאָריקער געשפּענסט מיט קוילן־לענטעס איבערן אַקסל און מיט האַנט־גראַנאַטעס אויפֿן רימען; די קוילן גלאַנצן פֿון די נעסטן אַרויס און שפּיגלען זיך אין זײַנע צוויי אויפֿגע־ריסענע שוואַרץ־פּריילעכע אויגן:

— טי קודי? פֿון וואַנען האָסטו זיך עס גענומען אַזאַ סבּריטנע און הייסע?

— און שטעלט אָן אויף איר דעם קאַראַבין.

שרעקט זי ניט אָט דער שוואַרצער רוצח און אויך ניט די אָנגעשטעלטע ביקס אויף איר: מורא האָט זי אַז ער זאָל זי נעמען באַזוכן און דעם נאַגאַן בײַ איר געפֿינען; דעמאָלט וועט זי אומזיסט אומקומען און פֿאַרן פֿאַרגאַסענעם

בלוט וועט ניט באַצאָלט ווערן... אָבער זי ענטפערט אים ניט און פרעגט מיט פאַרחידושטקייט און תמימות גראָד בײַ די אונטערגעקומענע דרײַ און דער עיקר בײַ דעם, וואָס אינעם ווײַסן פעלץ, אין דער גרוי־קאַראַקולנער פאַפּאַכע מיטן רויטן ווערך, און בײַ אַלע דרײַ אונטערגעקומענע שעמערירן און קלינגען־צו די שפּאָרן:

— טשעהאָ ווין נאַ מענע סוואָיו דודקו נאַסטאַוויוו? — פרעגט זי מיט אַ ניט־איבערגעטריבענעם און מיט אַן אומשולדיקן קול: — וואָס האָט ער אויף מיר זײַן פײַפל אָנגעשטעלט? דיוויטסיאַ נאַ ניאַהאָ ליודי דאָברי, קוקט אים נאָר אָן, מענטשן גוטע... — און צו דעם שוואַרצן געשפּענסט וואָס נעמט זי באַזוכן זאָגט זי מיט פאַרדראָס: — וואָס קריכסטו צו מיר מיט דײַנע הענט? זשינקו ניע באַטשיוו? האָסט קיין פרוי ניט געזען?.. האָט אַזאַ געדיכטע באָרד און אַזאַ שיטערן שׂכל. וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר ווי אַ פלוי צום פעלץ? סאַראַמו נע מאַיע, האָט גאָר קיין חרפּה ניט... ער וועט מיר באַלד אונטערן קליידל פאַרקריכן, אָט, סוטשאַ לאַפּאַ: טשעפּע זיך אָפּ פון מיר, קורנאָסער שד! איך גיי צום אַטאַמאַן.

— צו וועלכן?

— וואָס הייסט צו וועלכן? דאַ מאָהאַ ראָדיטשאַ, צו מײַן קרוב. צו זיראַ־זירקאָ.

— אַכיבאַ אַטאַמאַן טאַבי ראָדיטש? איז דען דער אַטאַמאַן דיר אַ קרוב?

— אַ יאַק זשע... זײַן מאַמע האַנדזיאַ און מײַן מאַמע טאַדאָסקאַ זענען דאָך געווען לײַבלעכע שוועסטער.

און אָפּשטופּנדיק פון זיך דעם צעטומלטן פויער, די טיר געעפנט און אין דער שיכּורער שטוב אַרײַן. אָבער גראָד זיי, די דרײַ, די פריִער אונטער־געקומענע, און דער עיקר טאַקע יענער, וואָס אינעם ווײַסן פעלץ און אין דער גרוי־קאַראַקולנער פאַפּאַכע מיטן רויטן ווערך, האָבן זיך נאָך איר אין שטוב אַרײַנגעריסן, אָנגעכאַפּט זי פאַר בײדע הענט און זיי אויפן רוקן איר פאַר־דרייט... האָט זי ניט אַזוי פונעם שטאַרקן ווייטיק ווי פון שרעק, אַז איצט וועט זי זיך פון זייערע הענט ניט אַרויסדרייען: מ׳וועט באַלד בײַ איר דעם נאַגאַן געפינען, הינטער דער שטוב אַרויספירן, אויף די קני אַוועקשטעלן (די גאַנצע צײַט טרעט פון איר ניט אָפּ דער געדאַנק אַז פאַרן טויט וועט מען

זי פּריִער אויף די קני אַוועקשטעלן), דאָרטן זי צעשיסן און איר לעבן וועט אומזיסט און אומגעַשט פאַרגיין און פאַרן אומשולדיק־פאַרגאָסן בלוט וועט טאַקע ניט באַצאָלט ווערן... האָט זי ניט אַזוי פונעם שטאַרקן ווייטיק, וואָס גייט איר איבערן גאַנצן גוף פון די אומרחמנות־אויסגעדרייטע הענט, ווי פון גרויסער שרעק פאַר איר ניט־אויסגעפילטער שליחות, מיט ביטערע טרערן און מיט אַ קול, וואָס האָט זיך אַלע מאָל איבערגעריסן, זיך געהויבן און געפאַלן, גענומען דערציילן, אַז זי איז פון ווילשאַנקער כוטער, אַן אַלמנה מיט פינף קינדער, דער מאַן איז אויף דער מלחמה, הינטער קרעמעניץ, פאַרן קיסר, פאַר דער הייליקער פראַוואָסלאַוונער ערד און פאַר דער הייליקער מאַריאַ געפאַלן... אַז ביַי נאַכט האָט מען ביַי איר די איינציקע בהמה, וואָס אָט־אָט, היַינט־מאָרגן, באַדאַרפט זיך אָפּקעלבן, פון שטאַל אַרויסגעפירט... אַ פּנים אַז מ׳האָט דער בהמה פריִער די פיס מיט שטרוי אַרומגעוויקלט, וויַיל ניט זי און ניט די קינדער האָבן עפּעס וואָס געהערט. קיין הונט ביַי דער כאַטע איז דאָך ניטאָ. אַ הונט דאַרף מען האָדעווען. און דאָס האָבן איר, דער אַלמנה, אָפּגעטאָן דעם באַטקאָ־אַטאַמאַנס מענטשן, וואָס דאַרפן אַ בידנע אַלמנה באַשיצן און העלפן — און דאָ דערפילט זי, סטיסיע, ווי די רוצחים, וואָס דרייען איר די הענט אויס, לאָזן זי מיט אַ מאָל אָפּ, און אַלע דריַי גייען פלוצעם פון שטוב אַרויס. און אויך די כלי־זמר הערן אויף צו שפּילן און ס׳שטעלט זיך אַרום איר אַן אימהדיקע שטילקייט.

# טו

און זי פֿאַרשטייט ניט, סטיסיע באַיאַר, און באַנעמט גאָר ניט, וואָס דאָ איז אָקערשט מיט איר פֿאָרגעקומען און ווער איז דאָ דער מלאך־הגואל אירער געוואָרן, און פֿאַר וואָס איז אַ נס פּלוצעם דאָ מיט איר געשען, און פֿאַר וואָס איז אַ נס ניט געקומען פֿריִער מיט צוויי מעת־לעת, — פֿאַר איר קינד, פֿאַר איר מאַן, און אויך פֿאַר דער מומע ליבע? און פֿאַר וואָס איז קיין נס מיטן שטעטל ניט געשען און פֿונעם פּאָגראָם ניט פֿאַרהיט געוואָרן; און פֿאַר וואָס איז קיין נס ניט געשען מיטן צוויי און אַכציק יאָריקן רב, וואָס זירע־זירקאָ אַליין האָט אים מיט צוויעכעס צום לינדנבוים צוגעקלאַפּט; און פֿאַר וואָס איז ניט געשען קיין נס כאָטש מיט איינעם פֿון די זקנים, וואָס מ׳האָט פֿאַר טאָג געוואָרפֿן אין די טליתים פֿונעם הילצערנעם בריק אין וואַסער אַרײַן? און זי ווייסט אויך ניט, סטיסיע, צי אָט די שטילקייט, וואָס שטייט אַרום איר איז נאָך פֿון פֿריִער געווען דאָ, פֿאַר איר אַרײַנקומען אַהער, צי אָט די שטילקייט האָט זיך שוין נאָך דעם געשטעלט און טאַקע נאָר־וואָס?

און דערצו נאָך זעצט זי עמעצער מיט אַ מאָל אַוועק לעם זיך אויף דער באַנק, צו די צונויפֿגערוקטע טישן, וואָס מיט טעפּ און מאַקרעטעס געקאָכטס און געבראָטנס אָנגעשטעלט — שאָפֿנס און רינדערנס, געגדזן־ און האָזן־פֿליישן און דאָס אַלץ אויף די מיט מזלות־געמאָלטע פּסחדיקע טעלער און אין די ווײַסע פֿאַלומעסקעס; אין די אויגן אַרײַן שנײַדן די פֿלעשער און בוטלען — בראָנפֿנס און ווײַנען, באַזונדערש די פֿאַרביקע כּוסות און קידוש־בעכערס... און אויך דער אויסגעריבענער קופּערנער קראַן אין פֿעסל פֿון מיכל דעם ווײַנשענקערס קעלער געבראַכט — אויף אַ באַזונדערן טיש, בײַ דער וואַנט, פֿון וועלכן ס׳גיסט זיך טונקל־ברוינער, כּמעט שוואַרצער ביר אינעם גרויסן אליהו הנביאס כּוס... און די בונט־אויסגענייטע העמדער, און די פֿאַרביק־טערנאָווע כוסטקעס און די פֿינקלעניש פֿון די פּילצאָליקע איקאָנעס, — באַגילדטע און באַזילבערטע, און פֿון די ברענענדיקע לאַמפּאַדעס... און די

ריחות פון די צעהיצטע לײַבער, פון דאָס שאַרף־געפעפערטס און געזײַערטס, און אַפילו פון די ווינטערדיקע עפּל, פאַרשלאָגן איר דעם אָטעם ביז קאָפּ־פאַרדרייעניש.

און ווּהין איר בליק קערט זיך און פאַלט ניט — שווערע רויטע פּנימער מיט האַלב־אָפענע מײַלער, און פון יענעם, בײַ וועלכן דאָס מויל עפנט זיך און פאַרמאַכט זיך יאָ, אַפילו פון אים, פונעם יונגן גלח, מיט די פאַרבונדענע רוסיאַווע האָר אין אַ קובליק אויפן נאַקן, מיט דעם ניט־גרויסן, אויך ליכטיקן בערדל, ווי בײַ יעזוסן, וואָס קוקט פון דער איקאָנע אַראָפּ... אַפילו פון אים, וואָס רעדט צו די רוצחים עפּעס זייער ערנסטס און וויכטיקס, דער עיקר צו זיראַ־זירקאָ; אַפילו פונעם גלחס קול דערגייט צו איר קיין איין קלאַנג ניט.

זי פילט נאָר, און מיטן גאַנצן גוף — מיט מאַרך און ביין, ווי עמעצער שטעכט זי דורך מיט די אויגן און ממש ביזן האַרצן: אָט נאָך אַ ווײַלינקע און פון אָט דעם בליק וועט איר אַ גיפּט, ווי פון אַ ברענשלאַנג, אין איר האַרצן אַרײַן; זי קאָן אָבער בשום־אופן ניט דערגיין פון וואַנען און ווער קוקט עס אויף איר אַזוי? פון אָט דעם בליק גליווערט איר דער פּנים און די ליפּן ווערן איר אָפּגענומען... אין אַזאַ צושטאַנד וועט זי דאָך אַפילו ניט בכּוח זײַן דעם נאַגאַן אַרויסנעמען און באַצאָלן דאָ פאַר איר קינד, פאַרן אַלטן רב, פאַר דער מומע ליבע, פאַר די זקנים אין די טליתים, וואָס זענען געוואָרפן געוואָרן פונעם בריק אין וואַסער אַרײַן, פאַר די געשענדטע מאַמעס און טעכ־טער און פאַר די שׂרפות, ווּ פונעם זשאַר האָט זי אַרויסגעשאַרט עטלעכע פאַרקוילטע ביינער פון איר מאַן, פון נחומען...

און דאָ דערלאַנגט מען איר אַ דינע, אין אַ גאָלדן רייפעלע, און אויף אַ שאָל, אַ פולע טייגלאָז מיט פּראָסטיק־גרינלעכן ספּירט: נעמט זי, סטיסיע באַיאָר, (נאָך צוויי מעת־לעת אין מויל ניט האָבן!) און טרינקט אויס אָט דעם פײַער מיט אַ מאָל, מיט איין אָטעם. און ווען זי עפנט אויף די אויגן — די בראַנדכוואַליע יאָגט איבערן לײַב און שלאָגט אין קאָפּ אַרײַן, שטופּט זי פון זיך אָפּ דאָס אונטערגערוקטע פאַרבײַסעכץ: דעם האַלבן ריפּטל בלוט־ווורשט, און דערזעט יענע אויגן, וואָס נעמען זי אַדורך.

זי דערקענט זיי גלײַך די אויגן, הגם נאָר איין מאָל געזען זיי דאָרטן, אינעם זיך וויגנדיקן שיפל, און בײַ דעם אויסלעש פון דער שקיעה, שוין

נאָר בײַ די שײַטערפלאַמען לענג־אויס דעם אַנטקעגנאיבערדיקן ברעג און שוין שפּעטער זיי קיין איין מאָל ניט באַגעגנט, זי האָט נאָר געהערט, אַז ער, אַלעס לעוואַדאַ, לעבט נאָך דאָרטן אַלץ אויף די מאָך־באַוואַקסענע זומפּן, אין דער וואַלד־פאַרוואָרפנקייט און גייט איבער דער וועלט: אין גיכן וועט קומען זײַן טאָג און ער וועט באַפרײַען די לײַבלעכע מאַמע־אוקראַינע פון די מאָסקאַלן, וואָס דער פאַררעטער באָגדאַן כמעלניצקי האָט אַ מאָל, אויפן אָרט פון שאַפן אַן אייגענע מלוכה, פאַרקויפט זי, אוקראַינע, צו מאָסקווע; ער וועט אין גיכן אָפּרייניקן די אוקראַינישע ערד פון אַל דאָס בייז און וועט גרינדן אַן אוקראַינישע מלוכה, ווו עס וועט הערשן דער פּויערשער אמת און יושר...

— אָבער פון דעמאָלטן, פון יענער אייגציקער באַגעגעניש מיט אים, האָבן דאָך די אַלע יאָרן געשווינדלט פאַר איר זײַנע אויגן: פול מיט שוואַרצן טרויער און ביטערן ביטול; זי האָט זיי דערזען, אָט יענע אויגן אַנטקעגן, אַ ביסל אין דער זײַט פונעם גלח און שוין גאָר ווײַט פון זיראַ־זירקאָ. דערזען ווי אויפן געניקלטן וועגעלע זיצט יענער קאַליקע, דער באַטקאָ אַלעס לעוואַדאַ, וואָס האָט זי דעמאָלט פון טײַך און פונעם וואַלד אַ לעבעדיקע אַרויסגעלאָזט און אויך אים, נחומען, איר חלום, פון די באָליאַרקער זומפּן געלאָזט אַרויספירן.

אָבער אויך ער, דאָס ווייסט זי שוין אויף זיכער, האָט זי דערקענט, און טאַקע גלײַך בײַ איר אַרײַנלויפן אַהער. דאָס איז דאָך צו זען פון זײַן קוקן אויף איר מיט אַזאַ פאַרווונדערונג און איבערראַשונג. און מ׳טראָגט איר ווידער אונטער יענע דינע, אינעם גאָלדן רייפעלע, טייגלאָז, אָבער דאָס מאָל שוין אויף אַ זילבערנעם טעצל, און נאָך אַ מאָל אַ פולינקע מיטן פראָסטיק־גרינלעכן ספּירט. פאַרשטייט זי שוין, אַז אויך די גלעזער ספּירט הייסט איר געבן אַלעס לעוואַדאַ. נעמט זי די גלאָז און שוין סײַ ווי סײַ ניט האָבן דאָ וואָס אָנווערן, ניטאָ שוין ווײַטער דאָ פאַר וועמען צו שפּילן — אויך אויף איר וואַרט דאָך שוין דאָ דער מומע ליבעס סוף... אויסטרינקען נאָך אַזאַ גלאָז ספּירט, וועט זי דאָך שוין פאַלן אונטערן טיש; הייבט זי אויף די גלאָז און פאַר אַלעס לעוואַדאַס אויגן גיסט זי אויס דעם ספּירט אין מאַקרעטע אַרײַן.

און זי וואַרט, סטיסיע, אַז באַלד וועט דער פאַרביטערטער קאַליקע, וואָס האָט אין אַ זאַווערוכע־נאַכט איינער אַליין צום מיל זיך דערקליבן און דאָרטן

דעם טאַטן זײַנעם און די ווײַב מיט דער האַק אויף שטיקער צעהאַקט, אַז ער, אַלעס לעוואַדאַ, וואָס זיצט אַנטקעגן איר און וויגט זיך אויפן ניקלירטן ווע־געלע, ווי דעמאָלטן אינעם שיפל אויפן נאַך־שקיעהדיקן טײַך; ער, וואָס האָט אַזוי אָנגעשטערנגט — די קינבאַקן האָבן אים אַפילו אָנגעהויבן אַרומגיין — צוגעקוקט צו איר חוצפה, ווי זי האָט די צוגעשיקטע גלאָז ספּירט, פאַר אַלעמענס אויגן, אין טאָפּ אַרײַן אויסגעגאָסן, ער וועט דאָך באַלד הייסן, דער באַטקאָ, פון דאַנען זי אַרויספירן, איבערגעבן זי אין די הענט פון זײַנע „פרײַע זין" און יענע וועלן שוין טאָן מיט איר פאַרן טויט וואָס ס'וועט זיי נאָר אין זייערע פינצטערע מוחות אײַנפאַלן... אַגב קאָן זי אויך ניט פאַרשטיין, סטיסיע באַיאַר: ער ווייסט דאָך, אַלעס לעוואַדאַ, אַז זי איז ניט געקומען אַהער צו פאַרברענגען, איז צוליב וואָס פירט ער דאָ מיט איר די מוראדיקע קאַץ־און מויז־שפּיל?

און דער נאַגאַן איז שוין בײַ איר אין אַרבל, כּמעט אין האַנט, — די לעצטע צײַט איז זי אָפּט מיט נחומקען אין צווייען אויפן שפּאַק, אין טיפן וואַלד אַרײַן געפאָרן, און זיך מיט אים דאָרטן אין שיסן געוועט; אַוודאי האָט נחום אַ שטאַרקערע האַנט און אַ שאַרפערע ראיה געהאַט, פאַר וואָס זשע האָט ער בײַ דער מומע ליבע אין שטוב געוואָרפן זיך אויף די גזלנים מיטן צעבראָכענעם בענקל? — די אויסגעטרונקענע גלאָז ספּירט האָט פונאַנדער־געקאָכט איר גוף און אויך באַפרײַט זי פון יענע ווערטער אין וועלכע בײלעס שטוב: „בלוט וואַשט ניט אָפּ קיין בלוט"...

און זי איז פון טיש אַרויס און מיט דער פלייצע אין דער וואַנט זיך אָנגעשפּאַרט. אָבער די פויערטע מיטן קינד אויף די הענט שטייט נאָך אַלץ דאָרטן, און דערצו איז צו זיראַ־זירקאָן נאָך אַ פרוי צוגעגאַנגען — ביז אַהער צו זי גאָר ניט באַמערקט, לויטן אָנטאָן אין האַלטן זיך — אַ גרויסשטאָטישע, און אַ ווונדערלעך שיינע בלאָנדע פרוי... ניין, זי קאָן נאָך ניט שיסן, זי וועט וואַרטן ביז די פרויען וועלן אָפּגיין. זי האָט נאָך צײַט. זי איז דאָ אין שטוב ניט מער פון אַ פערטל שעה. נאָר אויב עמעצער וועט זיך דערנענטערן צו איר — וועט זי שיסן. זי וועט פאַר זיך קיין קויל ניט איבערלאָזן. זי וועט דערנאָך דאַרפן אויסשטיין די שווערסטע ליידן, אָבער נאָר איר מאַן, פאַר איר קינד, פאַרן אַלטן רב, פאַר שׂמחהס גרויסע טראָפּנס בלוט פונעם אויסגע־

שלאָגענעם אויג, מוז זי דאָ באַצאָלן. דער גרויסער גאָט שטראָפט פאַר ניט אָפּגיסן נעגל־וואַסער, אָבער ניט פאַר פאַרגיסן ייִדיש בלוט. די ערד, פלעג זאָגן די מומע ליבע, דרייט זיך אַ פאַרבלוטיקטע און אַ דורכגעווייקטע מיט טרערן אַרום דער זון.

אָבער משונה, און שוין גאָר ניט צו פאַרשטיין: דער קאַליקע טוט זיך אַ דריי אויס אויפן וועגעלע מיטן פּנים צום גלח, דעם נאַקעט־גלאַנציקן קאָפּ צווישן די אַקסלען, און הערט מיט כּוונה און פרומקייט דעם פּאַטערלס דרשה. האָט זיך איר אפשר אויסגעדאַכט, אַז אַלעס לעוואַדאַ האָט זי דערקענט? זײַן פריערדיקער קוקן אויף איר האָט דאָך פּשוט געקאָנט זײַן אַ קוק פון איינעם אויף אַן אַרײַנגעקומענעם מענטשן, דערצו נאָך אויף אַ פרוי, וואָס האָט זיך אַרײַנגעריסן מיט אַ געשריי וועגן אַ צוגעגנבעטער בהמה... און אויך די איבעריקע לײַט וועגדן שוין דאָ מער קיין אַכט ניט אויף דער פויערטע, וואָס איז געקומען צום אַטאַמאַן קלאָגן זיך אויף זײַנע „סלאָוועטני כלאָפּצי". זי ווייסט גאָר ניט, די אַלמנה פון ווילשאַנקער כוטער, אַז פאַר באַליידיקן און טרײַבן רכילות אויף זײַנע „רומפּולע יונגעץ" הייסט ער, זיראַ־זירקאָ, געבן אויפן הוילן לײַב פינף און צוואַנציק שמיץ און שטייט דערבײַ אַליין, ווי דער טאַטע זײַנער, דער פריץ סטאַניסלאַוו באַגושעווסקי און קוקט צו און ציילט...

און אויך איר שאַרן זיך לענג־אויס דער וואַנט אַלץ נענטער צום אַטאַמאַן, צו זיראַ־זירקאָ, רופט שוין קיין שמייכל דאָ בײַ קיינעם ניט אַרויס — זי רוקט זיך דאָך, די נעבאָהאַ, אַלץ נענטער צו די שמיץ: דער אַטאַמאַן וואַרט נאָר אַז דער באַטיושקאַ זאָל אויפהערן דאָ צו פּריידיקן... אָבער דער יונגער גלח מיטן לענגלעכן בלייכן פּנים רעדט אַלץ און רעדט, און דער עיקר טאַקע צו אים, צו זיראַ־זירקאָ:

— די גאַנצע נאַטור, מײַן זון, איז באַשאַפן געוואָרן פון גאָט און אין איר יסוד ליגט גוטסקייט און ליבשאַפט. די וועלט באַשטייט טאַקע פון ליכט און פינצטערניש, אָבער די פינצטערניש איז ניט קיין זעלבשטענדיקע זאַך, ס'פעלט נאָר די ליכט אין איר... דער גרויסער געראַנגל צווישן גוטס און שלעכטס גייט ניט, מײַן זון, אין די ספערן, נאָר דאָ אויף דער ערד, אין דעם מענטשן גופא... אין דעם מענטשן ראַנגלען זיך צוויי נשמות...

— יאָ, הייליקער פאָטער, — שרײַט פּלוצעם אויס די גרויסשטאָטישע, די שיינע בלאָנדע פרוי. — יאָ, הייליקער פאָטער, יאָ! יאָ! יאָ!

— און ס׳גייט דאָרטן, טאַכטער מײַנע, — רעדט שוין דער גלח צו דער פרוי, וואָס פון איר געשריי איז ער שוין גאָר ווײַס געוואָרן, — אַ שווערער געראַנגל אינעם מענטשן. ס׳גייט אַן אומברחמנותדיקער געראַנגל צווישן די צוויי נשמות וואָס אין דעם מענטשן — דער פינצטערער און דער ליכטיקער. און דער מענטש האָט די פרײַע בחירה, דעם פרײַען אויסקלײַב. ער, טאָכטער מײַנע, דער מענטש, איז דער הערשער איבער זײַנע צוויי קעמפנדיקע נשמות. די אויפפירונג פונעם מענטשן ווערט ניט באַשטימט פון פריִער אין הימל.

און דאָ קומט אַרײַן יענער, וואָס אין דעם ווײַסן פעלץ, אין דער גרוי־קאַראַקולנער פּאַפּאַכע מיטן רויטן ווערך, און שלאָגט איבער דעם גלח:

— אַטאַמאַן, די פערד זענען געזאָטלט און די מענטשן וואַרטן.

— האָבן שוין געזונגען די צווייטע הענער?

— געזונגען, אַטאַמאַן!

— איז צײַט... באַטקאָ! — הייבט זיך אויף זיראַ־זירקאָ און פרעגט בײַם קאַליקע, — גייסטו טאַקע ניט מיט אונדז?

— כ׳האָב דאָך דיר, אַטאַמאַנע, שוין געזאָגט: אומשולדיקע מענטשן הרגע איך ניט.

— האַרנאָ, באַטקאָ, האַרנאָ! שיין, באַטקאָ, שיין!.. — און צום ווײַסן פעלץ: — פּאָ קאָניאַם! אויף די פערד! מיר׳ן באַלד נאָך אַ מאָל אַ הוליע טאָן בײַ די זשידעס... טו זיך אָן, נאַטאַליאַ, — זאָגט ער צו דער בלאָנדער. — מיר׳ן זיי געבן באַלד דאָרטן אַזוינס, אַז אַלע שדים וועלן זיך צעלויפן...

— זון מײַנער, — שטעלט זיך דער גלח אויף די פיס און הייבט אויף דעם צלם וואָס הענגט אים אויף דער ריאַסע, — זון מײַנער, גענוג צו פאַרגיסן מענטשלעך בלוט. איר האָט שוין יענע נאַכט גענוג געהוליעט. מיר טאָרן ניט פאַרגעסן אַז קריסטוס איז געקומען צו אונדז פון יידן. די ערשטע טרעגערס פון קריסטנטום זענען דאָך געווען זיי, די ייִדן. אמת, איבער זייער אײַנגע־שפּאַרטקייט זענען זיי פאַרבליבן דאָס איינציקע ניט־קריסטלעכע פאָלק אין דער קריסטלעכער וועלט. אָבער, זון מײַנער...

— אָט דערפאַר טאַקע, וואָס ער איז געקומען פון די זשידעס, — שטופּט

ער אָפּ פון זיך, זיראַ־זירקאָ, דעם צלם. — דערפאַר טאַקע, האָב איך אים פײַנט. איך האָב פײַנט אָט יענעם, וואָס אויף אײַער קרייץ! שוין צוויי טויזנט יאָר ווי די וועלט קניט פאַרן פאַרגעטלעכטן זשיד. ער איז פונעם קרייץ ניט אַראָפּ און אומזיסט איז אײַער וואַרטן, אַז ער וועט זיך נאָך אַ מאָל באַווײַזן. ער וועט זיך ניט באַווײַזן!.. וויפל, פרעג איך אײַך, זאָגט, הייליקער פאָטער, וויפל דאַרפן מיר נאָך קני׳ען פאַר דעם טויטן זשיד? צוויי טויזנט יאָר האָבן מיר געקניט פאַרן גליליייער זשיד און פון הײַנט אָן וועלן מיר שוין דאַרפן קני׳ען פאַרן דײַטשישן זשיד, פאַר מאַרקסן! אויך אָט דער גאָט, קאַרל קריסטוס, האָט זײַנע צוועלף אַפּאָסטאָלן ייִדן. צוויי טויזנט יאָר לעקט איר ווי די הינט יעזוסעס בלוט...

— זון מײַנער, דו ביסט שיכּור. פון דיר רעדט דער שׂטן!

— אַך, ווי איך בין אים מקנא אָט דעם יודאַ! הוי, ווי איך בין אים מקנא! אָפּט שלאָף איך איבער אים ניט קיין נעכט. מיך מאַטערט, פאַר וואָס ער, יודאַ, און ניט איך בין דעמאָלט ניט געשטאַנען און ניט צוגעקוקט ווי מ׳קלאַפּט אים צו דעם גאָטס זון מיט צוויעכעס צום קרייץ? ניט יעזוס איז גרויס, נאָר יודאַ! יודאַ איז גאָר גרויס! ברענגען אַ גאָט אויפן קרייץ און הערן ווי דער גאָט וויינט!..

— זון מײַנער...

— ניט פאַר יודאַן שנײַד איך זיי, די זשידעס, נאָר פאַר יעזוסן. מ׳האָט זיי תּמיד, אין אַלע צײַטן, געקוילעט, די זשידעס, ניט פאַר יודאַן, נאָר פאַר יעזוסן. פאַר יעזוסן האָט מען זיי פײַנט, ניט פאַר יודאַן! יודאַ איז ניט מער ווי אַן אויסרייד, אַ זיסער ליגן!.. די שׂינאה פון דער וועלט צו די ייִדן איז דאָך ניט פאַר יודאַן, נאָר פאַר יעזוסן. מיר קאָנען זיי ניט מוחל זײַן, פאָטערל, וואָס אַ וועלט קניט זיך פאַר אַ גליליייער זשיד... ניט יעזוס איז גרויס, נאָר יודאַ! יודאַ איז מעכטיק — קרייציקן אַ גאָט! ניט יעזוס הערשט אין דער וועלט, נאָר יודאַ! יודאַ און קין! ביידע זענען גרויס! ביידע מיט פײַערדיקע נשמות! און פײַער, באַטיושקאַ, ווייסט ניט פון קיין גרענעצן און פון רחמנות. יודאַ און קין! אָבער יודאַ איז גאָר, גאָר גרויס — געקרייציקט אַ גאָט! אַפילו בײַם קרייציקן נעכטן דעם זשידאָווסקן אַלטן ראַבין, האָב איך געפילט...

און דאָ זענען זיי געקומען די דריַי שאָסן — און כּמעט אין איינער און דער זעלביקער רגע... די בלאָנדע האָט באַלד נאָכן אויסשיסן, אַליין אָ וואָרף געטאָן איר „ברוינינג" אויפן טיש און יענער — אינעם וויַיסן פעלץ און מיטן רויטן ווערך אויף דער פּאַפּאַכע, האָט באַוויזן אָנכאַפּן סטיסיעס האַנט, צום דיל אַראָפּבייגן און די איבעריקע קוילן פון איר נאַגאַן זענען אין דער ערד אַריַין.

אין דער געדיכט געוואָרענער הייסער שטילקייט — אַלעמענס צעגליטע אויגן וואָרפן זיך איבער די פּנימער פון די צוויי פרויען וואָס האָבן אין דעם אַטאַמאַן געשאָסן, דערעיקרשט אויף איר, אויף דעם אַטאַמאַנס פרוי, וואָס איז אומעטום, ביַי יעדער קער און ווענד, געווען ביַי אים די רעכטע האַנט. אין אָט דער גזלנישער שטילקייט דערהערט זיך דעם גלחס שוין גאָר פאַרלוירן־צעטומלט קול און דער זילבערנער צלם פאַלט פון זיַין האַנט אויף דער שוואַרצער ריאָסע:

— ער איז טויט!

אין אָט דער שטילקייט און צווישן אָט די אָ גליִענדיקע אויגן, ווי ביַי יענעם איינזאַם־אַלטן וואָלף, וואָס איז איר אויפן וועג אַהער געשטאַנען, דערזעט זי ווידער זיַין, אַלעס לעוואַדאַס, בליק און דאָס מאָל שוין ניט נאָר אַ פאַרחידושטן, נאָר שוין פּשוט אַ באַגיַיסטערטן און אויך אַ שמייכל פון התפּעלות. און שוין ניט אַזוי פונעם בליק ווי פון זיַין שמייכל, פילט זי ווי די פיס ברעכן זיך איר אונטער. באַלד וועט זי גאָר אין אַ שוואַרצקייט אַריַינפאַלן. שפּאַרט זי צו דעם קאָפּ צו דער וואַנט און הערט זיך איַין ווי זי פאַרוויגט איר נאָך גאָר קליינינקן יינגעלע: „אונטער זרחלס וויגעלע שטייט אַ קלאָר־וויַיס ציגעלע..." און אויך דאָס ציגעלע דערזעט זי — ס'איז געראָטן אין יענעם באָק־לעמעלע, וואָס איז נאָכגעלאָפן נאָך דער אָפּגעשוירענער נעכטן, נאָך גבריאלס וויַיב... זי אָטעמט שווער, סטיסיע באָיאַר, פירט אַלע מאָל מיטן טרוקענעם צונג איבער די פאַרדאַרט־געוואָרענע ליפּן, אָבער אירע אויגן לויכטן — ס'שפּילט אין זיי די פרייד פון נצחון און גרייטקייט פון אויסשטיין אַלץ וואָס אויף איר גורל איז אויסגעפאַלן; אויף איר פּנים און אין אירע צונויפגעקלעמטע ציינער, יענער באָיאַרישער עקשנות וואָס זאָגט:

— אין בלוט, אין פיַיער, נאָר מיך ברעכט מען ניט!

און די דרויסנטיר האָט זיך שוין מער ניט פאַרמאַכט און אויך די פענצטער, די ביז האַלב פאַרהאַטעטע אויף ווינטער מיט טרוקענע וואַלדבלעטער, זענען אויפגעריסן געוואָרן און די, וואָס זענען בײַ זייערע אָנגעזאָטלטע פערד אויפן פראָסט געשטאַנען און מיט אומגעדולד אויפן אַטאַמאַנס אַרויסגיין פון שטוב געוואַרט — גרייט געווען צו לאָזן זיך אין גאַלאָפּ איבער די אָנגעשנייטע פעלדער: נאָך אַ מאָל אַ הוליע געבן דאָרטן, אין שטעטל, און מיט ברייטקייט און פון פולן האַרצן... דערהערנדיק אָבער וועגן זייער לערערס און וועגווײַזערס טויט, האָבן זיי אויפגעבראַכט און אויפגעקאָכטע, טאַקע ממש אין אַ בראַנדפײַער, זיך דורך טיר און פענצטער געשפּאַרט, איינער איבערן אַנדערן געקראָכן און אין שטוב זיך אַרײַנגעשטעלט, ווײַל קיין איינער פון זיי האָט זיך גאָר ניט געוואָלט גלייבן, אַז זייער שפּיגל און צירונג, זייער העלד און שטערן*, איז אַזוי פלוצלינג און אַזוי אומגעריכט און דערצו נאָך פון אַ זשידאָווסקער קויל געפאַלן.

ווערט אָבער באַלד באַוווסט און ווי אַ פײַער אויפן ווינט צעטראָגן: דער אַטאַמאַן איז ניט פון דער זשידאָווסקער, נאָר פון דער אַטאַמאַנשעס, פון זײַן ווײַבס האַנט געפאַלן. קאָן מען עס פון אָנהייב און מ׳וויל זיך ס׳ניט גלייבן — נע מאָזשע צע בוטי, דאָס קאָן ניט זײַן! נאָר דערנאָך, אַז דער באַטקאָ אַלעס לעוואַדאַ אַליין האָט געפּאָרשט, אויסגעקלאָרט און פעסטגעשטעלט: פון די צוויי קוילן וואָס די זשידאָווקע האָט אויסגעשאָסן, האָט נאָר איינע אינעם אַטאַמאַן געטראָפן, אין אַקסל אַרײַן און די קויל האָט אים געקאָנט נאָר פאַרוווּנדן און דאָס אויך ניט שווער. די צווייטע קויל אירע איז אַוועק איבער זײַן קאָפּ און דורך דער ראַם פון דער איקאָנע, פון דעם

---

* זירקאָ איז אויף אוקראַיִניש אַ שטערן.

הייליקן מיקאָלאַ, אין דער וואַנט אַריַין; דערהרגעט האָט אים זיַין וויַיב, די אַטאַמאַנשע, נאַטאַליאַ, וואָס איז לעם אים געשטאַנען און די רער פון איר „ברויניניג" אין זיַין אויער אַריַינגערוקט און אין די געהירן אים אַריַינגעשאָסן; ווערן זיי אַלע פּשוט דערשטוינט און געפּלעפּט.

און דאָ, ס'איז נאָך גאָר קיין ווערטער ניטאָ פאַרן פאַרלאָפענעם און געטראָפענעם, ס'קאָן זיך נאָך גאָר אין די מוחות ניט איַינמאָסטען, די אויגן פון פאַרגאַפט- און פאַרגלאָצטקייט, קריכן זיי ממש פון די קעפּ אַרויס; דאָ, טאַקע אין דער אָ צייַט, אויך אין איין אויגנבליק, דערזעט מען ווי די אַטאַמאַנשע טוט אַ פאַל פאַרן גלח אויף די קני, און מ'דערהערט:

— הייליקער פאָטער, איך וויל זיך מתוודה זיַין... ניין, ניין, טאַקע דאָ, דאָ! פאַר דיר און פאַר זיי אַלעמען. איך האָב געהרגעט מיַין ברודער. דער אַטאַמאַן זירא-זירקאָ איז געווען מיַין ברודער, מיַין איינציקער ברודער. איך בין אַ טאָכטער, אַ געזעצלעכע טאָכטער, פונעם גראַף סטאַניסלאַוו באָגו-שעווסקי... ער, זירא-זירקאָ, איז געווען זיַינער אַ ניט-געזעצלעכער זון, פון דער פויערטע... ער איז געווען מיַין ברודער און מיַין מאַן. הייליקער פאָטער, וויין ניט און הער מיך! ער האָט מיך אַריַינגעפירט אין אַ פינצטערניש און דאָרטן געטאָן מיט מיר אַלץ און אַזעלכס...

שוין פון די ערשטע רייד אירע בלייַבן אַלע — אַחוץ אים, אַלעס לעוואַדאַ, — געליימט און פאַרגולמט. אַפילו זי, סטיסיע, פאַרגעסט ווו זי געפינט זיך און וואָס ס'דערוואַרט איר דאָ, הגם ערגעץ וויַיט און טיף אין זיך הערט זי רופן און שריַיען טאַטע-מאַמע, דניאלקען און יצחקן, וואָס זוכן זי אַרום און ווייסן גאָרניט וווהין זי איז אַהינגעקומען. און אויך דערמאָנט זי זיך — און דאָס איז שוין בכלל ניט צו באַנעמען, וואָס גראָד דאָ און איצטערט, אין אָט דער אָ לאַגע און צושטאַנד אירן, שטייענדיק צווישן דער קניִענדיקער אַטאַמאַנשע און אַלעס לעוואַדאַס בלישטשענדיקן וועגעלע, דערמאָנט זי זיך און דערזעט אַפילו יענעם לילאָוון פויגל, דעם דראָזד*, וועגן וועלכן נחומקע האָט איר דעמאָלטן, אויפן וועג פון די באַליאַרקער זומפּן, ליגנדיק אַ צע-ממיתטער אין וואָגן, שוין נאָכן שלאַקסרעגן, שוין בייַם שאַריִען אויף טאָג,

---

* דראָסל.

מיט אַ מאָל, פֿאַרן גאַנצן וועג שווײַגן, גענומען איר דערציילן, ווי אַזוי אין זײַנע וואַנדערונגען מיט איינעם אַ מאָלער איבער מיטל־אַזיע, אויסבאַהאַלטנדיק זיך פֿון דער פּאָליצײַ און אָכראַנקע, האָט ער דאָרטן געטראָפֿן יענעם לילאָוון דראָזד, וואָס פֿון דער ווײַטנס זעט ער אויס כּמעט שוואַרץ, און ערשט שפּעטער, שוין פֿון דער נאָענט דערזען: דער פֿויגל איז אַ בלויער... אַ טונקל־בלויער מיט זילבער־פֿינקלענדיקע פֿליטערן. דאָרטן, אין די בערג, בײַ די וואַסערפֿאַלן און באַרגשטראָמען, אין דער ווילדעניש, ווו די וואַסערן פֿאַלן מיט אַזאַ קאָכעניש און רעש פֿון די הייכן; דאָרטן, און נאָר דאָרטן, האָט איר נחומקע דערציילט, לעבט ער דער בלויער פֿויגל... האָט זי פֿון דעמאָלטן און ביז הײַנט ניט פֿאַרשטאַנען צוליב וואָס ער האָט איר וועגן דעם דראָזד דערציילט; פֿאַר איר זענען די דראָזדן קיין נאָווינע ניט, זי קאָן זיי פֿון אַלע אירע יאָרן — זיי לעבן בײַ די טײַכן, אין די פֿײַכטע ערטער, אין די טאָלן. מער האָט ער שוין קיין מאָל וועגן יענעם דראָזד ניט גערעדט און אויך זי האָט וועגן דעם שוין לאַנג פֿאַרגעסן.

און הגם פֿון די צעעפֿנטע טיר־און־פֿענצטער יאָגט אַן אויסגעשטערנט־אָנגעשנייטע, אַ פֿאַרטאָגיקע האַרטפּראָסטיקע קעלט, דאָך פֿעלט איר, סטיסיען, לופֿט; אָבער ניט אַזוי פֿונעם אַרומגערינגלט ווערן און אויך ניט אַזוי פֿון דער אַטאַמאַנשעס ווידוי, ווי פֿון דעם שטילן פּײַף — אַ פּנים פֿון איינע פֿון די שטײַגעלעך אונטער דער סטעליע — ס׳פּײַפֿט דאָ אַ פֿייגעלע ווי אַ דראָזד... און אפֿשר ניט אַזוי פֿונעם שטילן פּײַף ווי פֿונעם שטילן הירזשע — ס׳רופֿט זי דער שפּאַק. אין אָט דער צעטומלטער פֿאַרגליווערטקייט וואָלט זי מסתּמא געקאָנט פֿון דאַנעט אַנטרונען ווערן, פּרוּוון מעג זי דאָך, אָנווערן איז שוין סײַ ווי סײַ ניטאָ וואָס — איר גורל ליגט דאָך שוין בײַם סאַמע תּהום... אָבער לויפֿן טאָר זי ניט, מ׳וועט באַלד זיך לאָזן נאָך איר און זי, סטיסיע, וועט אַרײַנפֿירן די באַנדעס אין שטעטל אַרײַן.

און זי קוקט מיט פֿאַרדראָס אויפֿן אַטאַמאַן, אויף זיראַ־זירקאָן, וואָס האָט נעכטן בײַ נאַכט געקרייצט דעם אַלטן רב אויפֿן לינדנבוים, פֿאַר וואָס פֿון ביידע אירע קוילן האָט נאָר איינע אין אים געטראָפֿן און דערצו אין אַקסל אַרײַן — געקאָנט אים נאָר פֿאַרווונדיקן... ווי ער ליגט אַ טויטער מיטן אויסגעקרימטן, שוין געל־געוואָרענעם פּנים, די אויגן אָפֿענע, נאָך אַלץ בלויע

און ביז גאָר פאַרהידושטע; ווי ער ליגט אויפן בלאָטיקן דיל צווישן גלח און דער קניִענדיקער ווייַב־און־שוועסטער זייַנער, דער אַטאַמאַנשע, וואָס וואַרגט זיך מיט אירע וויסט־און־פינצטערע ווערטער:

— ער האָט מיך, הייליקער פאָטער, געלערנט אַרויסגיין פון זיך אַליין... פון דער אייגענער הויט — פונעם מענטשן! אַרויסגיין און אַריבערשפּאַנען אַלע גרענעצן און פאַרצאַמונגען פאַר בושה, חרפּה, ורחמנות. פאַר דער נאַטור, האָט ער מיך געלערנט, איז דאָך קיין גרענעצן ניטאָ — פאַרפלייי־צונגען, הונדערטער טויזנטער מענטשן ווערן אַראָפּגעשווענקט מיט זייער האָב־און־גוטס פון דער ערד; ערדציטערנישן, ווו ס׳ווערן חרוב שטעט און לענדער, פון הימל פאַלן שטיינער...

די בלאָנדע וויגט זיך אַזוי, ווי די ווינטן וואָס יאָגן דורך די אויפגעריסענע פענצטער וועלן זי באַלד אומוואַרפן. דער יונגער גלח, — אין זייַנע פאַר־טרערטע אויגן פאַרלאָרנקייט, רחמנות און שטוינונג, וויגט זיך אויך — ער האַלט זיך שוין אויך קוים אויף די פיס, נעמט אָבער דער אַטאַמאַנשעס ביידע הענט, ווייַל זי זוכט מיט זיי אַן אָנשפּאַר:

— ניט דעם גוף, הייליקער פאָטער, האָט ער מיך געלערנט, דאַרף מען אַרויספירן פון דער נאַטור... דעם גוף דאַרף מען נאָר אומקערן צו זייַן פרייַ־קייט, צו זייַן נאַקעטקייט, ווי דעם בוים אין פעלד... ניט דעם גוף, נאָר די נשמה, דער עיקר די נשמה דאַרף מען אַרויספירן פון דער נאַטור. מיט זייַן לייַב קאָן דער מענטש טאָן וואָס ער וויל. דעם קערפּער קאָן מען צוגעוווינען צו אַלצדינג. פאַראַן אין אינדיע מענטשן וואָס קאָנען גיין מיט באָרוועסע פיס איבער גלאָז, האַלטן די האַנט אויפן פייַער — און קיין ווייטיק ניט פילן. ניט דעם גוף, נאָר די נשמה דאַרף מען קאָנען האַלטן אויפן פייַער, אויפן פלאַקער־פייַער, אויפן בראַנדפייַער... מ׳דאַרף זי פירן, די נשמה, איבער שאַרפע צוויעכעס, איבער וועגן מיט אָנגעשאָטענעם גלאָז... און ווען כ׳האָב געבוירן פון אים דאָס קינד, האָט ער מיר געהייסן עס אַרויספירן אין וואַלד און עס אַרויסוואַרפן דאָרטן אויפן פראָסט, אין שניי אַרייַן... און איך האָב עס, הייליקער פאָטער, געטאָן...

דערהערט ווי זי אַליין, די אַטאַמאַנשע, האָט איר אייגן קינד, טאַקע באַלד נאָכן געבוירן ווערן, אין וואַלד אַרויסגעפירט און עס אין שניי אַ לעבעדיקס

אַרײַנגעוואָרפֿן, קאָנען זײ שױן אַזױנס און אַזעלכס, אַזאַ געפֿאַלנקײט און פֿאַרדאַרבנקײט, גיט איבערטראָגן און ס׳רײַסט זיך אַרױס אַ מין געבריל: אַ צױג אַפֿילו, אַז מ׳דערטרינקט אירע הינטעלעך, װױעט זי אױך אַ גאַנצע נאַכט! — נאָר דער באַטקאָ אָלעס לעװאַדאַ טוט זיך אַ דרײ אױס אױפֿן װעגעלע און סע שטעלט זיך װידער אײַן די פֿריִערדיקע קאָכיקע שטיל־קײט. פֿונעם שװערן און הײסן אָטעמען אױפֿן פּראָסט, װאָס יאָגט פֿון די אָפֿענע פֿעלדער אין שטוב אַרײַן, װערן די אַראָפּהענגענדיקע אױסגעכאָל־יעטע װאָנצעס באַדעקט מיט אַ פּוכיקן פֿרירטױ און מיט בליציקע אײַז־קײַלעכלעך.

— און דער מענטש, הײליקער פֿאָטער, איז אַלץ מער און מער אין מיר געזונקען, ביז ער איז אין גאַנצן פֿון מיר אַרױס. כ׳בין געבליבן אָן דער נשמה, נאָר מיטן לײַב — מיט דער פֿלײשיקער תּאווה, מיטן הױלן געװוס. און איך האָב שױן מער ניט געקאָנט שטילן מײַן לײַב מיט פֿאַרגעניגנס. אַלע מאָל באַדאַרפֿט אַן אַנדערן, און יענער איז אױך באַלד אָפּגעטעמפּט געװאָרן און כ׳האָב זיך װידער באַדאַרפֿט שאַרפֿן אױף אַן אַנדער שאַרפֿשטײן. ניט געװען שױן פֿאַר מיר קײן בושה און קײן חרפּה, קײן שײנקײט און מיאוסקײט, כ׳בין געשלאָפֿן מיט מאַנצבילן אין פֿעלד אױף דער זון, פֿאַר די אױגן פֿון אַנדערע און אױך אױפֿן טיש צװישן די פֿלעשער װײַן בײַ דער שײַן פֿון די אָנגעצונדענע קאָלירטע ליכט...

זי נעמט אַרױס אירע הענט פֿונעם גלחס און ציט זײ אױס צו די אַרום איר שטײענדיקע. סטיסיע באַאָיאַר, שױן אַ צוגעשפּאַרטע צום װעגעלע פֿונעם קאַליקע, װאָס קוקט שױן נאָר אױף דער אַטאַמאַנשע, לאָזט ניט אַז פֿון אירע רײד זאָל אַפֿילו אַ קלאַנג פֿאַר אים פֿאַרלאָרן גײן; זי, סטיסיע, שױן אַן אײַנגעשטילטע, אַ גליקלעכע, װאָס זי האָט אין זיך כּוחות געפֿונען און אַהער צו געקומען און אין זײ געשאָסן... איז פֿון דער אַטאַמאַנשעס װידױ מבולבל און דערשראָקן: איז דען פֿאַראַן אַזאַ װעלט אױך? און זי קאָן ניט אָפּפֿירן אירע אױגן פֿון דער בלאָנדער שײנהײט, באַזונדערש פֿון אירע הענט — װוּנדערלעך שײן געטאָקטע, אין די עלנבױגנס צאַרטע חן־גריבעלעך און די פֿינגער אירע — דינע, צאַפּלדיקע, רוען קײן רגע ניט; ס׳דאַכט, אַז דער גאַנצער װײטיק און חרטה פֿון דער אַטאַמאַנשע, װאָס האָט געלעבט מיט איר

ברודער און געהאַט פון אים אַ קינד, גייט איר איצטער פון די אומרויִקע פינגער:

— הייליקער פאָטער, מער קאָן איך שוין אַזוי ניט לעבן. ווײַטער קאָן איך שוין דאָרטן, אין דער ווויסטעניש ניט זײַן. פון דאָרטן שרײַט צו מיר אין די נעכט פון יענע שנייען מײַן קינד, מײַן בלוטשאַנד. פיר מיך אַהין, הייליקער פאָטער, צוריק אין דער נאַטור, ברענג אין מיר אַרײַן צוריק דעם מענטשן, די פרוי. קער מיר אום די בענקשאַפט נאָך שיינקייט, גיב מיר אָפּ דעם טרוים. נעם מיך אַרויס, הייליקער פאָטער, פון דער פינצטערניש און פיר מיך אַרײַן אין דער ליכטעניש...

— נו, גענוג, — טוט דער באַטקאָ אַלעס לעוואַדאַ אַ פאָר מיט זײַן וועגעלע נעענטער צו דער אויף די קני שטייענדיקער אַטאַמאַנשע. — פאַרן שיסן אין דײַן מאַן און ברודער און באַזונדערש פאַר דײַן ווידוי קומט דיר, אַז מיר אַלע זאָלן דאָ בייגן די קעפּ פאַר דיר. נאָר פון יענער פינצטערניש אין וועלכער ביסט אַליין אַרײַן, קאָן דיך שוין קיינער ניט אַרויספירן — אַ קראָט קאָן ניט לעבן אויף דער זון...

און אויף זײַן וווּנק פירט מען אים צוריק אויפן פריִערדיקן אָרט, צום טיש:

— הערט קינדער פון דער אוקראַיִנישער ערד מײַנע רייד: ער, אָט דער זיראַ־זירקאָ, וואָס ליגט אויף דער בלאָטיקער פּאָדלאָגע אין זײַן שוואַרצן בלוט, ער איז געווען צווישן אונדז אַ פרעמדער. מיר שטאַמען פון קריפּאַקעס, פון געשמיסענע פּויערים, און ער פון פּריצים, פון גראַפן. ער האָט זיך געשעמט מיט זײַן מאַמע דער פּויערטע. נאָר איצטער, ווערנדיק אַן אַטאַמאַן, אַ זיראַ־זירקאָ, האָט ער פאַר אײַך אַרויסגעשטעלט זײַן מאַמע, די נײַמיטשקע. ער האָט געוואָלט האָבן אַ פאַנסקע אוקראַיִנע אונטערן צאַרישן אָדלער! און מיר, בראַטי מאָי ליובי, ברידער מײַנע ליבע, פאַרגיסן בלוט פאַר אַ פּויערשער מלוכה, פאַר אַ זעלבשטענדיקער אוקראַיִנע. פאַר אַזאַ אוקראַיִנע אַז מיר, אונדזערע זין און טעכטער, און אונדזערע אייניקלעך און אוראייניקלעך זאָלן זײַן בעלי־בתּים איבער אונדזער לאַנד, איבער אונדזער פעלד און סאַד, איבער אונדזערע שאָף און רינד, איבער אונדזער ליד און לשון... די באָגור־שעווסקיס, ברידער מײַנע ליבע, האָבן געשמיסן אונדזערע זיידעס, פאַרגעסט

עס ניט קינדער מײַנע! איך געדענק נאָך מײַן געשמיסענעם זיידן, וואָס איז דערנאָך פון טרערן בלינד געוואָרן. שלעפּט אים אַרויס פון דאַנען, דעם באָגור־שעוואָסקיס ווירלאָדק. פירט אים צו די יאָרן און וואַרפט אים דאָרטן אַרויס, דעם צאַרסקן פאָלקאָווניק, פאַר די וועלף... און זי, די אַטאַמאַנשע, זי נעמט אויך מיט אַהין, שטעלט זי דאָרטן אַוועק אויף די קני מיטן פּנים צום קלויס־טער און צעשיסט זי!

פאַר סטיסיעס אויגן נעמט אַלצדינג לויפן ווי זי וואָלט מיט דער באַן געפאָרן און דורכן פענצטער אין דער נאַכט אַרויסגעקוקט און פאַרבײַ־שווינדלט דורך אַן אַנטקעגנדיקער צוג מיט בליציקע וואַגאָן־פענצטער... זי דאַרף זיך שוין אָנשטרענגען ביז זי דערזעט זיך ווידער אין דער שטוב מיט די אָפענע טיר־ און פענצטער אין דער נאַכט אַרײַן, ווו ניט ווײַט דאָ רופט זי מיט זײַן שטילן הירזשען דער שפאַק, דערזען זיך צווישן די באַנדיטן מיט די אָנגעפּרוירענע וואָנצעס, און אין אָט דער שווער־אָטעמענדיקער און ריחותדיקער שטילקייט דערהערן, כמעט אונטער איר אויער, דאָס לאַכנדיקע קול פונעם ווײַסן פעלץ מיטן רויטן וועדך אויף דער גרוי־קאַראַקולנער פאַפּאַכע:

— באַטקאָ, אפשר שוין אין איין וועג מיטנעמען אויך זי אַהין, די זשידאָווקע?

— ניין, מיט איר שפּעטער. וואַנאַ זאַווסים דרוגאַ ספּראַווא, זי איז גאָר אַן אַנדער ענין... פאַר איר האָב איך אַן אַנדער שטראָף. — און ער דרייט אויס דעם קאָפּ צו סטיסיען און גייט ווידער דורך מיט זײַן ניט־פאַרשטענד־לעכן, מיט דעם ניט־דערזאָגטן בליק איבער איר פּנים. ענטפערט זי אים, סטיסיע באַיאַר, אויף זײַנע רייד און דער עיקר אויף זײַן שאָטנדיקן בליק:

— מיך, באַטקאָ, האָסטו ניט וואָס צו שרעקן. איך האָב געוווּסט צוליב וואָס און אויף וואָס איך גיי אַהער. מיר טוט נאָר ווײ, וואָס ניט מײַן קויל, נאָר דער אַטאַמאַנשעס האָט אים דערהרגעט.

פון סטיסיעס רייד און רויִקייט הייבט דער באַטקאָ לעוואַדאַ דערשטוינט די אַקסל און צעפירט מיט די הענט:

— אַ מאָדנע פרוי! — און שוין ניט־הערנדיק ווײַטער סטיסיעס רייד, באַפעלט ער דעם ווײַסן פעלץ: אַרויסטראָגן פון דאַנען דעם פאָדליוגע, דעם

אויסוווּרף און אויך מיטנעמען זײַן שוועסטער־ווײַב, די גראַפיניע־אַטאַמאַנשע.

— זון מײַנער — שטעלט זיך דאָ דער גלח צווישן אַלעס לעוואַדאָ און דער אַטאַמאַנשע. — מ׳דאַרף איר מוחל זײַן! זי איז דורכגעגאַנגען דורכן פײַער פון ליידן. יעדער מענטש קאָן פאַלן זייער טיף און דערנאָך זיך אויפ־הייבן זייער הויך. איר נשמה לעבט נאָך און בענקט נאָכן געטלעכן ליכט, נאָכן ליכט, וואָס האָט ניט קיין שוואַרצע און ניט קיין רויטע רויכן. זון מײַנער, מ׳דאַרף איר מוחל זײַן, ער האָט זי פאַרפירט...

— און מײַן טאַטע, באַטיושקאַ, האָט פאַרפירט מײַן ווײַב... און ווער האָט פאַרפירט מײַן טאַטן?

— דער שׂטן, זון מײַנער.

— אויב אַזוי, באַטיושקאַ, זענען ניטאָ קיין שולדיקע אויף דער וועלט. איז קיין ניט שולדיק, און יודאָ איז ניט שולדיק. דער שׂטן, דער פאַרפירער, איז שולדיק? אומעטום איז שולדיק דער סאַטאַנאַ?.. און ווי וועט עס זײַן, באַטיושקאַ, מיטן פרײַען אויסוויל, און מיט דעם, אַז פון הימל ווערט ניט אַנגעצייכנט די אויפפירונג פונעם מענטשן אויף דער ערד? אַרכיפּ, נעמט זי, די נעבעך פאַרפירטע! אַז מ׳וויל ניט, באַטיושקאַ, פאַרפירט מען ניט! פירט זי אַרויס צום יאַר, שטעלט זי דאָרט אַוועק אויף די קני מיטן פּנים צום קלויסטער און צעשיסט זי. זאָל זי האָבן פאַר אירע ליידן דעם הימלישן קיניגרײַך! — און ער האָט זיך פרום איבערגעצלמט דער קאַליקע, אַלעס לעוואַדאָ.

און קיינער האָט זיך שוין מער ניט אײַנגעשטעלט פאַר דער אַטאַמאַנשע, וואָס ערשט פריִער מיט אַ שעה איז יעדער איינער דאָ גרייט געווען פאַר איר צו קריכן אויף אַלע פיר אין פײַער אַרײַן. און אַלע האָבן שווײַגנדיק צוגעקוקט, ווי דער ווײַסער פעלץ הייבט אויף די אָן לשון־געבליבענע אַטאַמאַנשע אונטער די הענט, און שלעפּט זי פון שטוב אַרויס. דער גלח איז מיט אַ וויינענדיקן קרעכץ געפאַלן אויפן בענקל און מיט די הענט פאַרשטעלט די אויגן.

— און איצטער, קינדער מײַנע, גרויסע זין פון דער ערד אוקראַיִנער, אַצינד הערט ווײַטער וואָס איך וועל אײַך זאָגן: ווער פון זיראַ־זירקאָס מענטשן וויל בײַ מיר בלײַבן און זיך שלאָגן פאַר דער פויערשער מלוכה —

אָן פֿאַנעס און אָן מאָסקאַלן, — דער זאָל זיך שטעלן אין מײַן רעכטער האַנט, און ווער ס'וויל ניט — אין מײַן לינקער! און זאָל ער אַוועקלייגן צום וואַנט דאָס געווער און גיין צו דעם ווײַב און צו די קינדער, צו זײַן שוואַרצברע־מיקער, צו טאַטע־מאַמע, צו זײַן אַקער און מער ניט פֿאַרפלעקן די אוקראַ־ינישע ערד און דאָס אוקראַ:נישע פֿאָלק מיט פֿאַרדאָרבענע מעשׂים, מיט מיאוס־קייטן און קריוודעס. האָבן אַלע געהערט מײַנע רייד, קינדער מײַנע?

— געהערט, באַטקאָ!

— מיר האָבן געהערט!

אָלעס לעוואַדאַ פֿאַרענדיקט דרייען דאָס ציגנפּיסל, שיט אָן אַהין מאַ־כאָרקע, וואַרט מ'זאָל אים ברענגען פֿײַער אויף צורייכערן און קוקט צופֿרי־דענערהייט ווי זיראַ־זירקאָס שותּפֿים, אַפֿילו די גאָר געטרײַע, פֿון די צאַרישע אָפֿיצירן און דאָנער קאָזאַקן, אויך די, איבערשטעלנדיק געהיט די שטיוול אַרום דעם טויטן אַטאַמאַן, נעמען אַריבערגיין אין זײַן רעכטער האַנט. ווייסט ער, דער באַטקאָ לעוואַדאַ: זיי טאָר מען ניט גלייבן... און ווען מ'דערלאַנגט אים אויפֿן געמאָלט־פּסחדיקן טעלערל די גלי:ענדיקע קויל פֿון אויוון, רייכערט ער צו און זאָגט:

— אָט די אַלע זשידאָווסקע כּלים זאָלן צונויפֿגענומען ווערן און מ'זאָל זיי אומקערן אין שטעטל. דעם פֿויער קאָן אַזעלכעס צו גאָרנישט ניט ניצן!.. און וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פֿאַרובאָק? — פֿרעגט ער אויפֿן יי:נגל וואָס איז פֿון דרויסן אין שטוב אַרײַנגעפֿירט געוואָרן.

— אַ זשידאָקל, באַטקאָ, פֿון שטעטל.

— ווו האָט איר אים געכאַפּט?

— דניאלקע... — רעדט סטיסיע קוים אַרויס. — דניאלקע?!

— דו קענסט אים דען? — פֿרעגט בײַ איר דער באַטקאָ לעוואַדאַ.

— איך קען אים... איך קען אים... באַטקאָ, מיט מיר קאָנסטו טאָן וואָס דײַן האַרץ גלוסט, נאָר דעם יי:נגל ריר ניט אָן! זײַן מאַמע האָבן אײַערע באַגראָבן לעבעדיקערהייט אין וואַלד.

— ווער?

— די זעלביקע וואָס האָבן מײַן קינד אָנגענומען פֿאַר די פּיסלעד־צעהוידעט, און געשלאָגן מיטן קעפּל אין וואַנט אַרײַן, אײַערע, באַטקאָ,

אײַערע, וואָס האָבן אַרײַנגעשטאָכן מײַן מאַן דעם מעסער אין רוקן אַרײַן און דערנאָך אונטערגעצונדן די שטוב.

— און דײַן חלום איז דאָרטן פאַרברענט געוואָרן?

זי ענטפֿערט אים ניט און טוליעט צו זיך דניאַלקען, וואָס איז צו איר צוגעלאָפֿן. פֿונעם ייִנגלס קומען אַהער ווערט זי פֿאַרלוירן און דערשיטערט. שוין פֿון לאַנג געוווּסט — אויף דעם האָט איר גאָר נחומקע די אויגן געעפֿנט — און דערנאָך אַליין אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין דעם ייִנגלס האַלטן און אויפֿפירן זיך בײַ זיי אין שטוב, ווו נחומקע האָט מיט אים געלערנט און אים שטאַרק ליב געהאַט פֿאַרן שאַרפֿן מוח, פֿאַרן גיכן אויפֿכאַפּן און אויפֿנעמען, פֿאַר זײַן חידושדיקן זכרון און דער עיקר פֿאַר זײַן צאַרטקייט און פֿײַער־דיקייט, פֿאַר זײַן בײַטן זיך אין פּנים בעת די זון זעצט זיך, בעת אַ זאַווערוכע, פֿאַר זײַן אויפֿגערודערט ווערן פֿון אַ גויִיש לידל אונטער די סטרונעס פֿון אַ באַנדורע; ער, נחומקע, פֿלעג איר אָפֿט זאָגן: בײַ די באַיאַרס וואַקסט אַ שיינער בוים! — די לעצטע צײַט איז אָבער דאָס ייִנגל געוואָרן ניט צו דערקענען: פֿון טאָג צו טאָג פֿאַרביטן זיך צום ערגערן — אויפֿגעהערט לערנען, ניט געוואָלט מער גיין מיט נחומען אין די פֿאַרנאַכטן אין פֿעלד אַרײַן שפּאַצירן און שמועסן; אַרומגעגאַנגען אַ פֿאַרטראַגענער, אַ ניט־היגער, ניט געגעסן און ניט געשלאָפֿן, און צוריק מיט צוויי וואָכן, בײַ נאַכט, גאָר אַנטלאָפֿן צו דער מאַמע. האָבן ביידע, זי מיט נחומען, געהאַט דערפֿון גרויס עגמת־נפֿש און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. הגם זי האָט געוווּסט אַז דניאַלקע איז אין איר פֿאַרליבט און מיטן גרויסן כּוח פֿון דער ע׳רשטער ליבע, וואָס איז ריין, ווי אַן ערשט געפֿלאַצטער קנאָספּ אין פּרי פֿון יאָר, דאָך האָט זײַן לויפֿן אַהער צו נאָך איר, צו זיראַ־זירקאָ, אויף אַ זיכערן טויט, זי אויפֿגע־טרייסלט אַזוי, ווי נאָך קיין מאָל ניט אין איר לעבן, אַפֿילו ניט דעמאָלטן ווען זי האָט געפֿונען איר לעבעדיקן חלום בײַ די באַליאַרקער זומפּן.

— באַטקאָ, — כאַפּט זיך אָן סטיסיע מיט ביידע הענט פֿאַר זײַן וועגעלע, ווי פֿריִער דאָרטן, אין דער טשערנאָבילער קלויז, פֿאַר די טירלעך פֿון אָרון־קודש. — באַטקאָ, איך וועל אָפּפֿירן דאָס ייִנגל און זיך באַלד אומקערן צוריק אַהער. ס׳וועט לאַנג ניט געדויערן, איך בין דאָ מיט מײַן פֿערד...

— טאָקע מיט יענעם פֿערד?

— יאָ, באַטקאָ, מיט יענעם.

— פאַר וואָס, — דרייט ער מיט אַ מאָל אָפּ פון איר דעם קאָפּ און פרעגט ביי זיינע: — פאַר וואָס טראָגט מען ניט אַרויס פון שטוב דעם געהרגעטן אַטאַמאַן? וואָס הייעט ער זיך דאָרטן אַזוי לאַנג אַרכיפּ?

— באַטקאָ, ער איז מיט דער אַטאַמאַנשע אַנטלאָפן געוואָרן...

— יאַק צע טאַק? — הייבט זיך אַזש אונטער אַלעס לעוואַדאַ אויף זיין וועגעלע. — וואָס הייסט?

— טאַק וואַנאַ, באַטקאָ, בולאַ, אַט אַזוי איז עס, באַטקאָ, געווען: ער האָט אַרויסגעפירט, אַרכיפּ, די אַטאַמאַנשע, אויסגעטאָן פון זיך און אָפּגעגעבן איר זיין ווייסן פעלץ, צוגעפירט זי צו די אָנגעזאָטלטע צוויי פערד, וואָס ביים וואָגן היי, זי האָט זיך אויפגעזעצט אויף איר קאַשטאַן און אַרכיפּ אויפן אַטאַמאַנס גניאַדן, און ביידע זענען אַוועק פון דאָרף ווי פייַלן...

— וווהין?

— ווער קאָן וויסן וווהין?

— אין וועלכער ריכטונג, פרעג איך.

— אַהין, באַטקאָ, אַהין, צו דער הרעבליע, מייבוט טודי, ווייזט אויס אַהין, באַטקאָ, צום טשערניגאָווער שליאַך.

— אויף די פערד! דעריאָגן! גיב אַהער מיין טאַטשאַנקע!

— און וואָס, באַטקאָ, טאָן מיט דער זשידאָווקע?

— נעכיי אידע, זאָל זי גיין... נעכיי. זאָל זי לעבן ווייטער. אָבער שוין אָן חלומות, אָן טרוימען! זאָל זי לעבן אין איר טרויער און אין שרעק. זי וועט סיי ווי ווייט פון אונדזערע הענט ניט אַוועקגיין!

און אַלעס לעוואַדאַ איז אויף זיין וועגעלע פון שטוב אַרויסגעפאָרן, באַלד אַרויפגעזעצט געוואָרן אויף דער טאַטשאַנקע מיט די צוויי קוילן־וואָרפערס, אין דריי פייערדיקע ווייסע פערד געשפאַנט, און אין גיכן ווערט דער טומל און גערודער, דאָס איבעררופן, איבערחזרן און איבערגעבן דעם באַטקאָס קאָמאַנדעס איבערגעריסן און נאָר פון אונטער די פערדישע געקאָווטעטע קאָפּעטעס הילכט אָפּ אין דעם פאַרטאָג די פאַרפרוירענע ערד.

דאָס פייער אין לאָמפּ פאַלט אום, פונעם היטעלע שטעקט נאָך אַרויס דער רויט־אָנגעברענטער קנויט. אין שטוב האַלט זיך שוין די שיין נאָר אויף די

זיך וויגנדיקע פלעמלעך פון די איקאָנע־לאַמפּאַדעס — אַ שאָטנדיקע ליכט מיטן ריח פון קאַנאָפּליע־אייל. פון די אָפן־געבליבענע טיר־און־פענצטער גייט די באַזילבערטע קעלט, וואָס שויבערט דעם קאָפּ האָר פונעם געהרגעטן זיראַ־זירקאָ אויף דעם קויטיקן דיל, ביים יונגן גלחס פיס.

און אויפן טיש די איבערגעקערטע מאַקרעטעס, וואָס אָטעמען נאָך מיט וואַרעמען פעטס און די ליידיקע פלעשער וואָס קײַקלען און שלאָגן זיך אָן אין די בערגלעך הוילע און פונעם מאַרך אויסגעסמאָקטע ווײַסע ביינער; די פולע פלעשער זענען אין די שוואַרצע זשופּאַנעס און אין די מאַלינאָווע שאַ־ראַוואַרעס אַרײַן... און קיינער קומט ניט די טיר־און־פענצטער פאַרמאַכן — דער יונגער גלח זיצט נאָך אין דרייַען געבויגן, מיט די הענט דעם פּנים פאַרשטעלט. און זי, סטיסיע, האַלט נאָך אַלץ אַרומגענומען ביי די אַקסלען דניאַלקען און הערט ניט ווי ער בעט זיך ביי איר:

— קומט, לאָמיר לויפן!

זי קוקט אויפן טויטן אָטאַמאַן, וואָס וואַלגערט זיך אויף דער ערד: אמת, ניט אירע שאָסן האָבן אים דערהרגעט, און יענער, דער ווײַסער פּעלץ מיטן רויטן ווערך, האָט טאַקע צוגענומען די אַטאַמאַנשע, די לוסטטאָכטער, און וועט פאַרנעמען זיראַ־זירקאָס אָרט... און אַוודאי איז אויך דעם באַטקאָס, אָלעס לעוואַדאַס, פּסק־דין פאַר איר אַ שרעקלעכער: זי וועט דאָך שוין טאַקע דאַרפן פאַרבלייַבן אין אַ לעבן אָן חלומות און אָן טרוימען; לעבן אין אַ וועלט פון בלוטיקע נעכטנס. אַ גאַנץ לעבן הערן זרחלס געשריי צו איר בעת מ׳האָט אים מיטן קאָפּ אין דער וואַנט געשלאָגן; און דערנאָך זײַן אַנטשוויגן ווערן... און דערביי אויך זען, סיי מיט אָפענע און סיי מיט פאַרמאַכטע אויגן די פאַרקוילטע ביינער אינעם ווײַסן פאַרטעך אירן; און דערצו נאָך אַרומגיין תּמיד אין שרעק איבער דער ערד און אָטעמען מיט דער לופט, ווי אַ לאַסקע און אַ גנאַד פון אָלעס לעוואַדאַס ליבן נאָמען... פון זײַנע הענט מיט דער יושרדיקער און רעכטפאַרטיקער האַק, וועט זי דאָך טאַקע ווײַט ניט קאָנען אַוועקגיין. און דאָ ערשט נעמט די גלאָז ספּירט איר שלאָגן מיט אַ היץ אין קאָפּ אַרײַן און אויך דער הונגער נעמט אויף איר הויערן ביז צום אומפאַלן; ציט זי די הענט אויס און נעמט פון טיש אַ געזאַלצענע אוגערקע און אויך אַ שטיק ברויט. און דער גלח הייבט זיך אויף פלוצעם

אויף פון זייַן אָרט און גייט, וואַקלענדיק זיך, אַרום דעם מת, פאַרמאַכט די טיר און פענצטער, פאַרהאַלט זיך אויף אַ רגע לעם סטיסיען מיט דניאלקען, וויַזט מיט די אויגן אויף דער באַנק: זיי זאָלן זיך זעצן און גייט דערנאָך ווייַטער, שטעלט זיך אָן אײַנגעבויגענער פאַר דער גרויסער באַגילדטער איקאָנע און נעמט תּפילה טאָן און זיך צלמען פאַר זײַן אָפּבילד... פאַרשטייט זי, סטיסיע, אַז דער גלח מיט זייַן מחילה פאַר דער אַטאַמאַנשע, פאַר דער געפאַלענער מאַגדאַלינאַ, און מיט זײַן ליבשאַפט „צום נאָענטן", האָט איר געעצהט איבערוואַרטן דאָ ביז ס'וועט טאָג ווערן, ווײַל ס'איז פאַר איר מיטן יינגל אַ סכּנה צו לאָזן זיך איצט אין וועג אַרײַן. אָבער זי נעמט ניט אָן זײַן עצה און טוט אַ וואָרף דאָס אָנגעביסענע ברויט און אוגערקע צוריק אויפן טיש און לאָזט זיך פון דניאלקען אַרויספירן פון שטוב אין דרויסן, ווו איבערן דאָרף שטייט אַ משונה-ווײַסע שטילקייט — אָפּילו די הינט בילן ניט.

און דאָך, נאָך אָט די צוויי מעת־לעת, האַלטנדיק זיך שוין קוים אויפן לעבן ווי אויף אַ טיף אונטערגעשניטענעם בוים, שוין ביז גאָר אויסגעשעפּט און אויסגעמאַטערט, שוין טאַקע באמת ווי אַ פיש אונטערן אײַז, וואָס ליגט אויפן דנאָ אַ פאַרשטאַרט און פאַרגליווערטער, האָט אין איר דאָך, אין סטי־סיען, ווי אין אַלע באַיאַרס, וואָס אין זייערע ביינער רוט די ערד און ס'רוישן די וועלדער, אַרײַנגעייענדיק אינעם אויסגעשנייטן פאַרטאָג, ווו די טאָפּאָלן שטייען פון דער ערד ביזן הימל אין אַזאַ געדיכט אויסגעשטערנטן פרירטוי, געזומען שלאָגן אין איר אַ פרייד פאַרן נס, וואָס ס'האָט פּאַרט מיט איר און מיט דניאלקען געטראָפן און ביידע זענען זיי פון אָט דער רוצחישער נעסט, שוין נאָך איר שיסן אין זיראַ־זירקאָן, מיטן לעבן אַרויס... און ס'נעמט אויך אויפגיין אין איר אויסגעליידיקט און פאַרוויסט האַרץ יענער באַיאַרישער בטחון און גלויבן אינעם לעבן און זי זאָגט שטיל צו זיך אַליין, מיט דער מומע ליבעס ווערטער: „איין מאָל אין טאָג אַ שטיקל ברויט עסן, נאָר אַרומגיין זומער אַ באָרוועסע איבערן גאָרטן"... און זי דאַרף דאָך טאַקע לעבן צוליב זיי, צוליב די אומגעבראַכטע: איר קינד און איר מאַן וועלן לעבן אין איר, זי וועט זיי אין איר האַרצן אומעטום און תּמיד אַרומטראָגן, אויף קיין רגע זיך מיט זיי ניט שיידן און ניט אויפהערן מיט זיי צו ריידן; און אויך פאַר אים, און צוליב אים, דניאלקען, דאַרף זי לעבן, די מאַמע אים פאַרבײַטן;

דערציִען און כאַוועז און העלפֿן וואַקסן דעם שיינעם באַיאַרישן בוים! און דער עיקר צוליב זײַן ליבע צו איר דאַרף זי לעבן. אָן אָט דער ליבע צו איר, קאָן ער איצט פֿאַרוועלקט און פֿאַרטריקנט ווערן. און אויך פֿאַר איר, פֿאַר סטיסיע באַיאַר, איז זײַן ליבשאַפֿט טײַער און ריין און הייליק ווי די פֿרײַטיק־צונאַכטיק געבענטשטע ליכט אין דעם פֿינצטער־ווינטערדיקן דאָרף. ער איז דאָך צוליב איר געלאָפֿן אַהער אויף אַ זיכערן טויט. און זי פֿילט אויף זיך דעם ייִנגלס פֿײַערדיק־שווײַגנדיקע גרויסע אויגן.

— דניאלקע, ווי אַזוי האָסטו זיך עס אויף דעם אײַנגעשטעלט, דניאלקע? זיי וואָלטן דאָך דיך אויך דערהרגעט, דניאלקע?

ער פֿירט אָפּ פֿון איר די אויגן מיט אַ קרומען שמייכל. איר דאַכט, זי זעט ווי ער איז בלייך געוואָרן.

— לאָמיר גיכער פֿאָרן — זאָגט ער, — זיי קאָנען אַלע קומען אַהער.

— זיי וועלן זיך שוין צום טויטן אַטאַמאַן ניט אומקערן. און דאָס דאָרף שלאָפֿט פֿון שיכּרות און מידקייט.

— ניט זיי, נאָר די באַיאַרס מיט דער סאַמאָבאָראָנע. אַברהם נעמט זיי דאָרטן צונויף.

— אַברהם איז דאָך אַזוי שווער פֿאַרוווּנדיקט. איז לאָמיר זיך זעצן אויפֿן פֿערד. גיב מיר דײַן האַנט, כ׳וועל דיר העלפֿן... דניאלקע, ער האָט דאָך מיר אַפֿילו איבערגעלאָזט דעם שפּאַק, דער באַטקאָ לעוואַדאַ. איז עס אַ נס, צי אַ קללה? ס׳איז דיר מיט אַ מאָל אַזוי קאַלט געוואָרן?

— יאָ, קאַלט. נאָר לאָמיר פֿאָרן דורכן וואַלד און רופֿן! אפֿשר וועט זי זיך אָפּרופֿן, די מאַמע. אפֿשר בלאָנדזשעט זי ערגעץ דאָרט אַרום?

— ניין, חיות מײַנער, די מאַמע בלאָנדזשעט ניט אַרום... — און זי גייט צו דער וואַנט, געפֿינט אונטער דער סטריכע הענגען אַ זאַק, נעמט אים אַראָפּ און וואַרפֿט אַרויף אויף דניאַלקעס אַקסלען.

אוןביידע רײַטן אויף דעם ניט־פֿאַרצוימטן פֿערד, וואָס פֿירט מיט די אויערן און פֿון די נאָזלעכער שלאָגט אים אַ געדיכט־הייסע פּאַרע; ער וואַרט ניט אַז סטיסיע זאָל אים מיטן קנאַפּל ריכטן דעם וועג אין שטעטל אַרײַן און פֿאַרנעמט אַליין אין אַ זײַט, מײַדט אויס דעם יאַר, ווו פֿריִער איז אים אויפֿן וועג אין לבנה־ליכט דער וואָלף געשטאַנען, — איינער פֿון יענע עלנטע

וועלף, וואָס אַנטלויפֿן אין אָנהייב ווינטער פֿון זייער סטײַע, ניט אויפֿגעגעסן צו ווערן פֿון די קינדער — און וואַרפֿט ברייט און מיט פֿרייד די פּאָדערשטע פֿיס, ווי ער וואָלט געשווומען, דער שפּאָק, איבער די ווייך־פּוכקע יונגע שנייען אונטער די העל־גרויסע וווּנדערלעך־שעמערירנדיקע גרין־רויטלעכע שטערן.

פֿונעם וואַלד שוואַרצן זיך די שטאַמען און פֿון די פּאַרטאָגיקע בלויקייטן ווייעט נאָך מיט קאַלינע־ און קליוקווע־ריחות און ס׳גייט פֿון דאָרטן, פֿון די פּראָסטיק־אויסגעזילבערטע שטילקייטן, דער ווינטערדיקער וואַלד־ניגון.

# א

און זי ווייסט שוין גוט, איווע באָיאַר, אַז אַצינד וועט זי אַוודאי פון איר גורל ניט קאָנען און ניט האָבן וווהין און צו וועמען לויפן און ערגעץ ווו זיך אויסבאַהאַלטן — אַפילו דער פיש אין ים וועט זי ניט אײַנשלינגען... און צו וועמען קאָן זי דען גיין, און ווי אַזוי וועט זי גאָר קאָנען עמעצנס לעבן אין סכּנה שטעלן? פון דער ערד ביז צו די הימלען שלאָגט דאָך מיט אַזאַ געדיכטן פּחד און פון די אָפן געבליבענע טירן, נאָך זייער אַוועקגיין, טראָגן זיך דערוואָרגן־צעבראָכענע און פאַרביטערט־אומבאַהאָלפענע וויי־ און צער־געשרייען אין די פאַרשנייטע פאַרטאָגן אַרײַן; ניין, זי, איווע, וועט אין ערגעץ ניט לויפן: דער זכות פון אירע זיידעס, די רבנים, פון מאַמעס צד, און די קראַפט, און די ערדישע פרייד פון די באָיאַרס, זייער טיפער בטחון אין זיך און אין דער וועלט, וועט איר אויך איצטער בײַשטיין... מלכּה האָט ניט איבערגעטראָגן. אויך זי, מלכּה, ווי איר פעטער זכריה, דער בעל־פּינקס פון דער משפּחה, וואָס האָט פאַרן טויט — אַ צעשלאָגענער פון די פּויערים מיט די דרענגלעך — צונויפגערופן זײַנע פרי־געשטאָרבענע קינדער, זײַן יונג־געשטאָרבן ווײַב, געפּראַוועט פאַר זיי אַ מאָלצײַט, געטרונקען מיט זיי לחיים און דערנאָך מיט אַ גרויס געשריי אויסגעהויכט די נשמה... און אויך זי, מלכּה, אַזוי. נאָר פריִער איז זי געלעגן דרײַ מעת־לעת אויף דניאלס קבר — מ׳האָט ניט געקאָנט בשום־אופן פון דאַנען זי צונעמען — זי האָט אים דערציילט, דניאלן, ווי אַזוי מ׳האָט צוגענומען זייער איינציקן זון, שמואליקן, דעם רויטן קאָמאַנדיר, און אויך זײַן ווײַב, איוועס טאָכטער, און אויך זייער בת־יחידה, וואָס איז געווען אַ נאָמען נאָך אים, נאָך דניאלן, אויך זי, זייער איין־און־איינציק אייניקל, די שיינע, די שוואַרצאויגיקע דניאלהן מיט די קופּער־רויטע האָר, — דאָס פריש־אויפגייענדיקע פײַער פון דער משפּחה באָיאַר, אויך זי, דניאלהן, וואָס האָט זיך געוואָרפן מיט די ציין און נעגל

אויף די גרויע מאַקינטאָשן בײַם צונעמען איר טאַטע־מאַמע, אויך זי, די דרײַצן־יאָריקע, האָט מען גענומען און זי אויך אומגעבראַכט... אַלע דרײַ אומגעבראַכט... — אויפֿן דריטן טאָג, פֿאַר נאַכט, נאָכן קומען פֿונעם בית־עולם, האָט מלכּה געדעקט דעם טיש, אָנגעצונדן פֿינף ליכט, געשטעלט אַ שטרוי־געפֿלאָכטענעם בוטל ווישניאַק, פֿינף בעכערס: פֿאַר זיך, פֿאַר דניאלן, פֿאַר שמואליקן, פֿאַר טאַמאַרען און פֿאַרן אייניקל, פֿאַר דניאלהן. די בעכערס אָנגעגאָסן פֿול, געשטעלט פֿאַר איטלעכן פֿון זיי פֿאַרבײַסן, געטרונקען מיט יעדערן לחיים און דערנאָך אויסגעלאָשן די ליכט... און ווען אויף איר גרויסן געשריי זײַנען מענטשן אין שטוב אַרײַנגעלאָפֿן, האָט מען זי שוין געטראָפֿן מיטן טויטן קאָפּ אויפֿן טיש — דער ווײַסער טישטעך פֿון די איבערגעקערטע בעכערס ווישניאַק איז געווען טונקל־רויט, ווי אַ שקיעה נאָך מלכּהס פֿאַר־גיין... האָט דער ניט־געקריינטער נשׂיא פֿון דער משפּחה, דער טיפֿער זקן יצחק באַיאַר, זי מקבר געווען לעם דניאלן. געזאָגט דעם ערשטן קדיש אויף איר קבר. זי, מלכּה, ליגט לעם דניאלן... און ווהין װעלן אַהינקומען אירע, איוועס, ביינער? וועט איר געביין, ווי אַדרײַאַנס, אויך פֿאַרוואָרפֿן ווערן ערגעץ אין די הרי־חושך? געדאַרפֿט דעמאָלטן, נאָך איר ערשטער פֿאַרשיקונג, אַוועקפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל. דעמאָלטן האָט מען נאָך געקאָנט זיך אַרויס־רײַסן: דאָס פֿײַער אין גיהנום האָט נאָך אַזוי ניט געפֿלאַקערט.

און ווי נאָר די מיטערנאַכט מיט דעם גרויסן און קלאָרן, מיט דעם גרין־פֿלעמלדיקן שטערן דערגייט צו איר פֿענצטער אויפֿן זעקסטן גאָרן, אַזוי נעמט זי, איווע, וואַרטן אויף די בלאָע היטלען און אויף דעם איינעם צווישן זיי, וואָס אין דעם גרויען גאַבאַרדינער מאַקינטאָש... און שוין וואָכן אַזוי, — נאָכט נאָך נאַכט, אינעם אָנטאָן, גרייט צום ווײַטן וועג, וואָס פֿירט... וווהין? מיטן מאַנטל אויף די אַקסלען, שוין מיטן הילצערנעם קופֿערט בײַ די פֿיס, וואָס אין די אויסגעקרימטע, אָבער נאָך אין די שטאַרקע יוכטעווע שטיוול, וואָס עקיבֿא האָט פֿון זיך אַראָפּגענומען און זיי איר אָפּגעגעבן:

— נעם זיי, שוועסטער, נעם! דאָס כּישוף־וועגעלע דאַרף איך שוין אין ערגעץ ניט שלעפּן. פֿון מײַן כּישוף־וועגעלע איז מיר דאָך אַפֿילו קיין איין רעדל ניט פֿאַרבליבן. מײַן גאָלדן ציגעלע הענגט שוין פֿון לאַנג אויף די זילבערנע הערנער פֿונעם מולד... נעם זיי, איווע, מײַנע שטיוול, נעם זיי!

כ׳האָב שוין ניט וווהין צו גיין. איך, דער בײַנאַכטיקער שומר פֿונעם פֿאַר־לאָזטן בית־עלמין, וועל שוין יאַקאַש קאָנען שפּילן פֿאַר די מתים אויף מײַן אַלטן פֿידל אין די פֿאַרלאַטעטע וואַלינקעס. אין די וואַלינקעס איז שטילער דער גאַנג איבערן פּראַסטיקן שניי — זיי וועקן ניט און שרעקן ניט די מתים... די שטיוול האָב איך דיר אומישנע ניט פֿאַרריכט. אויף אויסגעקרימטע שטיוול וועט זיך קײנער ניט קוואַפּען... — און ער האָט איר איבערגעלאָזט אויפֿן טישל אַן אָקרײַעץ ברויט מיט אַ זאַקאַלעץ, אַן עפּל, און ווי יצחק באַיאַר זי אַנגעגומען העכער דעם עלנבויגן און שווײַגנדיק אַרויס.

זי האָט אים, איר ברודער, דעם געטרײַסטן און איבערגעגעבנסטן, ניט פֿאַרהאַלטן, ווײַל זי האָט געוווסט, איווע, אַז עקיבאַ לויפֿט איצט אַהין, צו זײַן טאָכטער, צו דאָלין, וואָס איז שוין אויף דער צײַט, און יענער, דער מומע ליבעס זון, דניאלקע, וועט זיך דאָרטן איינער אַליין קיין עצה ניט קאָנען געבן...

וועט זי אים נאָך אַ מאָל זען עקיבאַן, וואָס איז אַזוי ענלעך געוואָרן אויפֿן טאַטן, אויף גבריאלן, וואָס איז געפֿאַלן מיט דער האַק בײַם אָרון־קודש, וועט זיך נאָך אומקערן צו אים, צו עקיבאַן, זײַן אַמאָליקע פֿריילעכקייט, זײַן גרויסער גלויבן אינעם יידישן פֿאָלק, צי וועט ער, עקיבאַ, פֿאַלן ניט מיט דער האַק, נאָר מיט זײַן פֿידל צווישן די חרוב־געוואָרענע קברים?

דעם גלאַט־צוגעקעמטן קאָפּ האָר, מיטן דינעם שרונט אין מיטן, שוין מיט אַ זילבערנער פּאַסמע, אַנגעשפּאַרט אויפֿן אָנלען פֿונעם דיוואַן, אַ האַלב פֿאַרטראַגענע, מיט הייסע אָפֿענע אויגן, הערט זי זיך צו צו די חוצפּה־זיכערע טריט, וואָס דערנענטערן זיך, בלײַבן אויף אַ היפּשער ווײַלע שטיין, דערנאָך גייען זיי ווײַטער, צו דער אַנטקעגנאיבערדיקער, צו דער שכנותדיקער טיר, — מ׳קלאַפּט אַהין... מיט איר, מיט איוועַן, האָבן זיי נאָך אַלץ צײַט, זי דאַרף מען נאָך האַלטן אין וואָרטעניש, אין קלעמעניש, אין פֿאַרגליווערטקייט: זאָל זי נאָך אַלץ ניט וויסן ווו זי געפֿינט זיך און אויף וועלכער וועלט זי גייט אַרום. שטעלט זיך ווידער אַרום איר יענע טויטע שטילקייט, וואָס קילט איר דאָס בלוט אין די אָדערן. און מיט אַ מאָל, פֿונעם צווייטן עק קאָרידאָר, פֿון יענעם ווײַטן צימערל, אַן דעם פֿענצטער, דערטראָגט זיך סקריפּאַבינס מוזיק... דאָס שפּילט שוין די אַלטע מאַנאַשקע, — אַ שפּליטער פֿון אַ פֿירשטין־

פאַמיליע; די טעג זיצט זי אַפּ ביים וולאַדימירער סאָבאָר, האָדוועט דאָרטן מיט איר ביסן פון מויל די טויבן, פאַרקריכט אין די טויבנשלאַקן, ראַמט פון דאָרטן דאָס מיסט אַרויס, און אין די נעכט, ווי אַרום איר וואָלט גאָרנישט ניט פאָרגעקומען און געשען, שפּילט זי אויפן קלאַוויר, וואָס פאַרנעמט דעם גאַנצן שטח פון אירע דריי איילן... זי פאַרמאָגט אַפילו קיין טיש און קיין בענקל ניט, שלאָפט אינעם צעבראָכענעם, אינעם צעריסן־אָפּגעבליאַקעוועטן פּליושענעם פאָטעל; זי שפּילט, די מאָנאַשקע, אין דער פינצטער, אין די שפּעטע נאָכט־שעהען סקריאַבינען, וואָס האָט מיט זיין מוזיק געוואָלט הייבן תחית־המתים יעזוסן און אים ווידער אַראָפּברענגען אויף דער ערד.

פון יענעם עקשנותדיק־אומגעדולדיקן שפּילן, ווו ס׳הערט זיך אַ מין ליבע־דאָרשטיקייט פון אַ חולה־נפש, פון יענערס פאַרביסענעם רופן און חלשן צווישן די קלאַנגען, גייט איוועץ אַ קעלט איבער די ביינער. און אויך פון דעם פאַרשנייט־אָנגעלבנהטן פענצטער שלאָגט אויף איר מיט ביטערקייט... דאָס נאָסע רויטלעכע האָלץ אין דער צעשפּאָלטן־קאַכלענער הרובע טליִעט קוים — מ׳וואָלט באַדאַרפט אויפשלאָגן דאָס פייער און אַ קוק געבן פון וואַנען רייסט זיך דער ווייסלעכער רויך אַרויס... פונעם גרינעם עפּל, וואָס עקיבא האָט איבערגעלאָזט אונטערן עלעקטרישן פאַרגעלטן לעמפּל, טוט אויף איר אַ ווייע מיט האַרבסטיקע סעדער, מיט אַראָפּגעפאַלענע פאַרברוינטע שאַרכנדיקע בלעטער, מיט אַסטרעס און מיט יענע דריי אָנגעבויגענע אָלכעס איבער איר טאַטנס ברונעם, דאָרטן, ביים בערעזעווען וועלדל. און אירע ברייט־פונאַנדער־געעפנטע הייסע אויגן פאַלן אויף דניאלס צוויי בילדער, וואָס הענגען איבערן ביכער־שענקל, וווהין אַ פּאָר בלייך־לילאָווע פעדעם דערלאַנגען קוים אַהין־צו; אָבער איווע זעט און הערט גוט, ווי די רויטע בהמה מיטן אָפּגעבראָכענעם האָרן רעוועט דורך די שטאַכעטן צו די ערשטע פּרי־פּרילינגדיקע גראָזן אין פעלד אַריין. באַזונדערס טרייסלט זי אויף דניאלס ניט־דערמאָלטער ליִיוונט, וואָס יצחק האָט אַזוי אומגעריכט געפונען אינעם איינגעוואַלגערטן קעלער אונטער דער אָפּגעברענטער קרעטשמע: פון אַ הויכן באַרגאָפּריס ווו ס׳שטייט אונטער אַ בלוי־ריינעם הימל אַ חגאדיק־אויסגעפּוצטער המון, אַלט און יונג, אין רויט־ברייטע הויזן, אין געקליאַרעוועטע ספּודניצעס, אָנגעבויגענע, מיט בלוט־אָנגעגאָסענע נאַקנס, קוקן זיי אַלע צו, ווי דער נאַר וואָס פונעם באַרג

אַראָפּגעוואָרפענער ייִד אינעם טלית, מיט די צוויי שטיינערנע לוחות צוגעבונדן אויף אַ שטריק צום האַלדז, פאַלט אין דער נידער, אין טײַך אַרײַן. פון ווייטיק פאַרמאַכן זיך איר, איוועז, די אויגן. אָבער באַלד עפענען זיי זיך איר צוריק אויף: דאָרטן, אָפּגעזונדערט און ווײַט פון דניאלס בילדער, הענגט אויך יענער לײַוונט אַדריִאַנס, — די פײַערדיקע רייפן...

און אין לינקן ווינקל, איבערן סוף־נאַכטיקן פענצטער, פלעמלט שוין דער שטערן אין גסיסה, — אויך שטערן שטאַרבן. און דער וואַנטזייגער קלינגט און זאָגט אָן: דער פאַרטאָג גייט און די שעה פון נעמען דערנענטערט זיך. די טונקל־קופערנע ווײַזערס שנײַדן מעת־לעתן אויף יסורים, און ערגעץ ווײַט שרײַט ווידער אין די שנייען אַ פאַרווונדיקט פערד.

דעמאָלטן, אין יענער שׂרפה־נאַכט, בײַ איר יציאת־לאַנדע, האָט אין דעם שניי־בוראַן אויך געשריִען אַ פערד. און שפעטער, אין די פאָגראָמנעכט, ווען זי איז דרײַ מעת־לעת פונעם אָפּעראַציע־טיש ניט אָפּגעגאַנגען, דורך די געפּלאַצטע שויבן האָבן געשלאָגן שוואַרצע שׂרפה־פלאַמען און גוואַלד־געשרייען, די יללות זײַנען געגאַנגען פונעם דניעפּער, ווו מ׳האָט ייִדן, ווי קלעצער געוואָרפן אין די אויסגעהאַקטע פּאָלאָנקעס מיטן קאָפּ אַראָפּ, אונטערן אײַז, אין וואַסער אַרײַן; אין יענע דרײַ שחיטה־טעג, באַזונדערס אין דער נײַיאָר־נאַכט, שוין נאָך דעם ווי זי, שיפרה, האָט אָפּגעגעבן איר לעבעדיק נײַ־געבוירן קינד דער פויערטע און אַליין געבליבן ליגן מיט יענערס טויט קינד אויפן האַרצן... אין יענער נאַכט האָט אויך אינעם אָנגעשנייטן פּאַרק געשריִען מיט די לעצטע כּוחות אַ פערד.

אין יענעם פאַרטאָג זײַנען אַרײַן די ר ו י ט ע און איר טאָכטער, טאַמאַראַ, דער קאָמיסאַר, אינעם שינעל, מיט דער פּאַפּאַכע אויפן קאָפּ, איז געקומען נאָך איר, נאָך איוועז, געוואָלט זי, די מאַמע, פון שפּיטאָל אויף אַ פּאָר שעה צו זיך נעמען, אָבער איווע האָט ניט געקאָנט פון שפּיטאָל אַוועקגיין, זי האָט די טאָכטער נאָר אין דרויסן אַרויסבאַגלייט, און דאָרטן דערזען, ווי טאַמאַראַ, דערהערנדיק דעם פערדגעשריי צווישן די דערבײַיִקע סאָסנעס, האָט אַהין אַ פּאָר טריט געשטעלט, באַטראַכט בײַם זילבער־פאַרטויִקטן פערד די אַראָפּהענגענדיקע קאָפּיטע פון דעם פעדערשטן פוס, אַרויסגענומען פון דער קאַבורע דעם רעוואָלווער און אַרײַנגעשאָסן צוויי קוילן אין

דעם שוואַרצן פלעק, וואָס צווישן די צוויי ראָזלעך־פּאַרטרערטע גרויסע אויגן. — דאָס פערד האָט זיך גלייַך אַ וואַלגער געטאָן אויף די קני און דער לאַנג־שמאָלער קאָפּ זייַנער איז אַרייַן ביז צו די אויערן אין דער הורבע שניי, וואָס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן צו רייטלען.

— טאַמאַראַ, — האָט איזיע ניט מיט איר קול אויסגעשריִען — טאַמאַראַ, גתּן לאַנדעס אייניקל... ווי אַזוי האָסטו דאָס געקאָנט טאָן ?

— פון רחמנות...

— און סטיסיע האָט אַזוי ניט געטאָן פון רחמנות... זי האָט אַזאַ צע־קאַליטשעטע פערד אויסגעהיילט.

הייסט טאַמאַראַ דעם רויטאַרמייער צופירן איר פערד, כאַפּט זיך אַרויף רייַטנדיק, מאַסטעט זיך גוט אייַן אין זאָטל און זאָגט שוין אָן שום פאַרשטע־לעניש :

— ניט באַדאַרפט מיך וואַרפן קליינערהייט אויף פרעמדע הענט. ניט געדאַרפט געוועזן לויפן מיט אַדריִאַנען... — און זי דערלאַנגט דעם בורן — דעם שוואַרצן פערד מיט דער ווייַסער גריווע און ווייַסן וויידל, — מיט די גלאַנציקע שפּאָרן אין די זייַטן אַרייַן, און טראָגט זיך אַוועק דורכן פּאַרק צו דער שטאָט, וואָס איז נאָך מיט שיסערייַען און מיט שׂרפות פול געווען.

## ב

און אויך דער הײַנטיקער פֿאַרטאָג וועט מיטן שאַרפֿן אָקער־לעמעך אין איר לעבן אַרײַן, — נאָכן שטאַרקן שנייפֿאַל שרײַט ערגעץ אין פֿאַרטאָג אַרײַן בײַם פֿאַרווייעטן פּלויט אַ פֿאַרווונדיקט פֿערד. וועט מען זי הײַנט ווידער, איוועץ, פֿון לעבן אַרויסטרײַבן? וווהין? פֿון דער אַרבעט איז זי שוין אַרויסגעטריבן געוואָרן, אויף דער פֿאַרזאַמלעניש האָט מען זי שוין ניט גערופֿן „כאַווער"... און מ'האָט דערקלערט פֿאַר וואָס זי, איווע באָיאַר, טרעט דאָ ניט אַרויס פֿאַר אַלעמען מיט חרטה און חשבון־הנפֿש, מיט מודה־זײַן־זיך אויף איר קרומען און פֿאַלשן לעבנסוועג; זי, איווע באָיאַר, קומט דאָך פֿון אַ פֿרעמדן און פֿון אַ פֿײַנדלעכן שטאַנד, פֿון בעלי־גופֿים און געלט־זעק... אירער אַ פּלעמעניק האָט אַפֿילו געפּרווּט אויפֿהייבן אַן אויפֿשטאַנד קעגן דער ראַטנמאַכט. זי, איווע באָיאַר, איז צעפֿרעסן און צעפֿוילט פֿון בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם, פֿונעם ציוניזם!

און טאַקע דאָרטן, אויף יענער פֿאַרזאַמלעניש, האָט זיך איווע דערוווּסט, אַז שוין אויך זי, חרות, און אַברהם באָיאַר, זײַנען אַרעסטירט, ווי פֿאַרשאַלטענע שונאים פֿון פֿאָלק. און אויך דאָרטן, פֿון יענע רייד פֿאַרשטאַנען, אַז שיפֿרה זיצט שוין ווידער אין טורמע... אָבער פֿון די דרײַ, פֿון טאַמאַרען, שמואליקן און דניאלהן, האָבן אַלע געשוויגן. אַ פּנים פֿאָרט מורא געהאַט צו רעדן פֿון דניאלהן, פֿון דעם דרײַצן־יאָריקן קינד, וואָס איז מיט טאַטע־מאַמע אין איין נאַכט אינעם קעלער דערשאָסן געוואָרן.

אָט־אָ די ווי ויסטע בשׂורה האָט איר געבראַכט דער הריף, דער פֿעטער אירער, אַבוש, וואָס האָט זיך מיטן עלטער ניט געביטן. פֿאַרקערט, דער בלינצל פֿון די ווײַסע רייפֿעלעך אַרום די שוואַרצאַפּלען, איז אים נאָך שאַרפֿער געוואָרן, די באָרד אַפֿילו לענגער און געדיכטער געוואַקסן, זי ווערט אים גאָר אין זײַנע יאָרן, ניט אין גאַנצן גרוי. ער גייט אַרום, איר פֿעטער אַבוש, ווי עמעצן אויף צו־להכעיס, אויף צעשפּרינגעניש אין אַ צעהאַקט־זײַדענער

זשופּיצע, אין ווײַסע זאָקן און אין שטעקשיך; אין די גרויסע היצן טראָגט ער אַ פוקסן־שטרײַמל ווי אַ ראָד די גרייס און ניט ער גייט, נאָר ער לויפט, ווי מורא געהאַט מיט זײַן שליחות ערגעץ־ווו צו פאַרשפּעטיקן. די פּאות טרייסלען זיך אים אויפן ווינט, און דאָס קול איז אים נאָך טרוקענער און הילכיקער געוואָרן. האָט ער איר מיט די בלינצלדיקע רייפּעלעך וועגן די קינדער דערציילט און דערנאָך שוין צוגעגעבן:

— איוועַ, ס'איז פאַר משיחס צײַטן... די וועלט האָט שוין אַן עגל און ניט פון גאָלד אַפילו, נאָר פון פאַרשטונקענעם פלייש. און ניט איינעם האָט זי שוין, די וועלט, נאָר צוויי... איינעם פון מיזרח, דעם צווייטן פון מערב. היטלער איז אויך אַ שטיק שׂטן־המשחית, אַ פאַרשטונקענער עגל! ער וועט אָפּטובלען די וועלט אין ייִדיש בלוט... פאַרשטעל זיך ניט, ייִדענע, דאָס פּנים מיט די הענט! הער, ייִדענע, וואָס איך רעד צו דיר! און דיך וועלן זיי הײַנט צונעמען. זאָל גאָט זײַן מיט דיר! אַ גוטן תּמיד! איך וועל זיך שוין מיט דיר אויף דער וועלט מער ניט זען. דאָרטן, אויף יענער וועלט, וועלן מיר זיך ווידער באַגעגענען. איך וועל ניט שטאַרבן מיט מײַן טויט. אין די נעכט שווים איך מיט מײַן מיטה איבער אָפענע קברים... איך גיי, איוועַ, איך גיי שוין אַוועק!

פון זײַנע רייד באַפאַלט זי אַ הייסער פּחד. איר מאַמעס ברודער, אַבוש, ברענגט די שרעקלעכע בשׂורות, צום גרויסן אומגליק, קיין מאָל ניט גע־פעלשטע, ניט איבערגעטריבענע, נאָר אַזוי ווי זיי זײַנען געשען און זיך פאַרלאָפן. און די הייסע, ווי סמאָלע, שוואַרצע שרעק באַפאַלט זי ניט אַזוי פון זײַנע בשׂורות, ווי פון זײַנע נביאותן. איר פעטער אַבוש איז דאָך ווי די חיה ערב אַן ערד־ציטערניש, — זי הייבט אַן צו וויזן אַ סך פריִער ווי די ערד־ציטערניש הייבט זיך אָן. ער האָט איר צוגעזאָגט, איר פעטער אַבוש, אַז הײַנט וועט מען זי צונעמען... זײַנע רייד וועלן געוויס מקוים ווערן! דער רוקן ווערט איר מיט אַ מאָל אויסגעגלײַכט, ווי בײַ יצחק באָיאָר פאַרן אָנקומען פון אַ גרויסער צרה: זאָלן זיי גיין! זי איז שוין גרייט. זיי וועלן אויך דאָס מאָל זי ניט בייגן און ניט אײַנברעכן — זיי קאָנען זי נאָר אומברענגען. זי שטאַמט דאָך ניט נאָר פון די באָיאָרס, נאָר אויך פונעם פאָלק וואָס קאָן גיין מיט גלויבן און עקשנות איבער תּהומען...

און זי וואַרט אויף זיי, איוועֿ, מיט ביטול, ווי אויף געמיין־געפֿאַלענע, ווי אויף גייַסטיקע קריפּלען. זאָלן זיי שוין קומען און אַרייַנוואַרפֿן זי אין דעם „שוואַרצן וואָראָן”, פֿאַרפֿירן זי אין די קעלערן. זי וואַרט שוין אויף זיי פֿונעם פֿריי־צופֿאַלנדיקן האַרבסט, — די טעג האָבן געקוואַרט און איינגעלאָפֿן געוואָרן, — פֿאַרבליבן כּמעט אָן שייַן. די שוואַרץ־רעגנדיקע הימלען פֿאַלן אויף די נאַקעטע ביימער. איבער די טראָטואַרן יאָגן די מוטנע וואַסערן צום דניעפּער אַראָפּ, און די אָפּגעשיילטע מויערן וועלן, דאַכט זיך, באַלד פֿון די געדיכט־קאָסע רעגנס אַראָפּגעשווענקט ווערן פֿון די בערג אין דעם טונקל־אויפֿגעלאָפֿענעם טייַך אַרייַן.

און שפּעטער, אין די פֿאַרטאָגן, האָט זי געזען דעם ערשטן פֿרירטוי אויף די צווייַגן, און פֿאַר נאַכט, פֿון יענער זייַט ערב־ווינטערדיקער וועלט, געזען, ווי אַ פֿייַער צעוואַרפֿט זיך צווישן הימל און ערד און דערפֿילט דעם ריח פֿון וואַלד־שקיעה; און דערנאָך, יענע וואַלד־שקיעה איז נאָך ניט פֿאַרגאַנגען, האָט פֿון דער איבערגעבראָכענער רויטער לבֿנה גענומען וויכערן מיט שנייען.

און דעם גאַנצן ווינטער האָט שוין געדיכט געשאָטן און ברייט געווייעט, און זי, איוועֿ, וואַרט נאָך אַלץ אַז מ׳זאָל שוין קומען און פֿאַרפֿירן זי אין די קעלערן, ווידער דאָרטן וואָכנווייַז זי מאַטערן און וועלן זי אייַנברעכן...

וועט מען זי ווידער פֿאַרשיקן אַהין, אין די קאַזאַכסטאַנער סטעפּעס, אין יענע וויסטענישן? שוין צום דריטן מאָל? דאָס ערשטע מאָל פֿאַר אַדריִאַנען, דאָס צווייטע מאָל פֿאַר אַדריִאַנען און פֿאַר ציוניזם, נו, און איצטער פֿאַר וואָס? וועלן זיי ווידער אָנהייבן פֿון אַדריִאַנען? יענער איז דאָך שוין פֿון לאַנג אויף דער וועלט ניטאָ, יענער האָט דאָך ערגעץ דאָרטן, בייַ די הימאַלייַער בערג, פֿאַרענדיקט זייַן משונה־געפֿלאָנטערטן וועג אויף דער דאָזיקער זיך־דרייענדיקער ערד, וואָס קיינער קאָן ניט אַדורכגיין איבער איר ער זאָל ניט פֿאַלן...

יענער, אַדריִאַן, וואָס האָט געקאָנט פֿאַר זייַן מאָלן, פֿאַר זייַנע האָלצשניטן, פֿאַר זייַן קאָנען פֿון אַ פּראָסטן וועגשטיין אויסהאַקן אַ גולם, חרובֿ מאַכן די וועלט און אַליין גיין איבער די זיבן גיהנום־פֿייַערן, יענער, וואָס האָט געקאָנט אָפּגעבן זייַן נשמה דעם שׂטן, יענער איז דאָך שוין אויסגעלאָשן געוואָרן.

אפשר איז ער גערעכט געווען דער זיידע זײַנער, דער אַלטער פּראָפעסאָר אפרת, וואָס האָט פאַרן אויסטרינקען דעם סם איר געזאָגט: „דעם וועג פון אַ גרויסן קינסטלער קאָן מען ניט מעסטן מיטן וואָכעדיקן אַרשין" — יענער, אַדריִאַן, מיט די שרעקלעך שוואַרצע אויגן, ווי אַלע תהומען פון דער וועלט וואָלטן אין זיי געוויכערט, בײַ יענעם זײַנען די אויגן שוין ווײַסע... יענער ליגט דאָך שוין ערגעץ ווו אין זײַן גאָר איינזאַמען קבר, אין זײַן אייביקן ניט־באַשיידטן חלום. און איבערן רוקנביין גייט איר אַ פראָסטיקע זאַווייע.

די ידיעה וועגן זײַן טויט איז איר אָנגעקומען גראָד אַהין ווּהין זי איז איבער אים, ווי אַ טרייפּענער ביין, פאַרוואָרפן געוואָרן: אין דעם אָנגעגליט־פאַליענדיקן פאַרוואָגלטן יִשוב אויף די אויסגעברענטע קאַזאַכסטאַנער סטעפּעס, אין דעם געדיכט־שטויביקן מאַרק, ווו אין דער טשײַכאַנאַ, די פּיס אונטער זיך, אין די לאַנגע בלאָו־וואַטענע כאַלאַטן, אין די בונטע טוביטייקעס אויף די גלאַנציק־געגאָלטע קעפּ, טרינקט מען פון די געקווײַטלטע פּיאַלעס דעם גרינעם טיי און מיט אַזאַ פאַרטיפטקייט, ווי מ׳וואָלט אָפּגעריכט אַ תפילה צום אייביקן אַללאַ און צו זײַן איינציקן נביא... און פון די אַרומיקע יורטעס שלאָגט מיט שאַרגע רויכן פון די טליִענדיקע געטריקנטע פּי־מיסטן אויף וועלכע מ׳קאָכט, און פאַרבײַ גייען קאַראַוואַנען קעמלען מיט קלינגענדיקע גלעקלעך אויף די דינע העלדזער, אויסגעבויגענע, ווי פרעגצייכנס צו דער וועלט: פאַר וואָס, און ביז ווען, קומט אונדז אַזאַ קריוודע? און אויפן ווײַסן אייזעלע וויגט זיך אין דער זוניקער ספּעקע דער אָנטרײַבער — די באָרוועסע פּיס שלעפּן זיך אים איבער דער ערד און ער זינגט פון אַלץ וואָס ס׳טרעפט זיך אים אויפן וועג פאַר די אויגן: וועגן אַ שפּאַרבער וואָס שטייט אין דער לופטן אויף די פליגל, וועגן דעם וויקלגראָז וואָס יאָגט איבערן סטעפּ... און פרויען אין זייערע ברייטע אַנטאָנס, די פּנימער אויסבאַהאַלטן און פאַר־שטעלט מיט פאַראַנדזאַס, מיט די הויך־שמאָלע קרוגן וואַסער אויף די קעפּ, שפּאַנען געלאַסן, ווי אין אייביקן דרימל אַרײַנגעפאַלן... אָט אַהין־צו איז איר אָנגעקומען, איוועז, די ידיעה וועגן אַדריִאַנס טויט.

אָט אַהין־צו, אין איר ערשטער פאַרשיקונג, אין איר יענער אָרומיקייט, אין יענער אָפּגעווײַטערטקייט, שוין אַן אויסגעליידיקטע פון פרייד און פון מזל, אָט דאָרטן, אין איר פּלאָג און לײַדן איבער אים, איבער אַדריִאַנען, האָט

זי פון עמעצן באַקומען, — ניט געקאָנט גאָר פאַרשטיין דורך אַוועלכע וועגן, דעם פיַיערדיקן ליַיוונט און אַ בריוו, ווו ס'ווערט איר דערציילט, ווי אַזוי ער, אַדריִאַן, האָט די לעצטע יאָרן, טאָג און נאַכט, געהאַלטן אין איין מאָלן און איבערמאָלן, געאַרבעט איבערן בילד אָן אָפּשטעל און אָן אויפהער, ווי אַ פאַרמישפּט־פאַרשאָלטענער, געוואָרן אויף ניט צו דערקענען אים — געלע הויט און ביינער, זיך דורכגעלויכטן אויף דעם ליכט, נאָר די צוויי אויגן האָבן זיך נאָך געהאַלטן אין אים — געברענט מיט שוואַרצער שׂרפה. ער האָט געוואָלט אַז די פאַרבן אויפן ליַיוונט זאָלן פלאַקערן. קיינער האָט אים שוין ניט פאַרשטאַנען, ניט געוווסט וואָס ער וויל און וואָס אויפן ליַיוונט איז אָנגעוואָרפן: פיַיערדיקע רייפן איבער זונפאַרגייענדיקע צעכוואַליעטע וואַסערן, און אין אָט די פלאַמען־וויכערס אַ פרוי, אַן איַינגעוויקלטע אין צעגליטע וויַיסקייטן, און אירע האָר וויקלען זיך ווי רויכן אויפן ווינט; און אין ווינקל, ווי פון דער ערד אַרויס, שטעקט אַ גרויסער אָפּגעשונדענער שאַרבן פון האַלב־מענטש, האַלב־חיה, און אויף אויסגעצויגענע הענט, אויס־געדרייטע, קנאָכיקע, ווי פאַרבלוטיקטע וואָרצלען, פאַרגייט זיך אַ קינד אין געלעכטער...

פונעם ערשטן בליק אויפן בילד, באַזונדערס אויף דעם לעבעדיק־קוועלנ־דיקן קינד אין אָט די פיַיערדיקע רייפן, ווערט זי, איווע, אויפגעציטערט און אויפגעטרייסלט. די קאַזאַכקע, די בעל־הביתטע פון דער קיביטקע, פונעם ליימענעם שטיבל, ווו איווע איז איַינגעשטאַנען, האָט דעם פאַל אויף דער ערד דערהערט און אויפגעהויבן אַ געשריי:

— מיט אונדזער דאָקטערשע איז שלעכט!

און גראָד דעמאָלטן, אַ פאַרטריבענע פונעם לעבן אין די ווילד־אומענד־לעכע סטעפּעס, ווו אין די פאַרנאַכטן פלעג זי זען ביַים ראַנד פון הימל שטעט, פאַרקן, סעדער, געדיכטע וועלדער און זיך־כוואַליענדיקע וואַסערן, גראָד דאָרטן, אין אירע ביטערע און אומזיסטע ליידן, איבער אים, איבער אַדריִאַנען, פונאַנדערוויקלענדיק דעם צוגעשיקטן ליַיוונט און דערזעענדיק ווי זי, איווע, איז אין איר דעמאָלטיקער יונגקייט און שיינקייט אויסגעמאָלט געוואָרן, דער עיקר, דערזעענדיק דאָס קוועלנדיקע קינד אויף די אויסגעצויגן־פאַרבלוטיקטע הענט, האָט זי ערשט דאָ מיט אַלע אירע באָיאַר־ערדישע ביינער, מיט אַלע

אירע אומרויִקע אָדערן דערפילט, ווי גרויס אַדריִאַנס ליבע איז געווען צו איר.

און הגם איר שׂכל, וואָס האָט תּמיד געזוכט דעם מקור, געקניפּט דעם וויַיטן נעכטן מיטן וויַיטן מאָרגן, איז ווי פריִער, ווי אין די אַלע יאָרן, קאַלט און אומברחמנותדיק געבליבן, דאָך האָט זי שוין מער קיין כּוח ניט געהאַט אַרויסשטויסן און צו באַזיַיטיקן אים, אַדריִאַנען, פון איר נשמה. און יענע וויַטע פרי־פרילינגדיקע נעכט האָבן זיך ווידער גענומען לייגן ווי הייסער אַש אויף איר האַרצן. יענער, אַדריִאַן, האָט זיך ווידער גענומען צונויפגיסן מיט דניאלן, און די רויטע בהמה מיטן אָפּגעבראָכענעם האָרן איז אַרויף אויף אַדריִאַנס פלאַם־פיַיערדיקן ליַיוונט.

און יענער פרי פון יאָר, און ווי איר האָט זיך געדאַכט, שוין פאַר איר אַ וויַיטער און אַ קאַלטער, שוין פון לאַנג אַן איבערגעוויטיקטער און איבער־געקומענער, יענע ווערסנע, וואָס האָט זי דעמאָלטן אַזוי אומדערוואַרט אַריַינ־געוואָרפן אינעם רוישיקן, אויף פאַרטויבט צו ווערן, געווירבל און געוואַלגער, האָט ווידער גענומען קלאַפּן אין איר לײַב און לעבן. די פיַיערן אויף אַדריִאַנס ליַיוונט האָבן זיך מיט יעדן טאָג אַלץ שטאַרקער צעבושעוועט און שוין ניט נאָר אין איר זכּרון, נאָר שוין אויך פאַר די אָפענע אויגן.

אמת, אויך פריִער, די אַלע יאָרן, האָט זי יענע ווערסנע געטראָגן אין האַרצן מיט ווייטיק און ווי אַ שווערע זינד, וואָס קאָן ניט פאַרגעבן און אויסגעקויפט ווערן: זי האָט דעמאָלטן איבערגעלאָזט די וידוי־זאָגנדיקע אויסגעדאַרטע מאַמע אויפן טויטנבעטל; זי האָט דעמאָלט איר קינד, טאַמאַ־רעלען, געוואָרפן אויף פרעמדע הענט.

דאָך און פאַרט איז זי קיין בעל־תּשובה, איווע, ניט געוואָרן. פאַר קיינעם ניט געוואָלט זיך פאַרענטפערן, זיך ריין־און־וויַיס־וואַשן. נאָך מער: געטראָגן איר גליִיקן ליבע־אַש אין די ביינער מיט שטילער פרייד, אַפילו מיט גדלות פאַר קאָנען אויף זיך שטעלן, פאַר קאָנען דעמאָלטן ברעכן אַלע צאַמען און שטערונגען, און דער עיקר, פאַר קאָנען אַריבערשפּאַנען איבער זיך אַליין. פאַר קאָנען, סוף־כּל־סוף, דורכקלאַפּן דעם פענצטער אין איר לעבן, ווי די מומע ליבע האָט זי געלערנט אין יענעם וויַיטן זומערדיקן פאַרנאַכט אונטער די ווערבעס בײַם שטילן טײַך, ווו די וואָרעמע שקיעה־וואַסערן האָבן געצוויטעט מיט וויַיסע קריגלעך־ליליעס; דאָרטן האָט איר

די מומע ליבע דערציילט פון יענער מאַמע, וואָס האָט געלעבט מיט אירע דרײַ קינדער אין דער הייל, און פון דער פינצטערקייט און נאַסקייט האָבן אַלע געצאַנקט און געטשאַכנעט. פלעג זי, די מאַמע, אַלע טאָג לויפן פון דער הייל צו דער אויסגעקווייטלטער לאָנקע, קלײַבן אין פאַרטעך אַרײַן שטראַלן פון דער זון פאַר אירע קינדער, אָבער די שטראַלן פלעגן אויסגיין אינעם פאַרטעך נאָך פאַרן אַרײַנגיין אין הייל.

— איוועניו, — האָט איר דעמאָלט די מומע ליבע אונטער די ווערבעס געזאָגט — שטראַלן און וואַרעמקייט קאָן מען אין הייל אַרײַן ניט אָנטראָגן. מ׳דאַרף דורכברעכן אַ פענצטער אין דער הייל, וועט די זון אַליין אַהין־צו אַרײַנגיין.

## ג

און איווע האָט טאַקע אין יענעם קאַיאַר, אין דעם שניי־וויכערדיקן, בײַ דער שׂרפה־שײַן אויפן מאַרק, בײַם געשריי פונעם פאַרווונדיקטן פערד, דורכגעבראָכן די וואַנט אין דעם פירגאָרנדיקן לאַנדע־מויערל, וואָס מיט די טורעמלעך און באַלקאָנען, אָנגעשפּאַרטע אויף די געהויקערטע שטיינערנע גולמס, אַרויס מיטן קינד, מיט טאַמאַרעלען, פונעם פאַרווייעטן הויף, דעם אַלטן דיינס שטעקן אין איין האַנט און מיט דניאלס געמעל — די קו מיטן אָפּגעבראָכענעם האָרן — אין דער צווייטער, מיטן לעדערנעם געשפּאָלטן־פּאַרטריקנטן רוקזאַק אויפן אַקסל, ווו ס׳ליגן זײַנע, דניאלס, בייגעלעך פּאַפּיר, די צונויפגעקאָרטשעטע, מיט די אַרומגעברענטע ברעגן, מיט די לענגלעך־שפּיציקע אותיות, וואָס שטעכן איר אין האַרצן אַרײַן: „דו ביסט געווען מײַן נר־תּמיד, בײַ אָט דער שײַן האָב איך געלעבט און געחלומט. כ׳האָב געגלייבט אַז דו וועסט ווערן דאָס ליד פון מײַן לעבן”, און דאָרטן, אין יענעם רוקזאַק, ווו ס׳ליגן אירע אַמאָליקע מיידלשע מלבושים, באַזונדערס יענץ חתונה־קלייד אין וועלכן זי האָט געוואָלט מיט דניאלן אונטער דער חופּה גיין... דאָרטן, אין יענעם רוקזאַק, האָט זיך אויך געפונען אַבנרס פאַרבלוטיקט צעטעלע:

„אין דער היים איז קיין וועלט ניטאָ, און אין דער וועלט איז קיין היים ניטאָ”.

— אין יענעם קאַיאַר, שוין כמעט אין פעלד, האָט זי זיך מיטן קינד, מיט טאַמאַרעלען, געזעגנט און מיטן אַשמדאַי צו איר טאַטן אין כוטער אַרײַן אָפּגעשיקט: געוואָלט האָבן פרײַע הענט צו קאָנען זיך ראַנגלען מיט איר גורל, און ניט נאָר מיט אירן! קאָנען זיך שלאָגן מיט אַלע אירע כּוחות פאַר אַ וועלט אין דער היים און דער עיקר פאַר אַ היים אין דער וועלט...

— און דאָ האָט איר דער נחש־הקדמוני, דער שׂטן אַליין, אונטערגעשטעלט אין דניאלס געשטאַלט אים, אַדרבֿאַנען.

און הגם שוין באַלד, בײַ איר ערשטער באַגעגעניש מיט אים, געזען,

אַז דער איז אויף אַ האָר ניט ענלעך אויף יענעם, און אויך תּיכּף, טאַקע דאָרטן אויפן אָרט, שוין ביַי די אפּרתעס דערפילט אַז זי טרעט אַרויף אויף אַ שמאָל בריקל, אַ וואַקלדיקס, אַן אַנשפּאַרן, וואָס פירט איבער אַ תהום... אָבער אָט־אָ דאָס וואָרן־געפיל האָט געדויערט אין איר אַ כהרף־עין, ווי אַ שווינדלבליץ אין אַ תמוזדיקן אויפדערנאַכט.

שפּעטער, נאָכן פּאָגראָם, נאָכן אַרויספאָרן מיט אַדריאַנען און חרותן פון דער שטאָט, איז זי דעמאָלטן אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט אַזאַ התלהבות און פאַרשיכּורטקייט, אַז זי איז, ווי די ערד, שוער ניט פאַרכליניעט געוואָרן אין די פרי־יאָריקע, אין די רוישיק־ריזלענדיקע וואַסערן. נאָך די צען יאָר ביַי די לאַנדעס, איז איר, איוועץ, ווי דער ערד נאָכן ווינטער, קאַרג געוואָרן שיַין, ליכטיקייט און זון. אין אירע ביינער איז מיט אַ מאָל אויפגעגאַנגען די בענקשאַפט נאָך פריַיקייט, נאָך שטורעמדיקייט און אַפילו נאָך הפקרות. דער וואָגן איז אַלע מאָל געפאַלן מיט אַן אַנדער ראָד אין אַ גרוב — די וואַסערן האָבן ממש פאַרגאָסן די אויגן, און די פערד האָבן געטראָגן אויף געהרגעט צו ווערן; די ציַימלעך האָבן געזאָטן מיט אַ רויטן שוים אין זייערע מיַילער און פון אונטער די קאָפּיטעס זיַינען געפלויגן שטיקער אויסגעריסענע ערד — דער וואָגן האָט געקאָנט צעפאַלן ווערן און די הינטערשטע רעדער זאָלן אַרויף אויף די פעדערשטע... אַפילו די שרעק פאַר דער גרויסער סכּנה פון פאַרהאַלטן און געכאַפּט ווערן, איז געווען פאַר איר, פאַר איוועץ, אַ פריידיקע: זי וועט גיין מיט אים, מיט אַדריאַנען, קיין סיביר, זי וועט גיין מיט אים הינטער די הרי־חושך, ווו קיין מענטשלעכער פוס האָט נאָך ניט געטראָטן.

אַפילו שוין נאָכן איבערלאָזן דאָס קינד, טאַמאַרעלען, אויפן לעדערנעם דיוואַן, אונטער די צעצוויַיגטע פּיקוסן, די גוססדיקע מאַמע אויפן בעטל, ווו דאָס באָקלעמעלע האָט צוקאָפּנס געלעקט די שוין פאַרקילטע געלבלעכע טראָפּנס שווייס פון דער מאַמעס אָפּגעשוירענעם קאָפּ; דעם פאַראָבלטן טאַטן, וואָס פון זיַין ליולקע־ציבעק איז געגאַנגען ניט קיין רויך, נאָר אַ שוואַרצער טרויער, שוין אַפילו נאָך דעם, הגם מיט אַ ווײ־און־צער אין האַרצן, האָבן דאָך אין יענער נאַכט אַלע בלוטן געוויכערט אין איר מיט אַ כּישוף־דער־קוויקנדיקן ניגון... זי האָט ניט געוואָלט הערן וואָס צווישן חרותן מיט אַדריאַנען קומט פאָר, ווי אין חרותעס רייד הערט זיך עפּעס אַ מין חשד,

הלמאַי אַדריַאַן הייסט אַברהמען פאָרן מיטן גליַיכן וועג און הייסט אים אויך אַרויספאָרן אויפן קאַזיאַנעם טראַקט, אין דער ציַיט ווען די זשאַנדאַרן זיַינען שוין אויפן כוטער און ס'וואָלט אַ סך גליַיכער און שכלדיקער געווען אַראָפּ־צוקערעווען אויף די זיַיטיקע פעלד־און וואַלד־וועגן.

שפּעטער האָט זי געזען, איווע, אַז גערעכט איז געווען ער, אַדריאַן: מיט יענע קרום־ און ביַי־וועגן זיַינען געפאָרן די נאָכיאָגערס, און נאָך שפּעטער, שוין ביַים גרענעץ, אינעם שטיבל, אויך דאָרטן האָט אַדריאַן אַרויס־געוויזן גרויס איַינשטעלעניש, אויסגערעכנטקייט און דער עיקר גבורה: מיט דער פאַרוווּנדיקטער האַנט געשאָסן און פאַרהאַלטן די אַכראַנקע־ליַיט און אַרויסגעפירט פריַער חרותן און שוין נאָך דעם געקומען נעמען זי, איווען, און מיט איר איבער דער גרענעץ געלאָפן. און דאָרטן האָט זיך חרות פּלוצעם פון זיי אָפּגעשיידט, און איז אַליין און מיט גאָר אַן אַנדער וועג אַוועק־געפאָרן.

חרותעס אומגעריכטער אָפּוויַיטערן זיך, איר נעלם און אַנטרונען ווערן, האָט איווען מיט אַ מאָל שטאַרק געטראָפן. זי האָט ניט געקאָנט דערקלערן און באַשיידן: ער, אַדריַאַן, האָט דאָך פאַר איר, פאַר חרותן, דאָס לעבן איַינגעשטעלט, אויפן טויט געגאַנגען, אינעם רויבערהייל אַריַין — אַזוי פיל מסירת־נפש אַרויסגעוויזן, געהאָלפן איר פון אונטער די נאַקעטע שווערדן לויפן, זי געראַטעוועט פון די אייביקע שנייען און אפשר גאָר פון דער תליה.

און נאָך מער אין צעטומלטקייט האָט זי, איווען, אַריַינגעבראַכט, וואָס אויף אַדריַאַנען האָט חרותעס האַלטן זיך, איר פּלוצעמדיק נעלם ווערן, קיין ברעקל רושם ניט געמאַכט: — וועגן קרייצן זיך איבער, — האָט ער איר דערקלערט שטיל, מיט אַ מאָדנער בלייכקייט אויפן פּנים, די אויגן פאַרמאַכט. — וועגן קרייצן זיך איבער, אָבער קיין מאָל גייען זיי זיך ניט צונויף. וואָלטן אַלע געגאַנגען מיט איינעם און דעם זעלבן וועג, וואָלט פון דער מענטשהייט געוואָרן אַ סטאַדע. און אַ סטאַדע דאַרף שוין האָבן אַ פּאַסטעך מיט אַ לאַנגער ביַיטש אין האַנט...

די באַן שפּאַלט די סוף־נאַכט אין דעם יאַדלעוואַלד און פון דער טיפקייט קלאָגט ערגעץ אַרויס אַ פילין. אויך איר, איווען, פאַלן פון מידקייט די וויִעס אַראָפּ — אַ וויַיסע לבנה לויפט דורך איבערן זיך־טרייסלענדיקן וואַגאָן־

פענצטער און ווערט באַלד פאַרפאַלן. פון דער פינצטערניש, כמעט פון דער שוואַרצקייט, חלומט זיך אַרויס אַ בערעזע, וואָס טוט אַ שלאָג מיט איר ליכט אין די אויגן אַרײַן. ס׳שמעקט מיט פײַכטע נוסביימער, מיט האָזנמאָן, און לבנה־שפּיגלען ברעכן זיך אין די פאַרטאָגיק־פּרילינגדיקע וואַסערן.

און ער דרעמלט. און די רעדער איבער די רעלסן קלאַפּן אויס זייער נאַכט־ניגון, און די באַן פאָרן דורכלויפן דעם פאַרוואָרפענעם וואָקזאַלכל מיטן לאָמטערן־ליכט אין דעם בלאָוו־גרינלעכן נעפּל, פײַפט שאַרף, שטרענג־וואָרענענדיק, און הייבט זיך דערנאָך פון די נעפּלדיקע טאָלן צום אויסגע־שטערנטן ערב־שאַריִען.

זי דעקט אים צו מיטן מאַנטל, וואָס פון זיך אַראָפּגענומען, — דער פאַר־טאָג ווערט קעלטער און אַדריִאַן פאַלט דאָך אין היץ אַרײַן. דאָ כאַפּט ער איר האַנט און קושט — צום ערשטן מאָל — די דלאָניע אירע מיט ציטערניש. ער רעדט צו איר שוין גאָר שטיל, ווי אײַנגערוימט אַ סוד, און מיט די פאַרמאַכטע אויגן, און נאָך מיט אַ מער בלייך־געוואָרענעם פּנים:

— דער וועג וואָס פירט אַוועק דעם קינסטלער פון זיך, איז אויך ניט קיין גרינגער, נאָר דער וועג וואָס פירט דעם קינסטלער צוריק צו זיך, אָט דער וועג גייט דורך דערנער און דורך שווערע און דורך ביטערע יסורים.

אויך אָט די רייד זײַנע, ווי די פריִערדיקע רייד פון די וועגן וואָס קרייצן זיך איבער, אָבער גייען זיך קיין מאָל ניט צונויף, אויך אָט די רייד זײַנע וועגן דעם קינסטלער, פאַרבלײַבן פאַר איר ערגעץ ווײַט, ווי יענע לבנה־שפּיגלען, וואָס האָבן זיך געבראָכן אין די פּרילינגדיקע פאַרטאָג־וואַסערן. פון זײַן קושן מיט אַזאַ ציטערניש און פײַער איר דלאָניע, יאָגט אויף איר אָן אַ פרישע כוואַליע פרייד, וואָס וואַרפט זי שיִער פון די פיס ניט אום.

דערנאָך, שוין דאָרטן, שוין בײַ די אַלפּנבערג, שוין נאָך זײַן געזונט ווערן, ווערט ער מיט אַ מאָל פון איר גאָר דערווײַטערט. אויך אין דער צײַט פון זײַן שלאָף זײַן, בעת איר זיצן די נעכט איבער אים, האָט ער שוין מער איר האַנט ניט גענומען... נאָר איין מאָל האָט ער ווידער וועגן זיך גערעדט, און ווידער שטיל, און ווידער ווי אַ גרויסן סוד איר אײַנגערוימט: מיט בוי־מלאָכה וועט ער זיך שוין מער ניט פאַרנעמען. אַרכיטעקטור איז קונסט פאַר יענעם, פאַרן אַנדערן, פאַרן פרעמדן און ווײַטן... קונסט דאַרף זײַן נאָר פאַר

זיך און אַפילו פאַר זיך אויך ניט... אָט ווי די אייביק־אוראַלטע שניישייַנען אויף די אַלפנקעפּ. ער, אַדריאַן, וויל מיט זייַנע מאַלפאַרבן אָנצינדן אַזאַ פייַער, וואָס זאָל גיין איבער בערג, זאָל צעשמעלצן שטערן — דער אורקוואַל פון קונסט, איז פייַער... און אויב ניט, טאָ זאָל כאָטש זייַן אייגענע נשמה פאַר־ברענט ווערן.

עפּעס ענלעכס האָט זי אַ מאָל, בייַם זונאויפגיין איבערן טייַך, געהערט פון דניאלן. יענעמס נשמה איז טאַקע פאַרברענט געוואָרן. אָבער יענעם האָט זי פאַרשטאַנען און דעם — ניט. יענער האָט געטראָגן די קאַלטע וועלט אין זייַן וואַרעם האַרץ, יענעמס נשמה האָט געזונגען פון אַ טראָפּן ראָסע אויף דער זון, און פון אַ בליציקער הורבע שניי אויף דער לבנה.

אויך זי, איווע, מאַכט ניט קיין איין ווייַטערדיקן טראָט צו אים. זי, די טאָכטער פון די באַיאַרס, וועט מיט זיך אויף פּשרות, אויף דורכקומענישן, ניט גיין, אויך אַפילו דעמאָלט, ווען איר לעבן און איר ווייַטערדיקער גורל זאָל אויף דער אומברחמנותדיקער וואָג אַרויפגעוואָרפן ווערן, אַפילו דעמאָלט, אויב אויף דעם וואָגשאָל וועט איר פעלן איין לויט, איין ברעקעלע, איין זערנעלע, וועט זי עס ניט פאַרזען און ניט פאַרבייַגיין.

און איווע, דערזעענדיק אַדריאַנס אָפּגיין, באַשליסט מאָרגן, מיטן קאַיאַר, אָוועקפאָרן פון דאַנען מיט דער ערשטער באַן, מסתּמא איז איר אַזוי באַשערט און באַוואָרנט צו קרענקען אויף ליבע ביזן סוף פון אירע טעג. ווידער האָט זיך איר געחלומט און געדאַכט, ווידער האָט איר כּוח־הדמיון זיך צעשפּילט, ווידער איז יענע ווייַסע בערעזע אַרויסגעלאָפן פונעם שוואַרצן וואַלד.

פאַר נאַכט, אויף דער וועראַנדע פון דער שטוב מיטן רויטן טשערעפּיצע־הויכן דאַך, ווו אין אַלע פענצטער זעט מען אַ קייַלעכדיקן מעת־לעת, ווי עמעצער פאַרבט די אַלפּנשנייען אין אַלערליי שייַנען און קאָלירן; אין אָט דער שטוב מיטן סאָד אין צוויט, ווו די שטאַרן פייַפן, ווייַט פונעם ישוב, כּמעט בייַ דער סאַמע אָזערע, בייַ די באַוואַלדיקטע הייכקייטן און אויך ניט ווייַט פון די נידערנישן, פון די אויפגייענדיקע וויינצנפעלדער, וואָס אָטעמען שווער און אויסגעבענקט נאָך אַ רעגן; אין יענעם פאַרנאַכט, אַרויף צו, אין דער איינציקער, אין דער געדיכט־באַבלעטערטער ווערבעקרוין, זעצט זיך די זון, — די שקיעה רינגט איבער די אַראָפּהענגענדיקע ווייכע צווייַגן

אין די אויפגעשיינטע גראָזן אַרײַן, דאָרטן און דעמאָלטן האָט זי אים, ווי אַ פּסק־דין אויף ניט צו ענדערן, געזאָגט:

— פאַר טאָג פאָר איך אַוועק.

ביי דער שקיעה ווערן אים די אויגן נאָך תהומעדיקער, דאָס פּנים שוין גאָר ווי פון קופּער אויסגעהאַקט, און ביים אַריבערבייגן זיך איבער דער ווערענדע, האָט ער זיך מיטן קאָפּ אַראָפּ אָפּגעשפּיגלט אין דער אָזערע — כאַפּט זי פון דעם אַרום עפּעס אַ פּחד.

— קומט, — זאָגט זי. — לאָמיר פאַר מײַן אַוועקפאָרן גיין אַ ביסל אין די בערג, לאָמיר אַרײַן אין יענעם רעסטאָראַן און אויסטרינקען פאַר אַ ווײַסער בערעזע אין אַ שוואַרצער נאַכט.

— איך האָב מורא פאַר אייַך!

— איר פאַר מיר?

— יאָ, פאַר אייַך! אין אײַך איז אַלצדינג צו פיל!

— וואָס הייסט עס?

— אין אײַך איז צו פיל שיינקייט, צו פיל חן, צו פיל צאַרטקייט, צו פיל שטאָלצקייט און דער עיקר, צו פיל ירושה פון דורות. איר זײַט אַרײַן אין מײַן לעבן...

ער קוקט אויף איר מיט הייס־וויכערדיקע אויגן, און זי וואַרט ער זאָל רעדן ווײַטער. נאָר פּלוצעם צעלאַכט ער זיך מיט יענעם רוישיקן געלעכטער, וואָס וועקט אין איר זכרון די שוין פאַרגאַנגענע, מיט בוריאַן פאַרוואָקסענע יאָרן; קוקט זי אויך אויף אים אָפן, ווי איין מאָל פאַר אַלעמען געוואָלט פאַר זיך אויסקלאָרן, וואָס אַזוינס האָט זי געטריבן צו לויפן מיט אים, מיט אָט דעם אַדריאַנען, וואָס איז דאָך פאָרט מיט קיין איין האָר ניט ענלעך אויף יענעם דניאל. ווי אַזוי האָט זי, איוועט, צוליב אים געוואָרפן איר קינד, די גוססדיקע מאַמע, דעם פאַראַבלטן טאַטן?

— קומט, — זאָגט ער צו איר. — קומט! — און ער וויקלט אָפּ פון דער האַנט דעם בינט און טוט אים אַ וואָרף ווי אַ זאַך, וואָס דאַרף פאַרגעסן ווערן. — קומט אין די בערג, מיר'ן אויך אַרײַן אין רעסטאָראַן טרינקען אַלטע ווײַנען.

— כ'וועל נאָר גיין זיך איבערטאָן.

— זיך איבערטאָן? קאָנען דען זײַן קליידער, וואָס זאָלן אײַך נאָך מער פּאַסטן? אין אָט דעם ווײַסן קלייד וועל איך אײַך מאָלן!

און שוין אין די בערג, שוין נאָכן צונויפרעדן זיך מיטן בעל־הבית פונעם הויף וועגן קומען זי פירן קאַיאַר צו דער ערשטער באַן, וואָס גייט קיין ציריך — אַדרבֿאַ האָט זיך ניט אַרײַנגעמישט, ניט געפּרוווט זי פאַרהאַלטן, זיך ניט געביטן אין פּנים, זי האָט ניט באַמערקט ס׳זאָל אים קאַרטען, ס׳זאָל אים מצער זײַן, פאַרקערט, ער האָט גענומען קוקן אויף איר מיט דערפרייטע, מיט ליכטיק געוואָרענע אויגן: יענע תּהום־שוואַרצקייט איז פון זיי פאַרשוווּנדן און ער איז דאָ באמת ענלעך געוואָרן אויף יענעם דניאלן. אויך בײַ דעם זײַנען די אויגן געוואָרן פאַרחידושטע און באַגײַסטערטע... שוין אין די בערג, גאָר ניט ווײַט פונעם רעסטאָראַן, שטעלט זי זיך אָפּ:

— קומט בעסער צו דער אָזערע, אויף אַ שיפל מיט וועסלעס, מיר׳ן פאָרן ווײַט. כ׳וויל הײַנט מיט די וועסלעס שפּאַלטן די לבֿנה־שפּיגלען אין די וואַסערן. איר האָט אַ מאָל געהערט ווי לבֿנה־שפּיגלען ברעכן זיך בײַ האַלבער נאַכט אין טײַך?

בלײַבט ער פאַר איר שטיין, ווי פונעם אָרט ניט צו רירן. איבער די אויגן יאָגט אים אַדורך אַ גרינלעכער וויכער, דאָס פּנים ווערט אים אויסגעקרימט, ווי זי וואָלט דאָ עפּעס שרעקלעכס פאַרגעלייגט און אָנגעשלאָגן. אָבער דאָס געדויערט אַ קראַפּליע, אַ קוצו של רגע — שוין דאָ אויפן אָרט צווייפלט זי, צי זי האָט אַזוינס גאָר באַמערקט, צי האָט זיך איר נאָר אויסגעדאַכט, — ער טוט צו איר מיט די בלאַנק־ווײַסע ציין אַ שמייכל, לאָזט זיך נאָך איר פון די בערג צו דער אָזערע, ווו די לעצטע שקיעה־פונקען, שוין טונקל־בלוטיקע, שיטן זיך פון די זיך־זילבערנדיקע ווערבעבלעטער צו דער ערד, און דערציילט איר, ווי איין מאָל, שוין אַ סטודענט, פאַרבײַגייענדיק אין שפּעטן אָוונט דעם גאָטישן קלויסטער פון וועלכן ס׳איז אַראָפּגעהאָנגען אַ שטריקלדיקער לייטער, האָט ער גענומען זיך אויפהייבן אין דער הייך.

— און איר האָט דערגרייכט דעם שפּיץ?

— יאָ.

— זײַנען אַ סך חברים אונטן געשטאַנען און געקוקט?

— חברים זײַנען דאָרטן ניט געווען.

— אַ מיידל?

— קיין מיידל איז דאָרטן אויך ניט געווען. פּאָליציאַנטן זײַנען אָנ־געגאַנגען.

— וואָס האָט אײַך געטריבן איבערן שטריקלדיקן לייטער צום שפּיץ פונעם גאָטישן קלויסטער?

— אויספּרוּוון זיך אַליין. דער זיידע פלעגט מיר אָפּט פאָרוואַרפן, אַז אין מיר לעבט אַ גלות־פּחד...

— דער פּראָפעסאָר אפרת איז טאַקע אײַערער אַ לײַבלעכער זיידע?

— מײַן מוטערס פאָטער.

— ווו זײַנען אײַערע עלטערן?

— כ׳בין געבליבן פרי אַ קיילעכדיקער יתום. דער זיידע האָט מיך דערצויגן.

— ס׳איז אַן אמת, אַז מ׳האָט אײַך קינדווײַז גערופן דניאל?

— דער זיידע האָט שפּעטער געביטן דעם נאָמען אויף אַדריאַן... מיר וועלן זיך מיט אײַך נאָך געוויס טרעפן. איר פאָרט דאָך ניט צוריק אַהין?

— אַזוי גיך ניט. איך פאָר קיין ציריך.

— וואָס וועט איר דאָרטן טאָן?

— לערנען! לערנען און זיך שלאָגן מיטן גורל. זיך שלאָגן פאַר אַ היים אין דער וועלט.

— ווו ווילט איר זאָל זײַן אין דער וועלט אײַער היים?

— אין דעם אַלטן לאַנד מײַנעם. אין ארץ־ישׂראל.

— דאָרטן זײַנען פון מאַלאַריע אומגעקומען מײַנע עלטערן. פון דאָרטן האָט מיך דער זיידע צוגענומען... — און ער איז מיט אַ מאָל אַנטשוויגן געוואָרן דניאל־אַדריאַן, ווי די קוקאַווע, וואָס האָט ערגעץ דאָ ניט ווײַט, צווישן די סאַמעטענע יאַדלע־לאַפּעס, בײַ דעם זיך־מיניענדיקן און שקיעה־דיקן פערלליכט, געפּרוּווט זיך איבעררופן מיט אַ צווייטער. ער פאַררייכערט, אַדריאַן, די ליולקע, די אַליין אויסגעשניצטע פון עפּעס אַן איבערגעטריקנטן וואָרצל, מיטן מעפיסטאָ־פּנים, מיט די שפּיציקע הערנערלעך און ציגן־בערדל, און זי, איווע, אָטעמט אַרײַן מיט פאַרגעניגן דעם זיסלעכן טאַביק־ריח, וואָס טוט אויף איר אַ שלאָג.

און אויך זי פּרוּווט זיך שוין מער ניט צו קניפּן און צו שפּינען ווײַטער דעם איבערגעריסענעם שמועס. צו די וועסלעס האָט זי אים ניט צוגעלאָזט — די האַנט איז דאָך אים נאָך ניט אין גאַנצן פֿאַרהיילט. זיצט ער בײַם רודל און זי פֿירט דאָס שיפֿל איבער די זיך־וויגנדיקע אָזערע־וואַסערן געניט און מיט כּוח, און זי איז אַן אויפגעפלאַמטע ווי אין יענע יאָרן מיט דניאלן אין די פֿאַלעסיער וועלדער אויפֿן טײַך; זי שפּילט מיט די נאַסע וועסלעס, וואָס גלאַנצן אונטער די לעצטע ראָזלעך־געקרײַזלטע וואָלקנס אין די שוין געדיכט־פֿאַרבלאָווטע פּריליגגדיקע הימלען. ס׳שמעקט שטאַרק מיט טאָפּאָלן, מיט בעז און מײַגלעקלעך, וואָס קלינגען, דאַכט זיך, פֿון דער ערד ביז צו די קדמונישע אַלפּנשנייען. און אַרום זיי שווימען נאָך שיפֿלעך און מיט גיטאַרע־שפּיל און מיט אויסגעבענקטע געזאַנגען, וואָס נאָר הערצער פֿאַרשטייען און פֿילן זיי ביזן סוף.

אָבער אין גיכן האָט זיך אויפגעהויבן אַ ווינט, וואָס נעמט פֿאַרווייען מיט איבערגעטריקנטער ערד, און די וואַסערן, די נאָר וואָס צאַרט־ראָזלעך־שײַנענדיקע, מיט די טונקל־בלוטיקע שקיעה־פּערל פֿון די צעפֿאַטלטע וועל־בעס, ווי נאָר מ׳האָט זיך אויף אַ פּאָר הונדערט קלאַפֿטער פֿון ברעג דער־ווײַטערט, אַזוי האָבן זיי, די וואַסערן, זיך אָנגעהויבן כוואַליען אין רוגזדיקער שוואַרצקייט פֿון די הימלען, וואָס גייען אַרײַן אין די ערשטע געוויטער־כמאַרעס.

און אַרום זיי איז שוין קיין איין שיפֿל ניט געבליבן, און די ערשטע שווערע שלאַקסטראָפּנס פֿאַלן שוין אויף זייערע קעפּ, און אַדריאַן שרײַט אין צעוויכערטן ווינט, אַז זי זאָל אים ניט שטערן ריכטן צום ברעג, און זי, איווע, ווי דער ניט־גוטער וואָלט אין איר אַרײַן, פֿאָלגט ניט, און טרײַבט ווײַטער דאָס שיפֿל איבער דער שוין אויסגעצוימט־בריקעוודיקער אָזערע אין דער צוגעפֿאַלענער געוויטער־נאַכט אַרײַן.

ערשט ווען אַ קרום־פֿײַערדיקער בליץ שנײַדט אויף פֿאַר אירע אויגן די הימלען ביז צו די ווײַטסטע טיפֿענישן, און אַ דונער, ווי אַלע ביימער אין די הייכקייטן וואָלט זיך מיט איין מאָל איבערגעבראָכן, ערשט דעמאָלט, שוין אונטערן שלאַקסרעגן, שוין ניט זעענדיק די וועלט, אָבער פֿעסט און זיכער, האַלטנדיק מיט איר קערפּער די גלײַכוואָג פֿונעם שיפֿל, וואָס פֿאַלט

צווישן די כוואַליעס, דערשיפּלט זי מיט שרעק און מיט פרייד צום ברעג.

שפּעטער, שוין דאָרטן, דערקליבן זיך באָרוועסע אונטערן געוויטערדיקן גאָסרעגן צו דער שטוב אויפן צווייטן גאָרן, קיין ליכט ניט געצונדן, געלאָזט אים, ביי די בליאַסקענדיקע בליצן, אַז ער זאָל דאָס דורכגעווייקטע אָנטאָן פון איר אויסטאָן, געלאָזט אים ער זאָל זי אין דעם פּריש־אויסגעפּרעסטן שמעקנדיקן ווייסן ליילעך איינוויקלען, דאָך האָט זי נאָך געפּרוווט איר אויפגערעגטקייט לעשן און צאַמען.

ווען ער פאַלט אָבער צו קושן די נאַסע, די ניט אויסגעווישטע פּוסטריט אירע, כאַפּט זי אַרום זיין גרויסן אָנגערעגנטן לייבנקאָפּ מיט די ריחות פון דער ווייטער פּאָלעסיע, מיטן צוזיט פונעם ברייט־צעצווייגטן באַרנבוים אויפן גאָרטן ביי דער קרעטשמע, גיט אים דעם רינג פון דער האַנט, הייסט אים ער זאָל דעם רינג אויף איר פינגער אָנטאָן און איר נאָכזאָגן: „מיט אַט דעם רינג און מיט מיין גוף, ביי אַט די בליצן און דונערן, ביי אַט דעם רוישן פונעם סאָד, און ביי אַט דעם קלאַפּן פונעם שלאַקסרעגן איבערן דאַך, ביי אַט די געטלעכע עדות, ווערסטו געהייליקט צו מיר"... און שוין מער און ווייטער קיין איין וואָרט ניט געקאָנט אַרויסברענגען, ווייל דאָ ווערט זי אַזוי אויפגעטרייסלט, ווי דער פייערדיקער בליץ דורכן ווינט־אויפגעריסענעם פענצטער וואָלט איר אין לייב אַריין.

# ד

און דערנאָך, נאָך יענער ערשטער שלאַקסרעגנדיקער נאַכט, וואָס האָט פּיכטעס פון די הייכקייטן געוואַלגערט און מיטן וואָרצל פון דער ערד אַרויסגעריסן, ווו זי, איווע, איז אין אַ בלינדער שיכּרות, אין אַ תּאווה־ווילד־קייט אַרײַנגעפאַלן, שוין זיך אַליין ניט צו דערקענען; שפּעטער וועט זי ניט גלייבן, אַז זי האָט גאָר צו אַזוינס געקאָנט קומען און דערגיין — אין אַזאַ פײַערדרינג אַרײַנשפּרינגען.

אַ פאַרטראָגן געוואָרענע פון זײַן מגושמדיק־צאַרטער ליבע, פון דער ביז אַהער ניט געוווּסטער און זיך אַפילו ניט פאָרגעשטעלטער פרייד, אַ פאַר־כלינעטע פון די אַלץ מער און מער אָניאָגנדיקע באַגערן — פון אַלעקסאַנ־דערן געווען די לעצטע יאָרן שוין גאָר אָפּגעשיידט און דערוויטערט, האָט זי זיי, אָט די אָנלויפנדיקע און יאָגנדיקע אויסגעהונגערטקייט, די אויסגע־בענקטע און אויסגעלי̇טענע, ניט געקאָנט גאָר שטילן. זי האָט מיט אַ מאָל אַלע אירע ביז אַהער אויף די זיבן שטריק געבונדענע לײַדנשאַפטן און האַרץ־ציטערנישן צעבונדן און פרײַ געגעבן.

נאָך יענער נאַכט, דער פרילינג־געוויטערדיקער, האָט איווע פון דער וועלט זיך גאָר אויסגעטאָן, הגם אין יענעם בליצנליכט דורכן אויפגעריסענעם פענצטער אין צערוישטן סאָד אַרײַן, געזען יענץ באָקלעמעלע אויפן קינדערשן בעטל שטיין און לעקן פון דער גוסטדיקער מאַמע די שוין פאַרקילטע גע־זאַלצענע טראָפּנס שווייס פון דעם מיט טרעפ־אָפּגעשוירענעם קאָפּ.

נאָך יענער נאַכט — די ליבע־האָפּן יוירן און שפּילן נאָך שטאַרקער אין אירע בלוטן, האָט זי זיך געלאָזט מיט אַדרינאַנען וואַנדערן — ביידע מיט די רוקזעק אויף די פּלייצעס, מיט די קאַרטאָן־טאָוולען, מיט די קאָלירנדיקע קרײַדלעך און בלײַשטיפטן, מיט די גראַווירר־ און קריץ־נאָדלען, מיטן פּאַסטעל און אַקוואַרעל אויף אָפּצובילדן און אָנצוואַרפן, אויף צו קאָפּירן און שטריכ־

לען, קריצן און שניצן... — מיטן איבערגעפולטן האַרץ פון ליבע און התלהבות, אונטער די אַלפּנבערג, וואָס רײַסן זיך צו די הימלען, דאָרטן בײַ די בלענדנ־דיקע וואַסערן, וואָס פאַלן פון דער זון, דאָרטן האָט זי מיט ווילדער פרייד אים אַרומגענומען און אין מיטן טאָג אויסגעשריִען:

— אַדרי מײַנער, דניאל־אַדרי־אַדיר... ווי שיין, דער רוח זאָל זי נעמען, ווי שיין זי איז אָט די וועלט!

און זיי שפּאַנען מיט די ווײַסע פעלדוועגן, איבערגעפולטע מיט גייערס און פאָרערס, — אַלץ אַרום פאַרביק־בונט, אין גינגאָלדענעם נעפּלשטויב; צווישן פעלדער יונגע גערשטנס און ווייצנס, איבער געקווייטלטע טאָלן, ווו ס׳פּאַשען זיך שאָף און רינדער, צווישן פריילעך־פאַרשײַטע פּאַסטעכער און פּאַסטעכערינס, וואָס שפּילן אויף פלייטן און מאַנדאָלינעס; זיי גייען ביידע איבער זון־פאַרגייענדיקע וועלדער, איבער וואַרעמע נעכט מיט אויסגעצ־שטערנטע הימלען, וואָס שײַנען אין די וואַסערן; פאַרבײַ צעצוויטעטע סעדער, ווו קיין איין בוים קאָן אין משך פון מעת־לעת ניט כאַפּן קיין דרעמל: די פייגלען היפּערן איבער די צווײַגן, שלאָגן זיך, בויען נעסטן, פאַרגייען זיך אין געזאַנג.

זיי נעכטיקן, איווע מיט אַדריאַנען, אין די בײַוועגן־אַכסניות, אין גאָרטנ־בײַדלעך, אין וואַלדשטיבלעך, אָפּט מאָל גאָר אין פעלד אונטערן איבערגע־בלויטן הימל, און אויך אויפן ברעג ים.

זיי וואַנדערן איבער רוים, פלאָרענץ, מילאַן, ווענעציע, און אומעטום צייכנט ער און מאָלט, און קריצט, און שניצט, און רעדט פון קונסט און קינסטלערס, און פון אַלע צײַטן און פון אַלע פעלקער, און ער פירט זי אויף קאָנצערטן פון בעטהאָווען און גריג, אויף ווערדיס „אַידאַ" און אויף לעאָנ־קאַוואַלאָס „באַיאַצאָ". און זי זעט, איווע, ווי איר אַדרי־אַדיר ווערט פון שפּיל און געזאַנג אויפגערודערט ביז צו פאַרלירן איבער זיך די שליטה. דעמאָלט ווייסט זי שוין אויף זיכער, אַז צוליב אים איז כּדאַי געווען שפּרינגען אין דער פינצטער, אין קאַלוועראַט אַרײַן, זיך אויסשטעלן אויף סכּנות, איבער־לאָזן דאָס קינד, טאַמאַרעלען, אויפן כוטער בײַם פאַראַבלטן טאַטן.

און דאַך, שוין דאָרטן, אויף דער שיף, וואָס פירט זיי איבערן זיך־לײַכט־כוואַליעדיקן ים צו די ברעגן פון שפּאַניע, ווו אַדריאַן רעדט וועגן

אַ נייַעם קונסטטעמפּל פאַר דער מענטשהייט, אַז ערשט דעמאָלטן, ווען די מענטשהייט וועט אָנהייבן גיין אין יענעם קונסטטעמפּל, ערשט דעמאָלטן וועט די געשיכטע פון דער וועלט באַקומען איר תיקון... אָן יענעם אויפגעשטעלטן קונסטטעמפּל וועט די מענטשהייט קאָנען האָבן אַ געשיכטע, אָבער ס׳וועט איר פעלן, דער מענטשהייט, דאָס וויכטיקסטע — די נשמה!.. דער מענטש וועט ווידער פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שטיקל ליים, וואָס וועט סוף־כּל־סוף צעטריקנט און צעשאָטן ווערן.

און דאָ, בײַ אָט די רייד זײַנע פון וועגן דעם קונסטטעמפּל, טוט איר אויף ס׳נײַ אַ קלאַפּ אין האַרצן יענע שאלה, וואָס מאַטערט זי פון דער ערשטער רגע פון זייער וווּנדערלעך־ווילדער טרעפעניש אין דער נאַכט פונעם פּאָגראָם, בײַ זײַן זיידן, בײַ דעם אַלטן פּראָפעסאָר אפרת אין שטוב; שוין דעמאָלטן, נאָך די אויסגעשלאָגענע שויבנטירן און די אויסגעהאַקטע פענצטער, ווען ער, אַדריִאַן, האָט זי פון דאָרטן אַרויסגעפירט און דורכן פינצטערן קאָרידאָר צו זיך אין גרויסן צימער אַרײַנגעפירט, ווו פונעם ווינקל אויפן נידעריקן נאַכט־טישל בײַם בריטן דיוואַן האָט אַרויסגעקוקט אַ סאָווע מיט צוויי גרין־בליאַסקענדיקע אויגן, שוין דאָרטן האָט זי אים, דעם פאַרווונדיקטן, ווען זײַן קאָפּ איז צו איר אַקסל געפאַלן, געוואָלט אים פרעגן: „קאָן מען טאַקע אין איין און דער זעלבער האַנט האַלטן אַ פּענדזל און אַ רעוואָלווער, קאָן מען טאַקע פאַרן שיינקייט מיט טויט, מיט מענטשלעכע ליידן, מיט קאָנוווּלסיעס?‟

זי האָט אים שוין דעמאָלטן און דאָרטן געוואָלט פרעגן: וואָס האָט אים, דעם אַרכיטעקטאָר און קינסטלער, געשטויסן גראָד צו די עס־ערן? אַוודאי איז דאָס גיין אָפּשלאָגן די פּאָליטישע אַרעסטירטע, דאָס גיין אויף אַזאַ מסירת־נפש, אײַנשטעלן דאָס אייגענע לעבן פאַר מענטשן וועלכע דו קאָנסט אַפילו ניט, אַוודאי איז עס גרויס, דערהויבן, טיף מענטשלעך. אָבער בײַם אָפּשלאָגן יענע, איז דאָך בלוט פאַרגאָסן געוואָרן, ס׳זײַנען דאָך דערבײַ אומגעקומען אומשולדיקע מענטשן, ס׳זײַנען פאַרבליבן יתומים, אַלמנות, טאַטע־מאַמע...

און אויך איצטער, דאָ אויף דער שיף, וואָס פירט זיי איבערן זיך־לײַכט־כוואַליעדיקן ים צו די ברעגן פון שפּאַניע, ווו זיי וועלן באַזוכן טאָלעדאָ און קאָרדאָוואַ, מאַלאַגאַ און סאַראַגאָסאַ, וואָס זײַנען אַ מאָל באַרימט געווען אין

דער יידישער וועלט און יענע „גאָלדענע עפּאָכע״ לײַכט נאָך ביז הײַנט... הערנדיק זײַנע רייד פון וועגן אויפשטעלן פאַר דער מענטשהייט אַ נײַעם קונסטטעמפל, ווייל זי אים יענע שאלה שטעלן און אויך שוין דערבײַ אויס־קלאָרן: און וועלכע געטער וועלן דאָרטן שטיין אינעם נײַ־אויפגעשטעלטן טעמפל, און וועלכע קרבנות וועלן יענע קונסטגעטער פאָדערן פון דער מענטשהייט פאַר דער נײַער נשמה? — אָבער זי פרעגט אים גאָרניט, טוליעט זיך צו אים נאָך שטאַרקער צו:

— אַדרי־אַדיר מײַנער, איך וועל באַרוועסרהייט קנעטן ליים פאַר דײַן קונסטטעמפל, איך וועל טראָגן אויף מײַנע אַקסלען שטיינער פאַר דײַן בנין... אַדרי־אַדיר, איך וועל...

נאָר ער לאָזט זי ווײַטער ניט רעדן און עפּעס מער וואָס צו זאָגן. פון איר פּנים אינעם אָפּשײַן פון דער לבנה, וואָס הייבט זיך אַרויס פון די ים־טיפע־נישן, באַזונדערס פון אירע, פון איוועס, פאַרגלייבטע און תּמימותדיקע ברייט־צעעפנטע אויגן מיט די גאָלדיק־גרינלעכע שאָטנס, וואָס יאָגן איבער זיי, ווערט ער אַזוי געפּלעפּט, אַז ער פאַלט צו אירע פיס:

— איווע, ביסטו טאַקע וואָר?

— יאָ, פון בלוט און פלייש, — זאָגט זי אים. — פון ערד און וואַלד, פון פייגל־געזאַנגען און צעבליטע סעדער. פון וועלפגעוויען און פון שנייִקע זאַווערוכעס, פון דורות באַיאַר־יידן, וואָס האָבן געטראָגן אין זייערע נשמות די פרייד פון שבת, פון פסח, פון שבועות און דעם גרויסן טרויער פון תשעה־באָב... — און צובייגנדיק איר קאָפּ צו זײַנעם, און טאַקע בײַ יענער לבנה, בײַ יענע אָראַנזש־גאָלדיקע שײַנען מיט די גרינלעכע שאָטנס, וואָס יאָגן איבער די שוואַרץ־בלויע כוואַליעס מיט באַזילבערטע רוקנס צו אירע פאַר־גלייבטע, צו אירע ביז גאָר ריין־תּמימותדיקע ברייט־צעעפנטע אויגן, זאָגט זי אים אויך: — און אַ קינד וועל איך דיר געבוירן, אַ זון... יאָ, יאָ, דניאל־אַדרי. יאָ, יאָ, אַדיר־גברן מײַנער, יאָ, איך בין פון דיר פאַרגאַנגען אין טראָגן. איך וועל האָבן אַ קינד פון פרייד און פון ליבע. אַ שׂכר פון גאָט אַליין פאַר מײַנע אויסגעווייטיקטע טרוימען, פאַר ניט פאַרלירן די ווײַסע בערעזע אין די פינצטערע נעכט. פאָרן צעשפּאָלטן מיטן פײַער פון מײַן האַרצן דעם שטיין אויף מײַן וועג... אָבער אין שפּאַניע, דניאל, טאָרן מיר זיך ניט פאַר־

הײַען, פיר מיך, אַדרי, צוריק צו יענער שטוב מיטן טשערעפּיצענעם דאַך, צו דער אָזערע אונטער די אַלפּנבערג. די באָיאַרס טעכטער טראָגן שווער, זייערע חבלה־לידה זײַנען זייער גרויסע... יאָ, איך ווייס, דו וועסט זײַן מיט מיר, וועסט מיך אַליין ניט לאָזן... נאָכן האָבן וועל איך מיט דיר גיין ווײַטער, וווּהין דו וועסט מיר נאָר ווען פירן.

און דאָך — זי וועט שפּעטער מיט יאָרן ניט קאָנען עס פאַרענטפערן און דערקלערן — האָט זי זיך אומגעקערט אַהין, צו יענער שטוב בײַ דער אָזערע ערשט דעמאָלטן, ווען די בעז־בלויקייטן אין סאָד האָבן זיך שוין אויסגעלאָשן, די האָניק־ריחות פונעם לינדנבוים שוין אָפּגעגאַנגען, ניט געווען שוין צו הערן קיין פייגל־געזאַנגען, ווײַל זיי זײַנען געווען פאַרהאַוועט מיטן אויסגעפינען און טראָגן פאַרן אויסגעבריט און אויסגעפּיקטן קליינוואַרג שפּײַז אין די פונאַנדערגעעפנטע געלע שנאָבעלעך... נאָר זי איינע, די קוקאַווע, האָט אין די וועלדער ביז נאָך האַלבער נאַכט געפופן מיט טרויער אירע קינדער, וואָס זי אַליין האָט איבער פרעמדע נעסטן צעוואָרפן.

זיי האָבן זיך אומגעקערט, איווע מיט אַדריאַנען, שוין נאָך אַלע פרילינג־אָפּגעבליצטע געוויטערן. שוין נאָך די אָפּגערוישטע רעגנס. די פאַרטאָגן וואַשן זיך אין פינקלענדיקער ראָסע און די ליליע־קריגעלעך אויף די וואַסערן כאַפּן מיט די באַגילדטע צינגלעך די ערשטע טראָפּנס זון, וואָס פאַלן פון די אַראָפּהענגענדיקע ווייכע ווערבע־צווײַגן. זיי האָבן זיך אומגעקערט שוין דעמאָלטן ווען ס'האָט געווייעט מיט פריש־געטריקנטן קלעווער און קאָניור־שינע. אין דער לופטן דרייט זיך טאָפּאָלן־פוך, די ווייצנפעלדער כוואַליען זיך אין הייסער בלאָנדקייט און די ערשטע פאַרמישפּטע שורות זאַנגען אונטער די שטאָלענע קאָסעס פאַלן מיט די שווערע קעפּ צו דער ערד.

גראָד זי, איווע, האָט אָפּגעלייגט דאָס אומקערן זיך פון טאָג אויף טאָג, פון וואָך אויף וואָך, — געוואָלט פאָרן אויך קיין פאַריז, געוואָלט זײַן דאָרטן אין יענע קאַפע־קעלערס צווישן די באָהעמע־קינסטלערס... און ער האָט אַלע אירע ווילנס און באַגערן נאָכגעגעבן און אויסגעפילט. אין די נעכט זײַנען זיי ביידע שוין גאָר ווילד געוואָרן, ווי זיי וואָלטן זיך איינער מיטן אַנדערן געזעגנט, ווי שוין צום לעצטן מאָל.

נאָר אַז די איבלענישן האָבן מיט יעדן טאָג אַלץ שטאַרקער צום האַרצן

איר געשלאָגן, שוין ניט ביכולת געוואָרן אָט־אָ דעם וואַנדער־און־וואָגל, אָט־אָ דאָס הפקר־לעבן ווײַטער צו פירן, האָט זי זיך שוין אויף אַן אמתן געבעטן אַהין, צו יענער שטוב בײַ דער אָזערע. דערצו נאָך, פאַר טאָג, נאָך דער פאַרשײַטער נאַכט, בײַם אַנטשלאָפן ווערן אויף זײַן אַקסל, נאָך געהערט ווי מיט די פינגער פון דער לינקער האַנט קלײַבט ער איבער שטיל און מיט גרויס צאַרטקייט אירע צעשאָטענע האָר, דאָ האָט זי דעם אומבאַנעמלעך־ניבהלדיקן חלום דערזען: יענץ באָקלעמעלע, וואָס איז בײַ איר גוססדיקער מאַמע צוקאָפּנס געשטאַנען, יענץ באָקלעמעלע איז פּלוצעם פון יענעם בעטל, פון דער מאַמעס, צו איר, צו איוזען, אויף דער טאַכטאַ אַרויפגעשפּרונגען, אויך צוקאָפּנס זיך געשטעלט און מיטן רעכטן פיסל, וואָס מיט דער שוואַרצער קאָפּיטקע, גענומען זי וועקן: „כאַפּ זיך אויף, איווע, דער גאַנצער וואַלד ברענט!" — האָט זי זיך מיט אַ גרויסן אומרו און דערשרעק אויפגעכאַפּט, אָנגעהויבן תּיכּף די קופערטן צונויפלייגן, גענומען אײַלן און יאָגן צו יענער שטוב מיטן רויט־טשערעפּיצענעם הויכן דאַך, ווי דאָרטן, אין יענער שטיל־קייט, בײַ יענע קדמונישע ליכטן, וואָס גייען אין די נעכט פון די אַלפּנשנייען, דאַרף זיך איר עפּעס אַנטפּלעקן און אויך דער חלום מיטן באָקלעמעלע דאַרף איר דאָרטן באַשיידט און פאַרענטפערט ווערן.

און טאַקע יענער מיטן גרינעם קאַמזויל, מיטן גרינעם פעדער אין דער שטרויענער הוט, דער דײַטש, וואָס איווע האָט צוריק מיט דרײַ חדשים, אין יענעם פאַרנאַכט, פאַרן שלאָקסרעגן, פאַרן גיין מיט אַדריאַנען אויף דער אָזערע צו ברעכן מיט די וועסלעס לבנה־שפּיגלען אויפן וואַסער, זיך צונויפ־גערעדט קומען און זי פירן פאַר טאָג צו דער ערשטער באַן, וואָס גייט קיין ציריך, — דער דײַטש האָט דעמאָלטן אַקוראַט און פּינקטלעך גאַנצע דרײַ מינוטן אונטערן רעגן אין טיר געקלאַפּט... ער, דער דײַטש, וואָס בייגט זיך פון לאַנגקייט אויפן ווינט, ער, אינעם גרינעם קאַמזויל און מיטן גרינעם פעדער, פירט זיי איצטער ביידן, איווען און אַדריאַנען, אַרום האַלבן טאָג, פון דער באַן אויף דער בריטשקע מיטן לאָזע־שאַראַבאַן, און דאָס הויכע אויסגעפּיטערטע פערד מיט דער גלאַנציקער העל־ברוינער פעל טראָגט זיך איבערן ווײַסן וועג און פריכעט פון די פאַרענדיקע ריחות, וואָס שלאָגן פון די פריש־געקאָסעטע לאָנקע־גראָזן. איבער דער ערד פלאַטערן די גאָלד־בליציקע,

די אַטלעס־פּערלמוטערדיקע באַבעלעך, און די קלויסטער־גלאָקן קלינגען אונטער דער הייסער זון.

דורכן דאָרף מיטן זונטיקדיק־אויסגעפּוצטן און אויפגערוימטן עולם — פון הי און אַנגעקומענע, איז ניט דורכצופּאָרן. באַזונדערס ביים פּלאַץ, וואָס פאַרן גרוי־שטיינערנעם קלויסטער, ווו ציגיינער שפּילן אויף פידלען ביז סטרונעס פּלאַצן. אונטער פּייקלען און בובנעס גייט דאָרטן אַ וויכערדיקער טאַנץ מיט אויסגעשרייען, מיט פּיס־צוקלאַפּן און האַנט־פּאַטשערייַ. און אַן אַלטע ציגיינערין, אַ באַהאַנגענע מיט שנירלעך פּאַרביקע קאָרעלן און זיל־בערנע מטבעות, פּירט אַרום אויף די הינטערשטע פיס אַ שוואַרצן בער מיט אַ ווייסן בויך, אין די פעדערשטע לאַפּעס האַלט ער אַ טאַץ און פאַרנייגט זיך פאַר איטלעכן וואָס וואַרפט אַריין אַ קופּערנע פּרוטה. ביים פאַרהאַלטן זיך דאָ, לויפט זי צו, די אַלטע ציגיינערין, מיטן בער אויף די הינטערשטע פיס, און כאַפּט אַן איווע׳ס האַנט און נעמט איר טרעפן און פירזאָגן:

— דו ביסט געבענטשט פון גאָט מיט שיינקייט און חכמה. אָבער דיין גורל איז ווי אַ קיין מאָל ניט אויסגעניכטערטער שיכּור: פאַלט און הייבט זיך אויף, און פאַלט ווידער! און וואָס ווייטער וועט דיין גורל אויף אַלץ מער שאַרפערע שטיינער פאַלן... אַ סך וואַנדערוועגן, קראַסאַוויצע, שטייען דיר פאַר אין לעבן. אָט די ליניע אויף דיין האַנט ווייזט קלאָר...

און איווע, וואָס געפינט זיך שוין פון פריער, שוין פונעם חלום מיטן באַקלעמעלע, אין עפּעס אַן אומקלאָרער אויפגעשווידערטקייט, רייסט דאָ אַרויס איר האַנט, טוט אַ וואָרף אַ ביסל מינץ דעם בער אויף דער טאַץ, שפּרינגט פון דער בריטשקע אַראָפּ, לויפט אין וויכערדיקן ראָד אַריין און ווי די אַמאָליקע טענצערין וואָלט זיך פּלוצעם אין איר אויפגעוועקט, כאַפּט זי אַ יונגן ציגיינער אין אַ רויטער זיידענער העמד, אין שוואַרצע הויזן, אין שטיוועלעך מיט גלאַנציקע האַרמאָניע־כאַליוועס, און גייט מיט אים אין אַ ווילדן טאַנץ אַוועק.

דער עולם אַרום און אויף די טאַנצנדיקע פּאָרלעך בלייבן שטיין און וווערן פון איר טאַנץ, פונעם פייערדיקן דרייען זיך, פאַרגאַפט און פאַרגולמט: נאָך אַזוינס ניט געזען!.. דער יונגער ציגיינער האַלט אַזאַ אימפּעטדיקייט ניט אויס און פאַלט צו דער ערד. כאַפּט זי, איווע, אַ צווייטן, שוין אַן אַלטן

ציגײַנער... אָבער דאָ פֿירט זי אַדריאַן מיט כּוח פֿונעם ראָד אַרויס, הייבט זי פֿון דער ערד אויף, זעצט זי אין בריטשקע אַרײַן און הייסט דעם דײַטש פֿאָרן װײַטער. אויך ער, אַדריאַן, איז דאָ פֿון עפּעס אומקלאָרס דערשראָקן געוואָרן: אַזאַ איווען האָט ער זיך גאָר ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן.

און דאָרטן, ווי נאָר צו דער שטוב צוגעפֿאָרן, נאָך אַ פֿאַרפֿאַליעטע פֿונעם אימפּעט־וויכערדיקן טאַנץ בײַם קלויסטער — געוואָלט דאָרטן צווייען און פֿאַרטויבן יענעם אומקלאָרן אומרו און די קעלט איבערן רוקנביין, וואָס גייט איר פֿונעם חלום מיטן באָקלעמעלע, און אויך דער ציגײַנערינס טרעפֿענישן וועגן דעם שיכּורן גורל געוואָלט פֿאַרטרײַבן; דער דײַטש טראָגט די קופֿערטן און ער, אַדריאַן טראָגט ווי הייליקייטן די געמעלן, די צייכענונגען, דאָס געקריצט־און־געשניצטע צו דער מיט זון־פֿאַרפּלייצטער וועראַנדע, ווו אויפֿן קײַלעכדיק־אײַזערנעם טיש שטייען לכּבֿוד די געסט פּריש־אָנגעשניטענע טיירויזן; דאָרטן, אין הויף, נאָך אַדריאַנס אַוועקגיין, דערלאַנגט איר די דײַטשקע, וואָס האָט דעם טויער פֿון הויף געעפֿנט און פֿון דער בריטשקע געהאָלפֿן אַראָפּגיין, די קליינוווּקסיקע, די שטײַף־אָנגעקראָכמאַליעטע דײַטשקע, וואָס מיטן סודותדיקן ווונק און שמייכל פֿון פֿאַרשטיין פֿרויען־שוואַכקייטן, זי, מיטן שמייכל אויפֿן פּנים, גרייט צו דינען און באַדינען, דערלאַנגט דרײַ בריוו, וואָס פֿאַרוווּנדערן איוועץ ביז צום שטוינען, ווײַל ווער ווייסט דען וווּהין זי איז פֿאַרפֿאָרן און ווו זי האָט זיך דאָ אָפּגעשטעלט?

אויף צוויי איז קיין מאַרקע, קיין פּאָסטשטעמפּל און אויך גאָר קיין אַדרעס ניטאָ. אויפֿן דריטן קאָנווערט, אַ געדיכט־בלאָוער, אַ האַרטער און אַ סך שווערער פֿון יענע צוויי, דערזעט זי אָבער אין ייִדיש־לשון געשריבן דעם דריבנע־פּערלדיקן כּתבֿ: „צו מײַן טײַערער פּלימעניצע, צו מײַן שוועסטערס טאָכטער, צו דער בת־יחידה, איוועץ, זאָל געזונט זײַן". — ס'איז דאָך איר פֿעטער אַבושעס האַנטשריפֿט!

און דאָ ווייסט זי שוין, איווע: אין אָט דעם בלאָוו־האַרטן קאָנווערט ליגט פֿאַר איר אַ וויסטע בשׂורה. דער פֿעטער אירער, דער חריף, אַבוש, דער גרויסער שׂונא פֿון די באָיאַרס, זאָגט קיין מאָל קיין ליגן ניט, טרײַבט קיין מאָל ניט איבער, קומט תּמיד מיטן ריינעם אמת... אַ פֿאַרצאַפּלט־געוואָרענע פֿרעגט איווע בײַ דער דײַטשקע:

— פון וואַנען, פון וואַנען און ווי אַזוי קומען צו איַיך די בריוו ?

— אַ מאַן איז דאָ געווען...

— שוין לאַנג ?

— מיט אַ וואָך זעקס צוריק.

— ווי האָט ער אויסגעזען ?

— אין פענסנע אויף אַ שוואַרץ שנירל, געווען אָנגעטאָן...

— מיט אַ באָרד ?

— יאָ, פראָו, מיט אַ שיינער שוואַרצער באָרד.

— האָט ער איַיך אָט די בריוו געגעבן ?

— יאָ, פראָו, יאָ... ער... גנעדיקע פראָו...

— און וואָס האָט ער גערעדט מיט איַיך ?

— זיך דערוווּסט, אַז די פראָו איז ניטאָ, האָט ער געבעטן, ווי נאָר די פראָו וועט זיך אומקערן, אָפּגעבן די בריוו.

— האָט דער מאַן מיט דער שוואַרצער באָרד נאָך וואָס אָנגעזאָגט ?

— ניין, גנעדיקע פראָו, געבעטן איבערגעבן די בריוו דער פראָו אין די הענט אַריַין. נאָר דער פראָו... צוויי מאָל וועגן דעם געבעטן !

פרעגט זי שוין וויַיטער גאָרניט, וויַיל פון דער דיַיטשקע, וואָס איז זיכער, אַז די גנעדיקע פראָו פירט ערגעץ פאַרבאָרגענע ליבעס, קאָן מען זיך שוין מער גאָרנישט ניט דערוויסן. קלאָר איז איר אין אָט דער רגע איינס : דער דאָקטער רמז איז דאָ געווען און געהייסן די בריוו נאָר איר, איווען, אין די הענט אַריַין אָפּגעבן. קאָן זי מיטן שׂכל ניט אויפכאַפּן : וואָסערע סודות האָט ער פאַר איר געבראַכט און וועלכע פאַרהוילעניש און באַהאַלטענע מיינען קאָנען איר גאָר אַרן און אָנגיין, און צוליב וואָס און נאָך וואָס איז ער, דער דאָקטער רמז, בכלל איר נאָכגעפאָרן און זי דאָ אָפּגעזוכט ? וואָס קאָן ער איר שוין זאָגן נאָך יענעם אָוונט, נאָך איר יציאת-לאַנדע, נאָך איר אַריַינגיין אין אַזאַ עלנטקייט, נאָך איר בליַיבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און אָן אַ דאַך איבערן לעבן... וואָס קאָן ער, דער דאָקטער רמז, מיט דער שיינער שוואַרצער באָרד, זאָגן נאָך יענער שפּעטער נאַכט־שעה ביַים פּראָפעסאָר אפרתן אין שטוב, ווען זי, איווע, האָט שוין פון יִיאוש די הענט צו אים אויסגעצויגן און ער, דער דאָקטער רמז, האָט אירע הענט ניט אָנגעכאַפּט, געלאָזט זיי

אין דער לופטן גליווערן, און אויף זײַן פּנים האָט זי ניט נאָר פּאַרלוירנקייט, נאָר אויך שרעק דערזען. גיט זי דער דײַטשקע פּאַרן היטן די בריוו גאַנצע פינף מאַרק — יענע זעצט זיך צו אַזוי, אַז אירע געקווייטלט־אַנגעקראַכמאַ־ליעטע קליידלעך צעשפּרייטן זיך איבער דער ערד, ווי דער פּאַרביקער עק ביי אַ פּאַווע; טוט איווע פון דעם אַ שמייכל און לאָזט זיך אַנטקעגן אַדרי־אַנען, וואָס גייט שוין צו איר פון דער ווערענדע אַראָפּ:

— אַדרי, דאָ איז דאָך געווען דער דאָקטער רמז.

— ווי אַזוי האָט ער געקאָנט אַהער טרעפן?

— דאָס קאָן איך אויך ניט פאַרשטיין.

— דאָס האָט ער דיר איבערגעלאָזט די בריוו?

— יאָ, איין בריוו איז פון מײַן מאַמעס ברודער. קיין גוטע בשׂורה זאָגט ער קיין מאָל ניט אָן. אַז די וועלט, זאָגט ער, וועט ווערן איין שוואַרצע בשׂורה, דעמאָלטן וועט ערשט אָנהייבן אויפגיין דאָס ריינע געטלעכע ליכט, משיח וועט קומען... ביז דעמאָלטן, זאָגט ער, דאַרף יעדער איינער וואָס לײַדט, טראָגן אין זײַן שנאָבל וואָס מערער שוואַרצן פײַער אויף אונטערצינדן די וועלט!

— וועסט מיר לייענען זײַן בריוו?

— פאַרשטייט זיך, אַדרי, איך האָב דען, צי איך קאָן גאָר האָבן פון דיר סודות? און דו, מײַן אַדרי, דו האָסט פון מיר סודות?

— ניטאָ אַזאַ מענטש וואָס זאָל ניט אַוועקטראָגן מיט זיך אין קבר אַרײַן אַ פאַרבאָרגענעם סוד. זײַן סוד...

— אַדרי, ליבער, אוי, ווי איך וויל וויסן דײַן סוד. באַגראָב דײַן סוד אין מיר!.. — און דאָ באַמערקט זי ווי אַזוי אין זײַנע תּהום־שוואַרצע אויגן טוען מיט אַ מאָל אַ פלעמל צוויי ניט־גוטע פײַערלעך. — איך באַשטיי ניט אויף דעם, סודות דאַרפן פון זיך אַליין זיך עפענען... מיר וועלן זיך באַלד אַרומוואַשן, זיך איבערטאָן פון וועג און גיין אין די בערג, צום רעסטאָראַן, איך בין הונגעריק ווי אַ ווינטערדיקע וואָלפיכע.

— און דו וועסט דאָרטן ווידער טאַנצן?

— ניין, גברן מײַנער, מער וועל איך ניט טאַנצן. אַז איך וועל דיר געבערן דעם זון, דעמאָלט וועל איך טאַנצן. אַדרי, — טוט זי אים פלוצעם אַ

פרעג. — בעת אונדזער וואַנדערן איבער איטאַליע, שפּאַניע, פראַנקרײַך, האָסטו אַזוי פיל געמאָלט און געצייכנט, פאַר וואָס האָסטו מיך קיין מאָל ניט געמאָלט און ניט געצייכנט ?

— אָט דאָס איז אפשר, ליבע מײַנע, דער איינציקער סוד, וואָס כ׳וועל אים אָוועקטראָגן מיט זיך אין קבר אַרײַן !

און פֿאָרן לאָזן זיך מיט אַדריאַנען אַהין, צום רעסטאָראַן, אין די בערג אַרײַן, — פֿון דער באַן־נסיעה, פֿונעם פֿאָרן מיט דער בריטשקע איבערן פֿעלדוועג און אויך פֿונעם טאַנצן דאָרטן בײַם קלויסטער אינעם האַלבטאָגיקן שטויב, שוין אַן אַרומגעוואַשן־און־איבערגעטאָגענע, שוין אין יענעם ווײַסן קלייד, וואָס זי האָט אַ מאָל זיך געקליבן גיין מיט דניאלן אונטער דער חופּה, צען יאָר איז דאָס ווײַסע קלייד אינעם פֿאַרשלאָסענעם שופֿלאָד, ווי תּכריכים, אָפּגעלעגן, זי האָט אַפֿילו אַהין צו, אין יענעם שופֿלאָד, אַ צוואָה אַרײַנגעלייגט: מ׳זאָל איר, איוועז, דעם לעצטן חסד־של־אמת טאָן און זי אין אָט דעם ווײַסן קלייד באַהאַלטן, נאָר איצטער, בעת איר וואַנדערן מיט אים, מיט אַדריאַנען, צו פֿוס און אויף פֿור און אויף שיף, פֿון לאַנד צו לאַנד, ערגעץ דאָרטן־ווו דאָס ווײַסע קלייד איבערגעגנייט לויטן שניט פֿון דער צײַט און דער מאָדע, צו איר גוף צוגעמאָסטן און צוגעפּאַסט; שוין אַן איבער־געטאָגענע, נעמט זי עפּענען דעם בריוו פֿון איר פֿעטער אַבושן, וואָס דאַרף, ווי זי מיינט, די שוואַרצסטע בשׂורה איר אָנזאָגן.

איר פּנים ווערט פֿאַרשאָטנט. הגם אויף אַזאַ בריוו, ווייסט זי, האָט זי זיך באַדאַרפֿט ריכטן: די מאַמע האָט דאָך שוין פֿונעם קינדערשן בעטל ניט געקאָנט אויפֿשטיין. זי, איווע, האָט דאָך די גוססדיקע מאַמע געוואָרפֿן אויפֿן באָקלעמעלע... און אויסער דער בשׂורה פֿון דער מאַמעס טויט, קאָן דאָך איר פֿעטער אַבוש נאָך עפּעס אַ שוואַרצקייט צושיקן: אַן אומגליק מיט איר טאַטן, צי אפֿשר גאָר חלילה, מיט איר קינד, מיט טאַמאַרעלען... — און דאָ דערזעט זי אים, איר פֿעטער אַבושן, ווי ער וואָלט פּלוצעם אַהער אין שטוב אַרײַנגע־קומען און אַקוראַט אַזאַ ווי זי האָט אים צום לעצטן מאָל געזען דאָרטן, נאָך איר לויפֿן פֿונעם האָטעל פֿאַרבײַ דעם רעדל מענטשן, וואָס איז אויף איר בייז־ווונדער זיך צונויפֿגעלאָפֿן; מיטן אַרויפֿגעכאַפּטן אויף זיך פּיטש־נאַסן

מאַנטל — אין די פאַלדן איז נאָך אַ צונויפגעשלאָגן־פאַרהאַרטעוועטער שניי געלעגן, געלאָפן מיט די צום דניעפּער באַרג־אַראָפּיקע געסלעך אויסקלאָרן, פאַר וואָס ער, איר מאַמעס ברודער, האָט איר, איווען, אַזעלכע אומזיסט־און־אומנישטע בזיונות אָנגעטאָן? זעט זי אים אין יענעם ווינטערדיקן פרימאָרגן צווישן די צוויי פענצטער מיט די אַכט פירעקעכדיקע טאָפּלעלעך שטיין, דאָס שטאַרקע טאָגליכט פאַלט אויף אים, אָבער בשום־אופן קאָן זי ניט אויפכאַפּן זײַן פנים — די מראה בײַט זיך אים אַלע מאָל. זי הערט נאָר זײַן טרוקענעם קול: „מ׳דאַרף צעברעכן די לוחות און מאַכן אַן עגל־הזהב! אַהרן האָט עס נאָך בײַ מתּן־תּורה פאַרשטאַנען... דאָס מאָל וועט זיך עס אײַנגעבן! מ׳וועט עס אײַך אײַנגעבן און איר וועט עס אײַננעמען!"

שוין בײַם עפענענען דעם בריוו, וואָס איז מיט טייג געווען פאַרקלעפּט, שוין פון דער ערשטער שורה מיטן כתב אויף אַרויסצונעמען זיך די אויגן, ווידער און אָבער אַ מאָל יענע און די זעלביקע רייד פון וועלכע זי, איווע, איז דעמאָלט אַנטלאָפן געוואָרן — ניט געקאָנט זיי ביזן סוף אויסהערן — שוין פון דער ערשטער שורה דערהערט זי זײַן קול און אויך דערזען ווי די ווײַסע רייפעלעך אַרום זײַנע שוואַרצאַפּלען בלינצלען: „ייִדענע, הערסט, ייִדענע? די וועלט גייט שוואַנגער צו קינד מיט משיחן, דאַרף מען איר קומען צו הילף. מ׳טאָר זיך דאָ פאַר גאָרנישט ניט אָפּשטעלן, דו הערסט, ייִדענע! ס׳איז אַן עת־צרה! אויב משיח וועט חלילה־וחס פאַרשפּעטיקן, אויב ער וועט ניט קומען אין די נאָענטסטע יאָרן, וועט בימינו מקוים ווערן דער פּסוק: ואבדתּם בגויִים... דאָס הייסט, ייִדענע, אַז איר וועט אומקומען צווישן די עמלקים. און אומקומען וועט איר מיט אַלע מיתות־משונות און קיינער וועט אײַך ניט קומען צו הילף, אַפילו די חסידי־אומות־העולם, אַפילו די בעסטע פון צווישן די נוצרים, אַפילו די וואָס וועלן האָבן ביִד, וועלן אײַך אויך ניט העלפן... אַליין דאַרפן מיר, ייִדענע, אַליין, דו הערסט? אַרויסרײַסן משיחן פונעם טראַכט פון דער וועלט... אַליין, אַליין, אַליין... אויב ניט, טראָגט איר אין דער זרע פון אײַערע לענדן דעם טויט! דו הערסט, ייִדענע! מ׳דאַרף טאָן איידער עס וועט פינצטער ווערן די זון!"

אָבער פון וועגן דער מאַמעס טויט, פון איר קבורה, טרעפט זי קיין איין וואָרט ניט. היפּערט זי, איווע, און לויפט מיט די אויגן פאַרבײַ שורות און

אַפילו אַ האַלב זײַטל, ווי ער רעדט, דער פעטער אירער, פון דער תּאווה־וועלט, וואָס איז אַזוי פאַרשטונקען און פאַרעיפושט געוואָרן, אַז דער בורא־עולם וועט ניט אַריבערפירן קיין ווינט איבער אָט דער ערד, ווו אַלע טרינקען גאַלוואַסער און פילן אַפילו ניט די ביטערקייט, ווו די שׂינאה איז דאָ גרעסער פון דער פײַערדיקסטער ליבשאַפט... — לויפט זי מיט די אויגן ווײַטער און שטעלט זיך אָפּ דאָרטן ווו ער, דער פעטער אירער, הייבט אָן מיט מיט־געפיל, שוין מיט באַדויער און מיטלייד צו דערציילן אַלדאָסדינג, וואָס נאָך איר, איוועס, לויפן מיט חרותן און מיט א י ם, האָט בײַ די באַיאָרס געטראָפן און פאַרלאָפן זיך: די פערד־און־וואָגן, וואָס איר טאַטע גבריאל האָט געגעבן, האָבן די זשאַנדאַרן געכאַפּט און זיי, אַברהמען מיט עקיבאָן, גלײַך הינטער די גראָבע וועגט פאַרשפּאַרט און ביידע, ניט נאָר דער תּם אַברהם, נאָר אויך דער ברודער אירער, עקיבא, דער פריילעכער כּלי־זמר־יונג, ביידע שלינגען דאָרטן דעם ביסן אין טרויער... און דערנאָך האָט מען שוין דײַן טאַטן גענומען, און אויף מאָרגן דעם קרעטשמאַר, יצחקן, און אויך דײַן מומע ליבען, וואָס איז אין טראָגן, אַלעמען האָט מען אויף אַ קאַזיאָנער פור אָוועקגעפירט אין תּפיסה אַרײַן.

און איוועס קאָן ווײַטער ניט לייענען — אַ הייסער קנויל, אַ בריִענדיקער, ממש אַ פײַערדיקער הייבט זיך איר צום גאָרגל און אין דער זעלבער צײַט נעמט איר אַ קרירה־קעלט גיין איבערן רוקן.

— אַדרי, אַדרי, — פרעגט זי אים, וואָס פאַמקעט די מעפּיסטאָ־ליולקע בײַם האַלבטאַגיקן פענצטער און זײַן פּנים איז אין אַ באַגילדט־קוטשעראַווע רויך אײַנגעהילט. — אַדרי, אַדרי, אַדרי... ווי אַזוי האָבן מיר עס פריִער ניט געזען? האָבן מיר דען קיין אַנדער וועג און אויסוועג ניט געהאַט?

— ניין, איוועס, ניין! קיין אַנדער וועג און אויסוועג האָבן מיר ניט געהאַט. מיטן צוג האָבן מיר ניט געקאָנט און ניט געטאָרט פאָרן. אויף יעדן וואָקזאַלכל, אויף יעדן אָפּשטעל, וואָלט מען אונדז אַרעסטירט. חרותן וואָלט מען שוין איצטיקס מאָל פאַרמישפּט צום טויט. און אפשר מיך אויך... און דיך וואָלט מען פאַרשיקט.

— האָבן מיר זיך, הייסט עס, געראַטעוועט אויפן חשבון פון אַנדערע?

— די סכּנה פאַר זיי איז געווען ניט קיין גרויסע... פאַר אונדז איז זי

אָבער געווען אַ געפּערלעכע. מיט דער פור, וואָס מיר זײַנען אַרויסגעפאָרן פון שטאָט, האָבן מיר אין אַזעלכע ווערסנע־וואַסערן ניט געקאָנט זיך דער־קלײַבן צו דער גרענעץ. מ׳האָט געמוזט ערגעץ בײַטן די פערד. — ער גייט צו און נעמט זי אַרום:

— דערצו, איווע, איז דאָך עס שוין נאָך אַלעמען!

— וואָס הייסט נאָך אַלעמען?

— מ׳האָט זיי שוין אַרויסגעלאָזט.

— אַדרי, דו ביסט אין דעם זיכער?

— מער ווי זיכער! דײַן פעטערס בריוו איז אַ פאַרשפּעטיקטער.

און זײַן רויִקייט, זײַן צאַרטער אַרומנעמען זי, זײַן שטעלן זיך הינטער אירע פּלייצעס, ווי פאַרשטעלט מיט זיך אַלע ווענן פאַר אַלע בייזקייטן פון דער וועלט צו איר, באַרויִקט זי אַ ביסל:

— אַדרי, אַדרי, און וואָס שרײַבט ער נאָך?

— כ׳מיין, איווע, אַז ווײַטער דאַרפסטו שוין ניט לייענען. אַלץ איז שוין פאַרבײַ און דו ווערסט זיך נאָר אומזיסט אויפרעגן. טײַערע מײַנע, דו דאַרפסט זיך איצט היטן... דו ביסט דאָך די גרויסע פרייד, דאָס שיינע ליד אין מײַן וועלט... איך זוך איצט דעם וועג צו זיך. און דער וועג צו זיך איז אַזאַ שווינדערלעך־שווערער, אַזאַ באַרג־אַרויפיקער, אַזאַ שטייניקער, אַזאַ דאָרנ־דיקער... לייען ניט ווײַטער! היט, איווע, אונדזער קינד, מײַן בכור...

און דאָ, דערהערט פון אים צום ערשטן מאָל, אַז זי איז געוואָרן דאָס שיינע ליד פון דניאל־אַדריס לעבן, נעמט זי אַרום זײַן לייבנקאָפּ:

— אַדרי־אַדיר, איך וועל דיר האָבן אַ זון און וועל פאַרבלײַבן ביזן סוף פון מײַנע טעג דײַן ליד און דײַן פרייד. איך וועל טראָגן שטיינער און קנעטן ליים מיט די באָרוועסע פיס פאַר די ציגל פון דײַן קונסטטעמפּל... אויך דו, דניאל, ביסט מײַן אויסגעבענקטע, מײַן אויסגעליטענע, מײַן איין־און־איינ־ציקע ליד און פרייד אין דער וועלט... אָבער דעם בריוו מוז איך דערלייענען ביזן סוף! זאָל זײַן אַז אַלע זייערע ליידן און צרות זײַנען שוין פאַרבײַ, אָבער אויך איך וויל און דאַרף זיי איבערלעבן. איך וויל יענע צרות דערפילן מיט אַלע מײַנע אברים, און אויך דאָס קינד, וואָס גייט אויף אונטער מײַן האַרצן, זאָל עס דערפילן... איך וויל דאָ איבערוויטיקן, דורכקרענקען דעם

טאַטנס און אַברהמס און עקיבאס און יצחקס און דער מומע ליבעס פּײַנען, זייערע אַלעמענס יסורים און נסיונות!

פֿאַרוועגט ער איר מער ניט און שטערט ניט. ער גייט און שטעלט זיך ווידער מיטן פּנים צום פֿענצטער, וואָס איז מיט זוניקייט פֿאַרפּלייצט. און דאָ דערזעט זי אַז אויך בײַ אים, ווי בײַ איר פֿעטער אַבושן אין יענעם פֿרימאָרגן, זעט מען ניט דאָס פּנים. אויך בײַ אים, בײַ אַדריִאַנען, ווערט דאָס פּנים פּלוצלינג, אין דער ליכטיקייט, אין אָט דער זוניקייט, פֿאַרלאָרן.

— אַדרי, — רעדט זי קוים אַרויס. — אַדרי, גיי אָפּ פֿונעם פֿענצטער!

— ס'איז דיר דען קאַרג ליכט?

— כ'ווייס ניט...

ער זעצט זיך צוריק אויף זײַן פֿריִערדיקן אָרט, אויפֿן נידעריקן בענקעלע, בײַ אירע פֿיס, און זי לייענט ווײַטער, ווײל דערוויסן זיך, וואָס דאָרטן, שוין אין תּפֿיסה, איז מיט אירע לײַבלעכע און נאָענטסטע, באַזונדערס מיט איר, מיט דער מומע ליבע, פֿאָרגעקומען? אָבער פֿון וועגן זיי שרײַבט שוין ניט מער איר פֿעטער אַבוש. ער דערציילט שוין ווי אַזוי די באַיאַרס פֿון אַלע אַרומיקע דערפֿער און כוטערס האָבן רײַטנדיק, און אויף וואָגנס, געלאָזט זיך, ווי די ווילדע, צו דער שטאָט אַרויסרײַסן די אַסירים פֿון גוייִשע הענט... ווי אַזוי זיי, די באַיאַרס, אָט דער עם־הדומה־לחמור, אָט די פּוסטע צעבערס, די פֿאַרוואָקסענע קעפּ מיט בוריאַן, האָבן זיך מיט פֿערד־און־וואָגן, מיט ווײַב און קינד, מיט אײַזערנע שטעקלעך און מיט דישליעס און האַרטשיקעס אין די הענט, אויסגעשטעלט אַרום די תּפֿיסה־ווענט און ניט געוואָלט הערן די רייד פֿון די פּני־העיר, און אויך פֿון זײַנע, פֿון אַבושעס, רייד זיך אָפּגעקערט. זיי האָבן נאָר געשריִען און געגוואַלדעוועט: מ'זאָל די קרובים זייערע גלײַך אַרויסלאָזן. אויב ניט וועלן זיי די ווענט פֿון דער טורמע צענעמען אויף שטיינער. זײַנען אָנגעקומען סאָלדאַטן. אויך ער איז אָנגעקומען, דער אַלטער דיין, ר' נתן לאַנדע, מיטן טלית אויפֿן קאָפּ, אָן די שיך, נאָר אין די זאָקן ווי אום תּשעה־באָב, און ער איז אַרויפֿגעקראָכן אויף אַ וואָגן און גענומען רעדן צו די גראָבע קעפּ, גענומען שטאַרקן זייערע הערצער, גענומען זיי לויבן אין טאָג אַרײַן, אַז אָט די באַיאַרס, אַז אָט די ווילדע וואַלדייִדן פֿאַרמאָגן ניט נאָר כּוח, נאָר אויך רחמנות, אַז אָט די ייִדן וועלן אָפּזוכן דעם אָנהייב,

דעם קוואַל... ווײַל אויב מען וויל צוקומען צום מקור, צום אָנהייב, מוז מען גיין אַנטקעגן דעם שטראָם פונעם טײַך... און דאָ האָבן סאָלדאַטן אָנגעהויבן שיסן און דער שטעקן מיט דער זילבערנער גאָלקע איז גלײַך פון דיינס האַנט אַרויסגעפאַלן און ער אַליין, דער אַלטער ר׳ נתן לאַנדע, האָט געגומען פאַלן אין וואָגן אַרײַן, פון מויל האָט זיך אים איבערן טלית אַ גאָס געטאָן בלוט און מ׳האָט נאָר געהערט פון אים די לעצטע צוויי ווערטער: בדמיך חיי!

— אַדרי, — נעמט זי גיין הין־און־צוריק, פון וואַנט צו וואַנט, מיט דעם בריוו אין דער האַנט. — אַדרי, דעם פאַרבלוטיקטן שטעקן האָט מען דאָך געוויס אַרײַנגעלייגט מיטן דיין אין קבר אַרײַן... אַדרי, דאָס איז דאָך יענער שטעקן מיט דער זילבערנער גאָלקע, וואָס כ׳האָב אין יענעם פאַרטאָג אַרויס־געריסן פונעם דיינס הענט... כ׳האָב מיטן שטעקן פאַרשטעלט דעם וועג פאַר דער שוויגער מיט אירע איידעמס, וואָס האָבן געוואָלט בײַ מיר צונעמען דאָס קינד... אין יענעם קאַיאָר, אַדרי, האָב איך זיך געזעגנט מיט טאָמאַרעלען פון יענער זײַט שטאָט, שוין כּמעט אין פעלד, און זי פון דאָרטן אָפּגעשיקט מיטן אַשמדאַי צום טאַטן אין כוטער אַרײַן. אין יענעם קאַיאָר, אַדרי, איך זאָג אין יענעם קאַיאָר... דאָס איז דאָך געווען ערשט ניט לאַנג, צוריק מיט דרײַ חדשים... אין יענעם קאַיאָר, אַדרי, בין איך געבליבן שטיין מיטן דיינס שטעקן אין איין האַנט און מיט דניאלס געמעל אין דער צווייטער — די בהמה מיטן אָפּגעבראָכענעם האָרן... אַדרי, איך בין געבליבן שטיין אָנגע־שפּאַרט אין דעם פאַרוויאַטן אָסאָקאָר־בוים און ניט קיין שניי האָט געוויעט אויף מיר, נאָר אַ פרייד! איך בין געשטאַנען, אַדרי, אין אָט דעם פאַרשנייטן פעלד מיט אויפגעריסענע אויגן, ווי פאַר אַ גרויסן װוּנדער... נאָך צען אָפּגע־יסורימטע יאָרן מיט אַלעקסאַנדערן, זײַנען פאַר מיר געלעגן אָפן און פרײַ אַלע פיר וועגן פון דער וועלט. איך האָב זיך געקאָנט לאָזן גיין אַהין, וווּהין מײַן אויג און מײַן האַרץ וועט מיך טראָגן. און דאָ, אַדרי, בײַ אָט די פרײַע פיר אָפענע וועגן, האָט מײַן פרייד אָנגעהויבן זיך לעשן אויפן ווינט. כ׳קאָן דיר עס ניט דערקלערן, אַדרי, ליבער מײַנער, פאַר וואָס האָט מיך שוין דאָרטן, בײַם פאַרוויאַטן אָסאָקאָר־בוים, אַרומגעכאַפּט אַזאַ אומדערטראָג־לעכער ווייטיק, עפּעס אַזאַ שרעק, ווי אַ חיה־רעה וואָלט דורכגעלאָפן איבער מײַן האַרצן...

ביי אַט די ווערטער וועגן דער חיה־רעה, וואָס איז איר איבערן האַרצן דורכגעלאָפן, באַמערקט זי ווי פון זיין פּנים פאַרגייט כּמעט די קופּער־ברוינקייט און די אויגן פאַרשמעלערן זיך אים ווי פון אַ פיינלעכקייט. נעמט זי עס אויף ווי אַ טיפן מיטגעפיל צו יענעם מצב אירן ביים פאַרוויייעטן אַסאַקאַר־בוים.

— אַדרי, שוין דאָס לעצטע זייטל! ניין, ניין, כ׳מוז דערלייענען ביזן סוף, דערגיין צום דנאָ... צו נאָך עפּעס פירט ער. צו נאָך עפּעס וויל ער דאָך מיך צופירן, מיין פעטער אַבוש. — זי לייענט ווייטער ווי אַזוי נאָכן ברענגען אים, דעם קדוש, דעם אַלטן דיין, צו זיין אייביקער רו, האָבן די באַיאַרס קיינעם ניט צוגעלאָזט צו דעם הרוג־מלכות און אַליין געטראָגן אים איבער דער גאַנצער שטאָט. די מיטה איז אַרומגעגאַנגען איבער זייערע אַקסלען, פון איינעם צום צווייטן, ביז צום קבר. נאָך דער קבורה האָבן די באַיאַרס גענומען זייער הרוג, וויגדערן דעם סמאַלע־טרייבער, און אים אָוועקגעפירט באַהאַלטן אויף זייער בית־עלמין.

און מער שרייבט ער איר ניט, איר פעטער אַבוש, וועגן די באַיאַרס. האָבן זיי זיך שפּעטער ווידער אומגעקערט צו דער תּפיסה, און וואָס איז דאָרטן ווייטער מיט יענע, מיט די אַסירים, פאַרגעקומען? פּלוצלינג נעמט ער גאָר דערציילן, אַז באַלד נאָכן אָפּזיצן שיבעה נאָך ר׳ נתן לאַנדע, טאַקע גלייך אויף מאָרגן, האָט אַלעקסאַנדער געבעטן אים, אַבושן, פאָרן מיט אים אין כוטער אַריין...

דאָ פאַרהאַלט זיך שוין איוועס ניט נאָר אויף יעדער שורה, נאָר שוין אויף איטלעכן וואָרט. זי לייענט אַפילו מיט גרויס כּוונה די גאַנצע שטעל, ווי ער, אַבוש, איז אויף דעם מסכּים געוואָרן, ווייל שוין פון לאַנג האָט ער זיך געקליבן, דער פעטער אירער, פאָרן צו דער מומע ליבעס מאַן, צו שמריהן, וואָס האָט געריסן ביים טשערנאָבילער רבין די באָרד און געמאָנט ביי אים, ביים צדיק, אַז ער זאָל תּיכּף אַראָפּברענגען משיחן... „דו וועסט עס ניט פאַרשטיין, ייִדענע! דיין מומע ליבעס מאַן האָט מיטן טרייסלען דעם טשער־נאָבילער פאַר דער באָרד אויפגעטאָן אַ גרויסע זאַך. גאָר, גאָר אַ גרויסע! ר׳ שמריה האָט אָנגעהויבן אַראָפּטרייסלען די פּלומרשטע קדושה פון די אַלע טאַלנער, רוזשינער, סטאָלינער, קאַרלינער, ראַכמעסטריווקער, גערער, האָ־

ניפּאָליער, וואָס פאַרהאַלטן נאָר דעם קץ... אַט די אַלע גוטע־יידן זײַנען פול מיט קינאה, מיט שׂינאה, זייערע הייפן זײַנען נעסטן פון מחלוקתן. אַט די רביים לעבן ווי די פּריצים. דאָס זײַנען פּריצים אין זילבערנע עטרות... דער רוזשינער איז דאָך ניט מער ווי אַ גילגול פון יעקב פראַנק. אויך דער פּאַרט אַרויס אין אַ גילדענער קאַרעטע מיט זעקס פערד נאָשפּיץ... אַט די אַלע גוטע־יידן קאָנען זיך ניט אויפהייבן צו גאָט און קאָנען זיך אויך ניט אַראָפּ־לאָזן צום שׂטן! זיי מאַרדעווען זיך נאָר צווישן הימל און ערד. אַט די אַלע פאַרהאַלטן נאָר די גאולה. דער דור קאָן איבער זיי ניט ווערן ניט כולו חייב, ניט כולו זכאי... דו פאַרשטייסט עס, יידענע?! געווען צווישן זיי איינער: דער קאָצקער. מנחם־מענדל איז געווען זײַן נאָמען. יענער האָט געהאַלטן זײַנע חסידים אין שוואַרצן פּחד. יענער האָט פאַרשטאַנען, אַז נאָר פון דער שוואַרצקייט קאָן אַרויס אַ ליכט... אין איינעם אַ פרײַטיק־צו־נאַכטס האָט יענער פאַר די אויגן פון זײַנע חסידים מחלל־שבת געווען. אויסגעלאָשן די שבת־ליכט און אויסגעשריען: לית דין ולית דיין! וואָלט ער געוויס דערנאָך געגאַנגען נאָך ווײַטער, ער וואָלט אַראָפּגעבראַכט משיחן... האָט מען אים אָבער פאַרשטאָפּט דאָס מויל, אים געמאַכט פאַר אַ משוגענעם און פאַרשפּאַרט אויף צוואַנציק יאָר אין אַ חדר־מיוחד... בין איך געפאָרן מיט אַלעקסאַנדערן, ווײַל איך האָב באַדאַרפט צו שמריהן. איך האָב שוין לאַנג פאַרטראַכט קריינען שמריהן פאַר אַ רבין! אַ הדרת־פּנים, צוויי גרויסע פײַערדיקע אויגן האָט ער פאַרמאָגט... מ׳האָט אים נאָר געדאַרפט אָנטאָן אַ שטרײַמל, אַן אַטלאַסענע זשופּיצע, ווײַסע זאָקן מיט שטעקשיך, אים געבן דעם נאָמען: שמריהלע ווערבינקער, דער א י ש ה א ש... איך וואָלט געווען זײַן שמש און מיר וואָלטן אַרויסגעפאָרן אין דער וועלט. ס׳איז געווען אויף דעם אַ שעת־רצון, די העכסטע צײַט, אַן עת־לעשׂות: דײַן מומע ליבע איז דעמאָלט געזעסן אין טורמע, זי האָט זיך ניט געקאָנט מיר שטעלן אויפן וועג, שמריה איז פאַר־בליבן אינעם וואָלדשטיבל איינער אַליין... אָז מיר זײַנען געקומען אַהין, האָט אַלעקסאַנדער צוגענומען זײַן קינד, טאַמאַרעלען, וואָס איז פאַרבליבן אויף הפקר, און איז נאָך דעם טאָג אַוועקגעפאָרן צוריק אַהיים. שיפרה וועט שוין אויפן קינד אַכטונג געבן. שיפרה פאַרנעמט דאָך שוין דײַן אָרט בײַ די לאַנדעס... און איך בין דאָרטן פאַרבליבן קנעלן מיט שמריהן...״

דאָ פֿאַלט דער בריוו פֿון אירע הענט, זי גלײַכט זיך אויס, ווי יצחק באַיאַר ווען דער גורל דערלאַנגט אים נאָך אַן אַכזריותדיקן קלאַפּ פֿון וועלכן מ׳קאָן שוין אומגעוואַלגערט ווערן; ניט קיין ווייטיק דערפֿילט זי, נאָר עפּעס אַזאַ טרויער, וואָס נאָך פֿון אַזאַ מין ניט געוווּסט — אַ טרויער אַ געדיכטער, אַ הייס־בענקענדיקער, אַ טרויער נאָכן קינד, נאָך טאַמאַרעלען, נאָך דער איינציקער פֿרייד, וואָס זי האָט ביז אַהער אין איר לעבן געהאַט. פֿון איר שטיין בלײַבן מיטן פֿאַרוואָרפֿענעם קאָפּ אויף אַרונטער, ווערט אַדריִאַן דער־שראָקן און פֿאַרלוירן, ער נעמט רופֿן דעם דײַטש און הייסט אים פֿאָרן נאָכן היגן דאָקטער. נאָר איוועו האַלט אים אָפּ און פֿרעגט:

— אַדרי, ביסטו טאַקע זיכער, אַז מ׳האָט זיי אַרויסגעלאָזט פֿון טורמע? איך דאַרף צאָלן... איך דאַרף צאָלן! אָבער פֿאַר וואָס קומט דעם טאַטן מײַנעם אַזעלכע יסורים שוין נאָך שׂימחהן, וואָס די פּויערים האָבן דערהרגעט מיט די דרענגלעך... און פֿאַר וואָס קומט נאָך יצחקן, דעם גרויסן בעל־נסיון? און פֿאַר וואָס קומט עס דער מומע ליבע, וואָס איז שוין אין די הויכע חדשים, פֿאַר וואָס קומט איר קינד טורמע?.. און פֿאַר וואָס קומט עס אַברהמען און עקיבאָן?.. אַדרי, אַדרי, דניאל, אַדריִאַן... איך וועל פֿאָרן אַהין, זאָל מען מיך אַרײַנזעצן, און איך וועל דאָרטן אין טורמע אויסטראָגן און איך וועל דאָרטן האָבן דאָס קינד... איך דאַרף צאָלן!

— וועלן מיר פֿאָרן ביידע:

— ניין, אַדרי, דו טאָרסט אַהין ניט פֿאָרן! דיך וועלן זיי פֿאַרמישפּטן צו תּליה... דו ביסט אָנגעפֿאַלן מיט כּלי־זיין אויפֿן קייסערס סאָלדאַטן, דו האָסט געשאָסן... און איך?

— אָן דיר, איווע, קאָן איך ניט בלײַבן. מײַן שווערער וועג צו זיך, קאָן זײַן נאָר מיט דיר... דײַן פֿאָרן וועט דאָרטן גאָרנישט ניט געבן. זיי דאַרפֿן חרותן און מיך... דײַנע קרובים געפֿינען זיך ניט אין קיין גרויסער סכּנה. קיינער איז דאָ פֿון זיי ניט פֿאַרמישט. די איינציקע שולד וואָס מ׳קאָן זיי אַרויסשטעלן איז דאָס געבן פֿערד־און־וואָגן... אַ באַליביקער אַדוואָקאַט קאָן אָט די באַשולדיקונג מאַכן צו נישט. דײַן טאַטע האָט געגעבן פֿערד־און־וואָגן פֿאַר זײַן טאָכטער, און ווער ס׳איז מיט איר געפֿאָרן, דאָס האָט ער ניט געקאָנט וויסן... און אויך יצחקן קומט גאָרניט. אַ טאַטע איז ניט מחויב גיין

מסרן זײַן קינד... הער וויגעל, — שטעלט ער אָפּ דעם דײַטש בײַם אַרויספאָרן פונעם טויער. — הער וויגעל, דעם דאָקטער דאַרף מען ניט, פירט אונדז בעסער צום „שלאַנקן הירש".

און הגם יענער געדיכטער טרויער פון פאַרלירן די טאָכטער, טאַמאַ־רעלען, נעמט אַדורך אַלע אירע ביינער, אָבער דער גרויסער אומרו אירער איז דאָרטן, הינטער די שטיינערנע ווענט, אין דער תּפיסה... זײַנע רייד דערגייען צום שׂכל, אָבער ניט צו איר האַרצן. און דאָך, גראָד זײַן, אַדריִאַנס, פאַרלאָרנקייט, זײַן אויסגעבלייכטקייט און געפאַלן קול, שטאַרקט זי, און זי לאָזט זיך פירן אין רעסטאָראַן אַרײַן.

אַבושעס בריוו בלײַבט אויף דער ערד ליגן : וואָס יענער האָט אין וואַלד־שטיבל מיט דער מומע ליבעס מאַן אײַנגעקנעלט, צי האָט ער אים, שמריהן, טאַקע געקריינט דאָרטן פאַר אַ רבין, דאָס גייט איר, איווען, איצט לחלוטין ניט אָן ; אויך יענע צוויי בריוו וויל זי ניט עפענען : איינער איז געוויס פון שיפרהן, וואָס פאַרזיכערט, אַז טאַמאַרעלען וועט גאָרנישט ניט פעלן, אַז זי, שיפרה, וועט פאַר איוועס קינד אַ מאַמע זײַן... און דער צווייטער בריוו איז דאָך פונעם דאָקטער רמז, וואָס דערקלערט זיך איר, איווען, בײַ דער שיינער שוואַרצער באָרד, אין ליבע, אַז ער וועט פאַרגעבן און מוחל זײַן איר לויפן מיט אַדריִאַנען, אַז זי, איווע, האָט אים אין יענעם אָוונט בײַ די אפרתעס שלעכט פאַרשטאַנען...

# ו

שוין דאָרטן, בײַם רעסטאָראַן מיטן אײַנפאָרהויז „שלאַנקער הירש״, וואָס אין די הייכקייטן, צווישן די פּיכטעס און יאָדלעס, איבער דער אָזערע, ווו די קלאָר־ווײַסע שוואַנען טוקן זייערע רויטע שנאָבלען אין די בלאָנד־זויניקע וואַסערן און פון דער נידער, פון דער זומער־פונאַנדערגעבליטער ערד ווייעט מיט האָניק און די שוואַלבן שנײַדן מיט זייערע שאַרפע פליגל די קדמונישע שימערשײַנען, וואָס פאַלן פון די ווײַטע אַלפּנשנייען... שוין דאָרטן, ווו מ׳פּרוווט און מ׳שטעלט אָן פאַרן שפּילן די פידלען, דאָרטן, ווו דער בונט־אויסגעפּוצטער און אויפגערוימט־זונטיקדיקער עולם איז זי מקבל־פּנים, מ׳דערקענט די, וואָס האָט פריִער אַזוי פײַערדיק געטאַנצט בײַם קלויסטער מיט די ציגײַנער. אַ פּנים אַז אויך זי אַליין איז אַ ציגײַנערין און אָט דער שיינער מאַנצביל, וואָס מיט איר, דער מאָלער, האָט זי ערגעץ פון אַ ציגײַנערשן טאַבאָר אַרויסגעגנבעט און זי אַהער פאַרפירט.

— דאָס קאָן זייער זײַן. נעכטן האָב איך אַליין געלייענט, אַז בײַם גראַף פאָן אײַכנדאָרף איז די זעכצן־יאָריקע טאָכטער אַנטלאָפן געוואָרן קיין אַפריקע מיטן קלאַון פונעם אָנגעפאָרענעם צירק.

— נאָר מיר דאַכט, אַז זי איז ניט קיין ציגײַנערין, נאָר אַ שפּאַניערין.

— מיט אַזאַ מאַנצביל וואָלט איך אויך געלאָפן.

— וואָס איז דאָ צו ריידן, זיי זײַנען בײדע שיין. טאַקע באמת צוויי וווּנדערס פון דער נאַטור!

און מ׳מאַכט פאַר איווען פרײַ דעם וועג צום אַרײַנגאַנג און מ׳פרעגט זי: וועט זי אפשר נאָך איין מאָל דעם פאַרגעניגן אָנטאָן און גיין מיט עמעצן פון זיי אַ טאַנץ? אָן־אָ קומען אויך די ציגײַנער!

און הגם זי איז נאָך פון איר פעטער אַבושעס בריוו ניט אַרויס, נאָך אַלץ מיטן געפיל, אַז שטעלנדיק איין פוס אויפן האַרטן ברעג, האָט עמעצער מיט

אַ מאָל פון אונטער איר צווייטן פוס דאָס בריקל אַרויסגעשלאָגן און זי, איווע, וועט ניט קאָנען אויף דעם איינעם פוס זיך אויפהאַלטן און זי וועט באַלד אַנהייבן פאַלן אין תהום אַריַין... דאָך, הערנדיק אָט די אַלע רייד, ווערט זי אַ ביסעלע געליַיטערט, און ענטפערט ערנסט:

— מעגלעך. נאָר טאַנצן וועל איך גיין מיטן אַלטן ציגיַינער.

— איווע, כ׳בעט דיך...

— אַדרי, דער שווערער חודש איז שוין אַריבער. האָב ניט מורא, טיַיערער, איך וועל אויסטראָגן און האָבן... איך וועל דיר געבוירן אַ זון אין אַלע געוויטערן, אין אַלע בוראַנען, אין אַלע זאַווערוכעס, אַפילו אונטער אַ רעגן פון שוועבל. די באַיאַרס זיַינען דאָך קרובים פון יענע דריַי ייִדן: חנניה, מישאל און עזריה, וואָס זיַינען אַרויס לעבעדיקע פון נבוכדנצרס קאַלכאויוון... אַדרי, האָב ניט מורא! די באַיאַרס קאָנען איַינזאַפּן אין זיך יסורים, ווי די סאָסנעס קאָנען איַינזאַפּן אין זיך די זשיווּיצע, זיי ווערן פון דעם פעך פאַרהיט און געקרעפטיקט.

קוקט ער אויף איר מיט באַגיַיסטערונג און מיט ליכטיק-געוואָרענע אויגן און נעמט פירן מיט דער האַנט איבערן זוניקן האַלבטאָג, ווי ער וואָלט געטונקען אַ פּענדזל אין פאַרבן און זיך סוף-כל-סוף געקליבן זי מאָלן.

זי טוליעט צו איר קאָפּ צו זיַין אַקסל און ער, פאַר אַלעמענס אויגן, קושט אירע האָר. זי האָט אים נאָך אַזאַ פריילעך-צוגעלאָזטן צו דעם המון-עם ניט געזען. ער שמייכלט ברייט און מיט התפעלות אַפילו צו די נאָר וואָס אָנגעקומענע ציגיַינער, צו יענע וואָס האָבן מיט איוועון ביַים קלויסטער גע-טאַנצט; ער וואַרפט זיך איבער מיט דעם און יענעם מיט אַ וויץ און אַ ווערטל, זאָגט אויך צו אַ ציגיַינערין, אַז אויב איר געליבטער וועט אים ניט אַריַינ-שטעכן אַ מעסער צווישן די ריפּן, וועט ער, אַדריאַן, גיין מיט איר אַ טאַנץ... ניין, ניין, ניט באַלד. איצט איז ער און זיַין פרוי הונגעריק ווי די וועלף.

און זיי גייען אַריַין אינעווייניק, ווו ניט נאָר דער דיל, נאָר אויך די ווענט און אויך די סטעליע איז פון ליכטיק-באַגילדטע סאָסנעס צונויפ-געלייגט, און צווישן די געקעכטסן, וויַינען און ביר-ריחות, שלאָגט זיך אַדורך דער ריח פון וואַרעמען פעך און אויך די קילקייט פון מאָך... אויך דאָ איז פול מיט מענטשן פון אַלערליי פעלקער און לשונות, מיט אַלערליי העוויות און

אָנשטעלן, מאַנירן און חנדלעך; אַזעלכע וואָס פאַרשטעלן און וויקלען זיך פון דעם קאָפּ ביז צו די פּיאַטעס, און אַזוינע, וואָס צעדעקן זיך און גייען אַרום כּמעט נאַקעט; לײַט, וואָס וואַנדערן און זוכן פאַרוויילונגען, פאַרגעניגנס, נישטערן מיט וואָס צו פאַרפּילן זייער פּוסטקייט און ווו מ'זאָל קאָנען אויס־טרייסלען דעם שטויב פונעם האַרצן... און אויך געציילטע, וואָס קוויקן זיך מיט דער שיינקייט פון גאָטס יצירה — מיט אַ גינגאָלדן אוירינגל פון אַ צעבליטער אָלכע, מיט אַן אָוונט־ און נאַכט־פּלאַטערל, מיט די אַלפּנבערג, — מיט אָט די פאַרשטיינערטע כוואַליעס פון ערד־ציטערנישן.

זיי זוכן אָפּ, אַדרי און איווע, אַן אָרט, פאַרנעמען דאָס ווײַטסטע ווינקל־טישל — אויך פון גראָבע סאָסנעברעטער, ניט געפּאַרבטע, מיט אײַזן אַרומ־געקלאַפּט, זעצן זיך אויף די קײַלעכדיקע קלעצער, וואָס דינען פאַר בענקלעך.

— איווע, וואָס באַשטעלן מיר? — נעמט ער דעם שפּײַזצעטל.

— אַדרי, טאַמאַרעלען וועלן מיר בײַ אים אָפּנעמען! כ'וועל פאָרן אַהין אָפּנעמען... נו, גוט! באַשטעל וואָס דיר ווילט זיך. פאַר מיר נעם אַ ביסל פאָרטווײַן. איין גלעזל מעג איך. אָבער איך וואָלט בעסער געוואָלט טרינקען אַ ביסל קאָניאַק... אַדרי, — זאָגט זי צו אים פלוצלינג. — אַדרי, מאָל פאַר מיר אַן אַ בילד מיט אײלפאַרבן: אַ נאַכט בײַ דער שײַן פון אַ לאַמטערן, ווו אַ מאַמע שטאַרבט אויף אַ קינדערש בעטל, וואָס איז שוין פאַר איר אויך צו גרויס... אַרום איר איז קיינער ניטאָ. נאָר בײַ איר צוקאָפּנס שטייט אַ באָק־לעמעלע...

דערלאַנגט ער איר דעם כּוס ווײַן און שלאָגט איר איבער מיט יענעם סודותפולן קול:

— קונסט דאַרף גאָרנישט ניט דערציילן, דאַרף גאָרנישט ניט רופן און קיינעם ניט וועקן... אַלץ אין דער אַלוועלט איז פאַרן קינסטלער ניט מער ווי ליים. ווי פאַרביקע ליים! האָסטו אַ מאָל געזען אין דער נאַכט, צום סוף זומער, ווי ס'פאַלן שטערן פון הימל?

— אַוודאי האָב איך געזען.

— דאָס שטאַרבן אַזוי שטערן. דאָס איז דער טויט פון פּלאַנעטן, פון גרויסע וועלטן... פאַר וואָס זשע שרעקט דיך אַזוי דער טויט פון אַ מענטשן, וואָס איז ניט מער ווי אַ קרומער שאָטן אויף דער ערד?

— אָבער, אַדרי, מיר לעבן דאָך אויף דער ערד! דער מענטש איז ניט קיין קרומער שאָטן!

— די ערד, איווע, איז קײַלעכדיק. פאַרן קינסטלער איז ניטאָ קיין אויבן און ס׳איז אויך ניטאָ קיין אונטן. די ליים פאַרן קינסטלער איז ניט די זעלביקע וואָס פאַרן טעפּער. דער טעפּער קלעפּט אַ קריגל פאַר מילך, פאַר ווײַן... וואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי? כ׳האָב עס דיר שוין, דאַכט זיך, געזאָגט. פאַר דײַן געזונט, איווע!

נאָכן צונויפשטויסן זיך מיט די כּוסות — דאָס געשליפענע גלאָז קלינגט אָפּ אין די פאַסמעס זון, וואָס שלאָגט אַדורך די זיך־וויגנדיקע טונקעלע קאַשמיר־פאָרהאַנגען אויף די פונאַנדערגעעפנטע פענצטער, וואַרט ער צו ביז זי טרינקט אויס און זאָגט, ווי געבעטן זיך בײַ איר:

— כ׳וועל גיין פרעגן, צי ס׳איז דאָ ניטאָ ערגעץ קיין אָפּגעזונדערט אָרט. איך קאָן ניט פאַרלײַדן אָט די מאָנצבילשע חיזשע בליקן אויף דיר!

— אַדרי, — טוט זי אַ שמייכל און עפנט איר האַנטבײַטל אויף אַרויס־נעמען דאָס טיכעלע — זיי זײַנען געוויס אַלע קינסטלערס, און איך בין פאַר זיי ניט מער ווי פאַרביקע ליים... — נאָר דאָ, בײַם אַרויסנעמען דאָס טיכעלע, פאַלט אויך אַרויס איינער פון יענע צוויי נאָך ניט־געעפנטע בריוו.

ניט צורירנדיק זיך צו די פאַרבײַסעכצנס, רײַסט זי אויף דעם אַרויסגע־פאַלענעם קאָנווערט און נעמט פון דאָרטן אַרויס אַ בייגעלע פּאַפּיראָס־פּאַפּיר. אויפן בייגעלע ליגן קאָסע שורות מיט פעט־שוואַרצן בלײַשטיפט געשריבן. די אותיות אויסגעצויגן־שפּיציקע, וואָס דערמאָנען באַלד אין דניאלס כּתב... לויפן איר מיט אַ מאָל אָפּ פונעם פּנים אַלע בלוטן, ווי זי וואָלט באמת באַקומען אַ בריוו פון דניאלן, וואָס זי האָט אין יענעם ווײַטן שטאַרק־פראָסטיקן פאַר־נאָכט צו קבורה געבראַכט. ס׳איז דעמאָלטן אוממעגלעך געווען אויסהאַקן אין דער פאַרפרוירענער ערד די געהעריקע קרקע, און מ׳האָט אים, דניאלן, אַ האַלב־זיצנדיקן, מיט דער כּמעט אויפגעהויבענער האַנט, וואָס האָט זיך בשום־אופן ניט געלאָזט אויסגלײַכן, אין קבר אַרײַנגעלייגט. קיין ווענדונג צו איר, ווי דניאלס שטייגער איז געווען, אויך איצטער ניטאָ. פון אויבן נאָר פיר ווערטער און אונטערגעשטראָכן: ווי צוויי מאָל צוויי...

און ווײַטער הייבט זיך אָן אַזוי: „מײַן חשד האָט זיך באַשטעטיקט.

אַדריִאַן דינאָר איז אַ מסור! צוריק מיט פיר חדשים איז ער אַרעסטירט געוואָרן בײַם גרייטן אויפרײַס־מאַטעריאַלן. ס׳האָט אים דערוואַרט אַ שווערע שטראָף. שוין אויפן דריטן פאַרהער האָט ער זיך אײַנגעבראָכן... זײַן ראָלע און זײַן אָנטייל בײַם אָפּשלאָגן די פּאָליטישע אַרעסטירטע, און אויך זײַן ראָלע בײַם שוואַרצן די גרענעץ, איז די ראָלע פון אַ פּראָוואָקאַטאָר! דאָס וואָס ער איז דאָרטן געוואָרן פאַרווונדיקט, איז פּשוט אַ צופעליקייט — פון אַ ווילדער קויל! איך פאָר זיך איבערגעבן אין די הענט פון דער אָכראַנקע, אַנדערש וועלן דאַרפן גיין אויף לאַנגע יאָרן סיביר אַברהם און עקיבא, מײַן טאַטע, דײַן טאַטע און די טראָגעדיקע מומע ליבע. דאָס צעטעלע דאַרף מען גלײַך צערײַסן! כיירוס״.

אָון זי וויל, איווע, פאָלגן חרותן און שוין דאָ אויפן אָרט צעצווייען און צעפּערטלען דאָס בריוול, וואָס פון די קאָסע שורות שלאָגן אויף איר אויס־געצויגן־שפּיציקע פײַערן און אין די אויגן שטעלט זיך פון זיי אַ הייס־טרוקענער נעפּל. נאָר די פינגער ווערן איר אָפּגענומען ווי ס׳וואָלט איר אויך פון אַ קעלט פאַרגאַנגען זאַשפּערעס אונטער די נעגל. און אויך דאָס ווײַסע באָקלעמעלע קלאַפּט איר מיטן שוואַרצן קאָפּיטקעלע אין האַרצן אַרײַן: „איווע, דער גאַנצער וואַלד ברענט!״... און דאָס שוואַרצע קאָפּיטקעלע קלאַפּט שוין ניט דאָרטן, אין חלום, נאָר שוין דאָ, אין די בערג, אין אָט דעם רעסטאָראַן „שלאַנקער הירש״, ווו דורכן ווינט אָפּגערוקטן פאָרהאַנג גייען צווישן די יאָדלעצווײַגן גלישוימיקע אויפגעזאָטענע וואָלקנס, און ס׳רוישן אַרײַן אַהער די ווײַטע, די אייביק ניט־געשטילטע באַרג־וואַסערפאַלן.

און אויף די עסטראַדע־ברעטער זינגט, אין דער באַגלייטונג פון אָר־קעסטער, די האַלב־אויסגעטאָנענע, די פוללײַביקע און פלאַמהאָריקע זינגערין מיטן אָנגעשפּאָלטענעם דראַמאַטישן סאָפּראַנאָ־קול גריגס „דאָס ליד פון סאָלווייג״... שוין ניט דאָרטן, אין חלום, נאָר שוין דאָ, ווו ס׳שמעקט מיט וואַרעמער זשיוויצע, קלאַפּט דאָס ווײַסע באָקלעמל וואָס ווײַטער אַלץ שטאַר־קער מיטן שוואַרצן קאָפּיטקעלע אין האַרצן אַרײַן: „איווע, דער גאַנצער וואַלד ברענט, דײַן אַרויסגעלאָפּענע בערעזע פון די נאַכטוועלדער איז ניט קיין ווײַסע, נאָר אַ שוואַרצע... דו ביסט געלאָפן, איווע, מיט אַ מסור!״

און דאָך... און הגם שוין פיר מאָל דורכגעלאָפן איבער די ברענענדיקע

שאַרף־שפּיציקע קאָסע שורות, דאָך און פּאָרט קאָן זי אין זיי ניט גלייבן. זי קאָן זיך גאָר ניט פֿאָרשטעלן, אַז אַדריאַן דינאַר, וואָס וויל בויען פֿאַר דער מענטשהייט דעם שענסטן קונסטטעמפּל, אַז ער, איר דניאל־אַדרי, וואָס זי האָט אין דער געוויטערדיקער נאַכט, ביַי די דונערן און בליצן, געהיילִיקט צו זיך מיט איר לײַב...

— אַדרי, — הייבט זי אויף אירע אויגן אויף אים מיט שרעק און האָפֿענונג. — אַדרי, לייען איבער און זאָג מיר... אַדרי?

זי וואַרט ביז ער לייענט איבער (אויף זײַן פּנים באַמערקט זי ניט קיין איין ציטער, אַפֿילו ניט קיין פֿינטל פֿון אַ וויִע, ווי דאָס פֿאַרברוינט־קופּערנע פּנים זײַנס וואָלט אים אויף אייביק פֿאַרקילט געוואָרן). זי נעמט אַרויס ביַי אים פֿון די הענט חרותעס בריוו, צערײַסט אויף פּיץ־פּיצלעך און וואַרפֿט אַרויס דורכן אָפֿענעם פֿענצטער אויפֿן ווינט, וואָס צעשפּרייט און צעטראָגט עס איבער די בערג.

— דניאל, אַדרי, אַדריאַן, וואָס שווײַגסטו? שווײַג ניט! זאָג מיר עפּעס... דניאל, גיב מיר צוויי פֿלאַם־פֿײַערדיקע פּעטש! איך וועל דײַנע פּעטש אָננעמען מיט דער גרעסטער ליבשאַפֿט, איך וועל דיר פֿאַר זיי קושן די הענט און בענטשן און פֿאַרהייליקן דעם הײַנטיקן טאָג דאָ אין די בערג. שווײַג ניט אַדרי! האָסטו טאַקע געמיינט ערנסט ווען דו האָסט מיר אויפֿן ים געזאָגט, אַז נאָר דער קינסטלער קאָן גיין איבער אַ תּהום, אַז נאָר ער, דער קינסטלער, וואָס פֿאַר אים איז אויף דער ערד ניטאָ קיין אויבן און ניט קיין אונטן, נאָר ער, דער קינסטלער, קאָן פֿילן די פֿרייד און די גרויסקייט, די הייך און די גײַסטיקע טיפֿקייט פֿון גיין איבער אַ תּהום... אַדריאַן, דאָס ביסטו געגאַנגען איבער אָט דעם וויסטן תּהום און האָסט אַרײַנגעוואָרפֿן אַהין די טראָגעדיקע מומע ליבע? אַדריאַן, דאָס ביסטו דעמאָלטן בײַם פֿאַרווייעטן אָסאָקאַר געווען די חיה־רעה, וואָס איז דורכגעלאָפֿן איבער מײַן האַרצן?

און הגם פֿון זײַן שווײַגן קאָן מען שוין מער אין חרותעס בריוו ניט לייקענען, ניט אָפּפֿרעגן און ניט מבטל מאַכן, דאָך וויל זי זײַן פֿאַרגליווערט־קייט אויסטײַטשן ווי טיפֿע געטראָפֿנקייט און ביטערע באַליידיקונג, הלמאַי אויך זי, איווע, קאָן אויף אים אַזוינס גלייבן און אויף אים אַזאַ חשד וואַרפֿן... נעמט זי, ווי זוכנדיק שוין דעם לעצטן אָנשפּאַר, דעם דריטן בריוו אַרויס,

און מיט אַ תּפילה אין האַרצן, אַז דער דריטער בריוו זאָל איר אַ לויטערקייט ברענגען, אַז דער בריוו זאָל זײַן פון דער מומע ליבע, ווו זי שרײַבט איר: מיר זײַנען שוין, אַ דאַנק זײַן ליבן נאָמען, אַלע אין דער היים. מ'איז אָפּגעקומען מיט אַ ביסל יסורים... קום צו פאָרן, ס'שטייט בײַ אונדז אַזאַ שיינער זומער, מיר וועלן אַרומגיין מיט דיר, איוועניו, באָרוועסע איבערן גאָרטן. איין מאָל אין טאָג עסן אַ שטיקל ברויט, אַבי אַרומגיין אַ באָרוועסע איבערן זומערדיקן גאָרטן... — ווײַל אויב זי, איווע, באַקומט, חלילה, ניט אַזאַ בריוו, דאַרף זי דעמאָלטן... אָבער בײַם עפענען דעם לעצטן בריוו, דעם לעצטן אָנשפּאַר, דערזעט זי, אַז דער בריוו איז ניט פון דער מומע ליבע, נאָר פון עקיבאַן, און פון דער תּפיסה!

און נאָכן איבערלייענען עקיבאס בריוו, וואָס איז אויך געשריבן אָן שום רחמנות, אָן שום רמזים, אויך ער, עקיבא, רופט אָן דאָס קינד בײַם נאָמען... ווערט איר אין קאָפּ ביז גאָר קלאָר — אין עקיבאס בריוו קאָן זי שוין אַפילו אויף קיין איין רגע ניט צווייפלען. בײַ עקיבאַן, ווי בײַ יצחק באָיאַר, ווי בײַ איר טאַטן, ווי בײַ דער מומע ליבע, איז איטלעך וואָרט געוווגן און געמאָסטן; זיי וועלן זיך בעסער די צונג מיט די ציינער אַרויסרײַסן, איידער זאָגן עמעצן אַ ניט זיכער און אַ ניט באַגרינדט וואָרט. — נאָכן איבערלייענען עקיבאס בריוו, גלייבט זי שוין מיטן גאַנצן האַרצן, ווי נאָר אַ באָיאַר קאָן גלייבן: ביזן דנאָ, אַז אַדריִאַן דינאָר, דעם פּראָפעסאָר אפרתעס אייניקל, איז דאָ, בײַ חרותעס שוואַרצן די גרענעץ, געווען אַ מיטהעלפער פון דער אָכראַנקע, אַז זײַן, אַדריִאַנס, שיסן אין די זשאַנדאַרן איז פון פריִער אַ צונויפגערעדטע זאַך געווען, כּדי צו פאַרבלענדן און צו אָפּווענדן; אַז ער, איר אויסגעטרוימטער דניאל־אַדרי, איז געווען דאָ אַ האַנט בײַ די שׂונאי־ישׂראל, וואָס נאָך די פּאָגראָמען אין קישינעוו און אַדעס, נאָך זשיטאָמיר און ביאַליסטאָק, נאָכן קוילען יצחקס טאָכטער, רחלען, אויפן שוועל פון איר שטוב, האָבן זיי, אָט די שוואַרץ־מאהניקעס, געדאַרפט האָבן אַ פּראָצעס, וואָס זאָל דערווײַזן דער וועלט, אַז אַלע ייִדן העלפן זייערע קינדער, די חרותעס, אַרויסרופן מהומה און מרידה אין לאַנד; און אַז אויך זיי, די טאַטעס און די מאַמעס, זײַנען געקניפּט און געבונדן מיט זייערע קינדער, וואָס דאַרפן באַהערשן און באַצווינגען דאָס הייליקע רוסלאַנד...

עפּעס רעדט ער צו איר, אַדריאַן, ער רופט זי פאָרן מיט אים קיין אַפריקע, קיין טיבעט, אין די הימאַלײַער בערג... זי זאָל אים ניט וואַרפן דאָ איינעם אַליין אויפן מיטן שווערן וועג, וואָס פירט צו זיך... אָן איר וועט ער צו זיך... אָן איר וועט ער צו זיך ניט דערגיין... אין די זומערנעכט פאַלן שטערן, — גרויסע וועלטן שטאַרבן, איז וואָס פאַר אַ ווערט קאָן דאָ אויף דער ערד האָבן...

נאָר אַדריאַן, וואָס איז ווידער און אַזוי פּלוצלינג ענלעך געוואָרן אויף יענעם דניאלן, אויך בײַ דעם זײַנען די אויגן געוואָרן לויטערע, באַגײַסטערטע און ווי פון עפּעס־וואָס שטאַרק פאַרחידושטע, ער, אַדריאַן דינאָר, איז שוין געוואָרן ווײַט, פרעמד, און זײַנע רייד דערגייען ניט צו איר.

און דאָך האָט זי זײַנע רייד געהערט און יעדער וואָרט איז ווי אַ פונק פײַער אויפן האַרצן געפאַלן. צערײַסט זי אויך עקיבאס בריוו, שיט דורכן פענצטער אויפן ווינט און אויך דאָס פינגערל, וואָס זי האָט אין דער שלאַקס־רעגנדיקער נאַכט אים געגעבן אָנצוטאָן איר אויפן פינגער, אויך אָט דאָס פינגערל פאַרוואַרפט זי אין די בערג אַרײַן, און זאָגט:

— דעם וועג צו זיך וועלן מיר דערגיין אין איינעם, צוזאַמען, אַרומגע־נומענע מיט לײַב און לעבן... מיר'ן פאָרן אין די הימאַלײַער בערג און נאָך ווײַטער! צו אונדזער ביידנס וועג וועט שוין גאָר קיין סוף און קיין ענד ניט זײַן. אויך איך האָב דאָך געוואָלט גיין איבער אַ תהום. אויך איך האָב דאָך געמיינט אַז מ'קאָן גיין איבער אַ תהום. ניין, איבער אַ תהום קאָן אַפילו קיין פאָלק ניט גיין, אַפילו די גאַנצע מענטשהייט קאָן לאַנג ניט גיין איבער אַ תהום...

זי גיסט אָן איר לײדיקן כּוס פונעם קרישטאָלענעם גראַפין מיט טונקל־ברוינעם קאָניאַק, וואָס שמעקט מיט דעמב, און טרינקט פּאַמעלעכן, ניט געאײַלט, ווי פאַסמאַקעוועט, פאַרבײַסט ווידער ניט און פאַרמאַכט די אויגן:

— און איצטער גיי איך טאַנצן! כ'האָב צוגעזאָגט... אַ באַיאַר איז ניט משנה זײַן וואָרט.

— איווע, כ'וועל דיך ניט לאָזן, דו האָסט שוין מיט זיי געטאַנצט בײַם קלויסטער.

— דאָרטן האָב איך געטאַנצט כּדי צו פאַרשרײַען דעם חלום וועגן דעם

באַקלעמעלע, וואָס לעקט די פּאַרקילטע געלע טראָפּנס שווייס פון מײַן אָפּגעשוירענער מאַמע... מײַן טאַנץ איז דאָרטן געוועזן אַן ענטפער אויף דער ציגײַנערינס רייד וועגן מײַן שיכּורן גורל... מיט מײַן טאַנץ האָב איך געזאָגט דעם גורל, אַז מיך וועט ער ניט אָנשרעקן, אַז ער וועט מיך ניט אײַנבייגן, אַז כ׳האָב געווּנג כּוחות אויף זיך קעגנשטעלן. מײַן טאַנץ דאָרטן איז געווען אַן אַרויסרוף: קום, גורל מײַנער, קום! איך גיי דיר אַנטקעגן... קום אַרויס גורל מײַנער, איך וועל זיך מיט דיר פּאַר יעדער ברעקל פרייד, פאַר יעדער טראָפּן ראַסע, וואָס טוט אַ פינקל בײַם זונאויפגאַנג, וועל איך זיך שלאָגן מיט דיר ביז בלוט. ביזן לעצטן טראָפּן בלוט!

— און איצטער, — פרעגט ער שוין מיט אַ ביז גאָר דערשראָקן קול. — וואָס וועט עס איצטער זײַן פאַר אַ טאַנץ?

— איצט וועט גיין בײַ מיר אַ טאַנץ פון חשבון־הנפש! אין אָט דעם ווײַסן קלייד וואָס כ׳האָב געוואָלט גיין מיט דניאלן און אויך מיט דיר צו דער חופּה, אין אָט דעם ווײַסן חופּה־קלייד וועל איך איצטער גיין טאַנצן מיט די ציגײַנער מײַן געזעגן־טאַנץ, מײַן ווידוי־טאַנץ, מײַן באַפרײַטאַנץ...

— און זי ענטפערט אים ניט אויף דער פראַגע: „פון וואָס, איווע, פון וואָס ווילסטו זיך באַפרײַען?" און גייט רויִק, און אַפילו מיט אַ צופרידענעם שמייכל פון רעסטאָראַן אַרויס.

און ווי נאָר מיטן קוים־וואַקלענדיקן טראָט דעם שוועל פונעם „שלאַנקער הירש" אַריבערגעשפּאַנט — די אויגן ברייט צעעפנט אויף די שטיקער בלויע הימלען, וואָס וויגן זיך אין גרינע שאָטנס צווישן די יאָדלעצווײַגן, באַגעגנט מען זי מיט וויוואַט־אויסרופן, ווײַל קיינער האָט גאָרניט דערוואַרט זי זאָל אַזוי גיך אַרויסגיין; מ׳וויל שוין דעם ראָד מאַכן און צום שפּילן גרייט ווערן, נאָר איווע גייט צום אַלטן דאַרן ציגײַנער, נעמט אים פאַר דער האַנט און ווײַזט מיט די אויגן אויף דער אָזערע... פאַרשטייען אַלע אַז ניט דאָ, נאָר דאָרטן, אין דער נידער, אויף די מיט שײַן־פאַרגאָסענע רחבותן וויל זי טאַנצן. דאָרטן, ווו פון די אָזערע־וואָסערן גייען ווינטן. האָבן זיך אַלע געלאָזט נאָך איר און נאָך דעם אַלטן דאַר־מזלדיקן ציגײַנער באַרג־אַראָפּ צו דער אָזערע גיין, און דעם גאַנצן וועג האָט מען זיי מיט בובנע־ און פידל־שפּיל באַגלייט.

אַדריאַן טרעפֿט זי שוין בײַ דער אַזערע מיטן אַלטן ציגײַנער פֿאַרן אָנגעלאָפֿענעם עולם אין אַ ווילדן טאַנץ, — אַ טאַנץ פֿון איינער, וואָס וויל זיך אומברענגען. זי רײַסט אַלע מאָל אָפּ דעם אַלטן ציגײַנער פֿון דער ערד, הייבט אים העכער פֿון איר קאָפּ אויף, און גייט מיט אים דערנאָך אין אַ מער אויסמאַטערדיקן, נאָך אין אַ מער פֿײַערדיקן געדריי.

דאָ ערשט הייבט ער אָן, אַדריאַן, אויפֿכאַפּן דעם באַהאַלטענעם מיין פֿון אָט דעם איבערכּוחותדיקן טאַנץ אירן: זי וויל, איווע, זיך דאָ אָפּבינדן, זיך אָפּטיילן, ניט נאָר פֿון אים, נאָר אויך זיך באַפֿרײַען פֿון זײַן קינד... אָט דאָס אוממעגלעכע, איבערמענטשלעכע טאַנצן פֿאַרן פֿאַרגאַפֿטן און דערשראָקענעם עולם, אין אַ טאַנץ פֿון פֿאַרלענדן און פֿאַרטיליקן, אַ טאַנץ פֿון אויספּילן דעם פּסק־דין, וואָס זי האָט אַרויסגעטראָגן אויף זיך און אויף אים, אויף אַדריאַן דינאַרן.

פֿון אָנהייב שטייט ער פֿון דער ווײַטן אַ פֿאַרלוירענער, ווייסט ניט וואָס צו טאָן, ווי אַזוי זי אָפּשטעלן און אײַנשטילן, אָבער וואָס ווײַטער דער מיין פֿון איר טאַנצן דערגייט צו אים: זי וויל דאָך שוין פֿון אים קיין קינד ניט האָבן, זי וויל דעם וולד אויסראָטן...-און זעענדיק אַז אָפּשטעלן זי איז אוממעגלעך, האָט ער דעם אַלטן ציגײַנער, וואָס האָט אינעם טאַנץ מיט איווען אויף ס׳נײַ אַ פֿערטל שעה פֿון זײַנע ווײַטע שטורמישע יונגע יאָרן איבערגעלעבט, ער האָט אים פֿון איוועס הענט אַרויסגעריסן און אַליין אינעם טאַנץ מיט איר אַרײַן. לכתּחילה נאָך האַסטיקער, אָבער וואָס ווײַטער פֿאַרהאַלטן און פֿאַרשטילערט... דאָ איז זי אַליין שטיין געבליבן. זיך געהאַלטן קוים אויף די פֿיס. די גאַנצע וועלט — די מענטשן און די צעבליט־זומערדיקע ערד מיט די באַוואַלדיקטע הייכקייטן, מיט די פֿינקלענדיקע אַזערע־וואַסערן, מיטן געשריי פֿון אַ פֿערד, דרייט זיך אַרום איר אין אַ ראָד, פֿון די אויגן שיטן זיך איר די קדמונישע גלישײַנען פֿון די ווײַט־שנייִקע אונטערהימלדיקע בערג... נאָר ווען אַדריאַן וויל זי פֿון אָט דעם אָנגעלאָף אַרויספֿירן, שטעלט זי אים אָפּ:

— איר האָט גוט פֿאַרשטאַנען מײַן טאַנצן, אָבער איך, אַדריאַן, פֿאַרשטיי אויך אײַער טאַנצן! נאָר דאָס בריקל איבער וועלכן מיר זײַנען ביידע געגאַנגען איז איבערגעבראָכן געוואָרן. מוזן מיר ביידע פֿאַלן אין תּהום אַרײַן... אַדרי, — וואָרגן זי טרערן. — אַדרי, אַדרי, ווי אַזוי האָט עס גאָר געקאָנט מיט דיר

אַזוינס געשען? — נאָר ווען ער וויל איר עפּעס זאָגן, שלאָגט זי אים איבער און שוין ווידער מיט אַ קאַלט קול. — מענטשן שאַפן זיך געטער לויט זייער געשטאַלט און זייערע השׂגות... אויף קיינעם קאָן איך די שולד ניט וואַרפן! איצט דאַרף איך גיין און מיט די לעצטע כּוחות צעברעכן דעם ליימענעם אָפּגאָט!..

און דאָ דרייט זי זיך אָפּ פון אים און גייט צו צום אַלטן, צו דעם נאָך אַלץ פאַרסאַפּעטן ציגײַנער, און פאַרן גאַנצן שטוינענדיקן עולם, טוט זי אים אַ שטאַרקן קוש אין די ליפּן אַרײַן, גיט אים אָפּ איר האַנטבײַטל, און בעט אים גיין דינגען פאַר איר אַ שיפל אויף וועסלעס. אַ שיפל נאָר פאַר צוויי מענטשן.

— אַדרי, — גייט זי ווידער צו צו יענעם. — אַדרי, אַדרי, מיר׳ן גיין זיך שיפלען אויף דער אָזערע! כ׳האָב דעמאָלט ניט צעבראָכן די ווײַסע בערעזע פון מײַנע עלנטע און פינצטערע נעכט, כ׳האָב אויך ניט צעבראָכן דעמאָלטן מײַנע לבנה־שפּיגלען פון די פרילינגדיקע וואַסערן... טאָ קום מיט מיר איצט אויף דער אָזערע!.. כ׳וועל דאָרטן צעקלאַפּן מיט די וועסלעס אַלע מײַנע זוניקע שפּיגלען אויפן וואַסער! קום, דער פּסק־דין איז פאַר מיר, פאַר דיר און פאַרן קינד... כ׳וויל גאָרנישט ניט הערן! ס׳קאָן דאָ ניט זײַן קיין שום פאַרענטפערונג! אַפילו ווען מ׳פירט דיך צו דער תליה, אַפילו ווען מ׳פירט דיך אויפן פײַער... נאָר איין פּחד, נאָר איין מורא און נאָר איין שרעק קאָן זײַן פאַרן מענטשן: דער פּחד פון ווערן אַן אויסוואורף! אָט דער פּחד דאַרף זײַן שטאַרקער ווי דער פּחד פאַרן טויט.

און ווען זי דערזעט פון דער ווײַטנס דעם אַלטן ציגײַנער פון דער אָזערע לויפן — שוין דאָרטן זײַן שליחות געטרײַ אויסגעפילט, נעמט זי אים, אַדרי׳אַנען, אונטער דער האַנט און זאָגט אים אומברחמנותדיק גלײַך אין פּנים אַרײַן:

— ולמלשינים אַל תהי תקוה!

איר לשון און אויך זײַן שווײַגן און פאַרשלאָסנקייט, זײַן אויסגעהאַלטן־און־אײַנגעהאַלטנקייט, פאַרשטייט דאָ, אינעם המון, קיינער ניט. מ׳זעט נאָר אַז צווישן זיי קומט פאַר עפּעס ביז גאָר שאַרף־קערנדיקס. מ׳זעט קלאָר פוןביידנס אויגן — פײַכט־גלאַנציקע, אַז דאָ גייט ניט אין עקשנות, אין צו־

להכעיס, אָדער אין צעלאָזנקייט; פֿון בײדנס אויגן שלאָגט אַ פֿאַרמישפּטקייט — בײדע האָבן דאָ עפּעס גאָר קיין ברירה און קיין בחירה ניט, פֿאַר בײדן, זעט מען, איז שוין ניט פֿאַרבליבן פֿון וואָס צו קלײַבן, אָפּקלײַבן און אויסקלײַבן; בײדע, זעט מען און מ׳פֿילט, האָבן שוין קיין אויסבליק און קיין אויסוועג ניט; בײדע קאָנען שוין פֿאַר זיך קיין טרייסט און קיין רפֿואה ניט געפֿינען.

און בײדנס אויגן ווערן וואָס ווײַטער פֿײַערדיקער און מיניען און בײַטן זיך אַלץ גיכער אויף דער זון, וואָס לאָזט זיך שוין צו די וואַסערן אַראָפּ. באַזונדערס בײַטן זיך זײַנע משונה־שוואַרצע אויגן, וואָס קוקן אויף איר מיט אַזאַ ייִאוש און ליבשאַפֿט, און פֿון זײַן קוק ווערט איר פּנים ווײַס פֿון צער און באַלד רויט פֿון צאָרן... פֿון בײדן נעמט עפּעס אַלעמען דאָ דורך אַ שוידערלעכקייט.

און אַז זיי הייבן שוין אָן בײדע אַוועקגיין — ער לאָזט זיך אונטער דער האַנט, און ווײַטער אָן אַ וואָרט, צום שיפֿל פֿירן, ווערן שוין דאָ אַלע ממש פֿול מיט שרעק... מ׳זעט ווי זי ווײַזט אים זײַן אָרט, וואַרט צו ביז ער זעצט זיך בײַם רודל, דערנאָך שטופּט זי פֿון ברעג דאָס שיפֿל, פֿאַרפֿלאָנטערט זיך דערבײַ אין איר לאַנגן ווײַסן קלייד און פֿאַלט אום. טוט ער זיך אַ וואָרף און העלפֿט איר זיך אַוועקזעצן, נעמען די וועסלעס און אַרויסשיפֿלען פֿון צווישן די אַנדערע שיפֿלעך. און דאָ, ווי נאָר זי האָט דאָס שיפֿל אַרויסגעטריבן אַהין, וווּ קיין אַנדערע זײַנען נאָענט ניט געוועזן, אַזוי קערט זיך מיט אַ מאָל זייער שיפֿל איבער, און בײדע פֿאַלן זיי אין דער אָזערע, אין די ערב־שקיעהדיקע, אין די ביז ווייטיק־פֿינקלענדיקע וואַסערן אַרײַן.

# ז

און מ'קלאַפּט מיט תקיפות און מיט חוצפה אין טיר... ווייסט זי שוין, איווע, אַז ענדלעך זײַנען זיי, די גרויע גאַבאַרדין־מאַקינטאָשן, נאָך איר לעבן געקומען און קיינער אין דער וועלט וועט איר דאָ ניט קאָנען העלפן און פון אומקום אַרויסראַטעווען. איר פעטער אַבושעס צוזאָג: „מ'וועט דיך הײַנט צונעמען" ווערט מקוים, — ער פילט, איר פעטער אַבוש, דעם מינדסטן שטויס פון אַן ערד־ציטערניש און הערט דעם ווײַטסטן אָנקום פון אַן אומגליק.

זי גייט ניט עפענען — זאָלן זיי אויפברעכן די טירן, זאָל זייער קלאַפּן אויפטרייסלען די פאַרשטאָרבנקייט, די מיט שרעק־געפּלעטע אַרומיקע מוי־ערן. דער גרויסער און קלאָרער שטערן גייט אָפּ פון איר פענצטער און אין דעם ווײַטן צימערל שפּילט נאָך אַלץ אין דער פינצטער די אַלטע מאָנאַשקע סקריאַבינען, וואָס האָט מיט זײַן מוזיק געוואָלט מחיה־מתים זײַן יעזוסן. פון אָט דעם עקשנותדיקן קלאַפּן איבער די קלאַווישן, וואָס שלאָגן אָפּ מיט אַזאַ ייִאוש אין דעם פאַרשנייט־אָנגעלבנהטן פענצטער, נעמט זי דורך, איווען, אַ גרויל. די נאָס־רויטלעכע שײַטלעך אין דער צעשפּאָלטן־קאַכלענער הרובע ווערן אויסגעלאָשן און ס'פאַלן פון דאָרטן נאָר אַ פּאָר בלייך־לילאָווע פעדעם שײַן אויף דער אַנטקעגנדיקער וואַנט, ווו אויף אַדריאַנס לײַוונט דרייען זיך די פײַערדיקע רייפן איבער די ערב־שקיעהדיקע וואַסערן און זי, איווע, אין אָט די פלאַמען־וויכערס וויגט זיך אַן אײַנגעוויקלטע אין צעגליטע ווײַס־קייטן מיט די שוואַרצע האָר אירע, ווי רויכן, אויפן ווינט און הינטער איר, ווי פון דער ערד אַרויס, אַ גרויסער אָפּגעשונדענער שאַרבן פון האַלב־מענטש און האַלב־חיה, וואָס האַלט אויף די אויסגעצויגענע הענט, אויסגעדרייטע און קנאָכיקע, ווי פאַרבלוטיקטע וואָרצלען, אַ קינד וואָס פאַרגייט זיך אין געלעכטער.

דאָס קלאַפּן פון יענע נאַכטלײַט, פון יענע הפקר־פאַרשוינען, פון יענע

גרויע גאַבאַרדין־מאַקינטאָשן, אין איר לעבן, ווערט וואָס ווײַטער און מיט יעדער רגע שטאַרקער, צאָרנדיקער, רציחהדיקער, אָבער אויפרײַסן די אַלט־טרוקענע דעמבענע טיר וועט זיי אָנקומען שווער: אויסער דעם שלאָס און קייטל, האָט זי נאָך פאַררוקט אַ פיסל פון אַ בענקל. זאָלן זיי דאָרטן שרײַען: „אין נאָמען פון געזעץ!" זי, איווע, וועט זיי צו זיך אין שטוב ניט אַרײַנלאָזן. וואָלטן דאָ אַרום איר ניט געלעבט קיין מענטשן, וואָלט זי אויך אונטערגעצונדן די שטוב, ווי ס'האָט געטאָן איר ברודער וועלוול. יענער האָט אונטערגעצונדן זײַן שטוב, די קלוניע מיט תבואה און די שטאַלן מיט די פערד און בהמות. — און אויף זייער געשריי פון דאָרטן, פון יענער זײַט טיר:

— וואָס, איר זײַט קראַנק, איר קאָנט זיך ניט אויפהייבן פון בעט?

אויף זייער געשריי ענטפערט זי אויך אויף אַ הויכן קול און קלאָר, אַז ניט נאָר זיי, די נאַכטלײַט, נאָר אַז אויך די אַרומיקע שכנים, וואָס שטייען צוגעשפּאַרט מיט די אויערן צו זייערע טירן, זאָלן הערן:

— ניין, כ'בין ניט קראַנק, כ'בין געזונט! נאָר די טיר וועל איך אײַך ניט עפענען! די מערדערס פון מײַן איידעם, פון מײַן טאָכטער, פון מײַן אייניקל, לאָז איך אויף מײַן שוועל ניט אַרויף... ברעכט די טירן!

ווערט דאָרטן, אין קאָרידאָר, מיט אַ מאָל שטיל — מ'רעדט אויפן אויער, און באַלד דערוויטערן זיך איינעמס שווערע טריט: ער גייט אַ פּנים ברענגען אַ שטאַנגע צו קאָנען אויפברעכן און אויפרײַסן די טיר. פונעם גרינעם עפּל, וואָס עקיבא האָט איבערגעלאָזט אונטערן עלעקטרישן פאַרגעלטן לעמפּל, ווייעט אויף איר מיט ריחות פון אַראָפּגעפאַלענע פאַרברוינטע בלעטער אין שפּעטהאַרבסטיקע סעדער. פאַר די אויגן וויגן זיך איר רויטע הענגלען וואַלד־קאַלינעס און די וויכערפלאַמען פון אַדריאַנס לײַוונט. אויך איר פעטער אַבושעס ווײַסע רייפעלעך אַרום זײַנע שוואַרצאַפּלען בלינצלען צו איר, און אויך זײַן טרוקן קול הערט זי: — אין חדש תחת השמש... דו הערסט, ייִדענע, אַזוי גייט עס שוין פון קדמונים, און אַזוי וועט עס גיין ביז משיח וועט קומען... שוין בײַם באַרג סיני איז באַגאַנגען געוואָרן רישעות. דו הערסט, ייִדענע, בײַם באַרג סיני!.. משה רבנו, וואָס איז אַראָפּ פונעם הימל מיט די לוחות, ווו ס'איז געווען אויסגעקריצט מיט גאָטס האַנט: לא תרצח!.. ער, משה, ווי נאָר ער האָט דערזען דעם עגל וואָס זײַן ברודער אַהרן האָט געמאַכט

פאַרן המון, פאַר די קנעכט, וואָס זײַנען ערשט נעכטן אַרויס פון מצרים, האָט ער, זייער אויסלייזער, גלײַך צעבראָכן די לוחות אונטערן באַרג, גערופן זײַן שבט און אין נאָמען פון גאָט געהייסן נעמען שווערדן אין די הענט און דורכגיין הין און צוריק פון טויער צו טויער און איטלעכער זאָל הרגענען זײַן ברודער, זײַן חבר, זײַן קרוב... דו הערסט, ייִדענע? און די בני־לוי האָבן געפאָלגט און זײַנען מיט דער שווערד דורכגעגאַנגען פון טויער צו טויער און אין איין טאָג אויסגעקוילעט אָן אַ דין און אָן אַ דיין טויזנטער ייִדן... דו הערסט, ייִדענע? און דאָס האָט געטאָן משה, ווען דער פײַערדיקער טינט פונעם לא תרצח איז נאָך אויף די לוחות ניט פאַרקילט געוואָרן!.. הער ווײַטער, ייִדענע, פאַרוואַרף ניט מיט די הענט, הער! און אליהו הנביא האָט אין נאָמען פון גאָט געקוילעט פיר הונדערט נביאים אויפן כּרמל־באַרג. דו הערסט, ייִדענע? ער אַליין, שוין מיט זײַן האַנט, האָט געשניטן מיטן מעסער די גאָרגלען פון הונדערטער נביאים, וואָס האָבן געטראַכט און גערעדט אַנדערש פון אים... און שפּעטער האָבן אַלע אמתע נביאים פײַנט געהאַט און געשאָלטן זייער פאָלק אין נאָמען פון גאָט... האַ, דו ווילסט ניט הערן? און אַז דער תּנך איז שפּעטער פאַרהייליקט געוואָרן בײַ אַלע פעלקער, אַלע פעלקער גייען דאָך מיט אונדזער תּנך אין קלויסטער אַרײַן!.. האָט שוין די אינקוויזיציע אין משך פון הונדערטער יאָרן געפּײַניקט, געבראָכן ביינער אויפן הילצערנעם ראָד און געברענט מענטשן אויף די שײַטער־הויפנס... און אַזוי וועט עס, ייִדענע, גיין ווײַטער און ווײַטער ביז משיח וועט קומען... איך גיי שוין, איווע, איך גיי שוין אַוועק, הײַנט וועט מען דיך צונעמען! אָבער דו וועסט אויסלעבן, וועסט בײַקומען... און איך, איווע, וועל האָבן אַ שווערן טויט, גאָר אַ שווערן. איך וועל מיט מײַן טויט אויף דער מיטה ניט שטאַרבן. פון מערב גייט אויף ייִדן נאָך אַ שרעקלעכער מולך... און ס'איז ניטאָ, איווע, וווהין זיך צו ראַטעווען. דאָ איז גײַסטיקער מידבר און פון דאָרטן גייט מולך... דער גרויסער יום־הדין קומט, ס'איז ערב הילכתא דמשיחא...

און איווע, אַ האַלב־פאַרטראָגענע, אַן אויפגערודערטע פון איר פעטער אַבושעס רייד, פון זײַן טײַטשן און אויסברײַען, באַזונדערס פון זײַנע לעצטע ווערטער, אַז פון מערב גייט נאָך אַ שרעקלעכער מולך אויף ייִדן... הערט זי יאָ, און הערט ניט, ווי יענע נאַכטלײַט רײַסן די טיר. זיי טוען עס ביז גאָר

געשיקט און געניט, מיט דעם קלענסטן, מיט דעם סאַמע מינדסטן רעש. און ווען זיי וואַרפֿן זיך שוין צו איר אין שטוב אַרײַן — ניט קיין דרײַ, ווי זי האָט געמיינט, נאָר גאַנצע זיבן... און אַלע זיבן גרויע גאַבאַרדין־מאַקינטאָשן גרייטן זיך צו טרעפֿן דאָ דעם גרויסן ווידערשטאַנד... נאָר בײַ דער געל־גרינלעכער שײַן פֿונעם עלעקטרישן טישלעמפּל, וווּ אונטערן אַבאַ־זשור ליגט אַן אָנגעביסענער עפּל און פֿון דער אָפֿענער הרובע, וווּ ס׳לעשן זיך די נאַס־שיפּענדיקע רויטלעכע אָלכע־שײַטלעך, און ס׳שלאָגט פֿון זיי צום פּאַרשנייטן פּענצטער אַ טונקל־געדיכט רייכל, דאָרטן, צווישן די שאַפּעס ביכער, שוין מיטן מאַנטל אויף די אַקסל, שוין מיטן הילצערנעם קופֿערטל, שוין מיט די שטיוול אויף די פֿיס, זיצט אַ פֿרוי, דעם גלאַט־צוגעקעמטן פּעך־שוואַרצן קאָפּ, מיט זילבערנע פּאַסמעס האָר, אָנגעשפּאַרט אויפֿן אָנלען פֿונעם דיוואַן, און טוט זיך בײַ זייער אַרײַנוואַלגערן אַפֿילו פֿון אָרט ניט קיין ריר.

— אײַער פּאַספּאָרט!

לויטן ריר פֿון דער זילבערנער פּאַסמע האָר, לויטן שאָטן אויף דער וואַנט, פֿאַרשטייען זיי, אַז זי ווײַזט אויפֿן ביכעלע, וואָס איז שוין פֿון פֿריִער אויף דער פּאָלקע צוגעגרייט. איר בלייכקייט — אַ מין ווײַסקייט, ווי זי אַליין וואָלט אויך, ווי דער פּענצטער אירער, פֿאַרשנייט געוואָרן פֿונעם פּאַרטאַגיקן שנייפֿאַל, רופֿט בײַ זיי אַרויס דערשטוינטקייט. ווילן זיי עס דאָך אויסטײַטשן, אַז זי, די דאָקטערין באַיאַר, אָט דער שׂונא פֿון פֿאָלק, איז פֿאַרט ווײַס געוואָרן פֿון שרעק... אָבער איר פּנים, אַ שיין פּנים! איז רויִק מיט אַ מאָדנער רויִקייט. און אויך אָט די רויִקייט איז פֿאַר זיי אַ ניט־געוויינטלעכע, אַן אוממעגלעכע. דערצו נאָך דערזעען זיי אין אירע אויגן, אין די ברייט־צעעפֿנטע, שפּאָט און ביטול, און דער עיקר, אַזאַ מין אַנטשלאָסנקייט, וואָס שטעלט זיך פֿאַר גאָרנישט ניט אָפּ. — זי וואַרט אויף יענעם, אויף דעם שוין פֿאַר איר באַקאַנטן, אויף דעם שוין צוויי מאָל אין איר לעבן געהערטן:

— איר זײַט אַרעסטירט!

און דאָס וועט געזאָגט ווערן אויף יענעם אויסגעלערנטן און גוט־אײַנגעחזרטן און גוט־געשטעלטן קול, וואָס דאַרף שוין דאָ און גלײַך געבן צו פֿאַרשטיין און דערפֿילן אַז איר, איווע באַיאַרס, לעבן און ווײַטערדיקער גורל איז שוין, ווי אַ געמערקטע קאָרט, אין זייערע הענט. אָבער זיי שווײַגן.

אויך באַוויַיזט מען איר ניט דעם אָרדער אויפֿן אַרעסט, וואָס דאַרף זײַן אונטערגעשריבן פֿונעם פּראָקוראָר, פֿונעם היטער פֿון די סאָציאַליסטישע, פֿון די סאַמע דעמאָקראַטישסטע געזעצן אין דער וועלט.

דרײַ פֿון די זיבן וואַרפֿן פֿון זיך אַראָפּ די לײַטישקייט — די גרויע גאַבאַרדין־מאַקינטאָשן, און בלײַבן שוין פֿאַר איר אָן שום פֿאַרשטעלענישן, שוין אָן שום באַהעלטערל־שפּיל, שוין אין די מיליטערישע בגדים, שוין מיט די אויסגעשײַערט־פֿינקלענדיקע מעשענע שטערנס אויף די ברייטע לע־דערנע רימענס, און מיט די ליכטיקע, מיט די הימל־בלאָע פּעטליצעס, — און איוועַ פֿאַרמאַכט פֿון ווייטיק די אויגן.

— טוט זיך אָן!

ניט פֿונעם קול — אָ געזעצט־כריפּעגדיקס, ווי בײַ אַלע קיין מאָל ניט אויסגעניכטערטע שיכּורים און אויך ניט פֿון דעם, וואָס זיי הייסן איר זיך אָנטאָן, טוט זי אָ ציטער, נאָר פֿון דעם, וואָס די דרײַ אויסגעטאָנענע נעמען וואַרפֿן פֿון די שאַפֿעס אויף דער ערד אירע ביכער, פֿון די טישקעסטלעך אירע בריוו, פּאַפּירן, פֿאָטאָגראַפֿיעס... אָן־אָ האָבן זיי אַרויסגעוואָרפֿן יצחקן באַיאַר מיט דער לאַנגער שמאָלער ווײַסער באָרד, ווי ער שטייט בײַם וועג מיטן שטעקן, דעם קאָפּ צום אַקסל פֿאַרנייגט: הערט זיך צו צי ס׳גייט ניט קיין נײַע גזירה?.. און אויך די מומע ליבע, וואָס קיינער אין דער משפּחה ווייסט ניט ווו איר קבר געפֿינט זיך, אויך איר קאַרטע, ווי זי זיצט אונטער דער ווערבע בײַם טײַך מיט איר טרויעריק־גוטן שמייכל אויף די ליפּן, אויך זי, די מומע ליבע, וואַלגערט זיך שוין אונטער זייערע פֿיס.

און דאָ ערשט דערפֿילט זי, איווע, אַז איר ביז־אַהעריק לעבן פֿאַלט שוין אויף אייביק אין יענעם תּהום אַרײַן. ס׳ווילט זיך איר שרײַען מיט אָ געשריי פֿון אָ באַיאַר ווען דער שׂונא רירט אָן זײַנע הייליקייטן און אויך וואַרפֿן זיך אויף זיי... אָבער ווי ווײַט און ווהין און צו וועמען וועט איר געשריי דערלאַנגען און דערגרייכן? און מיטן וואַרפֿן זיך מיט די הוילע הענט, וועט זי נאָר בײַ אָט די זיבן אַרויסרופֿן געלעכטער און געבן זיי נאָך אָ קאַרט אין האַנט אַרײַן; און זיי קאָנען דאָך אויך „בײַם אַרויסווײַזן אָ ווידערשטאַנד" דערשיסן זי אויפֿן אָרט, — זיי וועלן דערפֿאַר ניט באַשטראָפֿט ווערן, פֿאַר־קערט, יענער, סמערדיאַקאָוו, ווי עקיבא רופֿט אים, יענער זיצט שוין ניט בײַם

פלויט מיט דער גיטאַרע, נאָר שוין דאָרטן אין קרעמל, מיט דער זיך־רייכערנדיקער ליולקע אין די שוואַרץ־געפאַרבטע וואָנצן, יענער, סמערדיאַקאָוו, באַהערשט שוין אַ האַלבע וועלט, ער וועט דאָך זײַנע נאַכטלײַט פאַרן דערשיסן זי דאָ אויפן אָרט נאָר לויבן און רימען. ער וועט זיי אַלעמען באַלוינען און פאַר אַ מוסטער אַרויסשטעלן.

— ניין, איווע, — רעדט זי און באַרויִקט זיך. — דו האָסט זיי געהאַלטן העכער אַ שעה הינטער דער טיר, זיי געזאָגט, אַז מערדערס לאָזסטו צו זיך אין שטוב ניט אַרײַן, זיי געצווּונגען אויפברעכן די שלעסער פאַר די אויגן און אויערן פון אַזוי פיל שכנים. דאָס איז שוין פאַר דיר, איווע, אויף הײַנטיקס מאָל גענוג און איבער גענוג... שטיל אײַן דײַן באַיאַרישן צאָרן! עקיבא איז פון צאָרן און פאַרביטערטקייט אַרײַנגעפאַלן אין אַ יִיאוש... געוואָרן אַ נאַכט־שומר פון דעם פאַרלאָזטן יִדישן בית־עלמין, פאַרוואָרפן זײַן פידל אויף די באַקעט־פאַרפרוירענע בערעזעס און גייט דאָרטן אַרום אין די פאַרשנייטע נעכט צווישן די קברים מיט די אײַנגעוואַלגערטע מצבות... שטיל אײַן, איווע, דײַנע אַלע צאָרנס, האַלט זיך רויִק, דײַן רויִקייט און ביטול טרעפט אין זיי איצטער שטאַרקער און טיפער, ווי דו וואָלסט זיך געוואָרפן אויף זיי מיט די הוילע הענט. זיי וואַרטן דאָך אויף דעם!

און זי טוט אָן אויף די אַרבל מיט די שמוישענע מאַנקעטן דעם באָבריק־איבערגעניצעוועטן מאַנטל, וואָס עקיבא און דניאלקע דער מומע ליבעס האָבן פאַר איר געקויפט ערגעץ אויפן שוואַרצן מאַרק בײַ אַן איבערנייערין, — דער מלבוש איז שטאַרק און וועט זײַן גוט פאַרן צפונדיק־ווײַטן וועג, און וועט איר אויך קאָנען דינען אַ היפּשע צײַט דאָרטן, אויף וואָרקוטאַ; זי פאַרבינדט דעם שאַל אַרום קאָפּ — אין דרויסן שיט און שיט... וואַרפט אַ בליק אויפן האַנטזייגערל: אָן אַ פערטל פינף, נעמט איר הילצערן קופערטל, און פיר גרויע גאַבאַרדין־מאַקינטאָשן פירן זי פון שטוב צום „שוואַרצן וואָראָן", וואָס וואַרט אויף איר אונטן, אין הויף, בײַ דער הינטערטיר. יענע דרײַ, די אויסגעטאָנענע, פאַרבלײַבן אין איר שטוב אַליין צו זוכן, צו נישטערן, און דערנאָך וועלן זיי די טיר פון איר ביזאיצטיקן לעבן פאַרקלאַפּן, ווי אַ טרונע, מיט אײַזערנע צוועקעס.

און דאָך, דאָס איז שוין פּשוט אין דעם בלוט פון אַ באָיאַר — אַראָפּ אין

הויף, צווישן די טונקעלע מויערן־ווענט, ווי אויפן דנאָ פון אַ טיפער אָנגע־שנייטער גרוב, בלײַבט זי שטיין: פון ערגעץ דאָרטן, פון איבער דעם שניי־פאַלנדיקן פאַרטאָג, פון יענע פאַרבאַרגענע הויך־ווײַטע וועלטן, גייט אויף איר אַזאַ ווונדערלעך־באַזילבערט ליכט, אַז אַלע שווערע טרויערן טרעטן מיט אַ מאָל פון איר אָפּ; אָט דאָס־אָ בלענדנדיקע ליכט אינעם געדיכט־פאַלנדיקן שניי נעמט זי אויף ווי אַ גוטן אָנזאָג, ווי אַ ברכה אויף איר ווײַטערדיקן שווערן וועג. און ס׳טוען אין איר האַרצן אַ שלאָג אַלע קוואַלן פונעם דורותדיקן האָפן און גלויבן.

פון איר שטיין בלײַבן מיטן אויפגעהויבענעם פּנים צו יענעם ליכט, וואָס פאַלט מיט די שנייען פון די הייכן, פאַרהאַלטן אויך זיי, די ברואים פון דער גרויער מאַקינטאַשן־תקופה, זייערע טריט און ווערן עפּעס אויך לײַטזעליקער: אויף אַזאַ איינער, מיט אַזאַ האַלטן און פירן זיך, האָבן זיי זיך נאָך ביז הײַנטיקער נאַכט ניט אָנגעטראָפן. לאָזן זיי זי פון איר לעצטן ברעקעלע פרײַקייט ווערן באַגײַסטערט און מיט איר חיה־רגע זיך אָנקוויקן... אָבער בײַם „שוואַרצן וואָראָן״, וואָס איז נאָר וואָס פון אַן אַנדער אָרט געקומען, איז אַ טומל געוואָרן — און אַזעלכס איז שוין ביז גאָר פאַרוועלט: אויף די בײַנאַכטיקע גאַסן טאָר קיין פּיפּס ניט געהערט ווערן. און דאָ קלאַפּט גאָר איינער אין די ווענטלעך:

— בראַטצי, ברידערלעך, כ׳בין דאָך ניט גריגאָריעוו, כ׳בין דאָך גרי־גאָרענקאָ... יענער, גריגאָריעוו, וווינט אין דער צווייטער טיר... בראַטצי, ברידערלעך, כ׳בין ניט גריגאָריעוו, כ׳בין דאָך גריגאָרענקאָ, ברידערלעך...

— אַדין טשאָרט, איין רוח. מאָרגן וועלן מיר נעמען גריגאָריעוון אויך! ניע שומי, טומל ניט! ווילסט פאַרדינען נאָך פינף יאָר?

און דאָ, שוין מיט גרימצאָרן, טוען צוויי פון יענע פיר זי אַ נעם, איוועק, הייבן זי אויף און וואַרפן זי אַרײַן מיט איר ברעטלדיקן קופערטל אין דעם איבערגעפּולטן תפיסה־קאַסטן אויף רעדער. די טיר ווערט פאַרהאַקט און זי בלײַבט אין אַ הייסער פינצטערניש אויף עמעצנס הענט ליגן. אַ פּנים, אַז בײַם אַרײַנוואַרפן זי האָט עמעצער פון אירע אַמאָליקע קראַנקע זי פאַרט בײַ יענער רגעלע ליכט דערקענט און ניט דערלאָזט אַז בײַם פאַלן זאָל זי צעשלאָגן און צעבײַלט ווערן.

— אַ גרויסן דאַנק אײַך!

— דאָס בין איך...

— ווער איך? — און הגם זי דערקענט שוין צו גוט די שטים, דאָך וויל זי זיך ניט גלייבן און פרעגט — כמעט אָן לשון — ווער, ווער, ווער?

— דאָס בין איך... — דערהערט זי נאָך קלאָרער יענעמס קול, דאָס שטילע, אָבער תּמיד מיט התלהבות; אַ קול פון אײנעם, וואָס רעדט ניט צום אויער, נאָר צום האַרצן. אַ קול וואָס ניט צו איטלעכן דערגייט עס; אַ קול, וואָס קומט ניט אַזוי פון דאָ הי. נאָר פון ערגעץ ווו, פון פאַרשטעלטע ווײַטן, און וואָס קאָן זיך גאָר דאָ לאַנג ניט פאַרהאַלטן, ווײַל ס׳דאַרף באַלד גיין ערגעץ ווײַטער.

— דו? דאַני?.. דניאל... שוין אויך דו? פאַר וואָס שוין דיך?

— און פאַר וואָס אײַך, און שוין דאָס דריטע מאָל... וויפל צײַט, וויפל יאָרן קאָן מען רודפן אַ פרוי?

— דאָך, דניאלקע, דאָך! איבער מײַן האַרצן האָט זיך אַ מאָל דורכגעטראָגן אַ ליבע־געוויטער... דערצו נאָך בין איך אַ ציוניסטקע, אָבער דו, דו, דניאלקע, פאַר וואָס?

— איבער מײַן האַרצן איז אויך דורכגעגאַנגען אַ ליבע־געוויטער. אין מײַן נשמה האָט אויך פון ייִנגלווײַז אָן געבושעוועט אַ ליבע־זאַווערוכע. און אויך דערפאַר, וואָס איך בין געבוירן געוואָרן בײַם וועג אונטער דער סטירטע שטרוי און יצחק באָיאַר האָט געגעבן דער פויערטע זײַן טלית מיך אײַנוויקלען... און אויך דערפאַר, וואָס מײַן טאַטע שמריה האָט אויפן מלחמה־פעלד, בײַ זײַן שווערער גסיסה, געשריִען צו דער לבנה: מ־שי־ח!.. און אויך דערפאַר, וואָס מ׳האָט מײַן מאַמע לעבעדיקערהייט באַגראָבן אין דער ערד און דרײַ יאָר נאָך אַנאַנד בין איך אַרומגעגאַנגען איבער די וועלדער און געררופן מאַ־מע!

— דניאלקע, דו וועסט דעם גרויסן נסיון אויסשטיין. ווער ס׳טראָגט אַזאַ נעכטן אין זײַן נשמה, דער וועט אַלצדינג בײַקומען... דו האָסט כּוחות צו גיין קעגן דעם שטראָם. די לעצטע צײַט ביסטו שוין געגאַנגען איבער דײַנע כּוחות. נאָר דאָרטן, דניאלקע, העכער, איבער די כּוחות, דאָרטן געפינט

זיך דער קוואַל פון גרויסן און ריינעם לעבן... אָבער דאָך, דאָך, דאָך, פאַר וואָס האָבן זיי דיך גענומען?

— ניט נאָר מיך, נאָר אויך מײַנע בילדער! אָט טאַקע פאַר זיי, פאַר די בילדער מײַנע, נעמט מען מיך. טאַקע דערפאַר וואָס איך דערצייל מיט פאַרבן וועגן די באַיאַרס פאַר די קומענדיקע דורות.

— אויך די בילדער נעמען זיי צו?

— צוגענומען! אַחוץ די בילדער „סטיסיעס חלום", ווי זי פאַרט אַרײַן מיטן שפּאַק אינעם פאַרנאַכטיקן אָנגעגליטן וואַלד און געפינט דאָרטן נחומקען אונטער דער יאָדלע... און אויך דעם לײַוונט, ווו סטיסיע לייגט אַרײַן איר געהרגעט קינד אין אָרון־קודש. איין בילד האָבן זיי אַליין איבערגעלאָזט.

— אַוועלכן?

— מײַן באַגעגעניש מיט שיפרהן אין וואַלד. דאָרטן האָב איך זיך דאָך מיט איר באַקענט. גראָד אָט דעם לײַוונט האָבן זיי אָפּגעוואָרפן אין אַ זײַט.

— און ווער האָט זיי ניט געלאָזט נעמען „סטיסיעס חלום"?

— טאַקע זי אַליין, סטיסיע.

— פון וואַנען האָט זיך פּלוצלינג אַהער גענומען סטיסיע? — פרעגט איווע שוין ניט אַזוי פון חידוש, ווי פון פאַרלוירנקייט, וואָס אין אָט דער־אָ נאַכט קאָן זיך אַלצדינג טרעפן און פאַרלויפן. אַלע גרענעצן און מחיצות פון מעגלעך־ און אוממעגלעכקייטן ווערן אָפּגעראַמט און צעבראָכן. — סטי־סיע? — פרעגט זי איבער — סטיסיע איז געקומען צו דאַלין?

— געקומען, יאָ, סטיסיע איז געקומען! — הערט זיך אין זײַן קול באַגײַסטערונג. — זי איז געקומען אַ פאַרווייעטע... אַוועקגעשטעלט אויפן טיש דעם פאַרשנייטן קויש און גלײַך דערקלערט: ביי נאַכט האָט זי געזען אַ חלום. דער עלטער־זיידע, זרחל, האָט זיך צו איר באַוויזן און געזאָגט: „פאָר, סטיסיע, אין שטאָט אַרײַן, צו דאַלין".

— און דער עלטער־זיידע, זרחל, גייט נאָך אַלץ צו איר צו חלום? און סטיסיע גלייבט נאָך אַלץ אין חלומות?

— ווי נאָר, דערציילט זי, דער זקן האָט גענומען דעם שטעקן און איז אַרויס פון שטוב, אַזוי איז זי אויפגעשטאַנען און איז אַוועקגעפאָרן אין שטאָט אַרײַן צו מיר און צו דאַלין... און זי האָט ניט פאַרשפּעטיקט. זי איז געקומען

צו דער צײַט! זי האָט נאָך ניט באַוויזן זיך אויסטאָן, ווי דאַלין האָבן אַ נעם געטאָן די ווייען. האָבן מיר תּיכּף אַרויסגערופן די גיכע הילף און זי אָפּגעפירט אין קימפּעטאָרין־שפּיטאָל, אַז איך האָב זיך אומגעקערט אַהיים נאָר מיט אירע זאַכן, האָט עפּעס אַ מאָדנע שרעק מיך באַפאַלן.

דער שניי פון די אויסגעשײַנט־ווײַטע הייכן פאַלט אַלץ געדיכטער, שיט און פאַרשיט וואָס ווײַטער אַלץ שטאַרקער די גאַסן און דער שוואַרצער תּפיסה־קאַסטן בײַ די באַרג־אַרויפן בלײַבט שוין גאָר שטיין. אויך די אָנגעטאָנענע קייטן אויף די רעדער העלפן ניט: זיי דרייען זיך, די רעדער, אין די שנייען אויף איין אָרט און דער מאָטאָר רוישט אויף טויב צו ווערן. דער קאַסטן וויגט, וואַקלט, טרייסלט און וואַרפט די אַסירים אין אַלע זײַטן און יענער, דער פאַרביטענער, קלאַפּט מיט די לעצטע כּוחות אין ווענטל און כליפּעט: „בראַטצי, ברידערלעך, איך בין דאָך ניט גריגאָריעוו, כ׳בין דאָך גריגאָרענקאָ... גריגאָריעוו איז מײַן שכן... ברידערלעך, איך האָב דרײַ קליינע קינדער, כ׳בין דאָך, ברידערלעך, אַ סטאַכאַנאָוועץ״...

ערגעץ נאָענט רוישט אַ טראַקטאָר, צי אַ טאַנק, וואָס קומט נעמען דעם „שוואַרצן וואָראָן״ אויפן בוקסיר, ווײַל די אויפגעוועקטע פון די אַרומיקע גאַסן, פון די בעטן אַרויסגעשלעפּטע דוואָרניקעס, קאָנען מיט זייערע היל־צערנע לאָפּעטעס קיין סך ניט אויפטאָן — דער שנייפאַל איז אַ געדיכטער, אַ פײַכטער, אַן ערב־פרילינגדיק שווערער... און דאָך, ניט געקוקט אויפן קלאַפּן און רוישן, פרעגט בײַ איר דניאל:

— איווע, וואָס וועט זײַן מיט דאַלין? האָבן דאָס ערשטע קינד איז זייער שווער?

— בײַ אַזאַ נסיון, דאַני, טאָר מען וועגן זיך ניט טראַכטן! אויב דו טרעסטסט איבער דעם שוועל פון דער טורמע מיט אַ שרעק פאַר זיך, אָדער פאַרן לעבן פון דײַנע נאָענטע, וועסטו ניט אויסשטיין... דו וועסט גלײַך צעבראָכן ווערן. דאַלי וועט האָבן דאָס קינד ווי ס׳האָבן אַלע ווײַבער, און סטיסיע וועט צונעמען דאַלין מיטן קינד צו זיך אין דאָרף אַרײַן. סטיסיע גייט אויך איבער אירע כּוחות... האָט טאַקע סטיסיע ניט געגעבן זיי איר חלום?

— ניין, זי האָט פאַרשטעלט מיט איר גוף די בילדער. איר פּנים איז דאָ

געוואָרן ווי אויפן לייוונט בעת זי שטייט אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט פאַר די טירלעך פונעם אָרן־קודש. די בילדער זײַנען מײַנע, האָט זי זיי געזאָגט מיט אַ געוואָרגענעם קול, איך האָב פאַר זיי באַצאָלט... איך האָב אויף דעם אַ דאָקומענט.

— ווער האָט דיר אונטערגעשריבן דאָס פּאַפּירל?

— דער פאָרזיצער פון ווערבינקער דאָרפסראַט.

— און ווער איז דאָרטן דער פאָרזיצער?

— איך, סטיסיע באָיאַר... אַ מיטגליד פון פּאַרטיי פונעם פיר און צוואַנציקסטן יאָר. פון דעם לענינישן פּריזיוו...

— דאַני, פרעגט אים שוין איווע מיט התפעלות, און זיי האָבן די בילדער ניט גענומען?

— ניין! סטיסיע האָט זיי אויך ניט געוואָלט געבן מײַן ניט־פאַרענדיקטן לייוונט, ווו יצחק באָיאַר מיטן לעמפּל אין דער אויפגעהויבענער האַנט באַגעגנט זיך מיט חרותן אויפן שוועל פון דער אַלטער קרעטשמע... נאָר דאָ האָבן זיי פּשוט אַרויסגעריסן דעם לייוונט פון סטיסיעס הענט. ווהין, איווע, פירן זיי אונדז מיטן טאַנק, צו דער ענקאַוועדע, צי אויף לוקיאַנאָווקע?

— וואָס איז דאָ דער אונטערשייד? סײַ דאָ, סײַ דאָרטן, זײַנען שטאַרק טויבע ווענט. קיין שטראַל און קיין שטערן פאַלט קיין מאָל אַהין ניט אַרײַן. דאָרטן דאַרף מען גיין איבער די כוחות. דניאל, דאָרטן דאַרף דאָס ווײַטע זײַן טײַערער פון דאָס נאָענטע!..

ח

און דאָרטן, פאַר זײַן אַרויסגיין פון שטוב, פאַר זײַן אַרײַן אין דעם ערב־פּרילינגדיקן שנייפאַל, האָט ער זיך פּלוצעם און מיט אַ מאָל אויסגעדרייט צו איר, דניאל, דער מומע ליבעס זון, שטאַרק זי אַרומגענומען — זײַנע פינגער האָבן אָבער געציטערט אויף אירע אַקסלען, און אַ קוק געגעבן אויף איר, אויף סטיסיען, ווי אין יענעם פאַרנאַכט אין וואַלד, נאָכן פאַרבײַפאָרן יענעם אָרט, בײַ די באַליאַרקער זומפּן, וווּ זי האָט אַ מאָל איר גרויסן חלום, נחומקען, אונטער דער יאָדלע, אַ פאַרווייעטן מיט זאַמד, געפונען ליגן.

און גראָד דעמאָלטן און דאָרטן, בײַ די באַליאַרקער זומפּן, האָט זי שוין מער ניט געוואָלט קלערן און ווײַטער ניט געקאָנט טראַכטן פון וועגן דעם אונטערשייד פון זייערע יאָרן — אים, דניאלקען, איז דעמאָלטן געוואָרן איין און צוואַנציק, און איר, סטיסיען, שוין זיבן און דרײַסיק... און אויך די בושה פאַר דער וועלט האָט זי דעמאָלטן פון זיך אָפּגעשטויסן און אַפילו מיט צאָרן אָפּגעוואָרפן, ווײַל ניט נאָר זײַן ליבע צו איר, זײַן תמידיקע גרייטקייט אין איטלעכער רגע פון מעת־לעת, אין יעדער צײַט פון יאָר, קומען און שטעלן זײַן לעבן אין קאָן, ניט נאָר אָט די, פון קליינערהייט, ליבשאַפט זײַנע — זי וועט דאָך קיין מאָל ניט קאָנען פאַרגעסן ווי ער, דניאלקע, דער דרײַצן־יאָריקער, איז איינער אַליין געקומען צו לויפן צו איר אין יענער נאַכט צום גלחס שטוב, צום נעסט פון די באַנדיטן... נאָר דער עיקר, איר ליבע צו אים. און אויך די מורא פאַר דער עלנטקייט, וואָס ווערט אַלץ ווײַטער געדיכטער, — די עלנטקייט לייגט זיך איר אויפן האַרצן ווי אַ פאַרשטייּנערטע טרער; איר שיינקייט וועט גיך אָנהייבן צו לעשן זיך, און יענער פּסק־דין, וואָס אַלעס לעוואָדע האָט אויף איר אין יענעם פאַרטאָג אַרויסגעטראָגן: „זאָל זי גיין, זאָל זי לעבן אָן חלומות, אָן טרוימען, זאָל זי לעבן אין טרויער"... אָט יענער פּסק־דין קאָן דאָך טאַקע, חלילה, מקוים ווערן! האָט

זי ניט געוואָלט און ניט געקאָנט דערלאָזן, סטיסיע באַיאַר, אַז איר ליבע זאָל איבערגעבערענט ווערן און אַז לעוואַדעס מישפּט און גזר־דין זאָל האַפּט און תּקומה האָבן. און נאָך מער: טאַקע דאָרטן, ביי די באַליאַרקער זומפּן, האָבן יענע פּאַרקוילטעביינער פון איר גרויסן חלום, וואָס זי האָט אין איר ווייסן פּאַרטעך איינגעוויקלט און אין איינעם מיטן געהרגעטן קינד אין קבר אַריינ־געלייגט, טאַקע זיי, יענע פּאַרקוילטע ביינער, האָבן אין די נעכט צו איר גערופן און איר געהייסן מער און ווייטער ניט אַרומגיין אין טרויער און אויפשטעלן אַ נייעם דור! און דעם ווייטערדיקן דור, האָט זי געוווסט, סטיסיע, איז איר באַשערט צו אויפשטעלן נאָר מיט אים, מיט דער מומע ליבעס זון, מיט דניאלן.

שוין דאָרטן, שוין פאַרן אַרויספירן אים פון שטוב, האָט ער זיך פּלוצעם און מיט אַ מאָל אויסגעדרייט צו איר, דניאל, דער מומע ליבעס זון, שטאַרק זי אַרומגענומען — זיינע פינגער האָבן אים אָבער געציטערט אויף אירע אַקסלען, אַ קוק געגעבן אויף איר ווי אין יענעם פאַרנאַכט אין וואַלד, נאָכן פאַרבייפאָרן פון די באַליאַרקער זומפּן, און געזאָגט צו איר:

— דו ביסט געווען דאָס ריינסטע און דאָס שענסטע אין מיין לעבן! —

ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, נאָר זיי האָבן אים פון שטוב אַרויסגע־שטופּט. פאַר זיין אַריבערטרעטן דעם שוועל און פאַר זיין אַריינפאַלן אין דער שניי־שיטנדיקער נאַכט, האָט זי נאָך געהערט פון אים, פון דניאלן, נאָך איין וואָרט: „זרחל״, אַ פּנים אַז ער האָט איר געוואָלט עפּעס־וואָס אָנזאָגן וועגן זייער קינד... און די טיר איז שטיל, אומברחמנותדיק־חוצפּהדיק שטיל פאַרמאַכט געוואָרן.

פון אָט דעם אומפאַרשעמט־איידעלן פאַרמאַכן די טיר, און אפשר גאָר פון איר פּלוצעמדיקן אויסלעשן די שיין — זי וועט קיין מאָל ניט קאָנען דערקלערן צוליב וואָס און פאַר וואָס האָט זי נאָכן צונעמען דניאלן מיט זיינע געמעל־לייוונטן באַדאַרפט די ליכט אין שטוב אויסלעשן? נאָר אין אָט דער שטיל־פינצטערקייט ווערט זי מיט אַ מאָל איינגעבויגן ביז צו דער ערד, ווי אויף שוין מער ניט קאָנען זיך אויסגלייכן. אָבער דאָך, טאַקע איינגע־בויגענערהייט, באַלד אָפּגעשפּרונגען פון דער טיר, ווי פונעם סוף פון איר וועלט, און גענומען פון איין פענצטער צום צווייטן לויפן, געוואָלט צו אַ

ווינקל־טאַפּליע צופאַלן, — אפשר וועט זי כאָטשבי נאָך איין מאָל אים, דניאלן, קאָנען זען... האָט זי אויף דעם אַ סך כּוחות געפּטרט און אַז זי איז שוין יאָ צום ווינקלשויב מיטן רעכטן אויג צוגעפאַלן, האָבן זיך אין דער שײַן פון די בײַנאַכטיקע גאַסן־לאַמטערנס ווילד געדרייט און געפּלאָנטערט געדיכטע רויטלעכע שנייען, ווי פריש־פאַרבלוטיקטע פעדערן.

דערנאָך, און אויך בײַ אָט דער שײַן פון די פאַרבלוטיקטע שנייען, געפינט זי זיך ליגן אויפן פּאָל אין דעם אָנוואַלגער און איבערקערעניש, צווישן דעם איבערגעוואָרפן און איבערגעשטעלטן, אין דעם איבערגעקערטן און צעריִעטן; דערצו נאָך ליגט זי לעם עפּעס אַ געדיכט־קלעפּיקס, לעם אַ שאַרף ריחותדיקס, לעם אַ שטאַרק פילקאָליר־פינקלדיקס, — אַ פּנים, אַז בײַ איר פאַלן האָט זי איבערגעקערט דעם סלוי וווהין יענע האָבן דניאלס פאַרבן צונויפגעגאָסן און מיט אַ שטעקל אויסגעמישט.

און זי הערט אויך ווי ערגעץ גאָר נאָענט פון איר זינגט מען שטיל, ווי עמעצער וואָלט זיך אַליין געוואָלט פאַרוויגן, אָדער געוואָלט פאַרטרײַבן פון זיך אַן אָנגעפאַלענעם ייִאוש. וויל זי עפענען די אויגן און קאָן ניט: זי געפינט זיך אין אַזאַ אָפּגעשוואַכטקייט, אין אַזאַ הינערפלעט, אין אַזאַ מין געליימטקייט, ווי פרילישעט געוואָרן פון אַן אָבוך איבערן קאָפּ; דערצו נאָך פאַרשלאָגט איר די ראיה יענע שײַן פון די פאַרבלוטיקטע שנייען, און אויך פאַרבלענדן זי די פאַרבן־פינקלען אַנטקעגן דער לבנה, וואָס האָט פון ערגעץ־ווו פאַרבלאָנקעט אַהער און וויל פון מיד־און־פאַרמאַטערטקייט זיך צושפּאַרן בײַם פענצטער.

און אפשר חלומט זיך איר דער ניגון אויך? און אפשר האָט זיך איר גאָר קיין מאָל גאָרנישט געחלומט... אפשר האָט זיך איר דער הונדערט־דרײַצן־יאָריקער זיידע אויך קיין מאָל ניט געחלומט? אפשר האָט זי אים, דעם עלטער־זיידן, אַליין גאָר אויסגעדאַכט־און־אויסגעטראַכט? אפשר האָט ער זי גאָר קיין מאָל צו די באָליאַרקער זומפּן ניט געשיקט? אפשר איז זי אויך איצט גאָר אַליין געפאָרן, אָן אַ שום חלום, אין שטאָט אַרײַן, צו דער מומע ליבעס זון, צו דניאלן, צום טאַטן פון איר קינד... אָבער ניט נאָר דעם ניגון, נאָר שוין אויך די ווערטער הערט זי:

אַ דאָמינע אין איינע צוויי הענט,
די שפּיל איז מיר באַקענט
איך שפּיל דעם גאַנצן לעבן אַליין,
און זוך ווו צו שטעלן דעם שטיין...

שטאַרקט זי זיך, סטיסיע, און דערמאָנט זיך אַפילו וואָס און ווי אַזוי ס׳האָט אַלץ, ביי איר אָנקומען אַהער, געטראָפן און זיך פאַרלאָפן: ווי נאָר זי איז אין שטוב אַריין, ניט באַוויזן נאָך צו אָפּטרייסלען פון זיך דעם שניי, האָט זי גלייך באַדאַרפט העלפן דניאלן, וואָס האָט זיך שטאַרק פאַרלוירן, אָפּפירן זיין יונג ווייבל, דאָלין, צום קימפּעטאָרין־שפּיטאָל; דערנאָך, שוין נאָכן אומקערן זיך פון דאָרטן, —ביידע זיינען געזעסן ביים טיש, איינער קעגן אַנדערן, שוויינדיקע, אויפגערעגט־פאַרפלאָמטע און מיט אומגעדולדי־קייט געוואַרט אויפן קלונג, אַז דאָלי האָט שוין געהאָט... זי, סטיסיע, האָט ניט געוואָלט אַז דאָלי זאָל האָבן אַ זון. זאָל דניאל האָבן אַ זון נאָר פון איר, פון סטיסיען. נאָר איר זון, זרחלען. האָט מען טאַקע אָנגעקלונגען, אָבער ניט אין טעלעפאָן, נאָר אין טיר, און ס׳זיינען אַריין יענע. אויך דערמאָנט זי זיך, סטיסיע, ווי נאָכן צונעמען דניאלן איז זי אַן איינגעבויגענע פון איין פענצטער צום צווייטן געלאָפן און געוואָלט דניאלקען נאָך איין מאָל, כאָטשבי זיין שאָטן אויף דער ערד זען, נאָר אין דער שיין פון די לאַמטערנס האָבן פאַרבלוטיקטע שנייען געוויכערט. דאָ איז זי, אַ פּנים, אין חלשות געפאַלן.

עפנט זי די אויגן, סטיסיע, און וויל זען ווער זינגט עס דאָ לעם איר מיט אַזאַ זיס און ביטערן קול? אָבער באַלד פאַרמאַכן זיך איר צוריק די אויגן און שוין ניט אַזוי פון אָפּגעשוואַכטקייט, שוין ניט פונעם שווערן חלשות־פאַלן, און אויך ניט ווייל יענע שאַרף־בליציקע קאָליריקייט שלאָגט אַזוי פון די אויסגעגאָסענע איילפאַרבן אויף דעם ליכט פון דער פאַרוואָגלטער לבנה, נאָר פּשוט דערפאַר, וואָס ביים עפענען די אויגן דערזעט זי ביי איר צופוסנס, אויך אויף דער ערד, זיצן גבריאלן באָיאַר. דאָס פעלצל איז אים אָנגעטאָן קאַפּויער — מיטן פוטער אַרויף, אָן אַ היטל, מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר און מיט דעם גרויסן ליולקע־ציבעק אין דער ברייטער באָרד.

יענער, גבריאל באָיאַר, איז דאָך שוין פון לאַנג אַרויס פון איר לעבן,

אַפילו פון איר זכרון. ער איז דער איינציקער פון די אַוועקגעגאַנגענע, וואָס קומט איר ניט צו חלום. אויך נחומקע קומט ניט! אָבער נחומקע, ווייסט זי, סטיסיע, איז אין דער מומע ליבעס פלאַקערנדיקער שטוב פאַרברענט געוואָרן. פון נחומקען איז איר פאַרבליבן נאָר דער שאָטן זײַנער. פאַרקוילטע ביינער קאָנען אַפילו צו חלום ניט גיין! איין מאָל, איין־און־איינציק מאָל, האָט ער זיך יאָ, גבריאל, צו איר באַוויזן: נאָכן ברענגען אים צו קבורה. טאָקע אין יענער ערשטער נאָכט פון זײַן חיבוט־הקבר, האָט ער זיך באַוויזן, גבריאל, אין דער טיר, מיט דעם ליולקע־ציבעק אין דער באָרד, און מיט דער אויפגעהויבענער האַק אין דער האַנט...

און דאָ דערהערט זי ווי דער טעלעפאָן קלינגט און יענער, גבריאל, וואָס איז נאָר וואָס בײַ איר צופוסנס געזעסן און מיט אַזאַ גאַל־פאַרביטערט־קייט און ייִאוש געזוכט אַן אָרט וווהין צו שטעלן דעם שטיין, יענער, גבריאל, פרעגט שוין איבער אין טרײַבל מיט פרייד:

— אַ ייִנגל? מײַן דאָלי האָט געהאַט אַ ייִנגל? פיר קילאָ מיט צוויי הונדערט צוואַנציק גראַם? בראַוואָ דאָלי, בראַוואָ, טאָכטער מײַנע, בראַ־ווּיסימאָ! ווי אַן אַלטער ייִדישער כּלי־זמר שפּיל איך איר אַ מזל־טוב! און ווי פילט זי זיך, די געווינערין? נו, אַ דאַנק דעם גרויסן פאָטער פון די פעלקער... וואָס, זי וויל מ׳זאָל איר צוטראָגן דעם טעלעפאָן? זי וויל רעדן מיט דניאלן? ממ...ממ... ניין, דאָס רעדט ניט דאַני, ניין, ניט דניאל, ניין... דניאלן האָט מען שוין אויך געשטעלט אונטער דער אַלפאַרבאַנדישער חופּה. וואָס זשע, איליאַ איליטש, איר האָט שוין גאָרניט דערקענט מײַן קול? ס׳רעדט דאָך מיט אײַך עקיבא! יאָ, יאָ, עקיבא! האַל־לאָ! האַל־לאָ! איליאַ איליטש, האַל־לאָ! ווער רעדט עס מיט מיר, אַ שוועסטער? און ווו איז דער פּראָפעסאָר רמז? האַ? וואָס? דרײַ מאַקינטאָשן... האַללאָ! האַל־לאָ! הללו־יה! הללויה... יהללוך סלה! אשרי העם שככה לו... דרײַ מאַקינטאָשן... אַ דאַמינע אין איינע צוויי הענט, די שפּיל איז מיר באַקענט!

עקיבא לייגט אַוועק דאָס טרײַבל און נעמט, ווי דער טאַטע זײַנער, קלאַפּן מיט דעם ליולקע־ציבעק אין טיש: — האָט מען שוין, הייסט עס, צוגענומען אויך אים, איליאַ איליטשן? — פרעגט ער בײַ סטיסיען, וואָס הייבט זיך אויף פון דער ערד. — אָבער וואָס איז זיך דאָ פאַראַן צו חידושן? אין סמערדיאַ־

קאָווס קיניגרײַך וועט אין גיכן גאָר ניט בלײַבן קיין חידוש... אַלץ וואָס ס׳וועט דאָ פאָרקומען וועט ווערן געוויינטלעכס, אַפילו וואָכעדיק.

— זע איך אַז דער שני וועט שוין ווען שיטן און שיטן, — רעדט עקיבא ווײַטער צו סטיסיען, ווי ער וואָלט מאַריך־זײַן אַן איבערגעשלאָגענעם שמועס. — האָב איך געזאָגט אַבושן, און אויך מײַנע מתים, אַ גוטע נאַכט, איבערגע־קערט מײַן פּעלצל מיטן פוטער אַרויף, און זיך געלאָזט גיין אונטערן שניי צו דאַלין. אויב כ׳האָב ניט פאַרלוירן אינעם שניי די וואַלינקעס, איז עס טאַקע נאָר אַ נס מן השמים. דאָרטן, אין די הימלען, האָב איך גרויסע זכות־אָבות, דערפאַר האָב איך דאָ, אויף דער ערד, אַ פּאַספּאָרט ווו איך בין צוגעשריבן צום טהרה־שטיבל.

סטיסיע שטייט צווישן דעם אַנגעוואַלגערטן און צעוואָרפנס און שלאָגט אים ניט איבער: אין עקיבאס קול הערט זי גרויסע פרייד, — די טאָכטער האָט בשלום געהאַט, דערצו נאָך אַ יינגל. ער, עקיבא, איז געוואָרן אַ זיידע. אָבער אין זײַן קול הערט זיך נאָך אַ גרעסערער טרויער, שוין פּשוט אַ יאוש: ער זעט דאָך, עקיבא, לויט דער איבערגעקערטער שטוב, אַז זײַן איידעם, דניאל, איז שוין ניטאָ.

— אָבער פריִער, פאַרן גיין צו דאַלין, האָב איך אַראָפּגעקערעוועט צו איוווען. עפּעס האָט מיך אַ טראַג געטאָן אַהין־צו. איוווס טיר האָב איך געטראָפן פאַרגאָסן מיט טריוואָקס און פאַרשטעמפּלט מיטן הייליקן סערפּ און האַמער... בײַ דער זײַט איז אויף די קני געשטאַנען די מאַנאַשקע מיט אַזאַ רויטן פּנים, ווי די גאַנצע חרפּה פון דער וועלט וואָלט אין איר אַרײַן. זי האָט געוואָרפן אויף מיר נאָר איין בליק און ווײַטער געצלמט גיך־גיך דעם סערפּ און האַמער, ווי געוואָלט פאַרטרײַבן דעם שׂטן... דערפאַר האָב איך דאָ געטראָפן די טיר ניט פאַרשלאָסן. איך גיי אַרײַן און אין שטוב איז ליכטיק פון דער לבנה, וואָס איז אַרײַנגעפאַלן אין דעם איבערגעקערטן סלוי מיט פאַרבן. איך האָב נאָך אויף מײַן לעבן ניט געזען אַזאַ וואונדערלעכע, אַזאַ פאַנטאַסטישע שפּיל פון קאָלירן... אַ סימפאָניע פון קאָלירן! בעטהאָווענס דריטע סימפאָניע אין קאָ־לירן. און אין שטוב איז אַלץ צעוואָרפן און צעקידעט, ווי אין גן־עדן נאָכן אַרויסטרײַבן די בעלי־בתּים, אָדמען און חוהן. ווייס איך שוין וואָס דאָס הייסט. אַ דאָמינע אין איינע צוויי הענט, די שפּיל איז מיר באַקענט! סמער־

דיאַקאָוו דער צווייטער האָט שוין אויסגעגראָבן אַזאַ גרוב, אַז וויפל מ׳זאָל אין איר ניט וואַרפן, וועט מען זי ניט קאָנען אָנפילן. אויף צו פאַרפולן סמערדיאַקאָווס גרוב וועט מען דאַרפן אַהין אַרײַנוואַרפן גאַנצע פעלקער... לויפט דער פערד, ציטערט די ערד און פון די אויגן שפריצט בײַ אַלעמען פונקען פחד! מיט די פאַרבן מאָלט די לבנה, און דעם קינסטלער דרייט מען דאָרטן אויס, אין קעלער, די פינגער פון די הענט.

— לאַנג בין איך געלעגן אין אָט דעם נאַרישן חלשות? — שלאָגט זי אים דאָ שוין איבער, — כ׳מיין, אַז ניט מער ווי אַ האַלבע שעה. צוליב וואָס האָט איר זיך פאַרלאָזט די באָרד? אַז כ׳האָב געעפנט די אויגן און אײַך דערזען בײַ מײַן צופוסנס...

— האָט איר געמיינט אַז איר זײַט רות די מואבעריןן און איך בין פון אלימלכס משפחה, אײַער שוויגערס ווײַטער און רײַכער קרוב בועז?

— אַז איך האָב אײַך דערזען אין אָט דער־אָ באָרד בײַ דער, ווי איר זאָגט, פאַנטאַסטישער שײַן, האָב איך געוואָלט אָנהייבן שרײַען פון שרעק: נו, גבריאל באַיאַר איז געקומען פון יענער וועלט... האָט אײַער דאָלי געהאַט אַ יינגל? ווי אַזוי גיט מען עס צו וויסן דניאלן? וואָס, פרעג איך, האָבן פלוצלינג אײַערע אויגן אָנגעהויבן גלאַנצן אויף מיר, ווי אָט די פאַרבן אויפן פּאָל? ניט אײַער דאָלי איז דאָ שולדיק געווען... מײַנע יאָרן! דער אונטערשייד צווישן מײַנע און דניאלקעס יאָרן איז דאָך מיט דער צײַט ניט קלענער געוואָרן. נאָר מיינט ניט, אַז דניאל איז חלילה אַוועק פון מיר, ווײַל כ׳בין געווען עלטער פון אים אויף אַכצן יאָר... ניין! כ׳ווייס, אַז ניין! ניט דערפאַר... ער האָט פרײַער גאָר אָפּגעלאָכט פון אײַער דאָלין. איר טאַנצן אין „לעבעדי־נאָיע אָזיעראָ" האָט אים אויף אַ האָר ניט פאַרפּישופט, פאַרקערט. אָבער שפּעטער, אין צוויי יאָר אַרום, האָט ער זיך אין איר פאַרליבט, אין אײַער דאָלין... און דניאל קאָן ליב האָבן. פאַר זײַן ליבע קאָן דאָני גיין אויפן טויט! שוין בײַ דרײַצן יאָר איז ער געלאָפן צו מיר קיין מאָהילני; געלאָפן אין יענער נאַכט, נאָכן פּאָגראָם. דעמאָלט איז אויך געפאַלן אַזאַ געדיכטער שניי. ער איז געלאָפן אינעם נעסט פון די באַנדיטן, צו זיראַ־זירקאָן און צו אַלעס לעוואַדאַ... אַז כ׳האָב דערזען ווי די באַנדיטן פירן אים אַרײַן, דניאלקען, האָב איך שוין דעמאָלטן און שוין דאָרטן דערפילט, שוין אַפילו געוווסט אויף זיכער...

און דאָ קערט זי אָפּ איר פּנים פון עקיבאס פאַרחידושט-בליאַסקענדיקע אויגן, און אויך דרייט זי זיך אָפּ פון דער לבנה-ליכט, און זאָגט ווי פאַר זיך אַליין:

— אַ זעמדעלע פונעם ים קאָן מען ניט אַרויסשלעפּן, אָבער אַ סוד פון דער נשמה קריכט אַליין אַרויס!

דערנאָך דרייט זי זיך ווידער אויס צו עקיבאן:

— וואָס זיצט איר ווי אַ פויגל אָן פליגל? דער אַלטער יצחק באַיאַר פּאַרעט זיך דאָרטן מיט אַזאַ מין פויגל. איר זייַט שוין טאַקע קיין עין-הרע געוואָרן אַ זיידע, נאָר צינדט אָן די שייַן און לאָמיר זיך נעמען צונויפשטעלן און צונויפלייגן די זאַכן. ווי פלעג זאָגן די מומע ליבע: אַז דער הימל דינט דיר פאַר אַ דאַך, איז שוין דער רעגן ניט שרעקלעך.

— איך זיץ און טראַכט, וואָס וועט איצטער זייַן מיט מייַן דאַלין און מיטן קינד?

— וואָס דאַרף דען זייַן מיט דאַלין און מיטן קינד? — צינדט זי אַליין אָן די שייַן. — איך וועל צונעמען דאַלין מיטן קינד צו זיך, אין דאָרף אַרייַן!

# ט

סטיסיע איז אָבער אַהיימגעפֿאָרן אָן דאַלין, נאָר מיטן קינד, מיטן קימפּעט־עופּעלע, ווײַל יענע, די געווינערין, וואָס האָט זיך אויף די פּיס ניט געקאָנט שטעלן, נאָך אין פֿיבער, נאָך אין פֿאַרטראָגנקייט געווען, זי, דאָלין, האָט מען אויך אין מיטן דער נאַכט פֿון שפּיטאָל צוגענומען — אויף אַ נאָסילקע אַרויס־געטראָגן. אַוודאי וואָלט מען אויך דאָס קינד, ווי אַ פֿאַרדאָרבעניש און ווי אַ נאָכווייעניש גענומען צוזאַמען מיט דער מאַמען און ס'וואָלט אומגעקומען נאָך אויפֿן וועג צום קאָנצלאַגער, נאָר דאָ איז פֿאַרן קינד געשען אַ נס. באַלד נאָכן האָבן, טאַקע אין יענעם פֿרימאָרגן, נאָך פֿאַר עקיבאס און סטיסיעס קומען, וואָס האָבן געוואָלט מיט אַלע מיטלען אויסבאַהאַלטן און ניט דערלאָזן צו דער קימפּעטאָרין די וויסטע בשׂורה, אָבער נאָך פֿאַר זייער קומען, האָט שוין דאָלי געוווּסט, אַז בעת זי איז דאָ געגאַנגען צו קינד, האָט מען דאָרטן איר מאַן, איר דאַנין אַרעסטירט... און שוין צו פֿאַר נאַכט־צו איז זי געלעגן, דאָלי, אַ פֿאַרטראָגענע, די מילך אין ברוסט איז איר איבערגעבערענט און אויסגעטריקנט געוואָרן — האָט מען באַדאַרפֿט אָנהייבן האָדעווען דאָס קינד פֿונעם פֿלעשעלע מיט פֿרעמדער מילך. האָבן זיי, עקיבא מיט סטיסיען, שוין געמוזט צונעמען דאָס ברעקעלע פֿונעם שפּיטאָל און דערמיט, דורך אָט דעם אומגליק־נס, איז דאָס קינד געראַטעוועט געוואָרן פֿון אומקום.

און נאָר זי, סטיסיע באַיאַר, וואָס אַלץ גייט איר אין נצחון, און דאָס קומט בײַ איר ניט פֿון עקשנות, ניט פֿון אײַנגעשפּאַרטקייט, ניט פֿון ווען זיך אויספּײַנען און אַרויסשטעלן, נאָר דאָס גייט בײַ איר פֿון דאַרפֿן אויספֿילן איר חוב ביזן סוף, ביזן לעצטן און מינדסטן פּינטל, — טאַקע נאָר זי, סטיסיע, האָט געקאָנט שטעלן און נעמען אויף זיך אַזאַ אַחריות: אין יענע שנייפֿאַלן לאָזן זיך מיטן קימפּעט־עופּעלע אין וועג אַרײַן. דערצו איז דאָס קינד געווען נאָך ניט מיט אַלעמען. אָבער פֿאַרהאַלטן זיך דאָרטן, אין שטאָט, וואָלט שוין

געהייסן שפּרינגען פון פלאַם אין פײַער אַרײַן. מ'האָט באַדאַרפט וואָס גיכער אַרויספירן און דערווײַטערן דאָס קינד פון פרעמדע און פון נײַגעריקע אויגן. און אויסגעשעפּט איז זי שוין געווען, סטיסיע, ווי אַ ברונעם נאָך אַ שׂרפה, און מיד איז זי געווען ביז צום אומפאַלן — אַפילו אַ פויגל האָט דאָך מאַזאָליעס אונטער די פליגל!

זי האָט בײַ צײַטנס אויסגעריכט, באַזאָרגט און שוין גרייט געווען צו לאָזן זיך מיטן עופעלע אין וועג אַרײַן אָן פּחד, הגם שוין פאַרן פאָרן צו דניאלן האָט די ערד אויך  געבערענט אונטער אירע פיס: שוין געוווּסט, אַז די גרויע גאַבאַרדין־מאַקינטאָשן האָבן זי אין אַ שוואַרצן רעמל אַרײַנגעשטעלט. חרות, די טראָצקיסטקע, האָט דאָך איר, סטיסיען, געגעבן אַ מאָל די רעקאָמענדאַציע אין דער פּאַרטיי. דערצו נאָך, האָט זי, סטיסיע, דער פאָרזיצער פון דאָרפס־ראַט, זיך פלוצלינג אויפגעהויבן און צו גאַסט אַוועקגעפאָרן. און ס'איז ערב דעם פרילינגדיקן אַקער, פאַרן פאַרזיי. אין איר דאָרף איז מען נאָך ניט גרייט אין פעלד אַרויסגיין. די שנייפאַלן זײַנען וואַרעמע, פײַכטע און טײַען אויף דער זון — די ווערבעס שפּרייטן שוין זייערע באַזילבערטע צווײַגן איבער די ערשטע לעבעדיקע וואַסערן, אין די וועלדער הערט זיך שוין דער שאָרך פון די זאַפטן אונטער דער קאָרע און צווישן די בערעזעס מורמלען די טעטרע־הענער און פינטלען מיט די העל־רויטע ברעמען אויף דער זון, צו דער גרויסער האָרעפּאַשניצע פון דער וועלט, וואָס קלעטערט אַלץ העכער אין די הימלען אַרויף און גיסט פון דאָרטן מיט יעדן טאָג פון איר גאָלדענעם קרוג אַלץ מער און מער שײַן און חיות אויף דער ערד.

און די בריק איז דאָרטן, אין איר דאָרף, אויך ניט פאַרשטעלט און באַוואָרנט: בײַם טײַך־עפענען־זיך קאָנען די ערשטע קריִעס אים אומוואַל־גערן און אַראָפּטראָגן, און דאָס קאָן דאָך איר, סטיסיען באַיאַר, שוין אַרײַנ־געשטעלט ווערן אין יענעם שוואַרצן רעמל ווי שעדיקערײַ און קאָנטער־רעוואָלוציע. דאָ וועט שוין אויך צולייגן זײַן האַנט דער נײַער, דער ערשט אָנגעקומענער סעקרעטאַר, דער געפאַלענער פון די הויכע פענצטער פאַר איבערכאַפּן די מאָס, פאַר צו פיל תּאוות־עולם־הזה, פאַר צו פיל להוטקייט, פאַר צו פיל השׂגות און דער עיקר, פאַר שוין גאָר פאַרגעסן דעם לא תחמוד אשת רעך... ער, אָט דער נײַער, דער שטיל־ריידנדיקער, דער בנימוסער,

מיטן אייביקן שמייכל אין די פּוכקע בלאָנדע וואָנצעס, וועלנדיק זיך אויסקויפן און פאַרגלעטן, האָט שוין צוגעזאָגט „אַרויספירן" דעם ראַיאָן אין די „פאַר־געשריטנסטע"; פאַרזיכערט, אַז ביי אים וועט מען ניט נאָר אויספילן און איבערפילן, נאָר אויך דעריאָגן און „שלאָגן רעקאָרדן". ער וועט דאָ — טאָקע לויט זיינע שטילע רייד — אַלעמען און אַלץ אויסלופטערן, אויסקלאַפּן און אויסטרייסלען, ווייל דער גרויסער סטאַלין לערנט: וואָס נעענטער צום קאָ־מוניזם, אַלץ פאַרביסענער ווערט דער קלאַסנקאַמף... — סטיסיע האָט זיך ביי יענעם, ביי דעם נייעם סעקרעטאַר, קוים אָפּגעבעטן אויף אײנע דריי טעג, און דאָ, ווי אויף צו־להכעיס, — יעדער שעה האָט זיך איר געשטעלט ווי אַ וואַלד־גזלן אויפן וועג, האָט זי געמוזט זיך פאַרהאַלטן אין שטאָט אויף קנאַפּע צוויי וואָכן.

און אַלץ, וואָס ס'האָט מיט איר און אַרום איר אין יענע טעג געטראָפן, איז פאַר איר ווי אַ בייזער חלום געוועזן. שוין פריִער, נאָך איידער סמער־דיאָקאָוו דעם צווייטנס נאָכטלייט האָבן אויף דער נאָסילקע אַרויסגעטראָגן די אין היץ־פאַרטראָגענע געווינערין, נאָך פריִער, שוין אין יענעם טאָג, טאָקע באַלד ווי מ'האָט געבראַכט דאָס קימפּעט־עופעלע, און אפשר נאָך פריִער, שוין אויפן וועג פונעם שפּיטאָל אַהיים, טראָגנדיק דאָס קינד צווישן די נאָך ניט אָפּגעראַמטע הורבעס שניי אויף די גאַסן, שוין דאָרטן און דעמאָלט האָט זי דערפילט, סטיסיע, אַז עפּעס וויל עקיבא זיך פון איר דערשלאָגן.

אין שטוב שוין, נאָר וואָס אַוועקגעלייגט דאָס קינד אויפן בעט, בלייבט ער מיט אַ מאָל שטיין, עקיבא, פאַרן לייוונט ווו ס'איז אָנגעמאָלט זי, סטיסיע, ביים אָפענעם אָרון־קודש, אָנגעכאַפּט מיט בײדע הענט פאַר די טירלעך און אַ רויטיק־רויטלעכע שיין פון די דריי ליכט אויפן שטענדער פאַלט אויפן קינדס פאַרבלוטיקטן פּנים צווישן די צוויי ספר־תּורות.

— סטיסיע, — טוט ער זי פלוצלינג אַ פרעג, — סטיסיע, האָט איר טאָקע דענצמאָל געגלייבט אַז דער וואָס לעבט אייביק וועט אייך מחיה־מתים זיין אייער געהרגעט קינד?

— יאָ! כ'האָב געגלייבט מיטן גאַנצן האַרצן! וואָס פאַר אַ ווערט האָט עס דען געקאָנט האָבן פאַרן באַשעפער פון דער וועלט? וועלטן, גאַנצע וועלטן מיט אַזוי פיל לעבן האָט ער יאָ געקאָנט באַשאַפן, און מיין געהרגעט קינד...

— אָבער דערנאָך, שוין דערנאָך, סטיסיע, שוין נאָכן אָרון־קודש, נאָך דעם? — כאַפּט ער זי אָן פאַרן אָרבל — נאָכן אָרון־קודש האָט איר נאָך אויך געגלייבט אין גאָט?

— אַז כ׳האָב געטראָגן זרחלען פון אָרון־קודש דורך די פינצטערע געסלעך מיט די אויסגעקלאַפּטע פענצטער? אַז כ׳האָב געטראָגן מײַן קינד אַרײַנלייגן אין קבר לעם זײַן טאַטנס פאַרקוילטע ביינער?

— יאָ, סטיסיע, דעמאָלטן, גראָד דענסטמאָל!

— דענסטמאָל? אַז יצחק האָט מיך געפרעגט: „סטיסיע, די טירלעך פון אָרון־קודש האָסטו פאַרמאַכט?" דענסטמאָל האָב איך אים געענטפערט: ניטאָ דאָרטן, ר׳ יצחק, וואָס צו פאַרמאַכן. דאָרטן איז פוסט!

— און דערפאַר, סטיסיע, דערפאַר זײַט איר אַרײַנגעטראָטן אין דער פאַרטיי? — ציט ער זי אין אַ מאָדנער אויפגערעגטקייט פאַרן אָרבל. — דערפאַר טאַקע וואָס דאָרטן איז פוסט? דערפאַר טאַקע?

— אין דער פאַרטיי בין איך אַרײַן איבער זירא־זירקאָן און דערעיקרשט איבער אים, איבערן לײַטישן קאַליקע, איבער אַלעס לעוואַדען, וואָס האָט מיך אָפּגעלאָזן מיט די ווערטער: „זאָל זי גיין, זי וועט פון אונדז ניט אַוועקגיין". אָט דער גזר־דין האָט מיר געטריבן צו דער פאַרטיי. אין דער פאַרטיי האָב איך געזען אַ שטיינערנע וואַנט קעגן פּאָגראָמען, קעגן וויסטעניש און אַכזריות, קעגן זשיד־כאַלאַמיד, קעגן יידישער עלנטקייט און אָפּגעפרעמדטקייט. מיט איין וואָרט, קעגן דער ביטערער יידן־שינאה פונעם צאַרישן רוסלאַנד. איך האָב געוואָלט, אויב שוין ניט מיט מײַן קינד...

— אָבער אין גאָט, — שלאָגט ער איר ווידער איבער און טוט זיך אַ וואָרף צום אייניקל, צום קימפּעטקינד, וואָס האָט אָנגעהויבן וויינען. — אין גאָט, סטי־סיע, אין גאָט האָט איר שוין מער ניט געגלייבט? אָט וואָס כ׳וויל פון אײַך הערן!

זי קאָן ניט אויפכאַפּן, סטיסיע, דעם גאַנצן תּמצית, דעם יאָדער, דעם קליאַק פון עקיבאס אויפגערעגטקייט. אין אַזאַ צושטאַנד זעט זי אים צום ערשטן מאָל דאָ. ער נעמט דאָס וויינענדיקע קינד מיט דעם קישן אויף די הענט, האָפּסלט פון וואַנט צו וואַנט און פרעגט בײַ איר נאָך אַ מאָל:

— אָבער אין גאָט, וויל איך וויסן, האָט איר שוין מער ניט געגלייבט? אָט וואָס איך וויל פון אײַך הערן!

— אייגנטלעך, — פרעגט זי אים שוין מיט פאַרדראָס, — אייגנטלעך, זאָגט מיר, וואָס גייט עס אײַך אָזוי אין דער גאַל אַרײַן, צי איך גלייב יאָ, צי איך גלייב ניט? איר זײַט דאָך ניט דער גלח און איך בין ניט פּאַראַסקאַ, וואָס בין געקומען אין קלויסטער זיך מתוודה־זײַן פאַר אײַך? לייגט אַוועק דאָס קינד, העצקעט עס ניט. מ׳דאַרף עס איבערוויקלען. פאַרקאַכט בעסער אַ קאַסטרולקע וואַסער, מ׳דאַרף אָנוואַרעמען אַ פלעשעלע מילך. שוין ציַיט האָדעווען דאָס קינד. וואָס שטייט איר?

נאָר ער שטייט און קוקט אויף איר שאַרף פון אונטער די ברעמען. פון זײַן האַלטן דאָס וויינענדיקע אייניקל אין איינעם מיט דעם גרויסן קישן אויף די אויסגעשטרעקטע הענט, פון זײַן שאַרן מיטן רעכטן פוס איבערן דיל, ווי דער טאַטע זײַנער, גבריאל באַיאַר, דער עיקר פון זײַן וואַרפן אַרויף און אַראָפּ מיט די וואַלדברעמען, ווערט איר קענטיק, סטיסיען, און פאַרן אויג אָפן: עפּעס וויל ער פון איר, עקיבא, און עפּעס אָזוינס, וואָס גייט אים אין לעבן אַרײַן. ער ווייסט אָבער ניט ווי אָזוי, מיט וועלכע ווערטער און פון אַ וועלכער זײַט צוטרעטן צו איר.

קאָן זי בשום־אופן ניט דערטראַכטן זיך און אָנשטויסן, וואָס אָזוינס קאָן ער, עקיבא, נאָך וועלן און נאָך דאַרפן פון איר? אַז זי נעמט אויף דער ערשטער ציַיט צו זיך דאָלין מיטן קינד, וועגן דעם האָט זי דאָך אים שוין געזאָגט. אַוודאי, וואָלט דאָלי געהאַט אַ מאַמע... אָבער אָזוי, אין אָט דער שווערער לאַגע, אין אָט דער וויסטער ציַיט, ווי קאָן זי, סטיסיע, וואַרפן די קימפּעטאָרן מיטן עופעלע אויף עקיבאן, אויף דעם אַרויסגעשלאָגענעם און אָפּגעזונדערטן, אויף אָט דעם כּלי־זמר, וואָס לעבט אין דעם אַמאָליקן טהרה־שטיבל און שפּילט אין די נעכט „פריילעכסן״ פאַר די מתים. נעמט זי פון קישן דאָס שרײַענדיקע קינד, הייבט עס אָן איבערוויקלען, און זאָגט צו אים:

— עקיבא, איך קאָן ניט פאַרשטיין אײַערע אָנגעשטעלטע אויגן. זאָגט מיר, כ׳בעט אײַך, פּשוט, אָן צערעמאָניעס, וואָס נאָך ווילט איר פון מיר?

— סטיסיע, — רעדט ער קוים אַרויס. — סטיסיע, מ׳דאַרף ייִדישן דאָס קינד, מ׳דאַרף עס מל־זײַן...

— פאַר וואָס, — גלייַכט זי זיך אויס און בלײַבט אַ פאַרוווּנדערטע שטיין

מיטן וויקלשנור אין האַנט. — פאַר וואָס זאָגט איר עס מיר? דאָס קינד האָט אַ מאַמע. זאָגט עס דאַלין!

— דאַלי איז אַ פאַרברענטע קאַמסאַמאַלקע.

— איך בין אויך אַ פאַרטייערין!

— אָבער אייַער קינד האָט איר דאָך געמלעט?

— ניט איך, נאָר דניאל מיט מײַן טאַטן און יצחק. איך בין גאָר אין דער היים ניט געווען.

— אָבער, סטיסיע, דניאל איז דאָך איצטער אין טורמע? סטיסיע...

— רעדט וועגן דעם מיט דאַלין. ס'איז איר קינד... זאָגט איר, אַז דאָס איז געווען דניאלס ווילן. אפשר גאָר זײַן צוואה. איך קאָן אויף זיך ניט נעמען. טאָמער וואָס מיטן קינד, וועט דאַלי...

— סטיסיע, איר מיינט אַז מײַן טאָכטער, מײַן דאַלי, קאָן גיין זיך קלאָגן?

— איך מיין גאָרנישט ניט, עקיבא.

— וועל איך אַליין... ס'איז מײַן אייניקל! מײַן אייניקל! וועל איך אַליין! — און ער ווערט אַנטשוויגן. און אויך זי איז אַנטשוויגן געוואָרן ביז אויף מאָרגן אין דער פרי, ביז עקיבא האָט זיך אומגעקערט פון קימפעטאָרין־שפּיטאָל און זיך אַ וואַלגער געטאָן אויפן שטול. פון אונטער די אַראָפּגערוקטע וואָלדברעמען זײַנען אים געלאָפן גרויסע טרערן.

— עקיבא, וואָס האָט געטראָפן?

— ניטאָ, ניטאָ!.. ניטאָ שוין אויך דאַלי!

— וואָס הייסט עס ניטאָ? רעדט, זאָגט, געשטאָרבן?

— ניין, מ'האָט זי בײַ נאַכט... אַרעסטירט... דאַלין.

— ווי איז עס מעגלעך? אַ קימפעטאָרין? אַ קראַנקע?.. רעדט, רעדט, רעדט!

— מ'האָט זי אַ פאַרטראָגענע, אינעם גרויסן פיבער אַרויסגעטראָגן אויף אַ נאָסילקע... סטיסיע, זיי קאָנען קומען נאָכן קינד אויך!

— גייט שוין גייט, נאָך אַ קימפעט־עופעלע?

— סטיסיע, איר זײַט נאָך אַלץ בלינד, צי איר פאַרשטעלט זיך אומישנע די אויגן? — ווערט ער אויפגעקאָכט און די וואָלדברעמען הייבן זיך און פאַלן

אים איבער די פון צאָרן אויסגעטריקנטע אויגן. — איר זעט דען ניט אַז ביי סמערדיאַקאָוון איז אַלץ מעגלעך? פאַר סמערדיאַקאָוון איז דאָך גאָר ניטאָ קיין גרענעץ! סמערדיאַקאָוו גייט דאָך אין שטיוול און קאָן גיין איבער טײַכן בלוט און איבער בערג מיט ביינער. איוועס אייניקל, שמואליקס און טאַמאַרעס דרײַצן־יאָריקע טאָכטער, האָט ער דאָך געשאָסן! געשאָסן, צי ער האָט ניט געשאָסן? ענטפערט מיר, סטיסיע! סמערדיאַקאָוו האָט געשאָסן דעם טאַטן, דעם רויטן קאָמאַנדיר, די מאַמע, דעם קאָמיסאַר פונעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, און זייער וווּנדערקינד... און ווו איז שוין איווע? און ווו איז חרות און אַברהם און דער מומע ליבעס קינדער, שיפרה און דניאל? סטיסיע, ס׳איז דאָך שוין ניטאָ קיין שטוב ווו ס׳זאָל ניט זײַן קיין אַרעסטירטער... שׂונאים פון פאָלק! קלאַסנקאַמף! סמערדיאַקאָוו גייט דאָך מיט אַן אידעע. און ווו איז מײַן טאָכטער, ווו איז מײַן דאָלי? מ׳האָט זי אַרויסגעטראָגן אויף דער נאָסילקע! אַ פאַרטראָגענע אין דער גרויסער היץ... וואָס איז דאָרטן מיט איר? ווייסט זי שוין ווו זי געפינט זיך?

— עקיבא, איך נעם שוין דאָס קינד — זאָגט סטיסיע אַ ביז גאָר אויפגערעגטע, ממש די הויט ציטערט אויף איר. — כ׳נעם דאָס קינד און פיר עס שוין אַוועק פון דאַנען.

— ניין, — שפּרינגט אויף עקיבא פון בענקל. — ניין! פריִער דאַרף איך אים פאַרבינדן מיטן שטאַם פון אַברהם אָבינו. מײַן אייניקל און דאָס אייניקל פון דער מומע ליבע, וואָס איז באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט אין וואַלד, דאַרף דאָ געייִדישט ווערן! דאָס איז ניט נאָר מײַן, נאָר אויך דניאלס ווילן, זײַן צוואה. אײַער קינד, סטיסיע, האָט איר דאָך דעמאָלטן געמלעט?

— דאָס איז דאָך געווען דעמאָלטן, אַנומלטן... אין גאָר אַנדערע יאָרן! דאָס איז נאָך געווען, עקיבא טײַערער, מײַלן ווײַט פונעם זיבן און דרײַסיקסטן. ס׳איז דעמאָלט געווען דאָס אַכט און צוואַנציקסטע!

— פאַר וועמען ס׳איז געווען מײַלן ווײַט, און פאַר וועמען ס׳איז געווען גאָר נאָענט. ממש פאַר די אויגן! דאָס זיבן און דרײַסיקסטע יאָר, סטיסיע, האָט זיך אָנגעהויבן דעם זיבעטן אָקטאָבער טויזנט נײַן הונדערט זיבעצן. אָט גראָד דעמאָלטן, אין יענעם טאָג! און אָנגעהויבן האָט דאָס זיבן און דרײַסיקסטע יאָר ניט קיין אַנדערער ווי ער אַליין, סמערדיאַקאָוו דער ערשטער...

— מער וויל איך אײַך, עקיבא, ניט הערן. איך נעם דאָס קינד און פאָר אַוועק. צי אפשר ווילט איר מיר גאָר ניט געבן דאָס קינד?

— סטיסיע, נאָר אײַך איינער קאָן איך פאַרגלייבן דאָליס קינד. נאָר פריִער וועל איך דאָס קינד פאַרבינדן מיטן ייִדישן שטאַם! די סמערדיאַקאָווס האָבן פאַרגרייט פאַרן ייִדישן פאָלק גאָר אַ באַזונדערע האַק... זיי ווילן ניט נאָר פאַרטריקענען די צווײַגן, נאָר זיי ווילן אַרויסרײַסן דעם גײַסטיקן בוים מיטן וואָרצל. איך וועל ניט דערלאָזן אַז מײַן צווײַג זאָל אָפּגעבראָכן ווערן!

און דאָ, נאָך זײַנע רייד, אַז ער, עקיבא, וועט ניט לאָזן אָפּברעכן דעם צווײַג פון בוים, ווערט זי שוין גאָר אומרוִיק, שוין פשוט אויפגעציטערט: די אייגענע ווערטער האָט דאָך איר געזאָגט אויך ער, דער עלטער־זיידע, זרחל. אַזוי פיל יאָרן, אַריבער צען יאָר, האָט ער זיך צו איר ניט באַוויזן, און פלוצלינג, נאָך אַ שטאַרק אָנגעהאָרעוועט־וואָכעדיקן טאָג, שוין געפאַלן פון די פיס אין בעט אַרײַן, אָבער נאָך די ליכט ניט אויסגעלאָשן, קומט ער אַרײַן, דער זקן, אין אַ שפּאָגל נײַער קאַפּאָטע, דער דאַשיק פונעם שבתדיקן קאַשקעט אויף דער זײַט: מ׳זעט אַז דער אַלטינקער איז אונטער אַ גלעזל, קומט פון אַ בר־מיצווה, אָדער פון אַ ברית־מילה אין דער משפחה; ער לייגט אַוועק דעם שטעקן אויפן טיש — אויך דער שטעקן איז בײַ אים אַ נײַער, שמעקט מיט דעמב, און אויף חידושים אויסגעטאָקט און אויסגעשניצט. ער גייט צו, דער זקן, און שפּאַרט זיך אָן אין דעם ווענטל פון איר בעט. פאַר די צען יאָר, וואָס ער איז צו איר ניט געקומען, איז ער שטאַרק געעלטערט, די אויגן זײַנען אים טרויעריקער געוואָרן, אָבער דאָס פּנים שײַנט אים, פון דער ווײַסער באָרד שלאָגט אים אַזאַ העלקייט, עפּעס אַזאַ באַזילבערטע שײַן, אַז ס׳פאַרשלאָגט איר די ראיה. און ער זאָגט צו איר: „פאָר, סטיסיע, צו דער מומע ליבעס זון, צו דניאלן. פאַרבייג, סטיסיע, דײַנע ביטערע פאַרדראָסן, דײַנע ערגערנישן און פאָר צום טאַטן פון דײַן קינד. פאָר אַהין צו דניאלן, ווײַל דאָרטן, סטיסיע, קאָן אָפּגעבראָכן ווערן אַ צווײַג"... — האָט זי זיך אויפן בעט אויפגעזעצט און אים געוואָלט פרעגן: „זיידעניו, שיקסטו מיך ניט ווידער אויף עפּעס אַן אומגליק?" — אָבער ער איז שוין פון שטוב אַרויסגעגאַנגען. זי האָט נאָר געהערט ווי זײַן סוקעוואַטער שטעקן האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין דער אָפן געבליבענער טיר.

## י

און אַז עקיבאס קול הייבט אָן ווידער אַ מאָל דערגיין צו איר — ביז אַהער איז זי געווען דאָרטן, אין איר חלום, צו אירע אויערן זײַנען ניט קיין ווערטער, נאָר קלאַנגען אָנגעקומען, איצט הערט זי ווי עקיבא רעדט צו איר מיט אַ צאָרן פון אַ בעל־יסורים, פון אַ געיאָגטן און געפּלאָגטן; אַז זי מאַכט צו די אויגן, הערט זי אויך דעם אַלטנס, יצחק באָיאַרס, אויפגע־טרייסלטן קול.

אויך ער, עקיבא, רעדט צו איר וועגן דעם דרײַצנטן שבט, וועגן די באָיאַרס, וואָס ווערן צעשפּאָלטן און צעפּאַלן. אין דעם באָיאַרס נשמה, זאָגט ער, האָט זיך אויך אַרײַנגעכאַפּט דער פּחד... און באַלד רעדט ער שוין, עקיבא, פון וועגן דעם מצב פונעם ייִדישן פאָלק אין דער וועלט, פון סמערדיאַקאָוון דעם דריטן — פון היטלערן, וואָס מאַכט שוין פּשוט פּאָגראָמען, ברענט אין מיטן די שטעט ביכער אויף פײַער־שײַטערס, און אַלע, פון גרויס ביז קליין, זינגען דאָרטן פאַרשיכּורט, אַז פונעם מעסער דאַרף רינען דאָס בלוט פונעם „יודע". און מיט אַ מאָל, גאָר אומגעריכט, נעמט ער דערציילן ווי אין דעם פערצנטן יאָר, בײַם אָנהייב פון דער וועלט־מלחמה, האָט מען אַרויסבאַגלייט די צוויי סאָלדאַטן, שמריהן מיט אברהמען, אויף דער הריגה:

— מיר זײַנען געזעסן אויף דער ערד. דער קלויסטער האָט געקלונגען אויף אַלע גלעקער. די האַרמאָשקעס האָבן געשפּילט, די באַלאַלײַקעס האָבן געצימבלט, די שיקסעס האָבן געכליפּעט בײַ די נאָוואָבראַנצעס אויף די אָקסלען, די ווײַבער האָבן געוויינט אויף אַ קול... יצחק האָט אַראָפּגענומען פון וואָגן דאָס סיטשקע־קעסטל, דער „שטילער זומער" האָט עס פאַרשפּרייט מיט אַ ווײַסן סערוועטל, אַרויסגעשטעלט פון קאָשיק געקאָכטס און געבראָטנס. איך האָב געעפנט דאָס שקאַליקל, צעגאָסן אין די בעכערלעך און מ'האָט גענומען צווינטשעווען שמריהן מיט אברהמען, אַז זיי זאָלן זיך אומקערן לעבעדיקע און געזונטע צו טאַטע־מאַמע, צו ווײַב און קינדער און... דאָ האָבן

זיך פּלוצלינג דערהערט פון אַלע זײַטן אויסגעפּלאַצטע געלעכטערס, פּײַפע־רײַען, אַ הו־ליו־ליוקערײַ אויף טויב צו ווערן. מיר קוקן זיך אום: איבערן שטעטל יאָגט ווילדערהייט אַ חזיר! איך האָב נאָך ביז דעמאָלטן גאָר ניט געזען אַזאַ שוואַרצן חזיר, אַזאַ אויסגעמאָגערטן, אויף אַזעלכע הויכע פיס און מיט אַזאַ לאַנגער מאָרדע. און שטעלט זיך פאָר, סטיסיע, אַז נאָך אָט דעם־אָ חזיר, האָלטנדיק זיך פאַרן ווײדל, שפּרינגט פאַרשײַט, מיט ברענענ־דיקע אויגן, דניאלקע: אַז שמריה, עליו־השלום, האָט דערזען ווי זײַן קינד האָלט זיך פאַרן חזירשן עק און יאָגט מיט אַזאַ פרייד איבער דער גאַס, פאַרבײַ די בתּי־מדרשים, איז ער שיִער אין דער ערד ניט אַרײַן. אין שמריהן האָבן אויפגעקאָכט אַלע זײַנע בלוטן און ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן דורס־זײַן דניאלקען. אַ גליק וואָס די מומע ליבע, זכרונה לברכה, איז אים בײַ צײַטנס פאַרלאָפן דעם וועג און אָפּגעריסן דאָס קינד פונעם חזיר. די מומע ליבע איז נאָך געווען מערער דערשראָקן פון שמריהן. זי האָט גאָר ניט געקאָנט פאַרשטיין, פון וואַנען קומט דאָס קינד צום חזיר? דניאלקע האָט דאָך מורא אַרויס אין דרויסן אַז אַ חזיר דרייט זיך אַרום נאָענט בײַ דער שטוב. ניט אַנדערש, האָט זי געפּרוווט עס דערקלערן, אַז דאָס קינד האָט זיך טועה געווען, אַז דניאלקע האָט ניט דערקענט דעם חזיר. עמעצער האָט אָנגעטאָן דעם חזיר אַ גרויסן קראַנץ קווייטן אויפן האַלדז...

— עקיבא, — שלאָגט אים איבער סטיסיע, וואָס שטייט בײַם פענצטער און קוקט ווי אין דרויסן פאַלט ווידער אַ שניי. — איר גלייבט אין גורל?

— ניין, סטיסיע, ניין, כ׳גלייב ניט! דו טו, ראַנגל זיך, קריך אויפן לייטער, וואָס קאָן אין יעדער רגע אומפאַלן, און גאָט וועט דיר העלפן. ניט מיטן גורל לעבט דער ייִד, נאָר מיט זײַן פײַערדיקן גלויבן. דער ייִד איז אויסגעקנאָטן פון ערד און פון הימל. און דאָ דאַרף מען זוכן דעם סוד פון זײַן אייביקייט. קיינער אין דער וועלט האָט ניט אַזוי ליב דאָס לעבן ווי דער ייִד, אָבער קיינער קאָן ניט גיין אַזוי אויף קידוש־השם ווי ער, דער גלות־ייִד. קידוש־השם און קידוש־העם איז בײַ ייִדן איינס, געקניפּט און געבונדן! הירש לעקערט איז אויך קידוש־השם! קידוש־השם, סטיסיע, איז ניט יִאוש, ניט שוואַכקייט, נאָר גאָר, גאָר גרויסע גבורה! נאָר מענטשן מיט גרויסע נשמות קאָנען גיין אויף קידוש־העם, און די, מיט מיזערנע נשמהלעך, פאַלן

אויף די קני. סטיסיע, — נעמט ער זי אַן ביַים עלנבויגן ווי אַלע באַיאַרס ווען זיי ווילן עמעצן זאָגן דאָס סאַמע וויכטיקסטע; דאָס קול הייבט זיך אים און פאַלט ווי זיַינע וואַלדברעמען איבער די אַנגעצונדענע אויגן. — סטיסיע, דער קראַנץ קווייטן אויפן הזירשן האַלדז איז שוין פון לאַנג פאַרטריקנט און צעשאָטן געוואָרן. אַ קינד קאָן דאָך שוין זען דעם נאַקעטן ווילדן חזיר מיט די שפּיציקע קליקעס!

— איך וועל איַיך דאָ ניט שטערן. איך וועל זיך באַדיַי פאַרהאַלטן נאָך אויף עטלעכע טעג.

— דאָס האָב איך געוווּסט. נאָך פריִער געוווּסט.

— וואָס דען ווילט איר נאָך פון מיר?

— איך דאַרף אַז איר זאָלט מיר העלפן.

— עקיבא, איך האָב אויך אַ קינד. אויך איין צוויַיג!

און דאָ האָט מען אָנגעקלונגען — אַ לאַנגער חוצפּהדיקער קלונג. סטיסיע, שוין גאָר אַ וויַיס געוואָרענע, טוט זיך פונעם פענצטער אַ וואָרף צום בעט און נעמט דאָס קינד אויף די הענט: איר טויט וועט דאָ זיַין, נאָר דאָס קימפּעט־עופעלע וועט זי ניט געבן. זי איז גרייט געווען גיין אויף די שווערסטע יסורים, אויף די פיַיערדיקסטע גיהנומער, ווי אין יענער נאַכט, אין דער אָנהייב־ווינטערדיקער, אין דער זאַווערוכעדיקער, ווען דניאלקע איז געקומען צו לויפן צו איר, שוין נאָך איר שיסן אין דעם אַטאַמאַן, שוין נאָך דעם ווי די בלאָנדע, זיראַ־זירקאָס שוועסטער־וויַיב, האָט זיך מתוודה געווען פאַרן גלח, פאַרן קאַליקע, אַלעס לעוואַדאַ, און פאַר אַלע באַנדיטן — זי וועט ניט דערלאָזן, סטיסיע, אַז אויך איצט זאָל דאָ אָפּגעבראָכן ווערן אַ צוויַיג. צוליב דעם האָט דאָך זי דער עלטער־זיַידע אַהער צו געשיקט. און ניט נאָר דערפאַר וויַיל זי האָט דעם חלום געזען, נאָר דער עיקר שוין צוליב דאַלין, וואָס וועט זיך דאַרטן, אין טורמע אויפכאַפּן פון איר פיבער־פאַרטראַגנקייט און דער ערשטער געדאַנק אירער וועט זיַין וועגן דעם קינד.

אין שטוב זיַינען אַריַין צוויי מאַנצבלעך און אַ פרוי — אַלע דריַי טרייס־לען, ווי בעלי־בתים, דעם שני פון זיך ביַי דער טיר. זי האָט שוין ניט געהערט, סטיסיע, צי די ניט־געבעטענע האָבן זיך יאָ, צי ניט געגריסט, וויַיל אין די אויערן שטעלט זיך איר גליַיך, ווי נאָר יענע זיַינען דעם שוועל

אַריבערגעטראָטן, דאָליס אַ געשריי פון דער טורמע: זי הערט דאָ, סטיסיע, ווי דאָלי שרײַט דאָרטן: ווו בין איך? ווו איז מײַן קינד? — און זי איז שוין גרייט, און זי שטייט שוין און וואַרט, סטיסיע, אַז אָט וועט מען איר הייסן אָפּגעבן דאָס קינד דער פרוי, דער ענקאַווּעדיסטקע, מיט די אַראָפּגעלאָזטע אויגן, וואָס די לאַנגע ווי:עס ציטערן איר, און אויפן יונגן און מילדן פּנים בײַטן זיך איר די פאַרבן. לויט די שוין אָפּשטייענדיקע פּאָלעס פון דעם טונקל־ברוינעם פוטערפּעלץ — פון דער דאַכאַ, איז צו זען, אַז די פרוי איז אין די חדשים. ווערט איר נאָך שרעקלעכער סטיסיען: ווי קאָן גאָר אַ פרוי, דערצו נאָך אַ מעוברתטע, אַרויסרייסן אַ קינד פונעם לעבן? „אָבער וואָס חידוש איך זיך אַזוי, — טוט איר אַ שניט אין האַרצן. — בײַ מיר אין דאָרף איז בעסער? קומט מען דען ניט, אויב אַ פּויערטע, אַן אַלמנה, אַ פולע כאַטע מיט קינדער, קומט מען דען ניט צו אַזאַ אַלמנה, אויב זי גייט ניט אַרויס אַלע טאָג אין קאָלכאָז אויף אַרבעט און פּילט ניט אויס די נאָרמע אויף די בוריקעס, קומט מען דען ניט און מ׳נעמט דען ניט צו בײַ איר דעם גאָרטן? און ניט נאָר מ׳נעמט צו בײַ איר דאָס שטיקעלע ערד, נאָר מ׳צעאַקערט איר פאַרזייטן גאָרטן און מ׳לאָזט זיי איבער, די אַלמנה מיט די קינדער, אויף הונגערן”.

און סטיסיע וויל, ביז ס׳איז נאָך ניט שפּעט, ביז עקיבא פאַרשטעלט זי מיט דער פּלייצע, אַרויסגנבענען זיך פון שטוב דורך דער הינטערטיר, דורך די שוואַרצע טרעפּ, און דאָרטן, אין דרויסן, אין דעם שיטנדיקן שניי אַנטרונען ווערן מיטן קינד. אָבער דאָ דערזעט זי גאָר ווי די דרײַ גייען אַוועק און עקיבא באַגלייט זיי אַרויס רו:ק — די וואָלדברעמען שטייען אים אויפן אָרט, זיי שמייכלען אַפילו צו. ערשט ווען ער פאַרשליסט נאָך יענע דרײַ די טיר, זאָגט ער אויפגעבראַכט:

— זיך קוים אָפּגעבעטן אויף דרײַ טעג.

— אויף וואָסערע דרײַ טעג?

— אויף וואָסערע דרײַ טעג, פרעגט איר? אויף די גאָלי:ענע! אין סמער־דיאַקאָווס קיניגרײַך לעבט אַ מענטש אויף אויסגעבעטלטע טעג. יעדער טאָג ווערט דיר געשענקט. אַ קאָמוניסטישער חסד־של־אמת... און פאַר וועמען קאָן מען זיך דאָ גיין קלאָגן, אַז אויף שריט און טריט זײַנען צוגעקלאַפּט, ווי

מזוזות בײַ אַמאָליקע ייִדישע טירן, סמערדיאַקאָווס פּאָרטרעט מיטן אויפֿשריפֿט: „אוטראָ נאַשיי ראָדיני!" סמערדיאַקאָוו איז, הייסט עס, דער פֿרימאָרגן פֿון אונדזער היימלאַנד! אַנו, גיי זיך דאָ קלאָגן אויף אַזאַ גליקלעכן פֿרימאָרגן ווען מ׳טראָגט אַרויס אויף אַ נאָסילקע דײַן טאָכטער, די געווינערין, וואָס ליגט אין היץ און ווייסט ניט אויף וועלכער וועלט זי געפֿינט זיך, אַנו, פּרוּוו זיך גאָר גיין קלאָגן?

— ווער זײַנען עס געווען די דרײַ? — לייגט זי צוריק דאָס קינד אויפֿן בעט, גיט דעם אַ לעפּעלע צוגעזיסטע וואַסער און שטעלט זיך ווידער בײַם פֿענצטער מיטן פּנים צום פֿאַלנדיקן שניי בכדי ניט צו זען עקיבאס פּנים. — ווער זײַנען זיי?

נאָר עקיבא שטייט שוין אַנגעבויגן איבערן קינד און רעדט צו זיך אַליין: יצחק האָט אַ נאָמען געגעבן זײַן טאָכטער חרות, איך האָב אַ נאָמען געגעבן מײַן טאָכטער דאָלי. דאָליע, דאָליע. מײַן דאָליע און איר דאָליע און דעם קינדס דאָליע און אונדזער אַלעמענס חרותדיקע דאָליע. — ער גלײַכט זיך מיט אַ מאָל אויס: — ווער זײַנען זיי געווען? פֿאַרשטעלטע מלאכים, סטיסיע, פֿאַרשטעלטע. מסתּמא טאַקע יענע דרײַ, וואָס זײַנען געקומען צו אַברהם אָבינו נאָכן עפּענען דאָס ערשטע בלעטל פֿון דער גרויסער ייִדישער געשיכטע. איר האָט דען ניט געהערט, וואָס פֿרעגט איר נאָך?

— כ׳האָב ניט געהערט, עקיבא, זייער קול.

— וועמעס דען קול האָט איר דאָ נאָך געקאָנט הערן? — און זי דערפֿילט ווי זײַנע אויגן בריִען איר דעם נאַקן. — וועמעס דען קול האָט איר דאָ געקענט הערן?

— ווער זײַנען עס געווען די דרײַ? — פֿרעגט זי אים נאָך אַ מאָל.

און נאָך אַ לאַנגן שווײַגן, ווי צוהערנדיק זיך מיט די בריִענדיקע אויגן צו איר שווערן אָטעמען, זאָגט ער: — דאָס פֿאָרפֿאָלק האָט שוין געבראַכט אַן אָרדער אויף דניאלס און דאָליס דירה. די משרתים דאַרף מען אונטערגעבן חשק. ס׳דאַרף זיי אויך עפּעס־וואָס אַרײַנפֿאַלן. מיט דער היסטאָריע פֿון דער פּאַרטיע וועסטו זיי שטאַרק ניט אויפֿמונטערן. די אַרעסטן באַפֿרײַען דאָך פֿאַר די משרתים, פֿאַר די אונטערטראָגערס, דירות...

— עקיבא, ס׳וועט זיך אויסלײַטערן, שפּעטער. ס׳קאָן דאָך ניט זײַן.

— וואָס קאָן ניט זײַן? וואָס קאָן בײַ סמערדיאַקאָוון ניט זײַן? וועלכער שפּעטער? — רײַסט זיך פון אים אַרויס אַ געשריי. — וועלכער אויסלײַטערן? דאָס איז דאָך שוין דער רעגן־בויגן, סטיסיע, צו וועלכן מיר זײַנען געלאָפן נאָך די פּאָגראָמען מיט אַזאַ התלהבות, מיט אַזאַ אויסגעבענקטער און מיט אַזאַ פאַרבלוטיקטער נשמה. נו, גוט, סטיסיע, איר דאַרפט ניט מײַנע רייד. ס'שרײַט אין אײַך געגוג אָן מיר. כ'וועל אײַך זאָגן ווער די דרײַ מלאכים זײַנען. דאָס פּאָרל האָט געבראַכט אַהער דער אופּראַוודאַם, דער ממונה איבער די הײַזער. ער פלעג אַלע זונטיק אין דער פרי, ווי אַ געדונגענער, קומען אויסרייכערן בײַ דניאלן אַ פּעקל פּאַפּיראָסן און האַלטן זיך אין איין פּאַטשן אין די קני פון חידוש, וואָס מיט אַזאַ פּראָסט האַרבערשטעלע קאָן מען אויס־מאָלן אַן אמתן מענטשן און מיט אַזעלכע אַקוראַטנע אויגן!

— און ווער זײַנען יענע צוויי? איר האָט גערעדט צו זיי ווי מיט אַלטע באַקאַנטע.

— אין דעם ליגט דאָך די ראָזשינקע, דאָס סאַמע פּינטעלע. דאָס פּאָרפאָלק, וואָס מיר דאַרפן אין דרײַ טעג אַרום אָפּגעבן די שליסלען פון דער שטובטיר, זײַנען דאָך געווען פון דניאלס און דאַליס פרײַנד... וואָס קוקט איר מיך אָן? כ'רעד נאָך ניט פונעם בוידעם, איך טראַכט דאָ גאָרניט אויס און גיב דאָ גאָרנישט ניט צו. איר טאַטע איז אַ פּראָפעסאָר פון מאַרקס־לענינס תורה. די דיסערטאַציע האָבן אים געשריבן יענע, פון די אַנעקדאָטן, די ראַבינאָ־וויטשעס. ער האָט נאָר מיט זײַן האַנט אַרויפגעשריבן: מיקאָלאַ טאַראַסאָוויטש אַנופּריִענקאָ. קלאָר? וועלן מיר גיין ווײַטער! די טאָכטער האָט אויך געוואָלט ווערן אַ באַלערינע, נאָר צו דער בינע האָט זי ניט געקאָנט דערטאַנצן און איז געוואָרן אַ פּיאָניר־וואָזשאַטע אין שול. און דער מאַן אירער? לויטן פּאַספּאָרט איז ער סרול, נאָר ער הייסט זיך רופן מיכאַיִל. דעם טאַטנס נאָמען האָט ער אויך געביטן פון ברוך־בער אויף פּאַרפען.

— ווי קומט ברוך־בער צו פּאַרפענען?

— אָט זעט איר דאָך! — רעדט עקיבא מיט גאַל און ביטול. — מיכאַיִל פּאַרפענאָוויטש! איר הערט כאָטש ווי ס'קלינגט פאַרן צאַרטן אַנטיסעמיטישן אויער? ממש ווי פון גלינקעס אָפּערע „איוואַן סוסאַנין”. שווערער איז מיכאַיִל פּאַרפענאָוויטשן אָנגעקומען מיט דער פּאַמיליע: חסיד! אַ פּאַמיליע וואָס

זאָגט גלײַך אויס פון חדר און קאָן נאָך דערצו אַרויסרופן חשד, אַז מ׳שטאַמט פון די חסידים.

— ווי אַזוי זשע האָט ער זיך דאָ אויסגעדרייט?

— פּאָרט אַ יידישער קאָפּ. צום „חסיד" האָט ער צוגעשטעלט דעם ענקאָ און ס׳איז געוואָרן כאַסידענקאָ! דאַרווין אַליין וואָלט שוין דאָ ניט געקאָנט דערגיין פון וואַנען אַזאַ באַשעפעניש שטאַמט.

— און די אויגן? — טוט שוין סטיסיע אַפילו אַ שמייכל.

— אָט מיט די אויגן איז אים טאָקע שלעכט...

— איז ער כאָטש אַ גוטער מאָלער?

— ער איז, מיכאַיל פּאַרפענאָוויטש, דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פונעם קינסטלער־פאַראיין.

— דניאל איז דען אַרײַנגעטראָטן אין דער פּאַרטיי? — פרעגט סטיסיע ווי פאַרלוירן.

— גאָט באַהיט! נאָר דער פּאַסטעך דאַרף האַלטן זײַן סטאַדע אויפן אויג. ער פלעגט קומען, דער כ אַ ו ו ע ר כאַסידענקאָ, און זיך קרימען ביז חלשות פון דניאלס בתּי־מדרשים, פונעם געהרגעטן קינד צווישן די צוויי ספר־תּורות, פון די בית־עלמינס מיט די אײַנגעפאַלענע מצבות אינעם ווילדגראָז. ווײַט פונעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם! מ׳דאַרף מאָלן דעם קאָמוניסט, דעם פאַר־געשריטענעם מענטשן פון אונדזער ליכטיקער סאָוועטישער עפּאָכע! דער גרויסער סטאַלין לערנט...

— מיינט איר אַז מיכאַיל פּאַרפענאָוויטש האָט דאָ אַ האַנט אין דניאלס און דאַליס אַרעסטן?

— סטיסיע, איך דאַרף זיך דאָ נאָך גרונטעווען און דערגראָבן? איך דאַרף דאָ נאָך גיין פאַלן אויפן סליד? אין סמערדיאַקאָווס קיניגרײַך האָט איטלעכער מורא פאַר זײַן אייגענעם שאָטן. איינער, שוין פונעם נײַעם מין, וואָס שטאַמט שוין אַפילו ניט פון דער מאַלפּע, נאָר פון דער סאַמע דעמאָ־קראַטישסטער קאָנסטיטוציע, אַזאַ איז די טעג געגאַנגען מסרן זײַן שאָטן, וואָס איז אַרײַן אין קלויסטער. אמת, נאָר מיטן קאָפּ, ווײַל די פיס זײַנען פאַרבליבן אויפן טראָטואַר... פון יענע, סטיסיע, וואָס האָבן געהאַט גרויסע, שטאַרקע נשמות, פון יענע זײַנען שוין פאַרבליבן גאָר גאָר ווינציק! דער שניי

פאַלט אונדז אויף מזל. וויקלט איַין דאָס קינד און קומט. מיר טאָרן זיך דאָ ניט פאַרהאַלטן אויף קיין איבעריקער רגע.

— טאָ ברענגט מיר נאָך אויף אַ מעת־לעת האָדאָוואַניע פאַרן קינד. איך פאָר מיט דעם שוין אַוועק.

— סטיסיע — טוען זיך אים אַ הייב אויף די וואַלדבערעמען און די אויגן ווערן אים מאָדנע גרוי־גרין. — סטיסיע, ווערט איר כאָטש ניט קיין פינצטערע כמאַרע פאַרן קינד. וואָס, איר ווילט אויך אַז דער צווייַג זאָל אָפּגעבראָכן ווערן?

פון זייַנע לעצטע ווערטער טוט זי ווידער אַ ציטער: פאַר די אויגן שטעלט זיך איר דער עלטער־זיידע אין דער נייַער קאַפּאָטע, דער דאַשיק אויפן זייַט. ער לייגט דעם נייַעם אויסגעשניצט־סוקעוואַטן שטעקן אויפן טיש. עפּעס אַזאַ דעמבענער שטעקן, אַז מ׳קאָן מיט אים דורברעכן אין מיטן ווינטער דעם אייַז אויפן טייַך.

— עקיבא, — טוט זי אים פלוצלינג אַ פרעג. — עקיבא, קאָנט איר מיר דערלערן, וואָס איז אַזוינס אַ חלום?

— אַ חלום, סטיסיע, קאָן זייַן אַ רוף פון ווייַטע דורות, און ס׳קאָן אויך זייַן אַ געשריי פון דער אייגענער נשמה.

און מער פרעגט זי ניט און מער זאָגט זי אים שוין גאָרניט, טוט זיך אָן, וויקלט איבער, האָדעוועט אָן פונעם פלעשעלע און פאַרוויקלט גוט דאָס קינד, — קיין קעלט זאָל זיך אין וועג צו דעם ניט דערקלייַבן, נעמט עס אויף די הענט און ביידע, עקיבא מיטן רוקזאַק אויף דער פּלייצע, מיט סטיסיעס שווערן דאָרפישן קאָשיק אין איין האַנט, אונטער דער צווייטער דעם אָרום־געבונדענעם לייַוונט, ווו זי, סטיסיע, שטייט בייַ דער שייַן פון דרייַ ליכט פאַרן אָפענעם אָרון־קודש, און פאַרלאָזן די שטוב. זיי דערקלייַבן זיך אַהין, צו יענעם שטיבל, וואָס בייַם אַלטן, שוין בייַ דעם האַלב חרוב געוואָרענעם יידישן בית־עלמין, ערשט צום סוף טאָג, שוין טאַקע ערב צופאַלן פון דער נאַכט.

און דער וועג אַהין, צום טהרה־שטיבל, שוין הינטער דער שטאָט, שוין ביַים טיפֿן טאָל, איבער די שנייען, וואָס ביַי דער פּראַסטיקער שקיעה ווערן זיי אַרומגעכאַפּט מיט אַ פֿיַיער־פֿינקלענדיקער קאָרע און ברעכן זיך מיט אַ קרישטאָלענעם, מיט אַן ערב־פֿרילינגדיקן קלאַנג אונטער די טריט, אָט יענעם אָנגעשנייטן וועג צום וויַיטן בית־עלמין־שטיבל מיטן קימפּעט־עופּעלע אויף די הענט, ביַי די סוף־ווינטערדיק־ייִאושדיקע ווינטן, וואָס יאָגן פֿון יענער זיַיט דניעפּער פֿון די פּאָלעסיער וועלדער, האָט געקאָנט ביַיקומען נאָר זי, סטיסיע.

קיין הײַזער זעט מען שוין אויך ניט. אַ זיסלעכער ריח פֿון געוויקטער מאָקוכע טראָגט זיך אַדורך פֿאַרביַי, און ערגעץ־ווו בילט אַ הונט פֿאַר נאַכט־צופֿאַלן. באַלד וועלן די ווינטן אויסלעשן די הימלען און מ׳וועט פֿאַרבליַיבן נאָר ביַי דער שיַין פֿון די שנייען.

עקיבא גייט איַינגעבויגן און פּרוּווט מיט די לעצטע כּוחות דורכשלאָגן פֿאַר סטיסיען מיטן קינד אַ שטעגל אין שניי. און זי, מיטן באַיאַרישן עקשנות, ניט נאָכלאָזן און ניט נאָכגעבן, קריכט ביז די קני אין די שנייען, דאָס קאָפּ־טיכל איז איר שוין פֿון לאַנג אַראָפּ צום נאַקן און די האָר ווערן באַדעקט מיט אַ געדיכטער וויַיסקייט, ווי זי וואָלט דאָ מיט אַ מאָל, אין איין שעה, אַלט געוואָרן.

זי גייט מיט אַ זיַיט — פֿאַרשטעלט מיט זיך דאָס קינד פֿון די פֿעלדווינטן, און אין די אויגן דער זעלביקער צאָרן און טרויער, ווי אין יענער נאַכט ווען זי האָט איר געהרגעט קינד געטראָגן פֿונעם אָרון־קודש צום אָפֿענעם פֿאַר־שנייטן קבר, ווו ס׳זיַינען געלעגן די פֿאַרקוילטע ביינער פֿון איר גרויסן חלום.

נאָר איצטער טראָגט זי אויף אירע הענט איבער די שנייען צום הייליקן אָרט אַ לעבעדיק קינד. דער מומע ליבעס אייניקל וואָס זי, סטיסיע, מוז און

איז מחויב דאָ ניט נאָר פונעם פײַער אַרויסכאַפּן, נאָר זי דאַרף אויך דאָרטן, אין טהרה־שטיבל, ווערן בײַ עקיבאן אַ באַהעלפערין און אַ האַנט־איבער־נעמערין. אַזוי איז אויף איר גורל אויסגעפאַלן און אַזוי וויל איר מזל! וועט זי, סטיסיע, אין אָט דער געפערלעכער צײַט, ווו זי שטעלט אין קאָן ניט נאָר איר לעבן, נאָר אויך דאָס לעבן פון איר אייגן קינד, וואָס איז פאַרבליבן דאָרט אין דאָרף, איר חוב באַצאָלן.

זי, סטיסיע, וועט אין אָט דער דערנערדיקער שעה דעם שווערן עול פון זיך ניט אַראָפּוואַרפן. דערצו איז זי נאָך געבונדן מיט דער שליחות פונעם עלטער־זיידן: „פּאַר, סטיסיע, דאָרטן קאָן אָפּגעבראָכן ווערן אַ צווײַג”, וועט זי גיין, סטיסיע, מיטן קימפּעט־עופעלע איבער יסורים ווי איבער אָט די שנייען, וואָס מ׳קאָן זיי ניט אויסמײַדן און ניט אַרומגיין.

— מיר האָבן שוין איבערגעלעבט ווייטעג, — דערהערט זי עקיבאס קול, וואָס האָט זיך דעם גאַנצן וועג ניט געלאָזט הערן. — מיר האָבן שוין איבערגעלעבט ווייטעג און ווײ־חדשים און ווײ־יאָרן און גאַנצע ווײ־תקופות. מיר וועלן די־אָ צײַט אויך איבערלעבן!

— יאָ... אָבער פון יסורים קאָן מען פאַרווילדעווועט ווערן! ס׳איז נאָך ווײַט צו אײַער קיניגלעכן ווינטער־פּאַלאַץ?

— אָט גייען מיר פאַרבײַ יענעם אָרט ווו ביילים האָט כלומרשט דער־הרגעט אַנדריושקען און אַנגענומען פון אים בלוט אויף מצות, וועלן מיר שוין זײַן בײַם סוף פון וועג. — און ער גייט אָפּ פון איר אויף אַ פּאָר טריט, נעמט זיך ווידער שאַרן מיט די פאַרלאָטעטע פּוישטן דעם שניי ס׳זאָל איר זײַן גרינגער צו גיין, און זינגט דערבײַ צו:

יאָ דרוגאָי טאַקאָי סטראַני ניע זנאַיו,
גדיע טאַק וואָלנאַ דישעט טשעלאָוועק...*

און דאָ בלײַבט ער ווידער שטיין פאַר איר מיט דער פאַרפרוירענער באָרד, און די פאַרפרירטוויִקע וואָלדברעמען הענגען אים אַראָפּ איבער די צוגע־זשמורעטע אויגן:

* קיין אַנדער לאַנד אַזאַ איך ווייס ניט
ווו פרײַ אַזוי זאָל אָטעמען דער מענטש... (פון רוסיש).

— ער איז גערעכט, אַנרי באַרביוס, טויזנט מאָל גערעכט: סטאַלין — דאָס איז לעניין הײַנט! גאָלדענע ווערטער! מ׳דאַרף זיי מיט פײַער פאַר־שרײַבן אויף אַ שוואַרצן מאַרמאָרנעם שטיין פאַר דור־דורות... און אַז מאָרגן וועט הערשן אין נאָמען פונעם פּראָלעטאַריאַט סמערדיאַקאָוו דער דריטער, וועט ער אויך זײַן — לעניין הײַנט! און סמערדיאַקאָוו דער פערטער וועט אויך זײַן — לעניין הײַנט! הוי, אַ דאַמינאָ אין איינע צוויי הענט, די שפּיל איז מיר באַקענט...

זי ענטפערט אים ניט, עקיבאַן, הגם פאַר אַנרירן לענינס נאָמען איז זי נאָך גרייט צו שלאָגן זיך ביז בלוט. אָבער עקיבאס שטיין פאַר איר, ווי אַן אויסגעקלעפּטער פון שנײ, נאָר די צוגעזשמורעטע אויגן ברענען אים, מיטן רוקזאַק אויף דער אײַנגעבויגענער פּלייצע, מיטן שווערן קאַשיק עסנוואַרג — געבאַקנס און געבראָטנס — וואָס זי האָט געבראַכט פאַר דניאלן און דאַלין... עקיבאס שטיין מיטן לײַוונט אונטער דער פּאַכווע — דער אַרומגעוויקלטער פּאַפּיר איז אויף די ווינטן צעריסן געוואָרן און זי זעט זיך, סטיסיע, פאַרן אָפענעם אָרון־קודש, ווו ס׳איז געלעגן איר געהרגעט קינד, זרחל, בײַ די דרײַ ברענענדיקע ליכט און אויף דער ערד, אײַנגעקוטעט אין דער מומע ליבעס בורנעסל, זיצט דער דרײַצן־יאָריקער דניאלקע און קוקט אויף איר, אויף סטיסיען. ענטפערט זי אים ניט, עקיבאַן. דער לשון האָט איר אָפּגענומען: עקיבא איז דאָך הײַנט, אַחוץ דעם זקן, יצחק באַיאַר, דער גרעסטער בעל־נסיון אין דער משפחה. וואָס זאָל זי אים דאָ זאָגן אין אָט די שנייען ווו ס׳צינדן זיך די ערשטע שטערן; וואָס קאָן זי דאָ רעדן צו עקיבאַן אויף די אָפענע פעלדווינטן, אַז אויף אירע פאַרקליאַקנעטע הענט טראָגט זי דאָס ברעקעלע, דעם לעבעדיקן קימפּעט־יתומל, וואָס מ׳דאַרף עס פונעם טויט ראַטעווען, אויסבאַהאַלטן און פון אַ שלעכט אויג פאַרשטעלן. מיט אַוועלכע ווערטער קאָן זי דאָ איצטער קומען צו עקיבאַן, אַז זי, סטיסיע, דאַרף מיט אַזאַ מורא און פּחד טראָגן דאָס עופעלע צום בית־עלמין ווו מ׳וועט דאָרטן, אינעם טהרה־שטיבל, דאַרפן עס מלען, ווי דאָס האָבן געטאָן יידן פון דור־דורות, אין פאַרלויף פון זייער לאַנגער פאַרבלוטיקטער געשיכטע במשך פון פיר טויזנט יאָר.

און דערצו נאָך פאַרגעסט זי דאָ, סטיסיע, ניט נאָר אין עקיבאס רייד,

נאָר וועגן אַלץ און אַלעמען אין דער וועלט, ווײַל דאָס קינד, וואָס האָט ביז אַהער געוויגט זיך אויף אירע הענט איבער די שנייען, געקרימט די ליפּעלעך און נאָר פון מאָל צו מאָל געלאָזט זיך הערן, הייבט שוין אָן צו פאַרגיין זיך אין אַ געוויין — ס'איז שוין פון לאַנג צײַט געבן דעם עופּעלע עסן און ס'קער שוין געוויס אויך נאַס זײַן, — אויף אָט די טײַך־ און טאָל־ווינטן קאָן מען דאָס קינד צוקילן. מער פעלט ניט. טרעטן זיי שוין ווײַטער ביידע שווײַגנדיקע, אין דערשראָקענעם אײַלעניש, מיטן לעצטן אָטעם, מיטן איינעם געדאַנק און ווילן, וואָס גיכער אַרויס פון די ווינט־פּראָסטיקע ווײַסקייטן און אַרײַן צווישן פיר וואַרעמע ווענט און קאָנען איבערוויקלען און אָנקאָרמען דאָס קינד.

שפּעטער, שוין אין דעם אַמאָליקן טהרה־שטיבל מיט די צוויי לענגלעכע, אין דער וואַנט דורכגעהאַקטע, שמאָלע פענצטערלעך, וואָס איינס קוקט אַרויס צום הייליקן אָרט און דאָס צווייטע ווינקט צו דער לעבעדיקער וועלט; שוין דאָרטן, אין דעם אָנגעהייצטן שטיבל, ווו עקיבא לעבט אָפּגעזונדערט שוין באַלד דרײַ יאָר, נאָכן איבערלייגן און אָנהאָדעווען דאָס קינד, פאַלט זי אויך, סטיסיע, אויפן שמאָלן געלעגערל אויף דער געקווייטלט־ציצענער קאָלדרע.

נאָך אירע טעג דאָ אין שטאָט, נאָך יענעם חלשות פאַלן אַז מ'האָט צוגענומען אים, דניאלקען, און נאָכן דערוויסן זיך, אַז מ'האָט אויך דאָלין, די געווינערין, די פאַרטראָגענע אין היץ, פון קימפּעט־שפּיטאָל אויף אַ נאָסילקע אַרויסגעטראָגן, און איצטער, נאָכן לויפן מיטן קינד אַהער־צו איבער די שנייען, פאַלט זי, סטיסיע, אויפן שמאָלן געלעגערל און ווערט ניט אַזוי אײַנגעשלאָפן ווי אַרײַנגעוואָרפן אין פאַרגעסנקייט.

און דאָך, שוין אַרײַנפאַלנדיק אַהין, דערהערט זי ווי עמעצער גייט פון שטיבל אַרויס. ווערן איר מיט גוואַלד אויף אַ רגע די אויגן אויפגעריסן און אין אירע שוואַרצאַפּלען ווערט אין אָט דער רגע אָפּגעשפּיגלט יענע בלאָנדע, וואָס איז אין יענעם שניי־שיטנדיקן, ערב־ווינטערדיקן פאַרטאָג, אין מיטן שטוב, צווישן דעם קאַליקע, אָלעס לעוואַדען, און דעם גלח, אויף די קני געשטאַנען און זיך מתוודה געווען.

— ווער איז דאָ געווען? — טוט זי זיך אַ הייב פונעם שמאָלן געלעגערל און טוט זיך אַ וואָרף מיט צעשפּרייטע הענט צום רויק־שלאָפנדיקן קינד,

ווי מ׳וואָלט עס געדאַרפט פאַרשטעלן פון אַן אומדערוואַרטער סכנה. — ווער איז דאָ געווען?

— גאָט איז מיט אײַך, סטיסיע, — פאַרשטייט ניט עקיבא איר אויפכאַפּן זיך מיט אַזאַ בהלהדיק־דערשראָקענעם פּנים. — דאָס איז איוועס אַ שכנה. אַ געוועזענע מאַנאַשקע. אין די נעכט שפּילט זי סקריאַבינען און בײַ טאָג האָדעוועט זי בײַם וולאַדימירער סאָבאָר די טויבן.

— און וואָס האָט זי דאָ געטאָן?

— איך האָב זי געבעטן קויפן פאַרן קינד אַ בלאָ־אַטלעסענע קאָלדרעלע. פאַר אַ ייִנגעלע, זאָגט מען, פּאַסט בעסער אַ בלאָער קאָליר. אָט וועלן מיר באַלד אַ קוק געבן! — נאָר בײַם צעוויקלען פאַלט אַרויס נאָך אַ צונויפגעגראָלעט פּעקל. — זעט נאָר, דאָס איז דאָך די אַלטע רויטע בהמה מיטן אָפּגעבראָכענעם האָרן און... אויך יענעמס, אַדריאַנס, פּיִערדיקע רינגען. די מאַנאַשקע האָט פשוט אײַנגעשטעלט איר לעבן. זי האָט געעפנט די פאַר־קלאַפּטע טיר וואָס פירט פון איר קאַמער אין איוועס צימער. בײַ הײַנטיקן טאָג איז עס שוין מסירת־נפש! זי האָט אַרויסגענומען די צוויי בילדער און זיי געבראַכט אַהער. אַזעלכעס קאָן אין סמערדיאַקאָווס קיניגרײַך פאַררעכנט ווערן ווי דער אַכטער וווּנדער אין דער וועלט. מ׳דאַרף נאָר די בילדער גלײַך פאַרשטעקן אויפן בית־החיים. כ׳וועל זיי גוט אײַנוויקלען און זיי אַרײַנלייגן אין נתן לאַנדעס ז״ל האַלב־אײַנגעפאַלענעם אוהל. כ׳וועל אַהין גיין פון אַן אַנדער זײַט, פונעם יאַר, ס׳זאָל פון דאַנען ניט פירן אַהין קיין סליד איבערן שניי.

נאָך עקיבאס אַוועקגיין מיט די פאַרוויקלט־צונויפגעראָלעטע בילדער צום בית־עלמין, באַשטאַטן זיי דאָרטן אינעם אוהל פונעם קדוש, פונעם דיין נתן לאַנדע, וואָס איז געהרגעט געוואָרן אינעם טלית בעתן רעדן פונעם וואָגן צו די באָיאַרס, וואָס זײַנען געשטאַנען דעמאָלטן ווי אַ שוואַרצע כמאַרע פאַר די ווענט פון ניקאָלײַ דעם צווייטנס תּפיסה... נאָך עקיבאס אַרויסגיין, הגם אויף קיין האָר ניט באַרויִקט געוואָרן פון די רייד וועגן דער מאַנאַשקע, גייט זי פּאַרט אָפּ, סטיסיע, פון דעם רויִק־שלאָפנדיקן קינד, לייגט זיך צוריק אויף דער געקווייטלט־ציצענער קאָלדרע און פאַרשטעלט זיך מיט די הענט די אויגן פונעם לעבעדיק־טראַסקענדיקן פײַער אין דער הרובע: האָט זיך איר

יענע, די בלאָנדע, פלוצלינג דאָ געחלומט, צי זי איז טאַקע נאָר וואָס געווען דאָ זיראַ־זירקאָס שוועסטער־ווײַב, וואָס האָט אויך געשאָסן אין איר ברודער־מאַן, אינעם אַטאַמאַן, וואָס האָט מיט צוויעכעס צוגעקלאַפּט דעם אַלטן רב בײַ די שׂרפה־פײַערן צום לינדנבוים. און פאַר וואָס האָט זיך איר, סטיסיען, ביז אַהער קיין איין מאָל ניט געחלומט יענע בלאָנדע, וואָס האָט געהאַט פון איר ברודער אַ קינד און באַלד נאָכן האָבן אַליין עס אַוועקגעפירט אין ווינטערדיקן וואַלד אַרײַן און עס אַרויסגעוואָרפן דאָרטן פאַר די וועלף?

## יב

און דאָ דערפֿילט זי, סטיסיע, מיט אַ מאָל אַ קעלט — אַ ווינט איז אין שטיבל אַרײַן. אַ פּנים אַז עקיבא האָט זיך שוין אומגעקערט, שוין באַשטאַט דאָרטן אויפֿן הייליקן אָרט די צוויי לײַוונטן, וואָס די מאַנאַשקע האָט אַהער געבראַכט צו טראָגן. ער טרייסלט דעם שניי פֿון זיך און וואַרפֿט אויפֿן פֿײַער די סאָסנאָווע קאָרטשעס, וואָס ליגן בײַ דער הרובע — הייבט אָן נאָך שטאַרקער צו שמעקן מיט דעם געמישטן זיס־ביטערן ריח פֿון סטעלניק מיט סמאָלע.

אפשר גאָר זיך אויפֿהייבן, — פֿאַרמאַכט זי נאָך שטאַרקער די אויגן פֿונעם גרעסערן פֿײַער, וואָס כאַפּט אַרום די גאָלדפֿאַרביקע וואָרצלען. — אפשר נעמען דאָס קימפּעט־עופעלע, און שוין אַוועקפֿאָרן אַהיים. דאָרטן איז דאָך אויך דניאלס קינד, איר קינד, איר טרייסט, איר האָפֿענונג, איר טרויער. זי טאָר גאָר ניט, סטיסיע, אין אַ צײַט ווען די ערד שפּאַלט זיך אונטער די פֿיס, לאָזן זיך גיין איבער אַ דראָט! אַוודאי האָט יענע בלאָנדע ניט געקאָנט קומען אַהער אין דעם געשטאַלט פֿון אַ מאָנאַשקע, יענע איז שוין פֿון לאַנג ניטאָ צווישן די לעבעדיקע. יענע בלאָנדע האָט דער קאַליקע, אָלעס לעוואַדע, געוויס דעמאָלט דעריאָגט און דעם רעטער אירן, וואָס אין דעם ווײַסן פּעלץ, אין דער גרוי־קאַראַקולנער פּאַפּאַכע מיטן רויטן ווערך, אויפֿן אָרט געשאָסן און זי, די בלאָנדע, האָט ער געוויס געהייסן, אָלעס לעוואַדע, צום קלויסטער ברענגען, אויף די קני זי אַוועקשטעלן, זאָל זי זיך צלמען, און דערנאָך אין פֿעלד זי אַרויסגעפֿירט און בײַ די טאָלן, ווו די וועלף וויען, אין די שנייען, זײַן, אָלעס לעוואַדעס, פּסק־דין אויסגעפֿילט.

אַוודאי האָט יענע בלאָנדע, אין דעם געשטאַלט פֿון אַ מאָנאַשקע, שוין ניט געקאָנט קומען אַהער, אָבער פֿאַר וואָס האָט זי גראָד איצט, בײַם בית־עלמין, פֿאַר מל־זײַן דאָס קינד, זיך איר דאָ פּלוצעם, סטיסיען, געחלומט?

— האָסטו גאָר ניט מורא, ייִדענע, שטעלן זיך דיר גאָר ניט די האָר קאַפּויער? דו ליגסט דאָך אויף דער מיטה, וואָס מ׳פלעגט מיט איר טראָגן מתים! פון אָט דער מיטה, ייִדענע, גייט נאָר איין וועג, און נאָר פון דאַנען אַהין־צו, וווּ די וועלט ווערט פאַרשלאָסן, וווּ בלע המוות לנצח. ביי אָט דער שוואַרצער מיטה, ייִדענע, פלעג איך דאָך מאַכן מלאָס, אָפּזאָגן די מתים פון זייערע ערטער, פאַרוווערן זיי קומען צווישן די לעבעדיקע... אַ מאָל, ייִדענע, אַ מאָל, פון קדמונים אָן, פלעגן מתים קומען זוכן אַ דעך וואָרעמקייט, אַ ברעקל ניגון צווישן די לעבעדיקע, און היינט, ייִדענע, לויפט איר זוכן אַ דעך וואָרעמקייט, אַ ברעקל לעבן אויפן בית־עולם, צו די מתים. אַ בראָך צו אייערע יאָרן!

— און צו אייערע? — הייבט זיך נאָך סטיסיע אַליין ניט אויף פון דעם שמאָלן געלעגערל. — און אויף אייערע יאָרן?

— אַ בראָך אויך צו מיינע. אַ בייזע מהומה אויך אויף מיינע יאָרן. שוין גוט? אָבער דאָס איז, ייִדענע, מיין געלעגער, אין אָט דער מיטה שלאָף איך, ס׳איז מיין אָרט. פאַרן אַנטשלאָפן ווערן שיק איך אַ קללה דער וועלט. דערנאָך זאָג איך נאָך זיך אַליין קדיש און פיל ווי די מיטה הייבט זיך אויף מיט מיר אויף וואַסערן און טראָגט מיך אַוועק איבער שווער־כוואַליענ־דיקע ימען, איבער ריזלדיקע טיפענישן, אַהין־צו ווו ס׳איז נאָך קיין הימלען ניטאָ, וווּ האָט געוווינט גאָט פאַר מעשה־בראשית, וווּ האָט ער געוווינט, שדי, אַז קיין הימלען זיינען נאָך ניט געווען? גאָט דאַרף מען זוכן ניט אין די הימלען, ניט אויף דעם כסא־הכבוד, ניט צווישן מלאכים מיט ווייסע פליגלען, נאָר אינעם תוהו־ובוהו... אינעם תוהו־ובוהו. אָט דאָרטן דאַרף מען זוכן דעם וואָס לעבט אייביק. דאָרטן אינעם...

שפּרינגט זי אויף, סטיסיע, און פרעגט ביי אים, ביי אַבושן, וואָס זי האָט אַ מאָל דאָרטן, ביי די ווענט פון דער תפיסה, פאַר זיין זידלען און שעלטן די באַיאָרס, אָנגעטאָן אים אַ זאַק אויפן קאָפּ און דערלאַנגט אַ פּאָר גוטע בוכענצעס אונטער דער זיבעטער ריפּ:

— און איר, — פרעגט זי אים מיט כעס. — און איר, און איר האָט ניט געהאָלפן מאַכן אָט דעם תוהו־ובוהו? איר זייט דאָך אינעם צוואַנציקסטן יאָר געגאַנגען צווישן די ייִנגלעך מיטן ברענענדיקן פאַקל אין דער נאַכט

און זיי געהאָלפן פאַרמאַכן בתּי־מדרשים. איר, אַבוש, דער חריף, דעם רבס זון, איר האָט דאָך דעמאָלט געהאַלטן דרשות קעגן אַלע ייִדישע יום־טובים, קעגן פּסח, קעגן שבועות, קעגן ראש־השנה און יום־כּיפּור, קעגן מילה.

— הע, ייִדענע, — שלאָגט ער איר איבער, דרייט זיך אויס מיטן רוקן צו דער ברענענדיקער הרובע און די ווײַסע רייפּעלעך אַרום זײַנע שוואַרץ־אַפּלען נעמען בליצן אויף איר. — הע, ייִדענע, דאָ פאַרשטייסטו שוין גאָרניט, כאָטש דו ביסט אַ וואָזשנע און דו האָסט געדאַוונט פונעם מאַרקסיסטישן און לעניניסטישן סידור דרײַ מאָל אַ טאָג און געשפּרונגען קדוש... קריך ניט אין די רייד אַרײַן! הער, ייִדענע, הער, איך האָב דורך זינד, דורך כּולו־חייב, געוואָלט ברענגען די וועלט צו קדושה. איך האָב זי געוואָלט דורך זינד אומקערן צוריק צו די יסודי־התּורה, צו גערעכטיקייט, צו חיבת־הקודש, איין מענטש דעם צווייטן זאָל קאָנען קוקן גלײַך אין די אויגן אַרײַן. איך האָב געוואָלט דורך זינד אַראָפּברענגען משיחן!.. אָבער ניט דורך בלוט און טרערן! פון אַזוי פיל בלוט און טרערן האָט נאָך ביז הײַנט די וועלט ניט געוווּסט. אַנטקעגן אָט דער ממשלת זדון, איז שוין דער צאַריזם געווען אַ ווײַס שעפּעלע. אויף ניקאָלײַ דעם צווייטנס טראָן זיצט שוין אַזאַ מערדער. און אָט דער מערדער געבערט נײַע מערדערס. יאָ, יאָ, ייִדענע, היטלער איז אַ כּשרער זונדל פון אײַער אַפּאָסטל, פון דעם, פאַר וועלכן איר פאַלט כּורעים און זינגט שבחים ותשבחות. וואַרט אַ ווײַלע, ייִדענע, נאָך איין וואָרט.

— אַ־האַ — פאַלט זי אים אַרײַן מיט אַ פאַרביסנקייט אין די רייד. — איר האָט זיך פאַר אײַער כּולו־חייב אַליין דערשראָקן! און איר וואָלט זיך דאָך באַדאַרפט גאָר פרייען! די וועלט איז דאָך שוין...

— ייִדענע, — שרײַט ער אויס און די ווײַסע רייפּעלעך נעמען זיך אים ווילד דרייען אַרום זײַנע שוואַרצאַפּלען. — ייִדענע, מײַן כּולו־חייב האָט גאָרניט צו טאָן מיט אומברענגען מענטשן, מיט פאַרגיסן בלוט. מײַן כּולו־חייב איז פון דעם ווײַט, ווי הימל פון דער ערד! מײַן כּולו־חייב, ייִדענע, האָט צו טאָן נאָר מיט זינד: מיט פאַרבײַגיין אַ ברכה, מיט אויסלעשן אַ ליכט אום שבת און נו, נו, מיט אַ ביס געבן אַ ברעקל בשׂר־קוויטש... אָבער מיט בלוט און טרערן? גאָט באַהיט מיך! משיח וועט קאָנען קומען אין אַ וועלט פון זינד, אָבער ניט אין אַ וועלט פון סדום. אין אַ וועלט פון רישעות קאָן ער ניט

קומען, ווײַל דאָס וואָלט געהייסן אַז דער אל־מלא־רחמים ווערט אַ שותּף צו די מעשׂים־תּעתּועים, צו דער גזלעוואַיסטווע, צו דער הפקרות. משיח וועט קיין מאָל ניט קומען אין אַ פאַרבלוטיקטער וועלט. קיין מאָל ניט! און אויב אַ פאַלשער משיח וועט קומען און וועט יאָ אויפשטעלן אויף דעם בלוט און ביינער אַ נײַעם גן־עדן אונטער דער זון, וועט אַזאַ קיניגרײַך קיין תּקומה ניט האָבן. אַזאַ קיניגרײַך פון צופרידענע און זאַטע וועט גיך צעבראָכן ווערן און אײַנפאַלן ווי די מויערן פון יריחו אויף אייביק. שווײַג ייִדענע, שטיל אײַן דײַן מענה־לשון! משיח איז ביז אַהער ניט געקומען ניט דערפאַר ווײַל די חוה האָט דאָרטן אַ ביס געטאָן פונעם עץ־הדעת, טיפּשות, אָט די מעשׂה איז פאַרטראָגן געוואָרן אין חומש פון דער פרעמד, פון די וואָס האָלטן דעם עץ־הדעת פאַר אַ חטא און די מעשׂה־קין האַלטן זיי פאַר אַ מיצווה. גאָט האָט לכתּחילה באַשאַפן דעם מענטשן מיט בינה און מיט דעת, בצלם־אלוקים האָט ער אים באַשאַפן דעם מענטשן. ניט דער עפּל איז דער חטא־הקדמון, טיפּשות. דער חטא־הקדמון איז קינס מאָרד! ייִדענע, כ׳האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אַז מײַן כּולו־חייב האָט צו טאָן מיט זינד, אָבער ניט מיט בלוט! דײַנע זינד, למשל, קאָנען יאָ העלפן אַראָפּברענגען משיחן. דײַנע זינד.

— וועלכע זינד מײַנע, — קאָכט זי אויף — וואָס בלינצלט איר אַזוי אויף מיר מיט אײַערע צעגליטע רייפּעלעך? וואָס, איר ווילט מיך מאַכן פאַר אַ שותּפטע?

— אַ גוזמא, ייִדענע, אַ גוזמא. דו קאָנסט ניט זײַן בײַ מיר קיין שותּפטע. דו קאָנסט ניט!

— פאַר וואָס?

— ווײַל איך, ייִדענע, זינדיק ניט צוליב זיך, נאָר צוליב דער טובה פון פאָלק ישׂראל, און דו זינדיקסט צוליב זיך. דו גיסט נאָך דײַנע תּאוות. דו האָסט דאָך געזינדיקט מיט דער מומע ליבעס ייִנגל ניט צוליבן פאָלק ישׂראל! דו האָסט דאָך געהאַט פון אים אַ קינד צוליב זיך... וואָס שווײַגסטו, פאַר וואָס האָט דיר ראַפּטעם דאָס לשון אָפּגענומען?

— אַלץ וואָס איר זאָגט, — רעדט זי קוים אַרויס — אַלץ וואָס איר טראַכט איצט וועגן מיר, ביטערער מענטש איינער, אַלצדינג איז פאַלש און ליגן! איר הערט?

— אַוודאי הער איך, — נעמט ער זיך רײַבן צופרידן די הענט. — אָבער אַ ברעקעלע אמת איז אפשר פאָרט פאַראַן אין מײַנע רייד? איך וועל ניט זאָגן, חלילה־וחס, אַז ס׳גייט בײַ דיר פונעם קאַלטן שׂכל, ניין, ניין, אַזעלכס וועל איך ניט זאָגן, גאָט באַהיט! כ׳וועל ניט זאָגן אַז דו נעמסט צו זיך דניאלס און דאָליס קינד... אָבער זײַ זיך מודה, אַז ערגעץ דאָרטן, טיף אין האַרצן... נו, גענוג אויף הײַנט!

— נו, ניין! — זאָגט זי צו אים שוין גאָר שטיל, נאָר מיט אַזאַ צאָרן, אַז ער פאַררוקט זיך פון דערשרעק אינעם ווינקל. — רעדט קלאָר, ניט פאַרשטעלט, אָן רעגן־בויגנס איבערן טײַך! זאָגט אָפן, אַז איך, די אַכט־און דרײַסיק־יאָריקע, די אויסגעלאַסענע, האָב אים דעמאָלטן פאַרפירט, דעם איין־און־צוואַנציק־יאָריקן, דניאלקען, אַז כ׳האָב אים דעם קאָפּ פאַרדרייט, פאַרשיכּורט, אײַנגעשלעפּערט לעם זיך, און געהאַט פון אים אַ ממזר — איר קול ווערט אַלע מאָל איבערגעריסן און ס׳ציטערן איר די הענט. — זאָגט, אַז סוף־כּל־סוף האָט זיך דניאלקע געכאַפּט, מיך אַוועקגעוואָרפן און חתונה געהאַט מיט עקיבאס טאָכטער, מיט דאָלין. — אויך די ליפּן ווערן איר שוין ווײַס: — זאָגט, ביטערער מענטש, זאָגט אַז איך בין אַפילו צופרידן וואָס מ׳האָט צוגענומען דניאלן. ניט מיר, ניט דיר! אַזוי, האַ? זאָגט זשע אַז ערגעץ דאָרטן, טיף אין מײַן האַרצן, אויפן סאַמע דנאָ, ווערט געשטילט סטיסיע, די באַליידיקטע פרוי!

— הע, הע, ייִדענע, — פאַרשטעלט ער זיך פון איר מיט ביידע הענט און די ביז אַהער זיך דרייענדיקע ווײַסע רייפעלעך אַרום די שוואַרצאַפּלען בלײַבן שטיין. — אַ גוזמא, אַ גוזמא. זאָל מיך גאָט שטראָפן אויב איך טראַכט אַזוי.

— אויף בלוט און ביינער, — שפּאַרט זי זיך אויך אַרײַן אַהין, אינעם ווינקל. — אויף בלוט און ביינער, זאָגט איר, קאָן משיח ניט קומען, נו, און אויף זינד, אויף פאַרדאָרבנקייט, אויף זנות, אויף געמיינקייט און בלאָטע, זאָגט מיר, קאָן ער יאָ קומען אײַער משיח?

און דאָ אַז זי האָט אים, אַבושן, ניט געקוקט אויף זײַן טיפן עלטער, פונעם טונקעלן ווינקל פאַר די הענט אַרויסגעשלעפּט, אים אַוועקגעשטעלט פאַרן פײַער פון דער הרובע, וואָס שלאָגט מיט די האָניק־ און פּעך־שמעקנדיקע

יאָדלע־וואָרצלען, געוואָלט אים ווי דעמאָלטן אָנטאָן אַ זאַק אויפן קאָפּ — און אַ זאַק איז פֿאַר אירע אויגן אונטער דער מיטה געלעגן — דאָ האָט זי דערפֿילט ווי מ׳טרייסלט זי פֿאַר די אַקסלען:

— געפֿונען אַ צײַט? סטיסיע, דאָס קינד ווײַנט דאָך. דאָס קינד! איך בין פֿון דער קעלט און קאָן צו דעם ניט צוגיין. און ס׳איז שוין אויך צײַט זיך נעמען צוגרייטן.

— צו וואָס און צו וועמען זיך גרייטן?

— דאָס קינד דאַרף מען צוגרייטן!

— אויף ווען?

— אויף הײַנט, אויף באַלד!

— אויף באַלד, בײַ נאַכט?

— יאָ, סטיסיע, בײַ נאַכט, בײַ נאַכט! און פֿאַר דרײַ ייִדן! נאָר פֿאַר דרײַ ייִדן. אַברהם אָבינו האָט אויף זײַן ברית קיין דרײַ ייִדן ניט געהאַט. אויף מײַן אייניקלס ברית וועלן דאָ באַלד זײַן אַלע אַכצן מיליאָן לעבעדיקע ייִדן פֿון דער גאָרער וועלט. חי! סטיסיע, חי מיליאָן ייִדן און אויך אַלע פֿאַרגאַנגענע דורות. פֿון אַזאַ ברית, סטיסיע, האָט נאָך די וועלט ניט געוווּסט. אַ ברית אָן דעם לעבעדיקן טאַטן און אָן דער לעבעדיקער מאַמען... סטיסיע, גרייט צו דאָס קינד און איך וועל דעקן דעם טיש. מירן פּראַווען אַזאַ סעודהלע...

אָבער ווײַטער הערט זי שוין ניט וואָס עקיבא רעדט צו איר, וואָס ער הייבט אָן רעדן מיט אַבושן פֿון וועגן דינים און מינהגים, זי לאָזט איבער דאָס קינד שרײַען און לויפֿט, אַפֿילו אָן אַ פֿאַטשיילע אויפֿן קאָפּ, אין דרויסן אַרויס.

און פֿון דאָרטן, פֿונעם שטיבל, איבער די פֿריש־אָנגעשאָטענע ערבֿ־פֿרילינגדיקע אויסגעשטערנטע שנייען, אויף די סוף־ווינטערדיק־ייִאושדיקע ווינטן, וואָס טראָגן פֿון די נאַכטיקע וועלדער אַ ווילד־אומרויִקן פֿילין־געשריי, בײַ דער אויפֿגייענדיקער רויטער לבֿנה, לויפֿט זי, סטיסיע, אויפֿן אַלטן בית־עלמין אַרויף, פֿאַלט צו צו דער ערשטער מצבֿה און ברעכט אויס אין אַ ביטערן געוויין, — אָבער אַ געוויין אָן אַ קול.

שוין יאָרן לאַנג ווי זי האָט אַזוי ניט געוויינט, סטיסיע באַיאַר. סײַדן

דעמאָלטן, ווען זי האָט געשאַרט מיט די הענט פונעם הייסן אַש פון דער מומע ליבעס אָפּגעברענטער כאַטע די פּאַרקוילטע ביינער פון איר גרויסן חלום, און שפּעטער ביים אָפּענעם אָרון־קודש, וווהין זי האָט אַרײַנגעלייגט איר געהרגעט קינד. און נאָך איין מאָל, נאָך פריִער, האָט זי אַזוי געוויינט, ווען מ׳האָט שימחהן געבראַכט אויף דער פור, שוין אַ האַלב טויטן, און ער האָט זיך נאָך אויפגעשטעלט, געוואָלט ביי איר מחילה־בעטן, אָבער געקאָנט אַרויסריידן נאָר: „סטי־סיע!..״ פונעם אויסגעשלאָגענעם אויג האָבן אים געגומען טריפן גרויסע קנײלעכדיק־בלוטיקע טרערן און ער איז געפאַלן.

זי האָט איצט אויך געוויינט, סטיסיע באַיאַר, אָן אַ קול און אָן ווערטער. זי האָט זיך פאַר קיינעם ניט געקלאָגט, ביי קיינעם גאָרנישט ניט געבעטן — איר געוויין פאַלט אין די שאָטנס, וואָס די לבנה צעוואַרפט צווישן די מצבה־שטיינער, צווישן די נאַקעטע בערעזעס, וואָס רוישן אויף די ערב־פרילינג־דיקע ווינטן.

זי וויינט, סטיסיע, אויף איר אייגענעם גורל, אויפן גורל פונעם קימפּעט־קינד, אויפן גורל פון דאַנין מיט דאָלין, אויפן גורל פון עקיבאן, אויף חרותעס און איוועס גורל, אויפן טרויער וואָס שטייט אין דער משפּחה נאָך די אַרויס־געריסענע פונעם לעבן. זי האָט אויך געוויינט אויפן גורל פונעם טיפן זקן, פון יצחק באַיאַר, וואָס גייט אין די פאַרנאַכטן אין וואַלד אַרײַן דאַוונען מינחה־מעריב און שרײַט דאָרטן צו די הימלען: „לא תרצח! דו הערסט, רבונו־של־עולם, וואָס איך, יצחק באַיאַר, זאָג דיר דאָ: לא תרצח! דו זאָלסט ניט הרגענען! געגוג, געגוג דיר!״ און אויך פאַלט אירע אַ טרער אויפן גורל פונעם פאַרביטערטן אַלטן אַבושן, וואָס ביים לייגן זיך שלאָפן שיקט ער דער וועלט אַ קללה, הייבט זיך דערנאָך אויף מיט דער מיטה און טראָגט זיך מיט איר איבער צעשטורעמטע וואַסערן אינעם תוהו־ובוהו זוכן אַ גאָט...

עקיבאַ איז שוין צוויי מאָל אַרויס, פאַר דער טיר זיך אַרומגעדרייט, — ער האָט יאָ געהערט סטיסיעס געוויין און געטראַכט, אַז אויך אָט דער געוויין, ווי מלכּהס קלאָג אויף יענעם בית־עולם, דאַרף פאַרשריבן ווערן אינעם באַיאַר־פּינקס אויף דורות. ער האָט געוואָלט גיין, עקיבאַ, און צונעמען סטיסיען מיט גוואַלד פונעם קבר, אַרויספירן זי פונעם הייליקן אָרט, פון יענעם רויכיק־רויטן שײַן־געוויטער, וואָס שלאָגט פון דער לבנה, נאָר ער

איז ניט געגאַנגען, ווײַל ער האָט געוווּסט: דער געוויין פון אַ באַיאַר מוז אויסגעוויינט ווערן. ס'איז ניט אָפּצושטעלן, ווי ס'איז ניט אָפּצושטעלן דעם שלאַקסרעגן נאָך אַ פּאַרטריקעניש. און עקיבא גייט מיט צענומענע הענט צוריק אין טהרה־שטיבל אַרײַן.

נאָר אַז ער גייט שוין צום דריטן מאָל אַרויס — אַ שטילקייט שטייט איבערן בית־החיים, אָפּילו די ווינטן וויגן זיך פּאַרטײַעט־שווײַגנדיק אויף די בערעזעס, אויך דעם נאַכטגעשריי פון יענעם וואַלדפויגל איז שוין ניט צו הערן, נאָר פון די שנייען שפּריצן שטאַרקער פּאַרפּלאָמטע פונקען צו די שוואַרצע הייכן, דעמאָלטן לאָזט ער זיך צום בית־עלמין לויפן: סטיסיען דאַרף מען בײַ יענע קברים זוכן... ווי האָט ער גאָר געקאָנט אַזוי לאַנג זי לאָזן דאָרטן איינע אַליין אין די שנייען? אין אַזאַ נאַכט, אין דעם איינעם קאַפּטל, אָן אַ טיכל אויפן קאָפּ איז דאָך גרינג צו פּאַרפרוירן ווערן. גראָד אויפן בית־עלמין ציט דאָך אַזוי אַהין, צו דער רו־שטילקייט, צו דער ווײַסער אייביקייט.

— וווהין טראָגט עס אײַך? — שטעלט זי אים אָפּ בײַם טויער.

— ס'איז שוין אַלצדינג גרייט, סטיסיע, מיר וואַרטן נאָר אויף אײַך.

— און אַ נאָמען פאַרן קינד האָט איר שוין?

— ער וועט טראָגן דעם נאָמען פונעם ערשטן באַיאַר, וואָס האָט זיך באַזעצט אין די פּאָלעסיער וועלדער. ער וועט אויך הייסן עזרא!

— איז דאָס עקיבא, המשך צי גאָר אַ נײַ בלעטל? אַ נײַער עזרא אָבינו? און וואָס זאָגט אָבוש?

— אָבוש שווײַגט, כ'האָב אים געבעטן דרײַ טעג שווײַגן.

— און דעם לײַוונט האָט איר צעשניטן? וויפל פּעלישקעס זײַנען אַרויס?

— צוויי טוץ גרויסע און צוויי טוץ קליינע.

— און וויפל האָבן מיר וואַרעמע?

— אויך צוויי טוץ. און צוועלף וויקלשנורן.

— גרייט מיר צו דעם אײַזן, וועל איך אַלצדינג באַלד אויספּרעסן. — אין איר קול וואָלט שוין גאָר קיינער ניט געקאָנט דערקענען אַז עפּעס־וואָס איז מיט איר דאָ נאָר־וואָס אויפן בית־עלמין פּאַרגעקומען. הגם אַ דורכגע־פרוירענע ביזןביין, גייט זי צום שטיבל פּאַוואָליע, טראָט בײַ טראָט, אָן

אויסגעגלייַכטע, דעם קאָפּ נאָר אַ ביסל אָנגעבויגן, ווי שוין ווידער אינעם גורל־יאָך אַרײַן, שוין גרייט ווײַטער צו שלעפּן דעם אַקער און צו אַקערן דאָס לעבן, — שוין ניט פֿאַר זיך, נאָר פֿאַר זיי, פֿאַר די צוויי קינדער, פֿאַר אירס און פֿאַר דאָליס.

זי שפּאַנט שווער, סטיסיע, ווי באַרג־אַרויף, פֿאַרטראַכט, הייבט אַלע מאָל דעם קאָפּ, ווי געוואָלט דעם סוף פֿונעם ווײַטוועג דערזען, און ניט נאָר די טרוקן־האַרטע, די מיט ליסקע־פֿינקלענדיקע שנייען קרעכצן, נאָר אויך די פֿאַרפֿרוירענע ערד רופֿט זיך דאָרטן אָפּ אונטער אירע באַיאָר־עקשנותדיקע טריט.

די נאַכטשאָטנס ווערן געדיכטער, דער רויך־פֿלאַמיקער שײַן־געוויטער ווערט שטיל און שטילער, — די שקיעה פֿון דער זון דערגוססט אויף דער לבנה. און באַלד פֿאַלט זי, די נאַכטוואָגלעריין, שוין אַ ווײַסע, אויפֿן דנאָ פֿון אַ בלוי־גרינלעכער סאַזשלקע. עקיבא פֿאַרמאַכט אויף די צוויי שמאָלע פֿענצטערלעך די דרויסנדיקע לאָדנס און גייט נאָך סטיסיען אין טהרה־שטיבל אַרײַן, — פֿראַווען דאָרטן דעם ברית־מילה פֿון זײַן דאָליס קינד, פֿון זײַן אייניקל.

## יג

און שפּעטער, אין יענער נאַכט בײַם אַלטן אָנגעשנייטן בית־עלמין, ווו אין דעם טהרה־שטיבל הינטער די פאַרמאַכטע לאָדנס, בײַ זיבן ברענענדיקע ליכט, האָט מען אַרײַנגעבראַכט עקיבאס און דער מומע ליבעס אייניקל אינעם ברית פון אַברהם אָבינו, געגעבן דעם נאָמען עזראָ, נאָך יענעם ווײַטן זיידן, נאָך יענעם חידושימדיקן גאָלדשמיד, וואָס איז פאַר צײַטנס איבער אַ בלוט־בילבול אַנטלאָפן מיטן ווײַב, מיט דער קלוג־שיינער בת־שבען, פון די דײַטשלענדער, פאַרוואָגלט און פאַרוואָרפן געוואָרן אַהער־צו, אין די פּאַלעסיער וועלדער, זיך באַזעצט דאָ און געוואָרן דער פאָטער פונעם גרויסן שבט באָיאַר, — אין יענער נאַכט, ווען דער ברית איז געגאַנגען בײַ אַ מזומן ייִדן, מיטן „ואמר לך בדמיך חיי” האָט דעמאָלטן דאָרטן אין טורמע דעם קינדס טאַטע, דער מומע ליבעס זון, נאָכן נהרג־און צעממיתט ווערן, נאָך זיבן קײַלעכדיקע מעת־לעת ניט צומאַכן אויף אַ רגע קיין אויג, זיך סוף־כּל־סוף מודה געווען און אונטערגעשריבן אַז ער, דניאל באָיאַר, האָט געמאָלט די ייִדישע הילצערנע שטעטלעך מיט די שטרוי־און שינדל־דעכער, די בתּי־מדרשים, די הייליקע־ערטער, די פּאָגראָמען, די שׂרפות, די אויפגעשניטענע פּערענעס, און די פרום־בערדיקע פּויערים, וואָס האָבן באַגראָבן זײַן, דניאלקעס מאַמע, אַ לעבעדיקע, אינעם ערב־ווינטערדיקן פאַרטאָגיקן האָלד... יאָ, האָט ער זיך מודה געווען, דניאל באָיאַר, אָט די אַלע בילדער האָט ער געמאָלט אויף דער באַשטעלונג פון די צוויי אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטן נחמן בראַצלאַווער און ישׂראל סאַלאַנטער... — אין יענער נאַכט בײַם ווײַסן בית־הקברות, סטיסיע האָט שוין אויף אירע הענט אײַנגעשטילט און פאַרוויגט דאָס קינד; ר׳ אַבוש זיצט אויף דער מיטה און פאַרענדיקט דאָרטן אַליין דאָס פּלעשל בראָנפן, ער פאַרבײַסט נאָך אַלץ ניט, די ווײַסע רייפעלעך אַרום זײַנע שוואַרצאַפּלען ווערן אים וואָס ווײַטער רויטלעכער און זיי נעמען גיין אין אַ ראָד, — די אויגן גייען אים אַוועק אין אַ טאַנץ אַליין, אָן אים, אָן אַבושן.

דער ייִד, דער מוהל, שרעקט נאָך אַלץ און חידושט זי, סטיסיען, מיט זײַן אויסזען: סײַ זײַן וווּקס, סײַ זײַן ליכטיק־ווײַסע באָרד, דער עיקר זײַנע אויגן, וואָס דערמאָנען אַזוי אָן יענע, אין דער מומע ליבעס אויגן, וואָס האָבן אין אָן עת־צרה געטראָגן טרייסט און האָפענונג, געלינדערט און פאַרגרינגערט, מיטן שטאַרקן וואָרט אונטערגעהאַלטן און ניט געלאָזט פאַלן. אָט דער ייִד, דער מוהל, איז דאָך אויך אַזוי מסוכן ענלעך אויף איר עלטער־זיידן, אויף זרחלען, וואָס האָט זי פאַראַכטאָגן געשיקט אין שטאָט אַרײַן. אָט דער ייִד איז אויך אין אַ גײַער קאַפּאָטע און דער קאַשקעט, נאָכן טרינקען לחיים, איז בײַ אים אויף דער זײַט. און הגם זי ווייסט שוין, עקיבא האָט איר שוין דרײַ מאָל געזאָגט, אַז דער ייִד אַרבעט הינטער דער שטאָט אין אַ מיל, דאָך... דער ייִד זיצט פאַרנייגט דעם קאָפּ צום רעכטן אַקסל, ווי יצחק באָיאַר ווען ער הערט זיך צו צי ס'גייט נאָך ניט קיין נײַע גזירה. דערנאָך זעט זי אים, דעם ייִדן, האַלטן די ליכטיקע באָרד אין האַנט און זיך צוהערן מיט שמייכ־לענדיקע אויגן צו עקיבאס שפּילן אויפן פידל. ער שפּילט, עקיבא, שטיל, קוים וואָס ער רירט אָן די סטרונעס — דער ניגון גייט פון זייער ווײַט. און דאָ דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין לאָדן.

— ווער קאָן דאָס זײַן? — פרעגט סטיסיע בײַ עקיבאן מיט אַ פאַר־כמאַרעט געוואָרענעם פּנים ניט פון שרעק נאָר פון זאָרג. — ווען קאָן עס אין אַזאַ האַלבער נאַכט פאַרטראָגן אַהער?

— ווער קאָן גיין אין אַזאַ שפּעטער שעה צום בית־עולם קלאַפּן אין לאָדן אויב ניט זיי, סמערדיאַקאָווס אָפּריטשניקעס? — און עקיבא לעשט אויס די זיבן ליכט, פאַררוקט זיי אונטער דער מיטה, און מ'פאַרבלײַבט בײַ דער שײַן פונעם נאָפּטלעמפּל. — דאָס גייען זיי, סטיסיע, נאָך מײַן נשמה. שוין געקומען אויך מײַן צײַט. אַ לעבעדיקער דערלעבט זיך צו אַלץ. צווישן סמערדיאַקאָווס פינגער וועט אָפילו קיין פלוי ניט דורכשפּרינגען. — ער ראַמט אויף גיך פון טיש, פאַרשאַרט אין האַנט אַרײַן און וואַרפט די לעצטע סימנים פונעם ברית־מילה אויפן פײַער פונעם הרובקעלע, פאַרמאַכט גוט דאָס טירל אַז די פריילעך־באַגילדטע פײַערן פון די פּעכיקע יאָדלע־וואָרצלען זאָלן ניט שלאָגן איבערן שטיבל. — סטיסיע, ביז דאָס קינד וועט איבער־ווייטיקן דעם חיתוך, וועט איר איבערזײַן בײַ ר׳ מלך — ווײַזט איר עקיבא

אויפן מוהל. — דאָרטן, בײַ ר׳ מלך וועט אײַך גאָרנישט פעלן. מ׳וועט אײַך מיט אַלצדינג באַזאָרגן און העלפן פאַרפאָרן מיטן קינד אַהיים. דאָס קינד, סטיסיע, בלײַבט שוין איבער נאָר אויף אײַערע הענט. עפּעס אַ מאָדנע קלאַפּן! — און ער גייט עפֿענען די טיר.

נאָך עקיבאס אַרויסגיין, ווערט שוין סטיסיע גאָר צעטומלט. נאָך פֿריִער, שוין באַלד ווי מ׳האָט אָנגעקלאַפּט אין לאָדן, האָט זיך דער מוהל געגומען פאָר אירע אויגן בײַטן און זיך ענדערן. און איצטער, שוין בײַ דער שײַן פֿונעם לעמפּל, דערפילט זי ווי עפּעס קומט פאָר מיט איר ראיה: דעם ייִדן, דעם ר׳ מלך, אויף וועמען עקיבא ענטפערט זי דאָ איבער מיטן קינד, און צו וועמען זי וויל זיך ווענדן מיט אַ וואָרט, יענעם ייִדן מיט דער ליכטיק־ווײַסער באָרד ווי פֿון לבנה אויסגעשפּינט, יענעם ייִדן זעט זי שוין מער ניט. יענער ייִד, וואָס איז אַזוי ענלעך געווען אויף איר עלטער־זיידן, אויפֿן הונדערט־דרײַצן־יאָריקן זרחלען באָיאַר, יענעם ייִדן מיט דער מומע ליבעס אויגן, וואָס טראָגן טרייסט און האָפֿענונג, יענעם ייִדן אין דער נײַער קאַפּאָטע, מיטן קאַשקעט אויף דער זײַט, וואָס האָט געהאַלטן פאַרנייגט דעם קאָפּ צום רעכטן אַקסל, ווי יצחק באָיאַר, יענעם ייִדן מיטן מלאכדיקן פּנים, מיט די גוטע שמייכלענדיק־אָפֿענע גרויסע אויגן, וואָס האָבן זיך פֿריִער צוגעהערט צו עקיבאס שפּילן אויפֿן פידל, יענער ייִד, איז שוין מער ניטאָ פאָר אירע אויגן. אַנטקעגן איר אויף דער באַנק, זיצט אַ טאָג־טעגלעכער, אַ געוויינטלעכער ייִד מיט אַ צעקנייטשטער געלער באָרד — די געלע באָרד האָט סטיסיען גאָר געפּלעפּט — אין אַ וואָכעדיק רעקל, אַרומגעבונדן מיט אַ געקניפּט שטריקל, די כאַלעוועס פֿון די שטיוול פאַרמעליקט, און די אויגן זײַנען בײַ אָט דעם ר׳ מלכן גאָר קלײנינקע. האָט זי שפּעטער זיך געפּרוווט וועגן דעם אַ רעד טאָן מיט עקיבאן, נאָר יענער האָט אויף אירע רייד געקנייטשט מיט די אַקסלען:

— אַ ליכטיק־ווײַסע באָרד, זאָגט איר? ניין, סטיסיע, ס׳האָט זיך אײַך אויסגעוויזן. בײַ ר׳ מלכן, וויפֿל איך קען אים, שוין באַלד צוויי יאָר, איז אַ געלע באָרד. און ער איז געווען, זאָגט איר, אָנגעטאָן אין אַ נײַער קאַפּאָטע? ניין, סטיסיע, אין אָט דעם הילוך איז ער געקומען אַהער. איר זײַט מיד, סטיסיע, איר דאַרפֿט זיך אויסרוען.

האָט זי זיך מיט עקיבאן ניט געשטעלט שפּאַרן. זיך אַפילו פֿאַרשעמט פֿאַר אירע אויסדאַכטעניש̈ן, דאָך, אַז אַבוש האָט זיך פֿון דער מיטה אויפגעהויבן און צווישן הרובע און דער וואַנט דאָס אויסגעלייזדיקטע בראָנפֿן־פֿלעשל אַרײַנגעשטעלט, האָט זי אויך בײַ אים פֿון וועגן דעם מוהל געפֿרעגט. האָט אויך ער, אַבוש, אַן ערך איר געזאָגט דאָס זעלביקע, וואָס פֿריִער האָט איר געזאָגט עקיבא. אַקוראַט ווייסט ער ניט, אַבוש, ווער דער געלער מלך איז, ער קאָן איר אויך ניט זאָגן ווען און פֿון וואַנען ער קומט אויף דער מיל, נאָר אַרבעטן אַרבעט ער דאָרטן שווער בײַ די מילשטיינער. און אַבוש האָט נאָך צוגעגעבן:

— דער געלער מלך איז אַ פּראָסטער ייִד. אַ הדיוט!

און ווײַטער איז שוין גאָר געווען ניט צו באַנעמען, ניט צו פֿאַרשטיין און ניט צו פֿאַרשטעלן זיך: אין טהרה־שטיבל איז אַרײַן איינער אין פּענסנע, אין ווײַס־פּילצענע פּוישטן מיט גלאַנציקע קאַלאָשן אויף רויטן אונטערשלאַק, אין אַ מאַנטל מיט אַ פֿוטערנעם שאַלקאַלנער, אין אַ פֿוטערנעם לאַפּנהיטל, — אַלץ איז אויף אים געווען צו גרויס, ווי פֿון פֿרעמדע אַקסל.

דער אַרײַנגעקומענער איז בײַם שוועל געבליבן שטיין, ווײַל ווי נאָר פֿון דער קעלט אין דער וואַרעמקייט אַרײַן, אַזוי זײַנען בײַ אים די פּירקאַנטיקע גראָבע גלעזלעך פֿאַרשוויצט געוואָרן און דער מענטש האָט שוין ווײַטער ניט געזען וווהין צו שטעלן אַ טראָט. האָט ער די פּענסנע געוואָלט אויסווישן, זײַנען זיי אים גאָר אַראָפּגעפֿאַלן און אויפֿן שוואַרצן שנירל געבליבן הענגען.

אָן די פּענסנע ווערט דעם אַרײַנגעקומענעמס פּנים נאָך לענגלעכער, נאָך דערשראָקענער, נאָך אויסגעמאָגערטער. ער שטייט מיט די אַראָפּהענגענדיקע פּענסנע אויפֿן שוואַרצן שנירל בײַם שוועל, לייגט איבער פֿון איין האַנט אין דער צווייטער דעם שווערן יאַמשן־שטעקן, וואָס הערט ניט אויף צו ציטערן און צו טרייסלען זיך אין זײַנע הענט. זאָגט צו אים עקיבא:

— טוט זיך אויס, איליאַ איליטש, און לאָמיר הערן פֿון אײַך אַ קלאָרן, אַ לעבעדיקן וואָרט. ניין, ס׳איז אומגלייבלעך, ס׳איז טאַקע פּשוט ניט אויסצומאָלן זיך. גאַנצע דרײַ מינוט האָב איך אײַך ניט געוואָלט גלייבן, אַז דאָס זײַט איר!

ערשט אַצינד, דערהערט דעם נאָמען פֿון יענעם, וואָס שטייט בײַ דער

טיר, מיט די פֿאַרלוירן־פֿינטלענדיקע אויגן, מיט דעם זיך טרייסלענדיקן שטעקן אין די הענט, הייבט זי דאָ אָן, סטיסיע, צו אָנשטויסן זיך, אַז אין טהרה־שטיבל געפֿינט זיך אויך דער פּראָפֿעסאָר רמז. דורך אַוועלכע וועגן און דורך אַוועלכע גאָטס נסים ונפֿלאות האָט ער, דער פּראָפֿעסאָר רמז, וואָס איז פֿאַראַכטאָגן אַרעסטירט געוואָרן, זיך געקאָנט פּלוצלינג אַהער־צו אַרײַנ־שטעלן? ס'איז נאָך קיין איין מאָל ניט געשען, קיין איין מאָל האָט נאָך ניט געטראָפֿן, אַז עמעצער, סײַ אַ לעבעדיקער, סײַ אַ טויטער, זאָל זיך פֿון דאָרטן אומקערן... אָבער יענער שטייט דאָך פֿאָרט פֿאַר אירע אויגן בײַ דער שוועל.

איר, סטיסיען, האָט זיך אפֿשר פֿריִער געקאָנט אויסווײַזן און אויסדאַכטן אַז דער מיליִיד ר' מלך טראָגט אַ ליכטיק־ווײַסע באָרד, פֿאַרמאָגט דער מומע ליבעס גוטע און טרויעריקע אויגן, אַז ער פֿאַרנייגט דעם קאָפּ צום אַקסל ווי יצחק באָיאַר און אַז ער, ר' מלך, איז ווי צוויי טראָפּן וואַסער געראָטן אין איר עלטער־זיידן, ר' זרחלען. גוט, זאָל זײַן אַז פֿריִער האָבן זיך די פֿאַרבן און קאָלירן געמישט און געפּלאָנטערט אין אירע אויגן; זאָל זײַן אַז דאָ, בײַם בית־עלמין, אינעם טהרה־שטיבל, האָבן זיך אַרומגעדרייט פֿאַר איר אויך די אומגעקומענע און געשטאָרבענע באָיאַרס. אָבער איצטער? נאָך איידער עקיבא האָט אָנגערופֿן דעם אַרײַנגעקומענעם בײַם נאָמען האָט זיך איר אויסגעדאַכט אַז בײַם שוועל שטייט יענער, וואָס איז אַ מאָל געפֿאַלן איוועץ צו די פֿיס, געשווירן מיט טרערן אין די אויגן, אַז ער איז גרייט צו גיין פֿאַר איר אין אַלע פֿײַערן, נאָר אַז ס'האָט געשלאָגן איר נסיונדיקע שעה, האָט ער זי, איוועץ, איבערגעלאָזט איינע אַליין מיט די אויסגעצויגענע הענט אין דער לופֿטן... שוין באַלד בײַ זײַן אַרײַנגיין, שוין לויט די קורץ־ראיהדיקע רעטעניש־אויגן, באַזונדערס לויט די אַראָפּהענגענדיקע פּענסנע אויפֿן שוואַרצן שנירל, האָט ער איר אויסגעזען צו זײַן ביז גאָר קענטלעך. דאָך און פֿאָרט, ווען עקיבא רופֿט אים ניט אָן בײַם נאָמען, וואָלט זי אים קיין מאָל אין לעבן ניט דערקענט, — אָן יענער שײנער שוואַרצער באָרד איז אים, רמזן גאָר ניט צו דערקענען: אָט דער איינער, וואָס שטייט איצט אין טהרה־שטיבל בײַ דער שוועל, איז ניט מער ווי אַ געשפּענסט, ווי אַ שאָטן פֿון יענעם רמזן — מ'קאָן זיך קוים אָנשטויסן.

און אַז דער פּראָפֿעסאָר רמז האָט פֿון זיך דעם טונקל־מאָרענגע מאַנטל

מיטן פוטערנעם שאַלקאַלנער אַראָפּגענומען און פאַרבליבן אינעם אומעטיק־שעוויאַטענעם קאָסטיום, האָט עקיבא שוין פון שרעק און ווייטיק אונטער־געהויבן די אַקסלען:

— אָט דאָס מאַכן זיי פון אַ מענטשן פאַר איינע אַכט טאָג? אַלצדינג הענגט דאָך אויף אײַך. אוי, אָט די סמערדיאַקאָווטשטשינע, — כאַפּט ער זיך אָן פאַרן קאָפּ. — אָט די סמערדיאַקאָווטשטשינע איז אַ גרויסער גזר! די סמערדיאַקאָווטשטשינע איז אַ פּאַטאַלאָגישער צייכן פון אונדזער צײַט. דער סמערדיאַקאָוויזם כאַפּט שוין אַרום די גרעסטע טייל פון דער מענטשהייט אין דער גאַנצער וועלט. און ער וואַקסט, דער סמערדיאַקאָוויזם, פון טאָג צו טאָג, פון שעה צו שעה! ווער איז דען היטלער, וואָס איז אַזוינס נאַציזם? אַ ניט פאַרשטעלטער באָלשעוויזם! יאָ, יאָ, סטיסיע, קוקט ניט אויף מיר מיט אַזעלכע אויגן, גייט ניט אַרויס פון די האַלאַבליעס! דער נאַציזם איז אַ ניט פאַרשטעלטער באָלשעוויזם! דער נאַציזם איז אַ באָלשעוויזם שוין אָן אַ ברעקל פײַגנבלעטל... גוט, סטיסיע, גוט, מער רעד איך וועגן דעם ניט. זעצט אײַך, איליאַ איליטש, לעם ר׳ אַבושן. אין מײַנע דעפּאַרטאַמענטן איז אַ ביסעלע ענגלעך. נאָר ווי פלעג זאָגן די מומע ליבע: אין ענגשאַפט אַבי אין ליבשאַפט. אָט גיב איך אײַך שוין אַ הייסע גלאָז טיי מיט צובײַסן, און דער־קלערט אונדז, איליאַ איליטש, ווי אַזוי איז עס געשען, וואָס זיי האָבן אײַך אַרויסגעלאָזט? ס׳לייגט זיך גאָרניט אויפן שׂכל! ווען איך דערזע ווי אַ מת קריכט פון אונטער דער מצבה פון קבר אַרויס, וואָלט עס מיך אַ סך ווינציקער איבערראַשט.

און בײַ אים, בײַם חריף, בײַ אַבושן, צעבלינצלען זיך די רייפעלעך אויף רמזעס פּנים, וואָס אָן דער באָרד, — יענע רײַכע באָרד האָט אים, אַבושן, אַלע יאָר אויפגעבראַכט, אויפגערייצט און דער עיקר געוועקט אין אים יענעם אין דער טיף פאַרטריבענעם געפיל פון קלענערקייט, פון פאַר־שאָטנטקייט. איצט איז בײַ אים, בײַ רמזן, אַ נאַקעטער פּנים, אַן אויסגע־צויגענער און מיט אַזאַ דינער הויט, אַז אויב ער זאָל אַפילו אין זײַן ווײַטער־דיקן לעבן קיין איין וואָרט ניט אַרויסברענגען, וועט מען שוין סײַ ווי קאָנען צווישן די קנייטשעלעך אַרײַנקוקן און זען די נשמה זײַנע. אָבער אַן שאָדנ־פרייד, אַפילו מיט גרויס מיטגעפיל און מיט אמתן באַדויער אויפן גרויסן היזק וואָס יענעמס פּנים האָט געליטן, רוקט ער זיך אָפּ, אַבוש, און מאַכט פאַר רמזן אַן אָרט לעם זיך אויף דער מיטה. און אַז יענער נעמט אַראָפּ פונעם קאָפּ דעם פוטערנעם יאַלעם און בלײַבט מיטן אָפּגעשוירענעם קײַ־לעכדיקן שאַרבן אונטערן שײַן פון דעם לעמפּל, טוט ער אַפילו, אַבוש, אַ שווערן קרעכץ. ס׳הייבט אים שוין אויך אָן צו אַרן למאַי ער האָט צוריק מיט אַ האַלב יאָר, בײַ איוועץ אין שטוב, אין אַ חילוקי־דעות, אין אַן אַמפּערניש, שאַרף אָנגערירט רמזעס כּבוד. אייגנטלעך האָט דאָך דעמאָלט יענער אַרויס־געזאָגט זײַנע, אַבושעס פאַרבאָרגנסטע געדאַנקען. צום שטאַרקסטן האָבן אים, אַבושן, גראָד אויפגעבראַכט די רייד, אַז שבתי צבי איז געווען גרויס דערמיט, וואָס ער האָט זיך אָפּגעשמדט. ניט פון שרעק פאַר יאָרן תּפיסה, — האָט דער פּראָפעסאָר רמז דעמאָלט אײַנגעטענהט מיט אים, מיט אַבושן, — ניט פון פּחד אַז מ׳וועט אים אָפּהאַקן דעם קאָפּ. אַ מענטש, וואָס האָט געקאָנט אויפרודערן אַ פאָלק, די אָנגעזעענסטע רבנים זײַנען גרייט געווען גיין נאָך אים, נאָך שבתי צבי, זיי האָבן נאָר געוואַרט אויף זײַנעם אַ ווונק. אַזאַ מענטש ווי שבתי צבי האָט ניט מורא פאַרן טויט. ניט די מורא פאַרן טויט האָט אים געבראַכט

צום איסלאַם. אַ ניין, ר' אַבוש, מיט זײַן שמדן זיך האָט שבתי צבי געזאָגט צום יידישן פאָלק: געגוג צו לעבן אין חלומות, געגוג צו וויגן זיך אויפן גאולה־שפּינוועבס...

אין טהרה־שטיבל שטייט באמת אַ טויטע שטילקייט, — ס׳הערט זיך נאָר ווי דאָס געמלעטע קינד טוט פון מאָל צו מאָל אין שלאָף ניט קיין כליפּע, נאָר אַ זיפץ פון אַ דערוואַקסענעם. קיינער טוט זיך ניט קיין ריר. פון דער ווײַטנס וואָלט מען געקאָנט מיינען אַז ניט קיין לעבעדיקע, נאָר טויט־פאַרגליווערטע זיצן דאָ בײַם פאַרשנייטן אַלטן בית־עלמין אין דער שפּעטער שעה פון דער נאַכט. מיט אָנגעשטעלטע אויערן און אָפענע מײַלער, מיט שאַרפער אומרויִקייט און מיט אָנגעגליטער אומגעדולדיקייט, שוין ביז גאָר אויפגערעגט, שוין מיט איבערגעטריקנטע גאָרגלען, שוין מיט אָפּגעשטעלטן אָטעם וואַרטן זיי אַלע, וואָס וועט דאָ דער נאַקעט־אַרומגעשוירענער פּראָ־פעסאָר רמז פון וועגן דעם בייז־ווונדער, פון וועגן זײַן יציאת־ענקאַוועדע דאָ דערציילן.

אָבער יענער פאַרעט זיך נאָך אַלץ מיטן אָנזאָטלען די פענסנע אויף די אויגן, וואָס זײַנען אים געוואָרן דאָ מיט אַ מאָל נאָך קורץ־ראיהדיקער און נאָך רעטעניש־פאַרשטעלטער. דערנאָך האָלט ער אין איין אונטערציִען און פאַר־ריכטן דעם געשפּרענקלטן שניפּס אונטערן ווײַסן קאָלנער און ווען סוף־כּל־סוף ער הייבט שוין יאָ אָן צו רעדן, קאָן מען פון זײַנע צעשאָטענע, צעבראָכן־געבראָקטע ווערטער, קוים אויפכאַפּן: שוין נאָך דעם ווי מ׳האָט אים, דעם פּראָפעסאָר רמז, אַראָפּגענומען די באָרד, אָפּגעשוירן דעם קאָפּ האָר, שוין געהאַלטן אים בײַם פאַרשיקן, נאָר פּלוצעם, בײַ נאַכט, שטייענדיק אויג־אויף־אויג מיט דניאלן, האָט מען אים פון דאָרט אַרויסגעפירט, אומגעקערט די זאַכן און די דאָקומענטן, זיך פאַר אים שטאַרק אַנטשולדיקט און אים גלײַך אָפּגעפירט אין קליניק אַרײַן, ווו איינעם פון די גדולים האָט מען באַדאַרפט מאַכן אַ ביז גאָר קאָמפּליצירטע אָפּעראַציע אויפן מאָגן. ערשט דעמאָלטן, ווען רמז דערמאָנט דניאלס נאָמען, צאַפּלט סטיסיע אויף:

— איר האָט דאָרט געזען דניאלקן?

— די ערשטע צוויי נעכט זײַנען מיר געווען מיט אים אין איין קאַמער.

— אין איין קאַמער? — דערפרייט זיך סטיסיע.

— אין דער קאַמער ווו ס׳קאַנען אַרײַן זעקס מענטשן, האָט מען אַרײַנגעשפּאַרט צוויי און צוואַנציק. דערצו נאָך איז די קאַמער אַזוי אָנגעהייצט, אַז מ׳ווערט דאָרט אָפּגעגאָסן מיט אַ גדיכטן שווייס, וואָס צעפרעסט דאָס לײַב. דער געזאַלצענער שווייס שטייט אין די אויגן. דו ווערסט באַדעקט מיט בלאָטערלעך. די פּאַראַשע איז כּסדר פאַרנומען און פונעם ריח קערט די גאַל.

— אָבער וואָס האָט ער אײַך דאָרטן, דניאלקע, געזאָגט? — וויל סטיסיע וואָס גיכער וויסן.

— איידער מ׳האָט אים גענומען אויפן פאַרהער האָט ער געטאַנצט און געזונגען. מ׳האָט געמיינט אַז ער איז אַראָפּ פונעם זינען.

— איר האָט אים געזאָגט אַז דאַלי האָט געהאַט? — מישט זיך דאָ אַרײַן עקיבא.

— יאָ, ווען ער האָט זיך דערוווּסט פון מיר אַז דאַלי האָט בשלום געהאַט אַ יינגל, האָט ער פון פרייד ניט געקאָנט זיך געפינען קיין אָרט.

— איך שטעל מיר עס פאָר! — נעמט אויף עקיבא אַרומלויפן איבערן שטיבל.

— און ווײַטער? — פרעגט סטיסיע.

— נאָר באַלד האָט מען אים גענומען צום אויספאָרשער. אויפן ערשטן פאַרהער.

— נו, און וואָס האָט אײַך דניאלקע דערציילט פונעם פאַרהער? — מאָנט און פאָדערט סטיסיע בײַ רמזן, וואָס ווערט ווידער אַנטשוויגן. — וואָס האָבן זיי פון אים דאָרטן געוואָלט, אין וואָס באַשולדיקן זיי אים?

— ער האָט גאָרנישט ניט דערציילט. מ׳האָט אים פאַרטאָג אַרײַנגעוואָרפן אין קאַמער אַ צעבלוטיקטן, אַ האַלב לעבעדיקן.

— און אויף דער צווייטער נאַכט? — האַלט סטיסיע קוים אײַן איר ווייגעשריי — וואָס איז דאָרטן געווען מיט דניאלקען אויף דער צווייטער נאַכט?

— אויף דער צווייטער נאַכט האָט מען אים אַרײַנגעוואָרפן אין קאַמער נאָך אין אַן ערגערן צושטאַנד.

— האָט ער אײַך טאַקע קיין איין וואָרט ניט געזאָגט? — שטייט צו סטיסיע.

— פאַר וואָס? נאָך דעם ווי איך האָב אים געבראַכט צו־זיך, האָט ער מיר דערציילט, אַז פאַר ניט וועלן אונטערשרײַבן האָט מען אים מיט געוואַלד אַנגעטאָן אַ משוגעים־העמדל, וואָס האָט אים צונויפגעקוועטשט אַזוי, אַז ער האָט געמיינט אַז אָט ווערן אים צעבראָכן די ביינער. און אַז דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן, האָט דער אויספאָרשער פלוצלינג אויפגעעפנט אַ טיר און ער האָט דערהערט דאָליס געשריי.

— דאָליס געשריי? — בלײַבט עקיבא שטיין. — דאָליס געשריי? — כאַפּט ער אַרויס זײַן טאַטנס, גבריאלס, ליולקע־ציבעק, וואָס דינט אים ווי אַ סגולה פון ניט אַרײַנפאַלן אין אַ שוואַרצן יִיאוש, קלאַפּט אָן מיט טוטין, וויל פאַררייכערן, נאָר דערמאָנט זיך אין דעם ברעקעלע, אינעם פאַריתומט געוואָרענעם אייניקל, וואָס זיפּצט פון שלאָף ווי אַ דערוואַקסענער, בײַסט ער, עקיבא, דעם האָרנביין: — און ווען, איליאַ איליטש, האָט איר זיך צום דריטן מאָל געזען מיט דניאלקען?

— צום דריטן מאָל? — נעמט רמז זיך ווידער פאַרען מיטן געשפּרענקלטן שניפּס.

קוקט אים עקיבא שאַרף אָן, דעם אַרומגעשווירענעם פּראָפעסאָר: — איר האָט דאָך געזאָגט אַז מ׳האָט אײַך געשטעלט אויג־אויף־אויג מיט דניאל־קען, וואָס האָט איר דאָרטן באַדאַרפט עדות זאָגן? מ׳האָט דאָך אײַך געפירט צופּאָטאָקעווען און צובאַמקען. פאַר וואָס שווײַגט איר, איליאַ איליטש? און מיט איוועון האָט מען אײַך אויך געשטעלט אויג־אויף־אויג? און מיט חרותן? און מיט מײַן דאָלין האָט מען אײַך אויך געשטעלט אויג־אויף־אויג?

— אַל תדון את חברך עד שתגיע למקומו! — דערהערט זיך, ענדלעך, אין דער טויט־געוואָרענער שטילקייט, רמזעס קול.

— אַ־האַ, — ווערט דער באַיאַר, עקיבא, אָנגעצונדן און אויפגעבראַכט. — אַל תדין את חברך, אַ־האַ, די מאָראַל פון באַדינגונגען? איצט פאַרשטיי איך צוליב וואָס איר האָט אַזוי פּרעציז און אַקוראַטנע און מיט אַלע פּליטער־לעך אויסדערציילט פון דער אָנגעהייצטער און אָנגעפּראָפּטער קאַמער, פון דער פּאַראַשע, וואָס קערט איבער די גאַל, פון דעם געזאָלצענעם שווייס וואָס צעפרעסט די אויגן און באַדעקט דאָס לײַב מיט בלאָטערן. געדאַרפט נאָך, איליאַ איליטש, צוגעבן, אַז מ׳האָט ניט געלאָזט שלאָפן, אַז מ׳האָט

געהאָדעוועט מיט הערינג און ניט געגעבן טרינקען. אַ־האַ, די מאָראַל פון באַדינגונגען! ס׳שטייט דאָך אָבער אויך אַל תעמד על דם רעך! דו זאָלסט זיך ניט שטעלן אויפן בלוט פון אַ מענטשן.

און דאָ שלאָגט סטיסיע איבער עקיבאן און זאָגט צום פּראָפעסאָר, צו רמזן, און דווקא שטיל:

— גאָרניט וועט אײַך ניט קאָנען רײנוואַשן און פאַרענטפערן. גראָד אין שווערע צײַטן, ווען ס׳ליגט דיר דער חלף אויפן האַלדז, טאָר מען ניט פאַרלירן אין זיך דעם מענטשן, פאַרקערט, גראָד אין ביטערע צײַטן דאַרף מען געפינען אין זיך דעם מענטש... אין שטילע צײַטן, פּראָפעסאָר, קאָן מען זיך אַרומדרייען איבערן לעבן אָן דעם מענטשן אין זיך. מ׳קאָן זיך אַרומדרייען אַ פאַרשטעלטער, אַ לײַטישער, אַ גוטער און נאָך האָבן דערפאַר אַ פולע טאָרבע כבוד... אין אונדזער משפּחה האָבן מיר ניט געהאַט קיין פּראָפעסאָרן. מיר האָבן געהאַט דעם שנײַדעריונג, דעם פערד־גנב, יאָנטלען, וואָס האָט זיך געלאָזט לעבעדיקערהייט באַגראָבן אין קעלער און איז ניט אײַנגעגאַנגען אויפן שמד. און יאָנטל האָט באַדאַרפט זיך נאָר אָפּטובלען, מער גאָרניט. וואָלט ער דאָך אויסגעמיטן דעם שרעקלעכן טויט. ער וואָלט פון אָפּטובלען זיך באַקומען דעם פריצעס שיינע טאָכטער פאַר אַ ווײַב, און ער וואָלט געוואָרן דער הערשער איבער מאַיאָנטקעס, איבער פעלדער און וועלדער. און מיר האָבן אויך געהאַט דעם אַרענדאַר, — רעדט ווײַטער סטיסיע שטיל — לוי־איסרן, וואָס האָט פּרײַטיק־צו־נאַכטס ניט געוואָלט טאַנצן פאַרן פּריץ, און דער פּאַן באָגושעווסקי האָט געהייסן אונטערצינדן די שטוב, די שטאַל... און לוי־איסר איז געשטאַנען מיט ווײַב און קינדער אויפן פּראָסט און געקוקט ווי זײַן האָב־און־גוטס גייט אַוועק אין דער נאַכט מיט פײַער. און גבריאל האָט געגעבן פערד־און־וואָגן פאַר חרותן, דערנאָך איז ער פאַר דעם געגאַנגען אין טורמע, זײַן הויף איז חרוב געוואָרן און אַליין איז ער געפאַלן. און די מומע ליבע האָט פאַרשטעלט מיט איר לײַב מײַן לעבן...

און דאָ דערהערט זיך:

— לכן בעל הרחמים יסתירם בסתר כנפיו לעולמים ויצרר בצרור החיים נשמותיהם.

און אויך דערזעט זי דאָ, סטיסיע, ווי ער, דער מיליױד, ר׳ מלך, וואָס

זיצט די גאַנצע צײַט פאַררוקט דאָרטן אינעם ווינקל צווישן דער הרובע און וואַנט, מיטן סידורל אין די הענט, ווי אַ זײַטיקער, ווי אַ פרעמדער, וואָס האָט שוין מער גאָרניט צו טאָן און צו זאָגן, דאָ דערזעט זי, סטיסיע, ווי יענער ייִד האָט זיך מיט אַ מאָל ווידער געענדערט: פונעם ווינקל לויכט אַרויס אַ ווײַס־שײַנענדיקע באָרד און ס׳קוקן אויף איר ווידער יענע טרייסטנ־דיקע אויגן, און אויך זעט זי קלאָר ווי דער גאַנצער ווינקל, פון דער ערד ביז דער סטעליע, ווערט אָנגעפילט מיט אַ בלענדנדיק ליכט. — עקיבא, — שרײַט זי אויס, — עקיבא, איר זעט? — ווײַזט זי אים מיט ביידע הענט אויפן ווינקל.

— וואָס זע איך? — פרעגט בײַ איר עקיבא. — ר׳ מלך זיצט בײַ דער הרובע און זאָגט תהילים. — און ער דרייט זיך אויס צו רמזן, — אויב מירן זיך שטיצן, איליאַ איליטש, אויף דער מאָראַל פון באַדינגונגען, דעמאָלט קאָן מען שוין ניט מישפטן די סמערדיאַקאָווס און זייערע משרתים, דעמאָלט קאָנען זיי דאָך אויך זאָגן אַל תדון את חברך. פאַר זיי האָט דאָך קיין שום ווערט ניט דער אַל תעמד על דם רעך! און וואָס וועט זײַן מיטן מענטש? און וואָס וועט זײַן, איליאַ איליטש, מיטן ותחסרהו מעט מאלהים? וואָס וועט דעמאָלטן ווערן, פראָפעסאָר, פונעם מענטשן? אויב מ׳זאָל אים לאָזן זיך אָנכאַפּן פאַר די הערנער פונעם נײַעם מזבח, פאַר דער מאָראַל פון די באַדינג־גונגען, האַ? דעמאָלט וועט דער מענטש פאַרלירן אין זיך דאָס געטלעכע און מגולגל ווערן אין אַ סמערדיאַקאָוו! אין אַ גרעסערן צי אין אַ קלענערן, דאָס איז שוין קיין חילוק ניט. זײַנען מיר טאַקע צוליב דעם געגאַנגען מיט אײַך, איליאַ איליטש, איבער אַזוי פיל פײַערן, איבער אַזוי פיל פאָלקס־אומגליקן, איבער אַזוי פיל וועגן מיט טרויער, אַז מיר זאָלן מיט אַ מאָל, צוליבן אייגן פעלעכל, אַרײַן אין דער ווילדער וועלט? האַ? און וואָס פאַר אַ ווערט קאָן האָבן דאָס נעבעכדיקע לעבנדל אין דער סמערדיאַקאָוו־וועלט? האַ?

און דאָ האָט זיך דער פראָפעסאָר רמז אויפגעהויבן פון דער מיטה, זײַן לענגלעך־בלאָוולעכער, זײַן נאַקעטער פנים, איז מיט אַ מאָל אָנגעגאָסן געוואָרן מיט אַ כעסדיקן פײַער, צוויי מאָל אַ קלאַפּ געטאָן מיטן קולעק איבערן טיש, אַרויפגערוקט אויפן קײַלעכדיקן קאָפּ דעם יאָלעם, געכאַפּט דעם מאַנטל מיטן פוטערנעם שאַלקאָלנער און אַרויסגעלאָפן פון טהרה־שטיבל.

און שוין גאָר אומדערוואַרט פֿאַר סטיסיען, איז אויך דער ייִד, ר׳ מלך, ווי מורא געהאַט צו איבערלאָזן דעם פּראָפֿעסאָר רמז איינעם אַליין אין דעם ווײַסן קאַלטן פֿאַרטאָג, אַרויס נאָך אים מיט אַ שווערן קרעכץ.

שטעלט זיך שוין אין שטיבל יענע געדיכטע טרויער־שטילקייט פֿון שיבֿעה־זיצן, ווו מ׳דאַרף שוין גאָר שווײַגן, ווײַל אַלע רייד ווערן נאָר טרעטן אויפֿן ווייטיק פֿון דער נשמה. אַבֿוש וואַרפֿט פֿון זיך אַראָפּ די קאַפּאָטע, די שטיוול, פֿאַרקריכט אונטערן שוואַרצן צודעק און ציט זיך אויס אויף דער מיטה אין זײַן גאַנצער לענג.

— אַ סך, אַ סך יאָרן — דערהערט זיך פּלוצעם, אין אָט דער שיבֿעה־שטילקייט, אַבֿושעס טרוקענער קול. — פֿון זינט כ׳בין צו מײַן אייגענעם שׂכל געקומען, האָב איך געהאַלטן אין איין צוקוקן ווי אין דער וועלט גייט אַ בלוטיקער געראַנגל צווישן גאָט און דעם שׂטן.

— נו, — שלאָגט אים איבער סטיסיע, — און דער שׂטן האָט געזיגט. איצט קאָנט איר זיך פֿרייען. איז אָוועלכן משיח ווארט איר מיר אַראָפּברענגען אויפֿן אייזעלע? דעם משיח בן־יוסף, צי דעם משיח בן־דוד?

ענטפֿערט ער ניט, אַבֿוש, אויף אירע רייד און רעדט זיך ווײַטער:

— האָב איך געגלייבט ניט נאָר מיטן שׂכל, נאָר זיך אויך סומך געווען אויפֿן האַרצן, וואָס איז פֿול מיט תּמימות, מיט פּשטנות, ווי אַ בטלן פֿון אונטערן אויוון. איך האָב געגלייבט, ווי מ׳גלייבט אין דער שײַן פֿון די אויגן, אין דעם ליכטיקן טאָג, אַז דער בורא־עולם וועט מנצח זײַן דעם שׂטן, וואָרעם ווי קאָן דאָס גאָר אַנדערש זײַן? האָב איך, אַבֿרהם־אַבֿוש, דער מיזערנער, דער קוצו של יוד, דער שפּליטער פֿונעם קליינשטעטלדיקן רבֿ, דעם בעל „ליקוטי תּחנונים״, געהאָפֿט און געוואַרט, געגלייבט צו דערלעבן דעם טאָג און זען ווי דער שׂטן וועט פֿאַלן אין בור תּחתּיות, אין גיא צלמוות. און דער בורא־עולם וועט אַרויסטראָגן די זון פֿון גערעכטיקייט אין דער וועלט, און זי וועט לויכטן און שײַנען און שוין מער ניט פֿאַרגיין. ס׳וועט שוין מער ניט זײַן קיין נאַכט פֿאַרן מענטשן, קיין חשכות, קיין געדיכטע פֿינצטערניש, וואָס מ׳זאָל זי קאָנען אָנטאַפּן מיט די הענט. אָבער איצט זע איך, אַז דער בורא־עולם איז אין דעם געראַנגל מיטן שׂטן געפֿאַלן און די ממשלה פֿונעם שׂטן צעשפּרייט זיך אַלץ ווײַטער און טיפֿער. ס׳שטעלט זיך אין דער וועלט

די אייביקע נאַכט. דער אייביקער פּחד. דער מענטש פֿאַלט אויף די קני! פֿונעם מענטשן ווערט אַ מענטשעלע. אַ שטיק ליים! און ס׳וועט שוין אַזוי גיין! דאָס מענטשעלע וועט שוין אַזוי אויף די קני קריכן ביזקל דעם גרויסן חורבן...

— גענוג צו סקוליען, — שלאָגט אים סטיסיע ווידער איבער. — מאַכט צו די אויגן און הייבט זיך אויף מיט אײַער מיטה אויף די מוטנע וואַסערן, אינעם תּוהו־ובוהו, און זוכט דאָרטן...

— יאָ, יאָ, ייִדענע, — לאָזט ער זי ניט דעררעדן, — נאָר דאָרטן אינעם קדמונישן תּוהו־ובוהו דאַרף מען זוכן דעם אין־סוף. נאָר דאָרטן! ווײַל דאָ, ייִדענע, אין אָט דעם פֿאַרשטונקן וועלטל, האָט זיך שוין דער סמך־מם מזווג געווען, זיך שוין צונויפֿגעשלאָפֿן מיט דער שטיינערנער אישה און זי האָט שוין געבוירן ניט קיין איינעם, נאָר צוויי אַרמילוסן... אויך פֿון דאָרטן, פֿון מערב, קומען אָן וויסטע און פֿינצטערע איוב־בשׂורות. יענער אַרמילוס, דער דײַטש, האָט זיך גאָר אויפֿגעהויבן צו פֿאַרשנײַדן און צו פֿאַרטיליקן דאָס ייִדישע פֿאָלק. ער גייט, יענער אַרמילוס...

— גענוג! — שרײַט אויס סטיסיע. — גענוג אײַך צו וואַרפֿן שוואַרצע נבואות!

און אַבוש ווערט אַנטשוויגן. סטיסיע שפּאַרט זיך צו לעם קינד און וויל כאַפּן אַ דרימל, ס׳קרייען שוין די דריטע הענער. עקיבא נעמט דאָס לעמפּל פֿון אונטער דער סטעליע, שטעלט עס אַוועק אויף דער טאַבורעטקע, וואָס צווישן דער הרובע און וואַנט, נעמט זיך דאָרטן פֿאַרלאַטען די פּוישטן און זינגט דערבײַ צו:

הוי, אָן אַ סוף, הוי, אָן אַ ברעג
שפּאַנט דער ייִד פֿון וועג צו וועג,
הוי, הוי! זיך אָנגעוואַנדערט,
הוי, הוי, זיך אָנגעוואַגלט!

הוי, ניט געשלאָפֿן, הוי, ניט גערוט,
דאָס האַרץ אין שטויב, די פֿיס אין בלוט,
הוי, הוי, דאָליע מײַנע, ווו ביסטו?
הוי, מזל מײַנער, ווו ביסטו?..

## טו

נאָך יענער נאַכט בײַם אַלטן בית־עלמין, ווו די זון־שקיעה האָט ביז אין דער ווײַטער שעה געגוססט אויף דער לבנה מיטן אָפּגעשלאָגענעם ראַנד, געוואָרפן פון דאָרטן פאַרפלאַמט־רויכיקע שאָטנס אויף דער ווײַסער ערד און זי, סטיסיע, האָט בײַ דעם אָנגעבויגן־פאַרווייעטן מצבה־שטיין אויסגעוויינט איר גרויסן געוויין אויף דורות — יענע עלנט־טרערן, וואָס זײַנען איר יאָרן געלעגן פאַרשטיינערט אויפן האַרצן, האָבן מיט אַ מאָל אין דעם משונהדיקן שײַן־געפּלאָנטער אויפגעזאָטן; נאָכן גרויסן געוויין בײַ דעם ווילד־אומרו‌יקן געשריי פונעם פּילין אין וואַלד, ווו מאָרגן וועלן פון די שניי־פאַרשאָטענע יאָדלעס אָנהייבן פאַלן לענגלעך־פינקלענדיקע טראָפּנס אינעם פרימאָרגן פונעם יאָר, — אין פרילינג אַרײַן; נאָך יענער ברית־נאַכט אין דעם טהרה־שטיבל, איז זי אַרויסגעפאָרן, סטיסיע, מיטן קינד און מיט אַ צעגליטער נשמה פון דער שטאָט צו זיך אין דאָרף אַרײַן.

קיין אָרט אינעם שלאָפוואַגאָן פונעם פאַרבײַפאָרנדיקן אָוונטיקן באַן, האָט מען בשום־אופן ניט געקאָנט קריגן. עקיבא איז געווען אויסער זיך, ניט געקאָנט פאַרשטיין פאַר וואָס די באַנען זײַנען תמיד אַזוי איבערגעפולט, ווי גאַנץ רוסלאַנד וואָלט זיך געפונען אין וועג... וואָס לויפן זיי פון איין אָרט אויפן צווייטן? איטלעכער ווייסט דאָך, אַז ס׳איז ניטאָ ווו צו אויסבאַהאַלטן זיך און וווהין צו אַנטרינען ווערן: אַלע זײַנען דאָך דאָ פאַרמישפּטע, און בײַ סמערדיאַקאָוון איז ניטאָ אַזאַ מזבח, ווו מ׳זאָל זיך קאָנען אָנכאַפּן פאַר די הערנער. און פאָרט לויפט מען פון די אײַנגעזעסענע ערטער, באַזונדערס זיי, די פויערים, די קאָלכאָזניקעס, זיי לויפן קיין סיביר, אין דער טײַגע. — האָט עקיבא געוואָלט מיטפאָרן מיט איר: ער קאָן זי איינע אַליין ניט לאָזן פאָרן! זי וועט דאָך דאַרפן די גאַנצע נאַכט האַלטן דאָס קינד אויף די הענט, ניט האָבן ווו צו איבערוויקלען און אָנקאָרמען. נאָר סטיסיע האָט אים אָפּ־

גערעדט: אַוודאי, איז זי מספּים געוואָרן, וואָלט איר מיט עקיבאַן גרינגער געווען אין וועג, וועגן וואָס איז דאָ צו רעדן, אָבער ווי אַזוי קאָן ער, עקיבא, איצטער אַוועקפאָרן און איבערלאָזן דאָ די אַסירים: דאַלין, דניאלקען און איוווען, אויף אַבושן, וואָס קוקט שוין אויף דער וועלט, ווי אויף אַן אָנגעשפּאָלטענער שיף, וועלכע דאַרף היינט־מאָרגן אָנהייבן זינקען אינעם ים פון תוהו־ובוהו. ער, אַבוש, גלייבט דאָך שוין אַפילו ניט, אַז אין אָט דער אַכזריותדיקער וועלט וועט קאָנען קומען משיח. ניין, עקיבא טאָר ניט איבערלאָזן דאָ די אַסירים אויף אַבושן. זי, סטיסיע, וועט זיך אַליין אויך אַן עצה געבן מיטן קינד. צווישן מענטשן ווערט מען ניט פאַרפאַלן.

אָבער עקיבא האָט אויף ביינאַכטיקער וואָגאַן־לייטישקייט, אויף שלעפּערדיקער המון־גוטסקייט, אויף אפשר־ און טאָמער־נסים ניט געוואָלט אויסשטעלן, און שוין נאָכן דריטן קלונג, שוין ביים באַן־ריירן זיך פון אָרט, — אַלע לויפן צו די פענצטער און מאַכן מיט די הענט און שיקן פינגער־ און חנדל־קושן, דאָ האָט ער, עקיבא, הינטן־אַרום, אַריינגעלייגט דער קאָנדוקטערשע צוויי דרייערלעך אין האַנט אַריין און געבעטן זי געפינען פאַר דער פרוי מיטן קינד אַן אָרט.

און דעמאָלטן, ווען סטיסיע איז אויפן שמאָלן דורכגאַנג מיטן קינד אויף די הענט געשטאַנען און געזוכט מיט די אויגן אין דעם מאַכאָרקע־פאַררייכערטן לאָמטערן־ליכט, ווו זיך צו קאָנען צוטוליען, — פון אונטן ביז אַרויף איז פול מיט מענטשן און מיט ריחות פון געזשאַווערטן הערינג, נאַסן וווּרשט, פון האַרטע אייער, פון בראָנפן און צעפּריַעטע האָניטשעס; דעמאָלטן ווען די געכטיקע בית־עלמין־לבנה, די פאַרפלאָמטע, יאָגט איר נאָך פון יענער זייט פענצטער נאָכן באַן, קיינער קוקט זיך ניט אום אויף איר, אויף סטיסיען מיטן קינד, — מ׳שלאָפט אויסגעצויגן אויף די אייבערשטע פּאָלקעס, און אויף די אונטערשטע זיצנדיק, אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אויף אַ נאָענטן אַקסל, און די נעזער פייפן צו, און די ליפּן בלאָזן ווי אויף אָקרעפּ, און עמעצער רעדט פון שלאָף, — קיינער וויל זיך ניט אַ רוק טאָן, און קיינער וויל ניט אָפּטרעטן אַ ברעקל אָרט. דעמאָלטן, אַז זי האָט שוין געוואָלט מיטן קינד אויף דער ערד זיך אַוועקזעצן, האָט די קאָנדוקטערשע זי מיטן קינד צו זיך אין קופּע אַריינגעפירט, ווו ס׳איז געווען אַ ריינע, ווייכע שיין, און נאָר

איין מענטש איז אין ווינקל געזעסן, דעם קאָפּ אין װענטל אָנגעשפּאַרט און שטיל געשלאָפֿן. ער האָט אויף איר אַרײַנגעיין, הגם דאָס קינד האָט אַ ווײַן געטאָן, אַפילו די אויגן ניט געעפֿנט.

און די קאָנדוקטערשע, די הויכוווּקסיקע, די פּוללײַביקע, מיט די רוסיאַווע האָר און בלויע קאָרנבלימלדיקע אויגן, מיטן ביז גאָר אָנגעשטרענגטן לענג־לעכן פּנים, וואָס איז אַזוי ענלעך אויפֿן פּנים פֿון יענעם מענטשן, וואָס שלאָפֿט אינעם אַנטקעגנדיקן ווינקל מיט אַזאַ זיס־שטילן שלאָף, — די ענלעכקייט צווישן אָט די צוויי האָט סטיסיע גלײַך אויפֿגעכאַפּט. זי, די קאָנדוקטערשע, ווי נאָר באַוויזן פֿאַרן קינד אַן אָרט אויף דער באַנק מיטן געשטרײַפֿטן מאַטראַץ, אויך אַ ווונק געטאָן אויפֿן טשײַניק: אויב מ׳וויל, הייסט עס, קאָן מען טרינקען טיי, אַזוי איז זי באַלד שטילינקערהייט, פֿון קופּע אַרויס. האָט סטיסיע פֿאַרשטאַנען, אַז די קאָנדוקטערשע האָט פֿאַרן קינד איר אָרט אָפּגעטראָטן.

נאָר וועגן יענער, וועגן דער קאָנדוקטערשע, וואָס האָט איר אָרט אָפּגעטראָטן, טראַכט זי שוין מער ניט, סטיסיע. יענערס רוסיאַווער קאָפּ האָר, באַזונדערס אירע קאָרנבלימלדיקע אויגן, האָבן זי, סטיסיען, ווי נאָר די שוועל דאָ איבערגעטראָטן, קוים באַוויזן דאָס קינד אויפֿן מאַטראַץ אַוועקלייגן, גלײַך פֿאַרטראָגן זי און אַרײַנגעוואָרפֿן אַהין, אין יענעם אָנהייב־ווינטערדיקן ווייענדיקן דאָרף, אין מאַהילנע, אין דער ליכטיקער גרויסער שטוב, וווּ אויף די צונויפֿגערוקטע טישן שטייען אָנגעשטעלט מאַקיטרעס און ווײַסע פֿאַלו־מעסקעס מיט געקאָכטס און געבראָטנס — שאַפּנס און רינדערנס, גענדזנס און חזיר־פֿליישן; און דאָס אַלץ ווערט געלייגט אויף די מזלות־געמאָלטע פּסחדיקע טעלער און שיסלען. אין די אויגן שנײַדן די פֿלעשער און בוטלען בראָנפֿנס און וווישניאַקן, די פֿאַרביקע כּוסות און קידוש־בעכערס, דער טונקל־ברוינער, כּמעט שוואַרצער ביר אינעם גרויסן אליהו הנביאס כּוס. און אַרום די טישן בונט־אויסגענייטע העמדער, געקווייטלט־טערנאָווע כוסטקעס און ברענענדיקע לאַמפּאַדעס אונטער באַגילדטע און באַזילבערטע איקאָנעס, און אויפֿן פֿינקלענדיקן ניקל־וועגעלע זיצט דער קאַליקע, דער באַטקאָ אָלעס לעוואַדאַ, מיט די פֿולע אויגן שוואַרצן טרויער און ביטערן ביטול, און אין דער זייט, מיט דער זילבערנער שווערד, דער אַטאַמאַן זיראַ־זירקאַ, וואָס

האָט בײַ דער שׂרפה־שײַן צוגעקלאַפּט מיט צוועכיעס צום לינדנבוים דעם זקן, דעם צוויי־און אַכציק־יאָריקן רב... און אויבן אָן, מיטן ווײַסן צלם אויף דער שוואַרצער ריאַסע, רעדט צו די רוצחים־לײַט דער גלח מיט די פּאַר־בונדענע רוסיאַוועס האָר אין אַ קובליק אויפן נאַקן, מיט די בלויע, קאָרנ־בלימלדיקע אויגן, מיט דעם ניט־גרויסן, אויף ליכטיקן בערדל, ווי בײַ יעזוסן, וואָס קוקט אַראָפּ פון דער איקאָנע.

האָט זי שוין אויף קיין איין רגע ניט געקאָנט, סטיסיע, קווענקלען און זיך ספקן, אַז אין ווינקל, אין די אָפּגעטראָגענע מלבושים, אין די אַלטע שיך אויף די הילצערנע פּאָדעשוועס, שלאָפט יענער, דער מאָהילנער גלח. די האָר זײַנען אים איצט קורץ געשוירן, אָבער נאָך אַלץ רוסיאַווע, לעבעדיקע, נאָר יענץ פּאַרטאָגיק יעזוס־בערדל איז זיך אים אין אַ פּויערשער באָרד צעוואָקסן און שוין מיט אַ היפּשער סיווער זילבערקייט אַרומגעכאַפּט.

פון אָט דער אומגעריכט־פּלוצעמדיקער, אוממעגלעך און ניט געמאָלטער באַגעגעניש, ווערט סטיסיע שוין פּשוט נשתומם און גאָר דערשראָקן: מיטן מאָהילנער גלח האָט זי געוואָלט נאָך צוריק מיט יאָרן זיך טרעפן, געפּאָרן צוליב דעם אַהין, אין יענעם דאָרף אַרײַן, אָבער די גרויסע שטוב שוין דאָרטן ניט געטראָפן — געבליבן נאָר דאָס אָרט, מיט לאָפּוך און ווילדן רעטעך פּאַרוואָקסן און אין דער זײַט האָבן דרײַ מאַלוועס געבליט. און אויך דער קלויסטער מיט די אָפּגעבליאָקעוועט־גרינלעכע קופּאָלן־ציבעלעס איז גע־שטאַנען אַ גרוי־פּאַרשטויבטער, אַ פּאַרשטומטער, אַן גלעקער און אָן צלמער. פון וועגן דעם גלח האָט מען איר געזאָגט:

— וואָס דאַרפסטו אים? געקומען זיך מתוודה זײַן? גיי אין דאָרפסראַט!

און נאָר איינער, אַן אַלטיטשקער, וואָס איז געבליבן מיט איר אויפן וועג, האָט אויף גיך דערציילט:

— מ׳האָט אים צוגענומען, בײַ נאַכט. און ער איז שוין ניטאָ, געשטאָרבן איז אונדזער פּאָטערל אויף סאָלאָווקי. אויף די אינדזלען פונעם ווײַסן ים. אין אַ סקיטע פונעם אַמאָליקן אַלטן מאָנאַסטיר. — און וועגן דעם גלחס משפּחה, פון זײַן ווײַב און קינדער, האָט שוין קיינער ניט געוווסט וווהין זיי זײַנען אַהינגעקומען.

דאָ עפענען זיך אויף בײַם גלח די אויגן און סטיסיע דערפילט מיט

אַ מאָל ווי אַ ווײַסע קעלט נעמט איר שלאָגן איבערן גאַנצן לײַב. די קעלט גייט אויף איר פונעם גלחס אויגן, — ווײַסע, ווי אין שניי, און מיטן שאָטן פון דער יאָגנדיק־פאַרפלאָמטער לבנה הינטערן פענצטער; און דערצו נאָך, אין אָט די צוויי ווײַסע אויגן מיטן בלוטיקן שאָטן, דערזעט זי אויך צוויי מענטשעלעך, מיט די קעפּ אַראָפּ, און דערקענט זיי ביידן, — זיראַ־זירקאַ און די שוועסטער־ווײַב זײַנע.

— פּאַטערל, — פאַלט כּמעט סטיסיע צו לעם אים אויף דער באַנק און פרעגט מיט אַ פאַרשטיקט קול. — פּאַטערל, וואָס איז מיט דײַנע אויגן?

פונעם אַרויפליייגן אירע הענט אויף זײַנע, טוט דער גלח אַ ציטער:

— ווער ביסטו?

— איך בין יענע, פּאַטערל, וואָס האָט געשאָסן אינעם באַנדיט, אינעם אַטאַמאַן.

— נאַטאַליאַ? — און ער הייבט אויף די האַנט צו איבערצלמען זי.

— ניין, פּאַטערל, — שטעלט זי אָפּ זײַן האַנט, — ניט יענע, נאָר די צווייטע.

— די ייִדישקע? — עפּענען זיך אים נאָך ברייטער די ווײַסע אויגן און סטיסיע דערזעט אין זיי ווי דער אַטאַמאַן, דעם פּריץ באַגושעווסקיס ממזר־זון, וואָס האָט געשריִען, אַז די שינאה פון דער וועלט צו ייִדן איז ניט פאַר יודאַן, נאָר פאַר יעזוסן, אַז די וועלט קאָן זיי ניט מוחל זײַן, די ייִדן, וואָס שוין צוויי טויזנט יאָר קניט מען זיך פאַרן גלילער זשיד... יענער, זיראַ־זירקאַ, ליגט שוין בײַם גלח אין רעכטן ווײַסן אויג אַ טויטער, און אין דעם לינקן אויג שטייט אויף די קני די בלאָנדע און איז זיך מתוודה.

— יאָ, יאָ, פּאַטערל, יענע, די זשידאָווקע! אָבער וואָס איז מיט דײַנע אויגן?

— כ'בין געבענטשט געוואָרן פון גאָט מיט בלינדקייט. דאָרטן, בײַם ווײַסן ים. די ווײַסקייטן פון יענע שנייען זײַנען אַרײַן אין מײַנע אויגן.

— און דו זעסט טאַקע, פּאַטערל, גאָרניט?

— פאַרקערט. איך האָב נאָך קיין מאָל אַזוי ניט געזען די וועלט ווי איך זע זי אין די לעצטע פינף יאָר.

— שוין פינף יאָר ווי דו ביסט בלינד?

— שוין פינף יאָר ווי איך זע דעם שטראָם פון לעבעדיקער וואַסער, לויטערער פון קרישטאָל, וואָס גייט אַרויס פון אונטער גאָטס שטול. די אמונה וואָס דו האָסט זאָלסטו האָבן צווישן דיר און גאָט. מיר וואָס זײַנען שטאַרק דאַרפן טראָגן די שוואַכקייטן פון די שוואַכע.

— באַטיושקאָ, פון וואַנען פאַרסטו איצט?

— פון דאַרטן. זיי האָבן מיך אַפּגעלאָזן פאָרן צו דער טאָכטער שטאַרבן. נאָך איין טאָג, אפשר נאָך צוויי, און איך וועל אַרײַן אין יענעם לויטער־קרישטאָלענעם אייביק ליכטיקן שטראָם.

— פאָטערל, געדענקסטו יענע נאַכט?

— לאָמיר מער ניט מישפטן איינער דעם אַנדערן. לאָמיר ניט מאַכן קיין מיכשול אויף דעם ברודערס וועג, לאָמיר אים ניט מאַכן פאַלן.

— פאָטערל, האָט דער באַטקאָ אַלעס לעוואָדאַ דעמאָלטן דעריאָגט די אַטאַמאַנשע?

— ניין, ניט דעריאָגט.

פונעם „ניין, ניט דעריאָגט", אַנטפאַלט בײַ איר דאָס האַרץ און זי טוט זיך אַ קער צום קינד, אַ בלייך געוואָרענע, ווי מיט אַ מאָל דערפילט, אַז דאָ ניט ווײַט לאָקערט אויף דעם אַ פאַרטײַעטע סכּנה. הייסט עס, אַז יענע, די בלאָנדע, איז לעבן געבליבן, אַז דאָרטן, ליגנדיק אויף אַבושעס מיטה־גע־לעגערל, האָט זיך איר, סטיסיען, גאָרנישט ניט אויסגעדאַכט און ניט אויס־געוויזן: פון טהרה־שטיבל איז טאַקע אַרויסגעגאַנגען יענע, די בלאָנדע. אַלעס לעוואָדאַ האָט זי דעמאָלטן ניט דעריאָגט, די אַטאַמאַנשע, וואָס קאָן פון איר אייגענעם ברודער האָבן אַ קינד און דערנאָך עס אין בײַנאַכטיקן, אין ווינטער־דיקן וואַלד אַוועקפירן, און עס דאָרטן אַ לעבעדיקס אין שניי אַרײַנוואַרפן.

— ניט דעריאָגט? — פרעגט איבער סטיסיע מיט שרעק דעם גלח, וואָס זיצט שוין שטיל, מיט פאַרמאַכטע אויגן, און דער אָנגעשפּאַרטער קאָפּ אין ווענטל וויגט זיך אים ניט אַזוי פונעם גייענדיקן באַן, ווי פון די אייגענע געדאַנקען.

— שוין די מפּלה אין יענער מלחמה, מיט יאַפּאַניע... יענע מפּלה איז שוין געווען גאָטס שטראָף אויף רוסלאַנד, — רעדט דער גלח מיטן זיך־וויגנדיקן רוסיאַוון קאָפּ צו עמעצן. — דער אַלהעכסטער האָט געשטראָפט

רוסלאַנד פֿאַר די חיישע מעשׂים וואָס די רוסן האָבן אָפּגעטאָן מיט די עטלעכע טויזנט כינעזער אין דער שטאָט בלאַגאָוועשטשינסק אויפֿן טײַך אַמור... די רוסן האָבן אַרויסגעגנאַרט די כינעזער פֿון שטאָט, פֿאַרטריבן זיי אין טײַך אַרײַן, ווּ אַלע זײַנען אומגעקומען. דערנאָך ראַספּוטין. און נאָך ראַספּוטינען קאָנען שוין קומען אויף דער הייליקער רוס אַלע שדים און רוחות...

— פֿאַר די כינעזער, זאָגסטו, פֿאָטערל, פֿאַר ראַספּוטינען. און אפשר אויך פֿאַר די יידישע פּאָגראָמען? אפשר אויך, פֿאָטערל, פֿאַרן אַרויסטרײַבן צוויי הונדערט טויזנט יידן פֿון די בײַפּראָנט־שטעטלעך, ווּ מ׳האָט געצונדן און געברענט. און אפשר, פֿאָטערל, ווערט רוסלאַנד אויך געשטראָפֿט פֿאַר די פּאָגראָמען אינעם טויזנט אַכט הונדערט צוויי און אַכציקסטן, און פֿאַרן קישינעווער פּאָגראָם, ווּ מ׳האָט געקלאַפּט יידן צוויעכעס אין קאָפּ אַרײַן, פֿאַרגוואַלדיקט פֿרויען פֿאַר די אויגן פֿון זייערע מענער, און טעכטער פֿאַר די אויגן פֿון זייערע טאַטעס... און אפשר, פֿאָטערל, שטראָפֿט גאָט רוסלאַנד אויך פֿאַר די פּעטליורישע און דעניקינס פּאָגראָמען און פֿאַר די פּאָגראָמען פֿון די זיראַ־זירקאָס, האַ, פֿאָטערל?

— האָב איך דען דעמאָלט, ווי דו געדענקסט, זיך ניט אײַנגעשטעלט, ניט געוואָלט זיי אָפּשטעלן?

— געוואָלט אָפּשטעלן? שוין נאָך דעם, פֿאָטערל, ווי דאָס שטעטל איז געלעגן אין פֿײַער און אין בלוט? דו האָסט זיך ניט אַוועקגעשטעלט, פֿאָטערל, אויף זייער וועג מיטן צלם און זיי ניט געזאָגט: איבער מײַן קערפּער און איבערן צלם וועט איר אַריבערגיין. דו האָסט גערעדט, פֿאָטערל, צו די רוצחים שוין נאָך דער שחיטה. און דו האָסט גערעדט, פֿאָטערל, ניט פֿאַר זיי, נאָר פֿאַר זיך, צוליב ראַטעווען דעם קלויסטער. און אפשר, פֿאָטערל, שטראָפֿט ער אײַך גאָר ניט, דער אַלהעכסטער, פֿאַר יידיש בלוט? האַ־פֿאָטערל? יידן זײַנען דאָך שולדיק אינעם טויט פֿון אײַער אויסלייזער. פֿון וואָס, פֿאָטערל, האָט ער אײַך באַפֿרײַט און אויסגעלייזט? פֿון וואָס, פֿרעג איך?

און דאָ עפֿנט ער ווידער אויף די אויגן, וואָס זײַנען אים נאָך ווײַסער געוואָרן, — יענער שאָטן איז פֿון זיי אויך פֿאַרשוווּנדן, ווײַל די פֿאַרפֿלאַמטע לבנה איז ערגעץ־ווּ אין וועג אָפּגעשטאַנען פֿונעם באַן, און זיי, אָט די צוויי גרעסער און קײַלעכדיק געוואָרענע אויגן, לייגן זיך איר שוין גאָר אויף

דער נשמה. זי וויל אים אַפילו בעטן: „פּאַטערל, רעד צו מיר מיט פאַרמאַכטע אויגן!" — נאָר פּלוצעם הייבט ער אָן דערציילן פון וועגן דעם קאַליקע, אַלעס לעוואַדען, און פון יענער, דער אַטאַמאַנשע. און אַזעלכס, אַז זי אַליין, סטיסיע, נעמט שוין אַריינקוקן אין דעם גלחס שרעקלעכער בלינדער ווייס־קייט.

— צוויי מעת־לעת האָט זיך דער קאַליקע געיאָגט נאָך איר אויף דער טאַטשאַנקע אין דער מיאַטעליצע. די פערד האָבן שוין אָנגעהויבן אין די שלייעס פאַלן. און אויך ער אַליין, לעוואַדאַ, איז שוין געווען פאַרמאַטערט אַזוי, אַז דער טײַוול האָט אים געוויגט ווי אַ שיכּורן. אַ פליג האָט אים שוין געקאָנט מיט אַ פליגל אומוואַלגערן. האָט ער צעשיקט מענטשן איבער אַלע וועגן און אָנגעזאָגט: אין דריי טעג אַרום זאָל מען זי אים ברענגען אַ לעבע־דיקע אָדער אַ טויטע! אָן איר זאָל מען זיך גאָר פאַר זײַנע אויגן ניט באַווײַזן. ווער ס'וועט קומען אָן דער אַטאַמאַנשע, פון דעם וועט ער לעבעדיקערהייט די הויט אַראָפּשינדן. און אים אַליין, אַלעסן, האָט מען אין אַ שטוב אַראָפּ־געטראָגן אַ צערייצטן ווי אַ ווילדע חיה. פון כּעס איז ער שוואַרץ געוואָרן. ער האָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז סאַמאַהאָן־פּערוואַק, און איז גלײַך ווי אַ געהרגעטער אויף זײַן וועגעלע אַנטשלאָפן געוואָרן.

פאַר טאָג האָט זיך אים געחלומט, אַלעסן, דעם סטאַראָסטעס טאָכטער, די שיינע קאַטערינאַ, וואָס פאָרן גיין אויף דער מלחמה האָט ער מיט איר חתונה געהאַט און אָפּגעלעבט מיט איר צוויי וואָכן. דערנאָך האָט ער זיך דערזען, אַלעס, שוין ליגן אונטער די איקאָנעס אין דער אויסגעצייטער העמד, אָן אויסגעוואַשענער און צוגעקעמטער, די הענט אויפן האַרצן צונויפגעלייגט און דער טאַטע זײַנער, דער מילנער, קניט פאַרן הייליקן מיקאָלאַ און צלמט זיך. און זי, קאַטערינאַ, פאַרריכט אים, דעם קאַליקע, די קישנס צוקאָפּנס, און ביים אָנבייגן פאַלן אים אירע בריסטן אויפן פּנים. און ער קושט זיי שטיל דורך דער וואַרעמער לײַוונטענער העמד. — און די ווײַסע אויגן בײַם גלח פאַרמאַכן זיך, ווי ער וואָלט זיך געכאַפּט אַז ער רעדט ניט צו זיך, נאָר צו עמעצן, וואָס הערט אים.

— פאַטערל, — פרעגט אים סטיסיע, — פון וואַנען, פאַטערל, ווייסטו עס אַזוי פּינקטלעך, און מיט אַלע אַזוינע פּיקאַנטקייטן?

— ער אַליין האָט עס מיר דערציילט אין דער סקיטע פונעם פֿאַרשוועכטן מאָנאַסטיר.

— אַלעס לעוואַדאַ איז דען געווען מיט דיר אויף סאָלאָווקי ?

— געווען. איך האָב אים שוין דאָרטן געטראָפֿן.

— ניין, פֿאָטערל, פֿריִער דערצייל מיר וועגן דער אַטאַמאַנשע.

— גוט, — זאָגט ער, און ס׳עפּעגען זיך אים ווידער אויף די אויגן, די טויט־ווייַסע, וואָס וואַרפֿן אַן אויף סטיסיען אַזאַ ווילדע אומרויִקייט. — זעט ער זיך, אַלעס, ליגן אונטער די ברענענדיקע לאַמפּאַדעס, דער טאַטע קניט און צלמט זיך פֿאַר מיקאָלען דעם בעל־מופת, קאַטערינאַ פֿאַרריכט אים, דעם קאַליקע, די קישן צוקאָפּנס און די מאַמע, אַן איינגעפֿאַלענע, אַן איינ־געדאַרטע, קוקט אויפֿן מאַן און אויף דער שנור מיט רויטע אויגן. און פֿון דער מאַמעס רויטן קוק האָט ער, דער קאַליקע, מיט אַ מאָל אַלץ פֿאַרשטאַנען! דער מענטש איז זינדיק. לאָמיר ניט מישפּטן איינער דעם אַנדערן...

— און ווייַטער, פֿאָטערל, וואָס ווייַטער ?

— ווייַטער חלומט זיך אים ווי ער קריכט אויף אַלע פֿיר אין דער שפּעטאָסיענדיקער נאַכט, אונטער די ווינטיקע קאָסע רעגנס, צו דער מיל, ווי ער קלעטערט אַהין אַרייַן און טרעפֿט דאָרטן קאַטערינען מיט זייַן טאַטן שלאָפֿן אונטער איין פּעלץ. האַקט ער זיי ביידע מיט דער האַק, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך צוגעבונדן צום רוקן. און בראָקנדיק קאַטערינען מיטן טאַטן אויף שטיקער, כאַפּט ער זיך אויף, אַלעס, פֿונעם חלום.

— פֿאָטערל, — האַלט סטיסיע מער ניט אויס, — אויב דו קאָנסט, רעד צו מיר מיט פֿאַרמאַכטע אויגן.

— מיט פֿאַרמאַכטע אויגן רעד איך נאָר צו גאָט.

— וועגן דעם, פֿאָטערל, אַז אַלעס לעוואַדאַ האָט צעהאַקט זײַן ווײַב מיטן טאַטן אויף שטיקער, האָב איך שוין געהערט נאָך פֿריִער.

— האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט, אַלעס, פֿון זייַן אייביקן שוואַרצן חלום, — רעדט ער ווייַטער צו איר מיט זייַן געמאָסטן פֿרעפֿלדיקן באַסאָוון גלח־קול, ווי ער וואָלט אָפּגעריכט אַ תּפֿילה, און די ווײַסע אויגן ווערן אים ווידער פֿאַרשאָטנט פֿון דער לבנה, וואָס האָט נאָך אַ מאָל אָנגעיאָגט דעם באַן אין פֿאַרשנייטן פֿעלד. — האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט, אַלעס, און זעט בײַ דער

פאַרטאָגיקער שײַן ווי פאַר זײַנע אויגן אויפן טיש, ליגט אַ האַק. פאַרט ער צו מיטן וועגעלע נעענטער, נעמט די האַק אין האַנט אַרײַן, און ס'באַגיסט אים אַ קאַלטער שוויס: די האַק איז אין בלוט! אין פרישן בלוט! וויל ער רופן זײַנע מענטשן, האָט אים די צונג אָפּגענומען. ס'טרייסלט אים אַ קדחת. נעמט ער מיטן וועגעלע פאָרן צו דער טיר, און דאָ דערזעט ער זיצן אויף דער באַנק אונטער די ברענענדיקע לאָמפּאַדעס זי, די אַטאַמאַנשע! האָט ער געוואָלט פון אונטער זײַן צוקאָפּנס אויפן וועגעלע אַרויסכאַפּן דעם רעוואָלווער, נאָר דער צוקאָפּנס איז געווען ליידיק. און זי, די אַטאַמאַנשע, נאָך וועלכער ער האָט זיך געיאָגט צוויי מעת־לעת, זי געוואָלט אָניאָגן, זי אַוועקשטעלן אויף די קני אין שניי, זי לאָזן זיך איבערצלמען און דערנאָך דאָרטן אויפן אָרט שיסן, זי, די אַטאַמאַנשע, לייגט אַוועק זײַן רעוואָלווער מיטן זילבערנעם הענטל אויפן טיש, און אויך נעמט זי אַרויס פונעם הילצערנעם שיידל איר מאָוזער און לייגט אים אויך אַוועק לעם דער האַק.

— דו ביסט שוין לאַנג דאָ? — קומט ער קוים צום לשון.

— איך ווייס ניט ווי לאַנג איך זיץ דאָ בײַ דײַן צוקאָפּנס. אָבער כ'האָב געהאַט גענוג צײַט אויף צו אָפּראַמען דיך פון מײַן וועג.

— אי צע פּראַוודאַ, און דאָס איז אמת, — זאָגט ער, — איך האָב גאָרניט געהערט ווי אַזוי און ווען דו האָסט מײַן נאַגאַן פון אונטערן קישן אַרויסגעשלעפּט. און דו האָסט גאָר מײַן נאַגאַן ניט באַדאַרפט האָבן, דו האָסט געהאַט דײַן מאָוזער, און אויך די האַק. ס'איז דײַן האַק? זי איז דאָך אין בלוט!

— אין בלוט, — רירט זי זיך ניט פונעם אָרט, אַפילו דעמאָלט, ווען ער פאָרט צו מיטן וועגעלע, נעמט פונעם טיש די צוויי רעוואָלווערן און פאַררוקט זיי צו זיך הינטערן רימען. — ס'איז קאַרפּאָ קאַריס בלוט. אָן־אַ ליגט אויך זײַן ווײַסער פּעלץ און די גרוי־קאַראַקולנע פּאַפּאַכע מיטן מאַלינאָווון ווערך.

— ער האָט דאָך אײַך דעמאָלט געראַטעוועט פונעם זיכערן טויט!

— אמת, פון אַ זיכערן טויט. אָבער, אָלעס טערענטיטש, ער האָט געוואָלט ראַטעווען פאַר זיך מײַן לײַב און ניט פאַר גאָט מײַן נשמה. ער האָט מיך צוריק גענומען שטויסן אויף יענעם פינצטערן וועג. און די ערדישע זינד, באַטקאָ, זײַנען דאָך אַזוי זיס און פאַרשיכּורנדיק! נאָך אַ טאָג און איך וואָלט

ווידער אַרײַנגעפֿאַלן אַהין. האָב איך זיך געבעטן בײַ אים: קאַרפּאָ, לאָז מיך אָפּ. לאָז מיך גיין אין די לאַוורעס אויסקויפֿן מײַנע זינד. כ׳וועל דאָרטן אויך פֿאַר דײַן נשמה תּפֿילה טאָן. כ׳וועל אַוועק אונטער דער ערד, אַרײַן אין קעליע, אָנטאָן אויפֿן הוילן לײַב אַ גראָבן זאַק, זיך צובינדן מיט אַ קייט, עסן איין מאָל אין טאָג אַ שוואַרץ שטיקל ברויט און פֿאַרטרינקען מיט קאַלטער וואַסער. האָט ער פֿון מײַנע רייד געקוואַליעט און געצוווּנגען מיך אַרײַנגיין צוריק אין יענע זינד, און אין נאָך ערגערע ווי אין יענע.

— האָסטו צוליב ראַטעווען דײַן נשמה, אים געהרגעט? אים פֿאַרשיכּורט מיט דײַן לײַב, און טרראַך מיט דער האַק איבערן קאָפּ! שטיל, אָן טומל. האָרנאָ, פּאַני, האַרנאָ, שיין, פּאַני, שיין... און נאָך וואָס ביסטו געקומען צו מיר? דו האָסט דאָך געקאָנט אַוועקגיין אין די פּעטשערסקע לאַוורעס.

— כ׳האָב געקאָנט, נאָר ניט געוואָלט, דו וואָלסט מיך אויפֿן וועג געכאַפּט און אויפֿן אָרט דערשאָסן.

— דאָס האָט זייער געקאָנט זײַן. איצטער, הייסט עס, דאַרפֿן מיר שוין זײַן מיט אײַך קוויט! איר האָט מיר געשענקט דאָס לעבן, איצטער דאַרף איך אײַך שענקען דאָס לעבן... נו, — און אויב איך וועל אויף אָט דער שפּיל ניט אײַנגיין און איך וועל הייסן דיך אויפֿהענגען אויף אָט יענעם־אָ טאָפּאָל?

— דו קאָנסט עס, אַלעס טערענטיטש, טאָן. דו ביסט איצט אויפֿן פֿערד. דו האָסט ביידע רעוואָלווערן און אויך די האַק. זי איז סײַ ווי סײַ אין בלוט. איך וועל ניט שרײַען און ניט רופֿן! אָבער דער טויט קויפֿט ניט אויס קיין פֿאַרברעכנס. וואָלט דער טויט אויסגעקויפֿט פֿאַרברעכנס, וואָלט דאָך דאָרטן ניט געווען קיין גיהנום, נאָר איין גן־עדן.

— וואַרט צו, נאַטאַליאַ אַדאַמאָוונאַ, מײַן פֿויערישער קאָפּ דאַרף עס נאָך פֿריִער איבערמאָלן. דאַכט זיך אַז עפּעס אַן אמת ליגט יאָ אין דײַנע רייד. וואַרט נאָר צו...

— כ׳וויל פֿריִער אַרײַן אין די לאַוורעס אונטער דער ערד, אָנטאָן אויף דרײַ יאָר אַ גראָבן זאַק אויפֿן הוילן לײַב, זיך נעמען אויף אַ קייט, עסן אויף בײַ נאַכט אַ שטיקל סקאָרינקע מיט וואַסער, און לעבן בײַ דער שײַן פֿון דער הייליקער לאַמפּאַדע. כ׳בין אַנטלאָפֿן פֿון דיר מיט קאַרפּאָן ניט דערפֿאַר

וואָס איך האָב זיך דערשראָקן פאַרן טויט, דער טויט שרעקט מיך ניט. כ׳בין אַנטלאָפן דערפאַר, וואָס דער שווערסטער טויט קאָן ניט אויסקויפן מײַנע פאַרברעכנס קעגן גאָט און קעגן מענטשן. — און דעם גלחס פּנים לײַטערט זיך דאָ אויס, די אויגן ווערן אים נאָך ווײַסער, מיט עפּעס אַ מין בלענד, און ער נעמט זיך ברייט צלמען: — אין דײַן שטראָם לעבעדיקער וואַסער, גאָט איינציקער, וואָס איז לויטערער פון קרישטאָל, רייניקסטו די הערצער פון דײַנע פאַרבלאָנדזשעטע און פאַרזינדיקטע קינדער!

און זי, סטיסיע, קוקט מיט אַ פאַרשטאַרבן האַרץ ווי אין זײַנע ווײַסע אויגן, בײַ דער שײַן פון אַן אונטערשפּרינגענדיקן לאָמפּאָדע־פּײַערל, שווימט אַרום אין לופט אַ האַק. ווייסט זי, סטיסיע, אויף קלאָר: די האַק קאָן דאָך אַפילו אין געדיכטסטן בלוט ניט אַרומשווימען, זי מוז אַראָפּ אויפן דנאָ. אָבער אָט די האַק אין די ווײַסע אויגן פאַלט ניט אַראָפּ, זי שווימט אַרום... וואַרפט זי אַ דערשראָקן־פאַרצווייפלטן בליק אויפן קינד, וואָס שלאָפט רויִק אײַנ־געוויקלט אינעם בלויען קאָלדרעלע, און פרעגט מיט פאַרקילטע בלוטן אין די אָדערן:

— פּאָטערל, ער האָט זי אַרויסגעלאָזט?

— יאָ! דער אַלהעכסטער האָט זיך אויף זיי ביידן דערבאַרעמט...

— האָב איך זי טאָקע געזען... ס׳האָט זיך מיר גאָרנישט ניט אויסגעדאַכט. איך האָב זי אָפּן געזען.

— ווען און ווו האָסטו זי געזען?

— צוריק מיט דרײַ טעג. בײַם יִדישן צווינטער, בײַם טיפן טאָל. און וואָס איז געוואָרן, פּאָטערל, מיט אים, מיט אַלעסן, מיטן קאַליקע. איז ער נאָך אַלץ דאָרטן אויף סאָלאָווקי?

— שוין לאַנג דאָרטן ניטאָ. מיטן חסד פונעם אַלהעכסטן.

— ווהין האָט מען אים אַריבערגעפירט?

— אין ערגעץ ניט. ער איז מיט גאָטס הילף אַנטלאָפן געוואָרן פון דאָרטן.

— ווי אַזוי האָט ער, דער קאַליקע, געקאָנט פון דאָרטן אויפן וועגעלע לויפן?

— ניט אויפן וועגעלע איז אַלעס, אַלעקסיי, גאָטס קינד, געלאָפן, נאָר אויף זײַנע אייגענע פיס.

— וואָס זשע, — פרעגט סטיסיע דערשטוינט, — אַ נס איז מיט אים דאָרטן געשען אויף סאָלאָווקי, אין דעם אַמאָליקן מאָנאַסטיר ?

— אַ גרויסער נס. אַן אַלטער מאָנאַך, פון די לעצטע זקנים... דעמאָלטן האָבן נאָך דאָרטן געלעבט די לעצטע מאָנאַכן אויף דער פרײַ. מ'האָט דאָך באַדאַרפט האָבן ווער ס'זאָל באַווײַזן און לערנען ווי אַזוי צו פירן די בעל־הבתישקייט. דער מאָנאַסטיר האָט דאָך געהאַט גרויסע ערדן, וועלדער. האָבן די אַלטע מאָנאַכן געלערנט ווען און ווו און ווו צו אַקערן און צו זייען, ווי אַזוי צו פירן די גערטנער, כאַפּן פיש, פאַרגרייטן יאַגדעס, קרײַטעכצער, וואָרצלען... דעמאָלטן נאָך האָט אַן אַלטער מאָנאַך, פון די לעצטע הייליקע זקנים, צעבראָכן אָלעסןביידע צעקרימטע פיס און זיי אַרײַנגענומען אין בערעזעווע קלעצלעך.

— אַן אַ שלאָפּגעטראַנק ?

— אַן אַ שום שלאָפּגעטראַנק! עפּעס אַ נאַסטאָיקע האָט אים דער הייליקער זקן יאָ געגעבן אויסטרינקען, נאָר שטאַרק האָט עס אַ פּנים ניט געהאָלפן, ווײַל אָלעס האָט זיך בעת דער אָפּעראַציע אָנגעשלאָגן דעם מויל מיטן מאָנאַכס ריאָסע. ער איז געלעגן צוויי חדשים אין די בערעזענע קלעצלעך, און ווען דער סטאַרעץ האָט פון אים אַראָפּגענומען די קלעצלעך, האָט ער זיך געשטעלט אויף זײַנע פיס און איז אַוועק...

און סטיסיע בלײַבט זיצן ווי נאָך אַ שוואַרצער בשורה. זי האָט ניט נאָר געהערט, נאָר אויך געזען אינעם גלחס ווײַסע אויגן ווי יענער, אָלעס לעוואַדאַ, לויפט אויף ביידע פיס איבער די פאַרשנייטע פעלדער. שוין איבער די פּאָלעסיער! ער לויפט צו איר קינד, צו זרחלען, וואָס איז געבליבן כּמעט איינער אַליין און וואַרט און בענקט דאָרטן נאָך דער מאַמען; דער באַטקאָ אָלעס לעוואַדאַ האָט דאָך זי, סטיסיען, פאַרמישפּט צו לעבן אין אייביקער עלנטקייט, אָן אַ קינד, אָן אַ טרייסט, אָן אַ טרוים און דער עיקר, אָן אַ האָפענונג אויף מאָרגן...

מער האָט זי אים שוין ניט וואָס צו פרעגן, דעם גלח, וואָס אַזוי פיל יאָרן האָט זי אים געזוכט, געוואָלט דערוויסן זיך בײַ אים פון וועגן יענע צוויי, פון אָלעס לעוואַדאַ און פון דער אַטאַמאַנשע, דער טאָכטער פונעם פּריץ, אַדאַם באַגושעווסקי, וואָס ייִדן האָבן זיך באַזעצט אויף זײַנע ערדן, בעיקר איר משפּחה, די באַיאַרס... איצטער, נאָך אָט דער אומגעריכטער באַגעגעניש

דאָ, אין דעם בײַנאַכטיקן באַן, בײַ דער נאָכיאָגנדיקער פֿאַרפֿלאָמטער לבנה אין פֿענצטער, ווייסט זי שוין, סטיסיע: ביידע לעבן זיי! און יענע, די בלאָנדע, האָט זי טאַקע געזען אַרויסגיין פֿון טהרה־שטיבל.

— פֿאַרמאַך, פֿאָטערל, די אויגן, — בעט זי אים נאָך אַ מאָל. — כאַפּ אַ דרימל, ס'איז שוין באַלד טאָג.

און ער פֿאָלגט זי. די ווײַעס פֿאַלן אים אַראָפּ, דער קאָפּ נעמט זיך אים ווידער וויגן אין דער בלוילעכער לאָמטערן־שײַן צום קלאַפּן פֿון די רעדער אויף די רעלסן, און ער מאָליעט זיך דערבײַ: — אין דעם שטראָם פֿון לעבעדיקער וואַסער, וואָס איז לויטערער פֿון קרישטאָל, זאָלסטו זיי אויך ווײַטער רייניקן און לײַטערן, דײַנע פֿאַרבלאָנדזשעטע און זינדיקע קינדער...

און סטיסיע, ניט צומאַכנדיק קיין אויג, — יענע האָק אין בלוט פֿאָלט אַלץ אויפֿן דנאָ ניט אַראָפּ, זי טראָגט זיך איבער די גרינלעכע שנייען צווישן די שוואַרצעביימער אין דער אויסגעלבנהטער נאַכט; זי, סטיסיע, ווי נאָר דערוואַרט זיך אויף דער קאָנדוקטערשעס אַרײַנגיין און אויף איר אָנזאָגן: „איר דאַרפֿט אויף דער קומענדיקער סטאַנציע אַראָפּגיין!" — אַזוי נעמט זי זיך, סטיסיע, מיט עפּעס אַ מין פֿרייד, ווי פֿון אַ סכּנה אַרויס, צונויפֿלייגן און צוגרייטן, אָנוואַרעמען אַ פֿלעשל מילך, — פֿאַרן אַראָפּגיין דאַרף מען אָנקאַרמען און איבערוויקלען דאָס קינד, וואָס פֿירט זיך די גאַנצע נאַכט שטיל, ווי ס'וואָלט פֿאַרשטאַנען אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט ס'איז געקומען, און קרימט נאָר מיט די ליפּעלעך... און אויך שפּעטער, שוין אין שליטן, שוין אויפֿן וואַלד־ און פֿעלד־וועג אין דאָרף אַרײַן, האָט דאָס קינד ניט געלאָזט זיך הערן. דער טאָג איז געווען אַזאַ געבענטשטער, אַז יענע האָק, און אויך דעם גלחס ווײַסע אויגן, האָבן אָנגעהויבן זינקען און פֿאַרגיין. די זון, די גרויסע האַרעפּאַשניצע פֿון דער וועלט, איז איר געשטאַנען, סטיסיען, פֿון אין דער פֿרי אָן אויף מזל. די קופּערנע סאָסנע־שטאַמען האָבן געלויכטן מיט אַ הייסער ליכט, אויף די ליימיקע שיפּועים האָבן שוין גע־פֿינקלט די גאָלדענע רייפֿעלעך פֿון די ערשטע פֿרילינג־קווייטן — פֿון דער שטיפֿמוטערל; די שנייען אַרום האָבן געברענט מיט אַלערליי קאָלירן, ס'האָט געשמעקט מיט די ערשטע וואַסערן, די זאַטקראָען האָבן זיך געדרייט מיט

געפּילדער און געשלעג אונטער די צאַרט־אויסגעבלויטע הימלען, זיך געטיילט דאָרטן אויף פּאָרלעך, געפאַלן פון פרייד צו דער ערד און געטראָגן אין די פאַרשיכּורטע שנאָבלען די אַראָפּגעפאַלענע צווײַגלעך, — אויפשטעלן אויף די אַלטע יאַסינע־ביימער די פאַראַיאָריקע האַלב־צעשטערטע נעסטן זייערע.

## טז

דער דרײַ־יאָריקער בולאַנער אָגער מיט דער לאַנגער פוקס־קאָליריקער גריווע, צעוואָרפן איבער ביידע זײַטן האַלדז, יאָגט מיטן אויפגעהויבענעם קאָפּ איבערן וואַלד, צווישן קופּערנע סאָסנע־שטאַמען, וואָס גילדן זיך אונטער די יונגע קרוינגרינקייטן אין דער הייסער ליכט; איבער די שנייען רייטלען זיך די אָלכע־אויערינגלעך, די אָסיקעס זילבערן זיך אינעם ליכטשפּיל און פון זייערע צווײַגן פאַלן בלאָווע שאָטנס אויפן קראָפּיווע־באַבעלע, וואָס פלאַטערט שוין איבער אַ שנייגלעקל; דער פּיקהאָלץ קלאַפּט אויס פאַר דער וועלט זײַן אויפגעבראויזט־פרילינגדיקע ליבעליד און זי, סטיסיע, מיטן קינד אויף די הענט, אינעם שליטן, נאָך דער נאַכט מיטן גלחס ווײַסע אויגן, אָטעמט מיט שטילער פרייד די ביטערלעכע ריחות פון די מיט קנאָספּן־אָנגעבראָקנעטע צווײַגן, און דער וואַרעמער ווינט רוישט ניט נאָר אין די צעצוויטעטע ווערבע־קוסטעס, נאָר אויך אין אירע ביינער, אין איר נשמה.

און דערבײַ טאַקע, זעט זי פאָרט, פאַרלירט אויף קיין רגע ניט פון אויג, ווי פון דער לינקער זײַט שליטן, דאָרטן ווו די יאָדלעקרוינען ווערן ענגער און געדיכטער — די שײַן שלאָגט קנאַפּ אַהין אַרײַן, דאָרטן איבער די מאַטע שנייען, לויפט י ע נ ע מ ס שאָטן. יענער, נחומקע, איר גרויסער חלום, איז טאַקע דעמאָלטן פאַרברענט געוואָרן אין דער מומע ליבעס כאַטע, אָבער זײַן שאָטן האָט ער איבערגעלאָזט. און יענעמס שאָטן, שוין אַזוי פיל יאָרן, טרעט פון איר ניט אָפּ. אַפילו אין אירע אַכט ווונדערלעכע יאָרן מיט דניאלקען, אַפילו אויך דעמאָלטן, איז יענער שאָטן פון איר ניט אָפּגעגאַנגען. אָפּט, אין די פאַרטאָגן, האָט זי אים געזען, יענעמס שאָטן, אויף דער וואַנט, מיטן אײַנגעבויגענעם קאָפּ אויף די אונטערגעהויבענע קני.

אויך דאָרטן, בײַ עקיבאס טהרה־שטיבל, אויפן אַלטן האַלב־חרובן הייליקן אָרט, אונטער דער פאַרפלאַמט־רויכיקער לבנה, בײַ דעם ווילד־

אומרויִקן געשריי פֿונעם פּילין, דאָרטן, ווו זי האָט איַינגעהאַלטן־שטיל אויס־געקלאָגט ביַי דער פֿאַרווייעטער מצבה אירע פֿאַרשטיינערטע טרערן, וואָס זיַינען איר יאָרן לאַנג געלעגן אויפֿן האַרצן און האָבן מיט אַ מאָל דאָרטן אויפֿגעקאָכט און אויפֿגעזאָטן; אויך דאָרטן אויפֿן בית־עלמין, האָט זי געזען אויפֿן שניי יענעמס שאָטן מיטן איַינגעבויגענעם קאָפּ אויף די אונטער־געהויבענע קני. ס׳האָט זיך איר אַפֿילו אין איין רגע אויסגעדאַכט אַז זי הערט אים, דעם שאָטן, וויינען אויף אַ קול; דעם לעבעדיקן האָט זי קיין מאָל ניט געזען און ניט געהערט וויינען.

און דאָ, פֿאַרטראָגן און פֿאַרנומען מיט יענעמס שאָטן, דערזעט זי פּלוצ־לינג ווי פֿון דער וויַיט לויפֿט איבער די טונקל־געוואָרענע שליטן־קאַלי׳עס נאָך איין שאָטן. און אויך דעם שאָטן דערקענט זי באַלד. באַפֿאַלט זי עפּעס אַ גרויסע אימה. דעמאָלטן, נאָכן אַרויספֿירן אים, דניאלקען, פֿון שטוב, פֿאַר איר חלשות פֿאַלן, איז זי איַינגעבויגענערהייט געלאָפֿן פֿון פֿענצטער צו פֿענצטער, געוואָלט אינעם ניט־פֿאַרפֿרוירענעם ווינקל־טאָפּליע כאָטש נאָך איין מאָל זען דניאלקעס שאָטן אויף דער ערד, אָבער פֿון יענער זיַיט פֿענצטער־וועלט האָבן זיך אין די רויטלעכע לאָמטערן־שיַינען געוויכערט שנייען, ווי פֿריש־פֿאַרבלוטיקטע פֿעדערן. און דאָ, פּלוצלינג, זעט זי אים, דניאלקעס שאָטן, לויפֿן אָהער צו איר. וועלן פֿון היַינט אָן איר נאָכגיין שוין צוויי שאָטנס? און דאָ דערהערט זי יצחקס קול:

— האָסטו טאַקע דאָרטן פֿון חרותן מיט אַברהמען גאָרנישט ניט גע־הערט? האָ, סטיסיע, האָסטו טאַקע פֿון זיי גאָרנישט ניט געהערט? — דער אַלטער באָיאַר־דעמב, דער ניט געקריינטער נשׂיא פֿונעם דריַיצנטן שבט ביַי יידן, דער, וואָס איז מיט איר אַ מאָל געשטאַנען ביַים אָפֿענעם אָרון־קודש, וווהין זי האָט צווישן די צוויי גאַנץ־געבליבענע ספֿר־תּורות אַריַינגעלייגט איר געהרגעט קינד, ער, יצחק באָיאַר, פֿאָדערט פֿון איר ווידער, און מאָנט שוין ביַי איר ניט נאָר מיט די אויגן, נאָר שוין אויפֿן קול, שוין מיט אַ געשריי איבערן גאַנצן וואַלד.

די לעצטע וואָכן, ווייסט מען אין דער משפּחה, גייט ער, דער זקן, אַלע פֿאַרנאַכט אין ווינטערדיקן וואַלד אַריַין, דאַוונט דאָרטן צווישן די דריַי בערעזעס, ווו ער האָט אַ מאָל ביַי נאַכט, פֿאַרנדיק מיט דער מומע ליבע,

געטראָפן זײַן אַברהמען, וואָס איז ווידער געשפּרונגען אויף די מיליצעס, שוין פון דער וועלט־מלחמה, און נאָך אַ מאָל אַ שווער פאַרוווּנדיקטער אין דעם לינקן פוס; דאָרטן, צווישן די דרײַ בערעזעס, דאַוונט ער, יצחק באַיאַר, מיט גרויס כּוונה, קלאַפּט מיט בײדע הענט אין די פאַרפרוירענע בערעזעס: תּקע בשופר גדול לחרותנו!.. — און דערנאָך, שוין נאָכן מעריב־דאַווענען שרײַט ער צו די נאַכט־ווערנדיקע הימלען: — לא תרצח! דו הערסט, בורא־עולם, לא תרצח! דאָס זאָג איך דיר דאָ, יצחק באַיאַר, אין די שנייען פון די פּאָלעסיער וועלדער! אויך דו, דו, רבונו־של־עולם, דאַרפסט מקיים זײַן דעם גרעסטן לאוו פון די עשׂרת הדיברות, וואָס דו האָסט געגעבן דער וועלט אויפן באַרג סיני!..

בײַם אַראָפּגיין פון באַן מיטן קינד און מיט די זאַכן — די קאָנדוקטערשע האָט זיי אָן אַ וואָרט צו זאָגן אויף דער ערד אַראָפּגעשמעלט, שוין בײַם טאָג ווערן, — יענע פאַרפלאָמט־רויכיקע לבנה פונעם בית־עלמין, וואָס האָט די גאַנצע נאַכט אַרײַנגעשײַנט אין דעם גלחס ווײַסע אויגן, האָט געצאַנקט אויף אַ פאַרטוייִקטן טאָפּאָל, און אַנטקעגן איר איז פון אונטער דער ערד, איבער די צוגעפרוירענע בעז־פאַרביקע שנייען, אויפגעגאַנגען אַ פײַערדיקע זון; דאָרטן, שוין אויך אומגעריכט, באַגעגנט זי גראָד ער, יצחק באַיאַר. ער גיט איר אָפּ פון אַלעמען גרוסן, דער עיקר פון איר זון, פון זרחלען, וואָס האָט אויך געוואָלט פאַרן באַגעגענען די מאַמע מיטן ברודערל. ווײַזט זיך אַרויס, אַז אין דער משפחה ווייסט מען שוין וואָס אין שטאָט האָט מיט איווען, מיט דניאלקען און אויך מיט דאָלין געטראָפן. מ'ווייסט אויך אַז זי, סטיסיע, האָט גענומען דאָליס קינד צו זיך.

דער אַלטער יצחק באַיאַר, אינעם וואַטאָווען לײַביק, אונטערגעגאַרטלט מיטן געקניפּטן שטריקל, גיט איבער די גרוסן און קוקט דערבײַ אויף איר, אויף סטיסיען, מיט זײַנע וואַרעמע גרינלעך־גרויע, ניט געעלטערטע אויגן און וואַרט פון איר כאָטש איין וואָרט וועגן זײַנע לעצטע צוויי קינדער, וועגן חרותן מיט אַברהמען. זי האָט אים אָבער ניט וואָס צו זאָגן. וויפל עקיבא איז ניט אַרומגעלאָפן און ניט אָפּגעקלאַפּט דאָרטן די שוועלן, האָט אים קיין איינער פון די גרויסע מאַקינטאָשן, אַחוץ אַ קרומען שמייכל, מיט קיין וואָרט ניט מזכּה געווען.

פון סטיסיעס שווייַגן טוט זיך דער אַלטער באַיאַר אַ וויג אויפֿן ווינט, וואָס גייט פֿונעם זונאויפֿגאַנג, און לאָזט זיך באַלד אויף גיך מיט די צוויי קאַשיקעס צום שליטן. נאָר ווען דאָס קינד צעוויינט זיך אויף סטיסיעס הענט, בלייַבט ער שטיין, זייַן פּנים הייבט אָן צו שאַרזען אויף פֿרייד און ער זאָגט שטיל:

— וויין, מייַן קינד, שרייַ! דייַן קול מוז דאָך דער־וואָס־לעבט־אייביק דערהערן! פֿאַר מייַן קול זייַנען אַלע הימלען פֿאַרשלאָסן. — און מיט אַ מאָל צו סטיסיען: — דו האָסט געראַטעוועט די משפּחה פֿון יִיאוש! גוט וואָס עקיבא האָט אַ נאָמען געגעבן דעם קינד נאָך אונדזער עזראָ הראשון, נאָך אונדזער עזראָ אָבינו! גוט!

ער זיצט, דער אַלטער באַיאַר, ווי תּמיד, אויף דעם סיטשקע־קעסטל מיט אַ זייַט, די פֿיס, וואָס אין די פֿישאַייל אויסגעשמירטע שטיוול, איבערן אָכרע־געפֿאַרבטן „פֿאַרנייטן״ * שליטל; אין די הענט האַלט ער ניט קיין ווישקעס און ניט קיין בייַטש, — געלאָזט דעם פֿאַרשייַטן אָגער אויף זייַן אייגענעם באַראַט. און דער בולאַנער מיט דער לאַנגער פֿוקס־קאַליריקער גריווע אויפֿן ווינט, צווישן די צוויי אויסגעבויגענע רויטע דישלען, אינעם שוואַרצן כאָמעט מיט די גלאַנציקע שטיפֿטן, — פֿון אונטער דער דוהע לאָזט זיך דאָס ניקלענע גלעקל הערן אויף ווייַטקייטן; ער, דער בולאַנער, טראָגט זיך איבערן וואַלד מיט אַ צעלאָזטן הירזשערייַ און אַלע אַנטקעגן פֿאַרנדיקע קערעוועז דערשראָקן פֿון וועג אַראָפּ, ווייַל אַלע אינעם אַרום ווייסן: דאָס פֿאָרט דער אַלטער באַיאַר פֿונעם ייִדישן קאָלווירט „דער שליאַך צום קאָמוניזם״ מיט זייַן ניט־געצוימטן אָגער. קאָן קיינער גאָר ניט פֿאַרשטיין, ווי אַזוי פֿאָרט מען עס מיט אַזאַ חיה אָן ווישקעס און אָן אַ צייַמל? מיט אַזאַ פֿאַרן קאָן מען זיך אומברענגען, — דער אָגער קאָן צעטומלט ווערן און צעטראָגן.

נאָר יצחק באַיאַר, דעם קאָפּ פֿאַרנייגט צום רעכטן אַקסל, נאָך אַלץ אין דעם סויבלענעם ירושה־היטל, וואָס איז מיט יאָרן אייַנגעשרומפּן געוואָרן אַזוי, אַז ס׳קריכט שוין אויפֿן קאָפּ ניט אַרויף, האַלט אין דער לינקער האַנט

---

* פֿון אַלע פֿיר זייַטן פֿאַרמאַכט.

די שמאָלע, נאָך אַלץ געדיכטע זילבערבאָרד, דער הויכער שטערן אין טיפֿע קאָרבן — ס'דאַכט אַז דער זקן זעט ניט און הערט ניט וואָס אַרום אים טוט זיך דאָ, אָבער ווען דער אָגער נעמט גיין אין גאַלאָפּ, דרייט ער אויס, יצחק, דעם קאָפּ און זאָגט מיט פֿאַראיבל:

— נו, בולאַנער, נו, ספּאָקאָינער... קסאָבי!

און דער אָגער, וואָס קיינער קאָן אים ניט אײַנשפּאַנען און קיינער קאָן מיט אים ניט פֿאָרן, טוט אַ קאָסע מיטן פֿײַערדיקן קלוגן אויג צום אַלטן באָיאַר, ווי געזאָגט: „זײַ רויִק!" פֿאַרנעמט צוריק אויף דער קאָליִע און גייט אַוועק שטילער, וואַרפֿט ווײַטער מיט די פֿעדערשטע פֿיס, ווי געלייגט קלאַפּטער, און שווימט איבער פֿרי־פֿרילינגדיקן זוניקן טאָג, איבער די ערשטע וואַסערן, וואָס יאָגן פֿון אונטער די בליציקע שנייען אַרויס.

הגם שטאַרק באַאומרויִקט און פֿאַרנומען מיטן קינד, וואָס הייבט שוין אָן מיט געוויין מאָגנען עס אָנקאָרמען און איבערוויקלען, און אפֿשר, טראַכט זי, סטיסיע, קומט דער געוויין בײַם עופֿעלע פֿון שוין מער ניט קאָנען איבערטראָגן די בענקשאַפֿט נאָך דער מאַמען? און אפֿשר גראָד דאָ, אין שליטן, בײַ איר אויף די הענט, האָט דאָס קינד מיט אַ מאָל דערפֿילט זײַן עלנטקייט? און זי איז אויך פֿאַרטאָן, סטיסיע, מיט יענע צוויי שאָטנס וואָס באַגלייטן זי איבערן וואַלד און בלײַבן, ווי ס'דאַכט זיך איר, אָפּט שטיין צווישן די פֿאַר־מאָכיקטע יאָדלעס און פֿאַרפֿירן צווישן זיך אַ קריג. דאָך! הגם פֿאַרנומען און פֿאַרטאָן מיטן קינד און מיט יענע צוויי שאָטנס, קוועלט זי דערבײַ אָן פּונעם זקנס פֿאָרן אָן ווישקעס און אָן אַ צײַמל, ווי די אַנטקעגן פֿאָרנדיקע פּויערים טרעטן דערשראָקן אָפּ דעם וועג און ווי אַפֿילו די יונגע צלמען זיך. זי ווייסט, סטיסיע, אַז דער בולאַנער, ווי אַזוי די בלוטן זאָלן אין אים ניט יוירן און שפּילן, ווי האָפּן, וועט ער ניט צעטראָגן און ניט מזיקן. ער פֿילט, דער אָגער, דעם זקנס יעדער קער און ווענד. אויך דער „שפּאַק" האָט געפֿילט איר איטלעכן פֿינטל מיטן אויג. אָבער בײַ יענעם, בײַ איר שפּאַק, וואָס איז אין יענער נאַכט, בײַם ברענגען זי און דניאַלקען פֿון די באַנדיטן צוריק אין שטעטל אַרײַן, געפֿאַלן בײַ דער שטוב מיט אויסגעשטשירעטע ציינער, ווי אויסגעגאַנגען מיט אַ שמייכל, אַ צופֿרידענער, וואָס ער האָט פֿאַר איר, פֿאַר סטיסיען, געקאָנט אָפּגעבן אַלע, ביז די סאַמע לעצטע, כּוחות — בײַ יענעם

אָבער, בײַ דעם שפּאַק, איז דאָס פּילן איר איטלעכן פּינטל מיטן אויג געקומען פון דאַנקבאַרקייט פאַרן אויסהיילן אים, פאַרן ראַטעווען אים פונעם טויט, פאַרן אָפּטרײַבן פון זײַן צעיאַטערטן פּוס די זלידנע גרינע פליגן, וואָס האָבן אים געמאַטערט און געגעסן לעבעדיקערהייט; און בײַ דעם, בײַם בולאַנעם, קומט עס אַלץ פון געוווינטשאַפט. דעם האָט יצחק פון דער האַנט געפּיטערט און געפּויעט פון קליינערהייט, פונעם ערשטן טאָג אָן. דעם בולאַנעם האָט דאָך יצחק געכאָוועט און געפּעסטעט, מושטרירט און געגרייט פאַרן אייניק, פאַר שמואליקן, פאַרן קאָמאַנדיר פון דער רויטער אַרמיי... האָט מען שמו־אליקן, און טאַמאַרען, און אויך זייער דרײַצן־יאָריקע טאָכטער, דאָס אור־אייניקל, וואָס ער, דער אַלטער יצחק, האָט זיך אין איר געשפּיגלט, אויך זי, דניאלהן, האָבן זיי אומגעבראַכט.

— אַלע דרײַ פונעם לעבן אַרויסגעריסן, — דערהערט דאָ סטיסיע דאָס צאָרנדיקע קול, וואָס רײַסט זיך פונעם אַלטן באָיאַר, ווי ער וואָלט מיטן פאַרנייגטן אויער צום אַקסל אונטערגעהערט אירע געדאַנקען. — אַלע דרײַ אַרויסגעריסן... אין סאַמע בלי פון לעבן אַרויסגעריסן און פאַרשניטן. אַ קוואַל פון מײַן זרעא חיי קיימא חרוב געמאַכט אויף אייביקע צײַטן. וואָס ווילן זיי פאַרזייען אויפן בלוט? האַ, סטיסיע? אויף בלוט וואַקסט ניט קיין קאָרן. און אויב ס׳וועט אַפילו יאָ אויסוואַקסן, וועט דאָס ברויט זיך שטעלן אין גאָרגל. דאָס פאַרגאָסענע בלוט וועט שרײַען אינעם ברויט אין אַלע, אין אַלע, אין אַלע קומענדיקע דורות... האַ, סטיסיע, וואָס שווײַגסטו?

און דאָ דערזעט זי ווי דער אַלטער באָיאַר, וואָס אַלע ביינער גייען אים ממש אַרום אונטערן וואַטאָוון גרויען לײַביק, שלעפּט פון אויפגעבראַכטקייט אַרויס פון דער שטרוי אין שליטן אַן אויסגעשניצטן דעמבענעם שטעקן און אַקוראַט אַזאַ מין מיט וועלכן איר עלטער־זיידע, זרחל, איז פאַר צוויי וואָכן, פאַר איר פאָרן אין שטאָט אַרײַן, געקומען צו איר צו חלום.

— פון וואַנען, — פרעגט סטיסיע אַ מבולבל געוואָרענע, — פון וואַנען קומט צו אײַך אָט דער־אָ שטעקן?

נאָר ער ענטפערט איר אויף דעם ניט, לייגט דעם שטעקן צו זיך אויף די קני, און רעדט זיך ווײַטער:

— פון עקיבאס פאַרשטעלטע רייד אינעם טעלעפאָן האָבן מיר דאָ

פאַרשטאַנען אַז איווע איז שוין ווידער אין זייערע הענט, אַז אויף דניאלקעס האַלדז האָבן זיי שוין אויך אַרויפגעוואָרפן אַ פעטליע און אַז די קימפּעטאָרין האָט מען אַרויסגעטראָגן אויף אַ נאָסילקע. דו שווייַגסט, סטיסיע, דו שווייַגסט? די האַק גייט אַרום איבערן וואַלד, די ביימער ציטערן און שווייַגן! איך האָב איבערגעלעבט ניקאָלייַען דעם ערשטן, אַלעקסאַנדערן דעם צווייטן, אַלעקסאַנדערן דעם דריטן, ניקאָלייַען דעם צווייטן, דעם בלוטיקן. וויסטע און פינצטערע צייַטן, שרעקלעכע פּאָגראָמען. עלילותן דם. געטריבן פון די דערפער. נאָר דאָס וואָס ס׳קומט פאָר איצטער, דאָס קאָן שוין פאַרשטיין נאָר אַ משוגענער. די האַק, סטיסיע, גייט דאָ אַליין אַרום איבערן וואַלד. אַליין, אַליין, אַליין גייט דאָ אַרום די האַק! אַ מאָל האָב איך דאָ אין וואַלד געשריִען: גר אנוכי בארץ, אַ פרעמדער בין איך דאָ אינעם לאַנד און הייַנט שרייַ איך: גר אנוכי בעולם, אַ פרעמדער בין איך אין דער גאָרער וועלט — און ער הייבט אויף דעם שטעקן צום הימל.

— פון וואַנען, פון וואַנען, — פרעגט זי אים נאָך אַ מאָל איבער — פון וואַנען, ר׳ יצחק, קומט צו אייַך אָט דער־אַ שטעקן?

— חרות האָט געטראָגן דער וועלט נייַע לוחות... לעבט זי נאָך? אין יענער נאַכט, ווען זי איז געלאָפן מיט איווען און מיטן מסור, האָב איך איר אויפן שוועל פון דער אַלטער קרעטשמע געזאָגט: כ׳וויל גאָרניט אַז דו זאָלסט זיך אָפּשטעלן, אַז דו זאָלסט אין מיטן וועג וואַרפן דייַנע לוחות. גיי דיר מיט דייַן וועג, האָב איך איר געזאָגט, זאָל זיך עקיבא פאָרן אויף זייַן כישוף־וועגעלע, זאָל זיך שיפרה גיין מיט איר וועג, איך וועל מיר גיין מיט מייַן וועג. ערגעץ אויף אָט די וועגן דאַרף דאָך געלייזט ווערן אונדזער גורל! און ווּהין, סטיסיע, וווּהין זייַנען מיר אַלע פאַרגאַנגען? מיר שטייען דאָך אַלע בייַם אָפּגרונט! אַ מאָל האָט מיר אויף די רייד געענטפערט די מומע ליבע, זכרונה לברכה, אַז פון יענער זייַט אָפּגרונט גייט דער וועג ווייַטער. אפשר, אפשר, אָבער ווו נעמט מען דעם משה רבינו, וואָס זאָל אונדז אַריבער־פירן, ווו איז דער משה וואָס זאָל קאָנען שפּאַלטן דעם אָפּגרונט? — און אַלץ מיטן אויפגעהויבענעם שטעקן צום הימל: — בורא־עולם, אָט ליגט פאַר דיר אין שליטן אַ לעבעדיק קינד, העלף אים, דעם קינד, העלף אים, דעם עופעלע! קער אום אים זייַן טאַטע־מאַמע, נעם זיי אַרויס פונעם תלינס

הענט! הער זײַן געוויין... רבונו־של־עולם, הײַנט איז דאָך פּורים בײַ ייִדן אויף דער וועלט!

ערשט אַצינד, בײַ אָט די ווערטער, דערמאָנט זיך סטיסיע, און ס'ווערט איר דאָ קלאָר, פֿאַר וואָס זי האָט, אַחוץ אַלעמען, אַזוי געאײַלט און זיך אַזוי געריסן אַהיים: הײַנטיקן פּורים ווערט דאָך דעם ניט־געקרוינטן נשׂיא פּונעם שבט באַיאַר, יצחקן, הונדערט יאָר! דאָך, און פֿאַרט, באַגריסט זי אים אַפֿילו ניט און פֿרעגט אים ווידער, שוין צום דריטן מאָל, אַ מבולבל־דערשראָקענע:

— פֿון וואַנען, ר' יצחק, קומט צו אײַך אָט דער־אָ שטעקן?

— אויף מאָרגן, נאָך דײַן אַוועקפֿאָרן אין שטאָט אַרײַן, האָט זיך דײַן זרחל געגליטשט מיט די שקצימלעך איבערן טײַך און זיי האָבן אים אַראָפּ־געשטופּט אין דער פּאָלאָנקע.

— זרחלען?

— נאָר מ'האָט אים באַלד אַרויסגעשלעפּט.

— ער איז שוין געווען אונטערן אײַז?

— חלילה־וחס? ער האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט פֿאַרן שטעקן, וואָס איז געלעגן פּאָפּערעק איבער דער פּאָלאָנקע.

— פֿון וואַנען האָט זיך גענומען אָט דער שטעקן איבער דער פּאָלאָנקע?

— דאָס ווייס איך ניט.

— און זרחל ווייסט?

— ניין. ער ווייסט ניט.

— ווער האָט אַרויסגעשלעפּט דאָס קינד פֿון דער פּאָלאָנקע?

— דאָס ווייסט מען אויך ניט. זרחל איז געקומען צו לויפֿן אַ פּיטש־נאַסער פֿונעם טײַך מיטן שטעקן אין די הענט. מ'האָט זרחלען גלײַך אײַנ־געריבן מיט ספּירט און גאָט צו דאַנקען. ער הוסט נאָך אונטער, אָבער פֿון דער סכּנה איז ער שוין אַרויס.

— ר' יצחק, גלייבט איר אין נסים?

— איך גלייב אין דער העכערער השגחה. ישועת השם כהרף עין. גייען ייִדן איבער אויף אייגענע הענט, שטייען זיי בײַם אָפּגרונט... נו, בולאָנער! עטיאָ! דאָס קינד שלאָפֿט? אַ שטיל קינד, ניט קיין פּלאַקסיווע. אײַ, אײַ, אײַ אל רחום וחנון! סטיסיע, וואָס זוכסטו דאָרטן די גאַנצע צײַט אין וואַלד,

וואָס האָלטסטו די גאַנצע צײַט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף לינקס, וואָס זעסטו דאָרטן?

— מײַנע שאָטנס...

— אויך דיר גייען נאָך שאָטנס? אַבי כ׳האָב געמיינט אַז נאָר מיר גייען זיי נאָך... איך בין רײַך מיט שאָטנס! מײַנע הונדערט יאָר זײַנען אַרומגע־רינגלט מיט שאָטנס. דער שרעקלעכסטער שאָטן איז אָבער דער שאָטן אויפן שוועל פון דער אָפענער טיר. מײַן רחלס שאָטן. און די דרײַ קליינע קינדער טאָרען און וועקן די געהרגעטע מאַמע. אוי, אָט דער שאָטן מיט דער אָפענער טיר! און דניאלס שאָטן מיט דער געלאָטעטער קאָלדרע אויף די אַקסלען, און דער שאָטן פון מײַן „שטילן זומער״ מיט די שרײַענדיקע אויגן! הוי, סטיסיע, יענע שרײַענדיקע אויגן... און דער מומע ליבעס שאָטן... עטיאַ, בולאַנער, שלאָג זיך ניט אַראָפּ פונעם וועג! אָט פאָרן מיר אַדורך גבריאלס בערעזעוון וועלדל, וועלן מיר, בעזרת־השם, שוין זײַן אין דער היים.

און דאָך האָבן די באַיאַרס אין יענער פרי־פרילינגדיקער פּורים־נאַכט מיט די גרין־אָנגעשטערנטע הימלען, — אין די אַרומיקע וועלדער וואַלגערן זיך שוין פון די ברייטע יאָדלע־צווייַגן די שנייען צו דער ערד, און דער טויבער וואַלדהאָן לאָזט זיך שוין אויך הערן; אין יענער נאַכט האָבן די באַיאַרס געוואָלט יום־טובן יצחקס הונדערט יאָר — יאָרן מיט טראָפּנס פרייד און מיט עמערס יסורים.

אויפן גאַנצן לענג פונעם אַלטן דעמבענעם טיש האָט דאָבציע, ניט געקוקט אויף איר פאַרטרויערט־ און דערצאָרנטקייט, אַוועקגעלייגט דעם פריש־געבאַקענעם, דעם געפלאָכטן־פאַרברוינטן פּורים־קוילעטש, און די איבעריקע באַיאַריכעס האָבן אָנגעטראָגן המן־טאַשן, האָניק און אייער־קוכנס, קאָרן־ און צוקער־לעקעכער, פלאָדנס און מאַנדל־בייגעלעך; און שאַרפע צובייַסנס, און עסיקפליישן און קאַרטאָפליע־טייגעכצן, און בראָנפנס און ספּירטאָווע ווישניאַקס האָבן אויך ניט געפעלט, אָבער די באַיאַרס האָבן ניט געקאָנט זיך אויפמונטערן און אויפגעפלאַמט ווערן, ניט געקאָנט זיך צעיום־טובן און אַרייַן אין פאַרגעסנקייט.

אין אַזאַ בהלה ווי אין יענעם יאָר, האָבן זיך די באַיאַרס נאָך קיין מאָל ניט געפונען. דער ביסן שטעלט זיך אין האַלדז און דער שלאָף רוט ניט אויס די ביינער נאָכן טאָג האָרעוואַניע. נאַכט נאָך נאַכט, — און ס׳קומט גאָר צו דעם קיין סוף ניט, — הייבט מען אויף מענטשן פון די גלעגערס, מ׳נעמט פרויען וואָס זייַנען שוין אויף דער צייַט, מ׳נעמט אַפילו קימפעטאָרינס. האָט מען דאָך זי, דאָלין, וואָס האָט זיך געפונען אין קימפעט־היץ, אויף אַ נאָסילקע אַרויסגעטראָגן.

אויף אַזוינס האָט מען זיך שוין גאָרניט געקאָנט ריכטן. נאָך יענע גרויליקע יאָרן, נאָכן צונעמען בייַם פויער די ערד, נאָכן פאַרטרייַבן אים מיט

פערד און וואָגן אין קאָלכאָז אַרײַן, — האַלבע דערפער פויערים, די „קולאַ־קעס", האָט מען אין די שניי־געוויטערס געטריבן אין די טורמעס, צו די קנעכטלאַגערן און דערנאָך שוין זייערע ווײַבער און קינדער, די זקנים און זקנות, פון די כאַטעס אַרויסגעיאָגט און אין רויטע אַלטע פּיוואַגאָנעס קיין סיביר געפירט.

אויך דעמאָלטן, אין יענע טעג, זײַנען זיי, דער טאַטע מיטן זון, וועלוול מיט אריהן, די צוויי באַיאַרס, וואָס האָבן זיך צו גבריאלס הויף, צום בערעזניאַק, צו דער קרעניצע מיט די דרײַ אָנגעבויגענע אַלכעס אומגעקערט, אויף זייער ירושה־ערד אַרויף, פאַרן אַקער זיך גענומען און אויפגעשטעלט אַזאַ באַלעבאַטישקייט, אַז מ'האָט וועגן זיי אין די בלעטער געשריבן און ווי אַ מוסטער פאַר אַנדערע אַרויסגעשטעלט... זיי, די צוויי באַיאַרס, זײַנען אויך אין יענע טעג אומגעקומען: אַריה האָט ניט געוואָלט אָפּגעבן און איבערלאָזן זײַן האָרעוואַניע. ער האָט אין מיטן טאָג אונטערגעצונדן דעם הויף פון אַלע פיר זײַטן און איז דאָרטן געפאַלן. און ער, וועלוול, גבריאלס בכור, איז אויפן וועג צו דער טורמע אין דער שניי־וויוגע ביז וועסנע געבליבן ליגן, — דער אַלטער יצחק באַיאַר האָט די צוויי טויטע גופים שפּעטער געפונען, אויפן אַלטן בית־עולם זיי מקבר געווען, און אַ קדיש געזאָגט.

האָט מען געמיינט, אַז דערמיט וועט זיך די ערד פאַרמאַכן און אַז אויף דעם וועט זיך שוין די גזירה ענדיקן: די „קולאַקעס", די שׂונאים פון פאָלק, זײַנען דאָך שוין מיטן וואָרצל אַרויסגעריסן, די אָרעמקייט איז שוין פאַר־טריבן געוואָרן אין די קאָלכאָזן, וועט מען איצט זיך נעמען בויען דאָס גליקלעך־שפּעדיקן לעבן... און מיט אַ מאָל האָט מען בײַ אָט דער אָרעמקייט דאָס לעצטע מעסטל תבואה פון דער שטרויענער כאַטע אַרויסגעפירט, די לעצטע סקאָרינקע פון מויל אַרויסגעריסן און ס'האָט זיך באַלד אַ מוראדיקער הונגער געשטעלט. מתים האָבן זיך ניט נאָר אין די דערפער, נאָר שוין אויך אין די גרויסע שטעט אויף די גאַסן געוואַלגערט און געשוואָלענע מאַמעס, וואָס האָבן שוין קיין כּוחות ניט געהאַט צו דער שטאָט זיך דערקלײַבן, האָבן זייערע טויטע קינדער אויף די וועגן געגעסן!

און דער אַלטער יצחק באַיאַר האָט אין יענע טעג זיך ווידער געקריגט מיט גאָט און געשריִען אין וואַלד:

— לא תרצח!

און איצטער, נאָך יענע יאָרן, נאָכן קומען אַ קאַפּ צו־זיך, נאָכן צודעקן אַ ביסל די נאַקעטקייט, נאָכן אײַנשטילן קוים מיט ווייטיקן דעם הונגער, ווידער און אָבער אַ מאָל אין אַ טויטשרעק פאַריאָגט, אין אַ פינצטערניש אַזאַ פאַרטריבן, אַז מ׳זעט שוין גאָר ניט די מאָרגנשײַן, מ׳זעט שוין גאָר ניט אויף אַוועלכער וועלט מ׳גייט דאָ אַרום, מ׳איז שוין גליקלעך נאָר דערפון, וואָס מ׳טרעפט זיך נאָך דער נאַכט, אין די היימישע פיר ווענט.

דערצו נאָך, אין יענער פּורים־נאַכט, — די פײַערן פון די צוויי נאַפט־לאָמפּן פאַלן שוין אין דרויסן אויף די דינע אײַזפּענצטער פון דער צוגע־פרוירענער ערד, און זי, סטיסיע, איז נאָך אַלץ ניטאָ, זיך נאָך אַלץ ניט אומגעקערט פון דאָרטן, פונעם פאַרטיי־קאָמיטעט, וווהין זי איז אַרויסגערופן געוואָרן טאַקע באַלד, טאַקע ווי נאָר זי איז מיטן עופּעלע פון שטאָט געקומען, זי האָט נאָך ניט באַוויזן, סטיסיע, זיך אָנטישען מיט איר קינד, מיט זרחלען, וואָס די שקצימלעך האָבן בעת איר ניט זײַן דאָ, אין דער פאָלאָנקע אַראָפּ־געשטופּט, און נאָר על־פּי נס איז איר קינד ניצול געוואָרן, ניט פאַרטראָגן געוואָרן אונטערן אײַז — מ׳וואָלט דאָך דאָס טויטע קינד אירס געקאָנט געפינען ערשט דעמאָלטן ווען דער טײַך וואָלט זיך אויפגעעפנט, ערגעץ ווו אויף אַ פאַרוואָרפענעם ברעג.

האָבן אַלע געמיינט, און אַפילו זיכער געווען, אַז סטיסיע, וואָס איז ערשט פון שליטן אַראָפּ, אַ מידע, האַלט זיך קוים אויף די פיס, וועט דאָס באַקומענע פאַפּירל אָפּשאַרן אויף מאָרגן: ס׳ברענט ניט, מ׳וועט דאָרטן גאָרנישט ניט פאַרשפּעטיקן, די גאָלדענע בערג זייערע וועלן אין ערגעץ ניט אַנטלויפן; מ׳האָט זיך גאָרניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז סטיסיע וועט באַלד איבערלאָזן זרחלען, וואָס ליגט נאָך צום בעט מיט די פאַרקילטע לונגען און לאָזט זי, די מאַמע, אויף קיין טראָט פון זיך ניט אָפּגיין; ער האַלט אין איין פרעגן בײַ איר און איבערפרעגן, ער וויל וויסן זרחל: פאַר וואָס האָט די מאַמע אַזוי לאַנג זיך געהײַעט אין שטאָט? און צי וועט ער, דער טאַטע זײַנער, אויך קומען אַהער, אָדער ער וועט שוין פאַרבלײַבן דאָרטן אין שטאָט אויף תמיד? — און אויך וויל ער, זרחל, הערן פון איר, פון דער מאַמען: איז טאַקע אַן אמת אַז דאָס קלייניגקע קינד, וואָס זי האָט געבראַכט צו פירן,

איז זײַנס אַ ברודערל? און פֿאַר וואָס איז עס זײַנס אַ ברודערל? און דער עיקר: פֿאַר וואָס האָט מען דאָס קלײנינקע קינד געדאַרפֿט ברענגען אַהער? פֿאַר וואָס איז עס ניט פֿאַרבליבן מיט זײַן מאַמע דאָרטן אין שטאָט? זי, סטיסיע, איז דאָך ניט דעם קינדס מאַמע?!

פֿון אירע ענטפֿערס דעם קראַנקן קינד, זרחלען, זײַנען אַלע באַיאַרס איבערראַשט געוואָרן. זי האָט גאָרניט געפּרוּווט, סטיסיע, צו פֿאַרטושן און פֿאַרשלײערן. זי האָט אים, איר נײַן־יאָריקן קינד געזאָגט אָפֿן און פּשוט:

— דו, זרחל, און אָט דאָס קינד, עזראלע, איר בײדע האָט אײן טאַטן. אָבער מאַמעס האָט איר אַנדערע. איך בין דײַן מאַמע, און עזראלעס מאַמע איז דאָלי, דעם פּעטער עקיבאס טאָכטער. און פֿאַר וואָס כ׳האָב דאָס קינד געבראַכט אַהער? זײַן מאַמע, דאָלי, איז זײער קראַנק געוואָרן.

— און ווו איז אונדזער טאַטע? ער וויל שוין צו מיר מער ניט קומען?

— אײַער טאַטע איז אַוועקגעפֿאָרן ווײַט, ווײַט!

— און ווען וועט ער זיך אומקערן?

— דאָס ווײס איך ניט, מײַן קינד, דאָס ווײס איך ניט. עזראלע וועט זײַן בײַ אונדז. דו וועסט אים ליב האָבן. ער איז דײַן ברודערל.

און דאָ וואַרפֿט זרחל די קאָלדרע פֿון זיך, שפּרינגט פֿלוצלינג, אינעם אײנעם העמדל, פֿון בעט אַראָפּ און לויפֿט צו צום קינד, וואָס שלאָפֿט שוין אין אַ וויגעלע אויף רעדלעך, בײגט זיך צו דעם אָן און נעמט קוקן אויף זײַן אומגעריכט־געבראַכטן ברודערל מיט עפּעס אַ מין ניט קלאָרער שרעק, מיט עפּעס אַ מין צער פֿון אַ שווערער באַלײדיקונג... און באַלד לויפֿט ער אָפּ, און אויך מיט אַ מאָל, און נאָך מיט אַ גרעסערן אימפּעט, און פֿאַלט קריק אין בעט אַרײַן, פֿאַרוויקלט זיך איבערן קאָפּ און צעווײנט זיך אויף אַ קול מיטן פּנים אין דער וואַנט אַרײַן.

סטיסיע בלײַבט עטלעכע רגעס שטײן איבער איר קינד, איבער זרחלען, מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, פֿרעגט בײַ אים גאָרניט, פּרוּווט זיך ניט צו באַרויִקן אים, אויך איר פּנים ווערט דאָ ווײַסער פֿון שניי, ווי אויך זי וואָלט דאָ פֿלוצלינג עפּעס זײער שרעקלעכס דערפֿילט און דערזען... נאָר באַלד וואַרפֿט זי אויף זיך אַרויף דעם אַלטן שוואַרץ־פּליושענעם סאַקל, לויפֿט פֿון שטוב אַרויס, כאַפּט זיך אַרויף אויפֿן בולאַנעם, וואָס איז שוין פֿון שליטן אויסגע־

שפּאַנט, פּונקט ווי זי האָט זיך אַ מאָל אויף איר „שפּאַק״ אַרויפגעכאַפּט, און אויך אָן אַ צײַמל, און אויך ווי דעמאָלט, ווען זי האָט געיאָגט אין דעם אָנהייב־ווינטערדיקן פאַרטאָג, איבערן ערשטן שניי, צו דעם רוצחים־נעסט, צום אַטאַמאַן זיראַ־זירקאָ... אַזוי אויך איצט טראָגט זי זיך אַוועק אויפן בולאַנעם, אָבער שוין איבער די פרי־פרילינגדיקע וואַסערן, וואָס בליאַסקען אין די אויגן אויף דער שוין הייסער זון, איבער די נאָך אַנגעשנייטע פעלדער, דורך די זיך־דורכלויכטנדיקע וועלדער אַהין, אין שטעטל אַרײַן, צום פּאַרטיי־קאָמיטעט...

און די צווייטע הענער הייבן שוין אָן צו איבעררופן זיך אין דער נאַכט, און די שפּעטע לבנה וואַרפט שוין איר רויטלעכע שײַן אויף די פרירטורויקע טאָפּאָלן בײַם וועג און זי, סטיסיע, איז נאָך אַלץ ניטאָ. דער טאַטע אירער, מאַטעס דער קאָוואַל, און אירע צוויי ברידער, עזריאל מיט אָשרן, ווילן זיך לאָזן אין שטעטל אַרײַן, — האָט מען זי דאָרטן, חלילה, ניט אַרעסטירט? אַזאַ גאַנג האָבן זיי שוין אויך: מ׳רופט כּלומרשט אַרויס אין רײַקאָם, צי אַן אַנדער אָרט... און ווען מ׳קומט אַהין וואַרטן שוין דאָרטן אויף דיר יענע, די פיר אותיות...

פון דעם געדעקטן און געגרייטן טיש שלאָגט מיט צעוויטיקטקייטן פאַרן נעכטן און מיט אומרו פאַרן מאָרגן. נאָר די שנייגלעקלעך אין דעם ליימענעם קריגעלע גאָלדיקן זיך צווישן די ווישניאַק־פלעשער און ווייען מיט דער ערשטער פרייד פון די סוף־ווינטערדיקע וועלדער.

פאַר אַ יאָרן אין דער צײַט, צו יצחקס ווערן אַ ניַין־און־נײַנציקער, — אויף דורך און דורך אַ ספּירטאָוונער באָיאַר, נאָך בײַ אַלע חושים, נאָך אַלע טאָג, פון פרי־יאָר ביז שפּעט אין אָסיען אַרײַן, מיט דער זעג און האַק, מיט דער הראַבליע און זאָסטופּ אין סאָד, אויף די פּאַרניקעס, אויפן גאָרטן, בײַם היי שאָרן, בײַ די סנאָפּעס בינדן, און אַפילו מיט דער ווילע בײַם צונויפלייגן די קאָפּניעס און בײַם אויפשטעלן די סקירדעס... פאַר אַ יאָרן האָט בײַ אָט דעם לאַנגן דעמבענעם טיש — אַ ירושה פון גבריאלן — די פרייד שיר ניט צעשפּאַרט און אומגעוואָלגערט די ווענט, — מ׳האָט צעעפנט אַלע פענצטער און טירן, און דער ערב־פרילינגדיקער שנייפאַל איז פאַרטראָגן געוואָרן אין שטוב אַרײַן און געקילט די אויפגעפלאַמטע פּנימער.

פאַר אַ יאָרן איז נאָך אַברהם באַיאַר, דער העלד פון סאָציאַליסטישער מי, דער פאָרזיצער פונעם יידישן קאָלווירט „דער שליאַך צום קאָמוניזם", געווען אין דער היים, און אַלע אייניקלעך זײַנען געקומען פון די גאָענטע און ווײַטע שטעט: די אינזשענירן און דאָקטוירים, די דאָצענטן און פראָפעסאָרן, די אָנגעזעענע פּאַרטיי־ און מלוכה־טוער, און אויך זי, איווע, און אויך חרות איז געקומען פון מאָסקווע, פונעם קרעמל, צום טאַטן, און געטאַנצט מיט אים אַ „פריילעכס", און מיט אַ פּאַטשיילע...

פאַר אַ יאָרן האָט דער נשיא פונעם שבט באַיאַר, שוין נאָכן „האָפּאַק" מיט עקיבאָן, שוין נאָך אַלע אויסגעטאַנצטע און אויסגעפּליעסקעטע באַיאַר־ניגונים, אַרויסגענומען פון דעם ראָד דעם רויטן קאָמאַנדיר מיט די דרײַ שפּאַלעס אויף די פּעטליצעס, דעם אייניקל, שמואליקן, און אויך דאָס אוראייניקל, די דרײַצן־יאָריקע דניאלהן, די שוין אויסגעשטאַלטיקטע, די שוואַרצאויגיקע מיט די קופּער־רויטע געלאָקנטע האָר — דעם פריש־אויפגייענדיקן פײַער אין דער מישפּחה, און איז אַוועק מיט זיי אַ באַיאַרישס... און ערשט דערנאָך אַרויס אַליין, איינער אַליין, און באַוויזן זיי, די הײַנטיקע, ווי אַזוי אַ באַיאַר קאָן אַרײַן אין התלהבות, ווי אַזוי די פרייד קאָן שלאָגן בײַ אַ באַיאַר פונעם האַרצן, פון דער נשמה.

און דערנאָך, נאָך יענעם טאַנץ, האָט דער זקן אָנגענומען פון דער געגלייזטער שיסל אַ זשמעניע קאַלטע און זויערע קליוקווע־יאַגדעס, זיך דערקוויקט און אָפּגעקילט, פאַרנייגט דעם קאָפּ צום לינקן אַקסל, ווי געוואָלט מיטן רעכטן האָריקן אויער דערהערן עפּעס אַ ווײַטן און שווערן גאַנג פון אַ נײַער גזירה, דערנאָכדעם צוריק אין ראָד אַרײַן, מיט די יונגע אויגן אַ פיר געטאָן איבער אַלעמענס פּנימער, און מיט אַ גרויסן טרויער אין קול, ווי געפילט אַז מיט זיי, מיט זײַנע קינדער, מיט זײַנע אייניקלעך און אוראייניקלעך וועט ער זיך שוין מער ניט זען, געזאָגט פאַר זיי זײַן לעצטן וואָרט:

— אין מיר, קינדער, רעדט ניט די עקשנות פון עלנט און פון אַלטקייט. מיינט ניט אַז איך בין שוין אין יאָרן פון כּלות הנפש און שׂריפת הגוף... די זאָרג פאַר אײַך אין אַ צײַט פון הפקרות טרײַבט מיך צו זאָגן און צו וואָרענען אײַך! איר פאַרטאַכלעוועט אונדזערע נשמה־אוצרות, איר ווערט אָן די אוצרות פון דורות, פון גרויסע דורות! יענע דורות זײַנען אַ קוואַל

פון לעבעדיקן וואַסער, אָבער קיינער פון אײַך וויל ניט טרינקען פון אים. דער אֵש־תּמיד ווערט אין אײַך אויסגעלאָשן, דער אייביק ייִדישער פײַער ווערט אין אײַך פאַרוויסט. איז וואָס וועלן זײַן אײַערע חלומות און די חלומות פון אײַערע קינדער און קינדסקינדער? פון וואָס וועלן זיי חלומען און נאָך וואָס וועלן זיי בענקען? און איר, אײַער דור, אײַער גאַנצער דור! אויך יענע... איך האָב צוריק מיט עטלעכע יאָר דאָ גערעדט מיט דער מומע ליבעס עלטערן זון, מיט דודן, וואָס האָט זיך בשתיקה אַרײַנגעכאַפּט אַהער פון ארץ־ישׂראל, פון זײַנע פאַרשטעלטע רייד האָט מיר אָפּגענומען דער לשון... ער האָט פײַנט געהאַט זײַן טאַטן, שמריהן, און אָט די שׂינאה האָט ער אַריבערגעטראָגן אויך אויף מיר... יענע זעען נאָר דעם פאַרשטויבטן ייִדן פונעם יאַריד! זיי האָבן ניט דערזען איבערן שטויב דעם ייִדנס גרויסע נשמה. און אָנהייבן דאַרף מען פון דעם ייִדנס נשמה. מיר זײַנען טאַקע געווען אײַנגעבויגן! מיר זײַנען געווען אײַנגעבויגן, ווײַל מיר האָבן געטראָגן אויף זיך די ירושה פון אָבות־אָבותינו, דעם שווערן עול פונעם גלות, דעם צער און צאָרן פון דורות! מיר האָבן אָבער אויך געטראָגן אין אונדזערע הערצער דעם גרויסן גלייבן אינעם ליכטיקן אחרית־הימים. דער ייִד האָט זיך דאָ אין גלות, אַפילו אין די סאַמע ביטערסטע און בלוטיקסטע צײַטן, קיין מאָל ניט געשטעלט אויף די קני פאַר זײַן גורל. אַ גאַנצן לעבן, קינדער מײַנע, שלאָג איך זיך מיטן רבונו־של־עולם... און איר, מײַנע קינדער, איר האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַלץ און אַלעמען און איר באַרימט זיך מיט די אויסגעגלײַכטע רוקנס! אַוודאי, אַז מ׳וואַרפט פון זיך אַראָפּ דעם טאַטן, דעם זיידן, דעם עלטער־זיידן, קאָן מען אַרומגיין מיט אויסגעגלײַכטע רוקנס... אָבער מיט וואָס און בײַ וואָס זענט איר, קינדער מײַנע, געבליבן? אָן וואָרצלען ווערט מען פאַרטראָגן פונעם ווינט... איר האָט דאָ מקבל געווען באהבה אַלע אמתן און די אני־מאמינס פון דער פרעמד! ס׳מיגלט און ס׳איבלט ווי אַזוי איר אַלע מעלה־גרהן איבער די רייד, וואָס זײַנען ניט מער ווי דאָס קאַלטע פײַער וואָס קונצן־מאַכערס ציִען פונעם מויל. זײַט מיר מוחל, קינדער מײַנע! אין אָסיען פאַלן די ווינטערדיקע עפּל שוין אַליין פונעם בוים. אָט די־אָ רייד, קינדער, ליגן מיר שוין יאָרן אויפן האַרצן... נו, און איצטער לאָמיר אָפּקלאַפּן דעם טריוואַקס און אָפּקאָרקעווען דעם בוטל פאַרספּירטעוועטן ווישניאַק,

וואָס כ׳האָב באַגראָבן אין קעלער אונטער די טרעפּ ווען דניאלהלע איז געבוירן געוואָרן. כ׳האָב געוואָלט דעם בוטל האַלטן ביז איר חתונה. נאָר גאָט ווייסט צי איך וועל צו יענער שׂימחה דערלעבן... לאָמיר אויסטרינקען פאַר ישועות ונחומות אויף ייִדן, לאָמיר אויסטרינקען, אַז באַיאַרס זאָלן אויך אויף ווײַטער בלײַבן באַיאַרס...

און האַיאָר זיצן זיי שווער־פאַרביטערטע, מיט פאַראָבלטע הערצער, די באַיאַרס, וואָס האָבן זיך נאָך יענע פּעטליורא־פּאָגראָמען צונויפגענומען פון די אַרומיקע דערפער און כוטאָרס, אַרויף אויף די ערדן פונעם אַמאָליקן פריץ באָגושעווסקי, אַריבערגעפירט אַהין די גאַנץ־געבליבענע הײַזער, און אויך נײַע דאָ אויסגעבויט, די קוזניעס און סטאָליאַרנעס אויפגעשטעלט, די זומפּן אַרום אויסגעטריקנט, דעם גרויסן עפּלסאָד איבערגעפלאַנצט און די שוין כמעט טויטעביימער אויפגעלעבט, די שוין פאַרשוואַרצטע נאָכן גרויסן פײַער, וואָס די פּויערים האָבן אין זיבעצנטן יאָר אָנגעצונדן און ביז צו דער ערד פאַרברענט דעם גראַפס אײַנגעפונדעווועטע גיטער... האָבן די באַיאַרס אַלע הײַזער און שטאַלן, וואָס זײַנען אין שטויב און אין אַש געלעגן, מיט זייער עקשנות און גבורה, מיט האַק און האַמער, מיט זעג און זאַסטופּ, מיט דאָלאָטע און עקבער, מיט צוואַנג און הובל, מיט מעסער און שפּאַכטל, פון דער ערד אויפגעהויבן; אַפילו דעם שטיינערנעם פאַרקן אויפגעשטעלט און נײַע דעמבענע מיט אײַזן־געקאָוועטע טויערן אויפגעהאָנגען; די פאַרשימלט־ און ווילד־פאַרוואָקסן געוואָרענע סאַזשלקעס אויסגערייניקט, מיט לעבעדיקע וואַסערן זיי אָנגעפולט און זילבערקאַרפּן אַהין פאַרפירט; בינשטאָק־שטיבלעך אויפגעשטעלט, אויפגעהאָדעוועט שאָף און רינדער, וואָס האָבן געשמט אַרי־בער דער געגנט, און אין די פאַרטאָגן, — די ראָסע זילבערט זיך קוים און די פייגלען אין סאָד שווײַגן נאָך, ס׳ווייעט מיט ליפּעצוויט, מיט פלאַמיקן מאָן, מיט זשאַסמין און מיט דופטיקן אַרבעס, טרײַבט מען שוין די אויס־געמאָלקענע בהמות אויף די פּאַשע־טאָליקעס; צום שניט גייט מען אַרויס מיט ווײַב און קינד, מ׳שטעלט דאָרטן אויף קורינעך, מ׳זאָל אויף נאַכט ניט דאַרפן פאָרן פון פעלד אַהיים, ניט פאַרלירן קיין ברעקל צײַט, און פון זונאויפגאַנג ביז זון־זעצן־זיך קאָסעט מען די געדיכטע קאָרנס און ווייצן,

און נאָכן שווערן טאָג צוניפשאַרן און בינדן די סנאָפּעס, — דיביינער ברעכן און נאָיען, צינדן די ווײַבער און די טעכטער פֿײַערן אויף צו קאָכן וועטשערע, און אונטער די אָפּגעקילטע הימלען, בײַ די שײַטערס, עסט מען מיט להוט־קייט, מ׳נעמט אויך צו גלעזלעך און דערנאָך, ביז האַלבער נאַכט, טראָגן זיך איבער די פעלדער און וועלדער די באַיאַרישע ניגונים.

אָבער פריִער, נאָך איידער געגומען זיך אויפשטעלן דעם נײַעם דאַך איבערן קאָפּ און איבערן לעבן, נאָך איידער מ׳האָט אָנגעהויבן אויפבויען אַ וואַנט, נאָך איידער מ׳האָט מיטן אַקער־לעמעך איבערגעקערט די ערשטע הליבע ערד פונעם נײַעם המשך און קיום, האָבן די באַיאַרס אָפּגעגראָבן יענעם קעלער ווו ס׳איז אַ מאָל לעבעדיקערהייט באַגראָבן געוואָרן דער קדוש, יאָנטל באַיאַר, דער ווונדער־שנײַדער, דער פערד־גנב, וואָס האָט ניט געוואָלט זיך שמדן, ניט געוואָלט נעמען פאַר אַ ווײַב דעם פריצס שיינע בת־יחידה, ניט געוואָלט פון יאָנטלען ווערן אַ יאַנוש און זײַן יורש און הערשער איבער דעם גראַף באַגושעווסקיס עשירותן, מוחל געווען אויף זײַן גרענדע־ און ווילטאָגן זיך... און ווי נישתומט זײַנען זיי געוואָרן, די באַיאַרס, אַז מ׳האָט ניט קיין ביינער, נאָר יאָנטלס גוף געפונען אַ גאַנצן, וואָס האָט שטאַרק געשמעקט מיט זשיווויצע, — יאָנטלס גוף איז געווען דורכגעזאַפּט מיט יאַדלעפּעך... האָט דעמאָלטן יצחק באַיאַר געפּסקנט: דער קדוש, יאָנטל־יום־טוב בן טודרעס, בלײַבט ליגן דאָ אין דעם קעלער אויך אויף ווײַטער! און מ׳האָט אויך אויף יענעם קבר־קעלער קיין געביי שוין ניט געבויט, נאָר אויפגעמויערט אַ שטיינערנעם אוהל אַלס זכר אויף דור־דורות. דערנאָך שוין האָבן די באַיאַרס זיך גענומען אויפשטעלן אויף דעם גראַפּס ערדן, — און זיי האָבן געגלייבט, ווי באַיאַרס קענען גלייבן, מיטן גאַנצן האַרצן, ביזן דנאָ פון דער נשמה, אַז נאָך אַזוי פיל דורות־ליידן האָבן זיי שוין זייער מנוחה און קיום געפונען.

פאַר אַ יאָרן האָט מען נאָך געיום־טובט יצחקס נײַן און נײַנציקסטן יאָר אויפגעלייגט און אויפגערוימט, מיט רחבותדיקער האַנט, און הײַיאָר זיצן זײַ, די באַיאַרס, אַרום דעם לאַנגן אָנגעשטעלטן טיש מיט פאַרקלעמטע, מיט ווײַס־איבערגעטריקנטע ליפּן, ווי מ׳וואָלט זיי אין די נשמות אָנגעוואָרפן אָנגעגליטע שטיינער...

פאַר אַ יאָרן איז אין יצחקס רעכטער זײַט געזעסן דער זון, אַברהם, שוין אויך אין די יאָרן, מיט דער לאַנגער סיוווער באָרד, און אין דער לינקער האַנט איז געזעסן די טאָכטער, חרות, וואָס פלעג זיך פון צײַט צו צײַט פלוצלינג אַראָפכאַפּן אויף אַ טאָג צום אַלטן טאַטן; אויך בײַ איר, בײַ חרותן, איז שוין דער געדיכטער קאָפּ האָר באַזילבערט געוואָרן, און ס׳האָט געדאַכט, אַז דער צו גרויסער, דער צו שווערער קובליק אויפן נאַקן, בייגט איר אַלע מאָל דעם קאָפּ אַראָפּ; הײַיאָר זײַנען זיי שויןביידע, אי אַברהם, אי חרות, אין טורמע, — שונאים פון פאָלק... און דער אייניקל, שמואליק, דער רויטער קאָמאַנדיר, און די שנור, טאַמאַראַ, די געוועזענע קאָמיסאַרשע פון דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל, און דאָס אוראייניקל, דניאלה, דער דרײַצן־יאָריקער וווּנדער... יענע דרײַ זײַנען שוין גאָר אויף דער לעבעדיקער וועלט ניטאָ. און אויך מלכּה איז שוין ניטאָ, און איווע, און דניאלקע דער מומע ליבעס פעלן דאָ, און אויך עקיבא איז ניט געקומען, — ניטאָ ווער ס׳זאָל אויסשפּילן די באַיאַרישע פריילעכסן.

און די באַיאַרס זיצן אַרום דעם געגרייטן טיש, — די לבנה איז שוין פון יענער זײַט טײַך אַריבער, און סטיסיע האָט זיך נאָך אַלץ פון דאָרטן ניט אומגעקערט. די הענער אויף די נאַסידלעס, פון אונטער די דעכער אין די שטאַלן, רופן זיך ווידער איבער, גיבן צו וויסן דער וועלט:

— ס׳איז שוין נאָך האַלבער נאַכט!

דער זקן, דער בעל־יובל, זיצט אויך הײַיאָר אין יענעם גרויסן צימער מיט די צוויי פענצטער אין סאָד אַרײַן, וואָס אַברהם האָט נאָך דער מאַמעס טויט צוגעבויט פאַרן טאַטן, ווען יענער האָט זיך סוף־כּל־סוף אָפּגעזאָגט פונעם געדאַנק אויפצושטעלן אויף ס׳נײַ די אָפּגעברענטע קרעטשמע, נאָר מיטן תּנאַי, אַז אין דער סטעליע זאָלן אַרײַנגעבויט ווערן, פון יענער אַלטער קרעטשמע, צוויי שוואַרץ־פאַרקוילטע באַלקנס, וואָס וועלן קיין מאָל ניט געווײַסט ווערן... דאָרטן האָט דער זקן זײַן מנין שבת און יום־טוב, דאָרטן שטייט די רייניקייט, — די ירושה וואָס איז ביז אַהער געגאַנגען פון דור צו דור, דאָרטן, לעם יענעם אויף חידושים־געשניצטן אָרון־קודש, ווו גבריאל איז געפאַלן מיט דער האַק אין דער האַנט... דאָרטן שטייט אויך יענער אַלטמאָדישער בופעט, ווו ס׳געפינען זיך אַלע משפּחה־הייליקייטן: אינעם

קופּערנעם קעסטל ליגט דער פֿאַרבלוטיקטער מחזור נאָך פֿון גאָנטעס שחיטה אין דער אַלטער קרעטשמע, און אויך שטייט דאָרטן דער טאָפּ פֿונעם ערשטן באָיאַר, פֿון עזראָ אָבינו, וואָס איז איבער דעם עלילת־דם אַנטלאָפֿן פֿון די דײַטשלענדער, זיך באַזעצט דאָ, אין די פּאָלעסיער וועלדער, ניט געהאַט דאָ פֿאַר וועמען און פֿון וואָס צו שמידן און גאָלד גיסן, האָט ער זיך גענומען קלעפּן וווּנדערטעפּ פֿון היגן ליים; און אויך דאָרטן, אויף די אײַנגעבויגענע פּאָלקעס, שטייען די פֿאַרגרינט־זילבערנע בענטשלײַכטער, די כּלערליי מינים חנוכּה־לאָמפּן, בשׂמים־ביקסעלעך און טאַביק־פּושקעס, שיידלען מיט מגילות, גרויסע קידוש־בעכערס, פּסחדיקע כּערות, — אַלצדינג שיין און מיט טעם געקריצט און געשטריכלט; דאָרטן, אין יענעם אַלטמאָדישן בופֿעט ליגן די צוויי שופֿרות, דער לאַנגער און געדרייטער, וואָס גבריאל באָיאַר האָט אַ מאָל אָפּגעקויפֿט בײַ אַ פּאַסטעך אין די קאַרפּאַטן־בערג, און דער צווייטער, דער קורצינקער; דאָרטן ליגן אויך די געל־צעשאָטענע קו־הישרס, די חובֿת־הלבבֿותן, די קרבן־מנחות און מענה־לשונס, די סידורים און משניותן, די סליחות און קינות, און אויך טלתים־ און תּפֿילין־זעקלעך, וואָס די מאַמעס און באָבעס האָבן אַ מאָל אויסגענייט פֿאַר זייערע חתנים, — פֿון דעם גאַנצן יונגן דור באָיאַרס האָט אַהין אַרײַנגעקוקט און זיך מיט דעם פֿאַרנומען נאָר ער איינער, דניאלקע דער מומע ליבעס, וואָס האָט עס אַלץ געוואָלט מיט איילפֿאַרבן אויפֿן לײַוונט פֿאַרהיטן.

דאָרטן, אינעם גרויסן צימער מיט די צוויי פֿענצטער אין דעם שפּעט־לבנהדיקן סאָד אַרײַן, ווו פֿון די פּוכקע פּרירטויזקע צווײַגן פֿאַלן בלאָווע פֿונקען אויף די ערבֿ־פּריילינגדיקע אײַז־טאָפּלעלעך, דאָרטן, — די מיטערנאַכט גייט שוין אין איר אַרום־און־אַרומיקער שטילקייט אַרײַן, זיצט דער הונדערט־יעריקער יצחק באָיאַר, מיט די אויגן אויפֿן בילד, וואָס דניאל דער מומע ליבעס, פֿאַר זײַן אַוועקגיין פֿון סטיסיען מיטן קינד צו עקיבֿאס טאָכטער, צו דאַלין, האָט אָנגעמאָלט, אין אַ נוסחאָלץ־ראַם אַרײַנגעשטעלט און אונטער די צוויי גלאַנציק־פֿאַרקוילטע באַלקנס, איבערן אָרון־קודש מיטן אָפּגעצוויטעטן גרין־סאַמעטענעם פּרוכת, אויפֿגעהאַנגען: בײַ אַ טונקל־בלוטיקער שקיעה, שיִער ניט שוואַרצע, אַראָפּ־צו נאָר, צו די וועלדער, פֿון אַ צעשפּאָלטענעם וואָלקן שלאָגט אַרויס אַ בלענדאָפּשײַן, און צווישן אָפּגעברענטע ווענט,

וואָס קנוילן זיך נאָך מיט גרוי־לילאָווע רויכן, ליגט אויף דער ערד „דער שטילער זומער”, שאַרט מיט ביידע הענט דעם אַש אַרום זיך און די גרויסע אויגן אירע שרײַען: „פֿאַר וואָס, פֿאַר וואָס, גאָטעניו, קומט עס מיר?”

דאָרטן, בײַ דער שײַן פֿון די צוויי נאַפֿטלאָמפּן, בײַם געגרייטן טיש, — ס׳שמעקט מיט פֿאַרבראָטנס און צוגעדישעכצס, מיט געפֿעפֿערטע געפֿילטע העלדזלעך, וואָס כאַפּן אונטערן לעפֿעלע, מיט באַצימרינגטע געבעקסן, וואָס קיצלען דעם גומען, און מיט יענע ריחות פֿון דער ערב־פֿרילינגדיקער נאַכט, ווו גרויסע שטערן ברענען אין זייער אייגענער עלנטקייט... די באָיאַרס אַרום טיש, יום־טובדיק צוגעפּוצטע, די בערד צעקעמטע מיט די פֿינגער, שוין אַנטשוויגן געוואָרענע, דער זאַפֿרען־פֿאַררייטלטער פּורים־קוילעטש וויגט זיך אין זייערע מידע אויגן, ווי אַ פֿריש־געפֿאַרבט שיפֿל אָן וועסלעס אויפֿן מיטן סטאַוו... זיי סמאַליען, די באָיאַרס, אָן אויפֿהער אין די גרויסע ליולקע־ציביקעס דעם היימישן שאַרפֿן גאָרטן־טאַביק אַזוי, אַז די פּיקוסן הייבן אָן געל ווערן; קאָנען די באָיאַריכעס שוין מער ניט איבערטראָגן דאָס פֿאַליען פֿון די ליולקע־ציביקס און עפֿענען אַלע מאָל אויף ביידע פֿענצטער אין דער נאַכט אַרײַן.

דער זקן, דער בעל־יובל, זיצט ווי פֿאַר אַ יאָרן אויבן אָן, אין דער שבתדיקער קאַפּאָטע, אין דער הויכער שוואַרץ־זײַדענער יאַרמלקע און די בלענד־ווײַסע באָרד לויכט אים אַראָפּ מיט אַלע אירע הונדערט יאָר ייִדישער שיינקייט. די אויגן זײַנען אים אָבער פֿאַר די לעצטע חדשים געעלטערט געוואָרן, ס׳איז אין זיי ניט נאָר פֿאַראַן אָבלות, נאָר שוין אויך ייִאוש... אויך פֿריִער, פֿון זינט מ׳געדענקט אים, זײַנען די אויגן בײַ אים פֿול געווען מיט טרויער און יסורים, אָבער דאָך און פֿאָרט, האָט תּמיד, אַפֿילו אין דער גרעסטער נסיון־ און גזירה־צײַט, געשלאָגן פֿון זיי, ווי בײַ דער מומע ליבע, פֿון ערגעץ ווײַט, פֿון דער טיפֿעניש אַרויס, עפּעס אַזאַ מין ליכט, וואָס האָט געשטאַרקט אַלעמען די הערצער מיט האָפֿענונג אויף בעסערע און אויף ליכטיקערע צײַטן. און דאָ, אין אָט דער אָנגערייכערטער, האַרט שווײַגנדיקער וואַרטעניש, דערהערט מען ווי פֿון דעם זקן רײַסט זיך אַרויס:

...טשי ניע באַטשיוו טי,
טשי ניע ווידעל טי,
מאַיעי אָווצי ?

— מירן פאָרן ! — זאָגט מאַטעס צו די זין און שטעלט זיך אויף די פיס.
— ניטאָ מער אויף וואָס צו וואַרטן. פונעם וואַרטן קילט שוין דאָס בלוט אין די אָדערן. אויב זיי האָבן מיר אַרעסטירט סטיסיען, וועל איך דאָרטן עמעצן פון זיי אָנכאַפּן פאַרן גאָרגל און אים דערוואָרגן אויפן אָרט... אונטערן האַרצן האָט זיך מיר שוין אָנגעקליבן אַזוי פיל, אַז כ׳האָב שוין ניט מיט וואָס צו דיכען. לאָמיר פאָרן, קינדער. מ׳דאַרף זען וואָס דאָרטן טוט זיך.

— וואָס ווערסטו דאָרטן, טאַטע, זען אין מיטן דער נאַכט ? אַרום און אַרום אַ פינצטערניש, נאָר אין די פענצטער פון די דריי אותיות איז ליכטיק. דאָרטן גייען די דאָפּראָסן... אַרום און אַרום הויכע אײַזערנע שטאַכעטן, טיר און טויער איז פאַרהאַקט. וואָס ווערסטו דאָרטן, טאַטע, הערן ? אַרום און אַרום איז שטיל. אַ טויטע שטילקייט. ביי די אַרעסטירטע פאַרבינדט מען די מײַלער, מ׳זאָל ניט הערן זייערע געשרייען... טאַטע, דאָרטן איז שטיל. ווערסט דאָרטן גאָרנישט ניט הערן, ווערסט דאָרטן גאָרנישט ניט זען, אין דער נאַכט לײַכטן זיך נאָר די פענצטער פון דער עמוועדע.

— ניין, עזריאל, מירן פאָרן ! ביזקל מיר וועלן אַהין דערפאָרן וועט אָנטאָגן. די וועסנע באַגעגנט זיך שוין צום צווייטן מאָל מיטן ווינטער, און די קאַיאָרן פּיקן זיך אויס פרי... קומט, קינדער !

מיט אַ מאָל הייבט דאָ אויף יצחק באַיאַר זײַן האַנט, פאַרנייגט דעם קאָפּ צום לינקן אַקסל און נעמט זיך אײַנהערן מיטן רעכטן אויער צו דער נאַכט, וואָס איז שוין אַרײַן אין איר פולער שטילקייט :

— זי פאָרט ! — זאָגט ער מיט אויפגעשײַנטע אויגן.

— פון וואַנען, ר׳ יצחק, נעמט איר דאָס אַרויס ?

— פון דער גרויסער שטאָל. כ׳הער ווי ס׳הירזשעט דאָרטן די קאָרע לאָשיצע.

— נו, און אַז זי הירזשעט איז וואָס ?

— די לאָשיצע איז פאַרקאָכט אינעם בולאַנעם. אַז זי דערהערט אים, שפּרינגט זי שיִער ניט אַרויס פון דער פעל. די קאַרע הערט זײַן גאַנג אויף מײַלן ווײַט.

און באַלד דערהערן שוין אַלע ווי די צוגעפּרוירענע ערד קלינגט אָפּ אין דער נאַכט אונטער דעם בולאַנעמס אונטערגעקאָוועטע קאָפּעטעס. דאָך רירט זיך קיינער פון אָרט ניט. מ׳לויפט ניט באַגעגענען, — נאָך די לאַנגע שעהען וואַרטן און אַרויסקוקן, נאָכן קנאַפּן מעת־לעת הענגען אין דער לופטן, איז מען ווי אָן אַלע כּוחות געבליבן. דערצו נאָך דער פּחד פון אָפּגענאַרט ווערן: דער בולאַנער קאָן דאָך אויך יאָגן צו דער שטאַל אַ ליידיקער, אָן סטיסיען... אָט די־אָ שרעק פון פאַרלירן די לעצטע האָפענונג, האָט אַלעמען געליימט. ערשט ווען זרחל, וואָס אַלע האָבן געמיינט אַז ער שלאָפט שוין פון לאַנג, לויפט פון בעט אינעם איינעם העמדל, אַ באָרוועסער, פון שטוב אין דרויסן אַרויס און מ׳דערהערט פון דאָרטן:

— מאַמע?

— יאָ, מײַן קינד!

דעמאָלטן טוט זיך נאָכן קינד אויך אַ וואָרף דער זקן, און נאָך אים שפּרינגען אויף מאַטעס מיט די זין, און נאָך זיי לויפן שוין איינער פאַרן אַנדערן די איבעריקע באַיאַרס. אָבער דאָרטן, אין דרויסן, בײַ דער קאָסער לבנה־שײַן, וואָס פאַלט אויפן אָגער דורך די פאַרטוייִקטע זילבער־טאָפּאָלן, שוין אַפילו נאָך דעם, ווי זי, סטיסיע, איז מיט זרחלען אויף די הענט אין שטוב אַרײַנגעלאָפן, אויך דעמאָלטן פאַרבלײַבן זיי נאָך, די באַיאַרס, אין הויף אַרום דעם בולאַנעם שטיין, ווײַל אַלעמען וואַרפט זיך אין די אויגן, און מ׳וועדט ביז גאָר פאַרוווּנדערט, וואָס אויפן אָגער איז פאַראַן אַ שלייע... פון וואַנען קומען אויפן פערד די נאַריטניקעס מיט די טראָלדן? אַז דער בולאַנער איז מיט גוואַלד אויסגעשפּאַנט געוואָרן, דאָס איז צו זען פון די אָפּגעשניטענע פאָסטאָראָנקעס און פון דעם אָפּגעהאַקטן נאַשילניק...

ווער האָט עס דאָרטן דעם בולאַנעם געקאָנט אײַנשפּאַנען און געוואָלט זי, סטיסיען, אַהיים אָפּפירן? און ווו האָט עס סטיסיע די פאָסטאָראָנקעס געשניטן, דעם נאַשילניק געהאַקט און פון יענעם באַגלייטער אַנטלאָפן גע־וואָרן? האָט דאָס מיט איר געטראָפן אין מיטן וועג, ערגעץ אין וואַלד?

און ווער האָט עס דאָרטן סטיסיעס וועג־באַגלייטער און איר נאַכט־שומר געוואָלט זײַן?

האָט מען געמיינט, געוועזן אַפילו זיכער, אַז באַלד וועט מען פון דעם זיך דערוויסן פון איר אַליין. זי אַליין וועט באַלד די באַשייד־שליסלען אין האַנט אַרײַן געבן, — קיין פאַרבאַרגענע ווינקלען אין איר לעבן האָט זי קיין מאָל ניט געהאַט. אָבער פון סטיסיען האָט מען זיך איצט גאָרניט ניט געקאָנט דערוויסן. זי האָט נאָר געזאָגט:

— דעם פאַרטייביכל האָט מען בײַ מיר צוגענומען.

און די פאַררייטלטקייט פונעם פּנים הייבט איר דאָ אָן אָפּגיין. שווער געוועזן צו וויסן, צי אָט די פאַרפאַליעטקייט איז איר געקומען פונעם גיכן פאָרן, צי פון דעם וואָס ס׳איז זיך מיט איר דאָרטן אויפן וועג פאַרלאָפן? נאָך די שטיל־געזאָגטע פּאָר ווערטער: „דעם ביכל האָט מען בײַ מיר צוגענומען", נעמט זי ווערן בלייך און בלאַסער, און גייט דערנאָך אין אַן ערד־שוואַרצקייט אַרײַן, וואָס דערשרעקט אַלעמען. די אויגן אָבער שטילן זיך איר דאָ אײַן, און ס׳באַווײַזט זיך אין זיי אַ מין פריידיקע ליכט, ווי איר נשמה וואָלט זיך מיט אַ מאָל פון עפּעס־וואָס באַפרײַט, און פון אַזוינס, וואָס איז איר שוין אוממעגלעך געוואָרן ווײַטער צו טראָגן.

שפּעטער־צו, און אַלץ אין איר אייגענער און אין דער אַרומיקער שטיל־קייט, די באַיאָרס זיצן ווידער בײַ דעם געגרייטן טיש אונטער די צוויי לאָמפּן און פאַמקען די פאַרלאָשענע ליולקע־ציבעקעס, באַלייגט זי, סטיסיע, זרחלען צוריק אין בעט אַרײַן, — שווער געוועזן צו זען ווי ביידע, די מאַמע מיטן קינד, קאָנען זיך מער איינער פונעם אַנדערן גיט אָפּטיילן, ווי זי, סטיסיע, טוליעט צו זיך זרחלען אַזוי, ווי עמעצער וואָלט אים געוואָלט פון אירע הענט אַרויסרײַסן און ווידער זי איבערלאָזן אַליין, און שוין אויף תּמיד, און שוין אין אייביקער עלנטקייט, לויטן פּסק־דין, וואָס דער באַטקאַ אַלעס לעוואַדאַ האָט אויף איר אַרויסגעטראָגן אין יענעם אַגהייב־ווינטערדיקן פאַרטאָג נאָכן שיסן אין דעם אַטאַמאַן זירא־זירקאַ... דערנאָך, שוין נאָכן באַלייגן זרחלען שלאָפן, בלייבט זי שטיין איבערן וויגעלע פון דאָליס קינד, און ווידער מיט יענעם ערד־שוואַרצן פּנים, מיט דעם פאַרזאָרגט־אומרויִקן, נעמט זי פונאַנדערפרעגן ווי אַזוי האָט זיך דאָ דאָס עופעלע אויפגעפירט,

האָט מען אַרום דעם עפּעס ניט פֿאַרזען און, חלילה, ניט דורכגעלאָזט?

און נאָך דעם, שוין נאָכן איבערטאָן און צוקעמען זיך, — איר פּנים איז ווידער אין זײַן מראה אַרײַן, די ליפּן נאָך שטאַרקער צונויפֿגעשלאָסן, ווי מורא געהאַט ס׳זאָל זיך פֿון איר ניט אַרויסרײַסן דער געשריי... נעמט זי אָנצינדן די הונדערט און איין קאָלירטע ליכט, וואָס זײַנען אַרײַנגעשטעקט אין דעם ראָד־קײַלעכדיקן לעקעך. זי צינדט יעדער ליכט ניט געאײַלט, מיט גרויס כּוונה און אָפּגעהיטקייט, ווי זי וואָלט געטאָן אַ לאַנג געגאַרטע הייליקע זאַך... און ווען אַלע הונדערט און איין בונט־קאָליריקע ליכט ווערן אָנגעצונדן און צעברענען זיך, אַזוי לעשט זי זיי תּיכּף אויס. איבער דער שטוב בלײַבט הענגען אַ באַזילבערטער שפּינוועבס, וואָס שמעקט מיט וואַקס, מיט פֿאַרוויאַנעטע גערטנער, מיט איבערגעטריקנטע ראָמאַשקעס, מיט זיך לעשנדיקע קאַלטע שײַטערס־קרוינען פֿון ראַבינע־ביימער, מיט אויף די ווינטן זיך־דרייענדיקע געלע בערעזע־בלעטער, מיט טײַכוואַסער פֿאַר די שנייפֿאַלן און זאַווערוכעס... דערנאָך פֿאַרנעמט זי, סטיסיע, דעם פֿאַר איר פֿרײַ געבליבענעם אָרט, אינעם אויבנאָן, בײַ דעם בעל־יובלס האַנט, דאָרטן, ווי פֿאַר אַ יאָרן אין דער צײַט איז געזעסן זי, חרות; וואַרפֿט אַ בליק אויפֿן געגרייטן און אָנגעשטעלטן טיש, וואָס קיינער האָט זיך דאָ צו די מאכלים און געטראַנקען ניט צוגערירט, — מ׳האָט אויף איר געוואַרט... נעמט מיט איין האַנט אַרום, אָן ווערטער, דעם זקן, וואָס האַלט דעם קאָפּ צום לינקן אַקסל פֿאַרנייגט, ווי ער וואָלט מיטן רעכטן אויער צו עפּעס־וואָס אין דער נאַכט זיך ווידער צוגעהערט... מיט דער צווייטער האַנט הייבט זי אויף דעם כּוס רויטן פֿאַרספּירטעוועטןווישניאַק, און אַלע באַיאַרס שטעלן זיך דאָ אויך אויף און מ׳טרינקט אויס די אָנגעפּולטע בעכערס ביזן דנאָ.

און הגם אויסגעהונגערטע, נעמט מען זיך אָן קוראַזש פֿאַר די פֿאַרבײַסעכצנס — צו די געפֿילטע העלדזלעך, צו די געהאַקטע לעבערלעך מיט גריוון, דער אויף שטיקער צעריסענער פּורים־קוילעטש, וואָס טײַעט אין די הייסע עסיקפּליישן, בלײַבט שטעקן אין די גאָרגלען... אָבער די בעכערס ווערן אָנגעפּולט און אויסגעליידיקט, — די באַיאַרס ווילן זייער פֿאַרביטערט־קייט דערטרינקען אין די אָנגעספּירטעוועטע ווישניאַקעס, אין די בראָנפֿן־זובראָווקעס. זיי ווילן, די באַיאַרס, זיך אויפֿמונטערן, זיך לאָזן ווילגיין,

פאַרטרײַבן די געדאַנקען, וואָס וואַרפן אַרײַן אין אַ מורא־שחורה; דער פרומער נפתלי, דער איינציקער פון גבריאלס זין, וואָס איז דאָ בײַם לעבן פאַרבליבן, הייבט אָן זינגען שו־שנת־נת יע־ב־קב... פרוּוון די אַלטע באַיאַרס אים אונטערהעלפן, אים אונטערהאַלטן; זיי ווילן זיך צעזינגען, ווילן זיך צעבינדן און פאַרגעסן... נאָר דאָ הייבט זיך פלוצלינג אויף דער בעל־יובל, יצחק באַיאַר, און שלאָגט איבער:

— מאַטערט זיך ניט באַיאַרס! מאַטערט זיך ניט! יום־טובדיקע טישן קאָנען מיר נאָך גרייטן, נאָר קיין פרייד אויף זיי קאָנען מיר שוין ניט שטעלן... ניטאָ שוין אין אונדז די פרייד. ניטאָ! ניטאָ! און פרייד קאָן מען ניט אַרײַנשלעפּן פאַר די הערנער אין שטוב אַרײַן. ניין, מ׳קאָן ניט! פרייד פון יִיאוש איז געפאַלנקייט... מ׳דאַרף זיך ניט קרימען, מ׳דאַרף ניט מאַכן קאַזשלקעס אַז מ׳איז דערשלאָגן און צעבראָכן. אַוודאי קאָן מען טאַנצן פון יִיאוש, מ׳קאָן... אָבער מ׳קאָן חס־וחלילה אַרײַנטאַנצן אין אַזאַ יִיאוש, אַז מ׳זאָל שוין פון אים גאָרניט קאָנען אַרויסטאַנצן. לאָמיר איבערוואַרטן און איבערלעבן נאָך אַ פינצטערניש! די וועלט איז אַרײַן אין כולו חושך, ס׳שיטן שוואַרצע שנייען... מיר זײַנען געוואָרן ווי אַ פעלד נאָך אַ שווערן האָגל. פאַראַן, נאָך פאַראַן צווישן אונדז באַיאַרס מיט שטאַרקע הערצער, — הייבט ער אויף די מיט טרויער איבערגעפּולטע אויגן אויף סטיסיען. — פאַראַן, נאָך פאַראַן... אָבער די אַמאָליקע באַיאַרס, יענע פײַערדיקע לוי־איסרס, יאָנטלס, גבריאלס, יענע יִדן זײַנען שוין מער ניטאָ! ניטאָ! ניטאָ שוין יענע פײַער־דיקע נשמות וואָס צרות און גזירות פלעגן אויף זיי איבערגעברענט ווערן! און וואָסערע יִדן זײַנען מיר? פינטעלעך יִדן... פינטעלעך... אַפילו ניט קײַן פּונקען. פון אַ פּונק קאָן זיך נאָך עפּעס וואָס אָנכאַפּן, אָנצינדן, צעפלאַ־קערן... אָבער פון אַ פינטעלע וואָס? פינטעלעך, פינטעלעך וואָס קאַרטשען זיך אין יסורים, אין עגמת־נפש, אין ספקות, אין נאַרישע אַפּיקורסות! מיר לעבן אָן אַ גאָט, מיר לעבן אין שרעק, אין מורא... איך פאַרשטיי שוין ניט די וועלט וואָס אַרום מיר, און איך פאַרשטיי אויך ניט די וועלט וואָס איז אין מיר... נאַקעט און הויל זײַנען מיר געבליבן פאַר אַלע ווינטן. לאָמיר אויס־טרינקען ניט פון יִיאוש, נאָר פון גלייבן, פון אמתן באַיאַרישן בטחון. לאָמיר אויסטרינקען פאַר ד׳עם טאָג פון ישועה און פון גרויסער גאולה!

דער הונדערט־יעריקער דעמב טרינקט אויס דעם פול־אָנגעגאָסענעם בעכער, וואַרט צו ביז די ווײַבער טרינקען אויך אויס ביזן דנאָ, דערנאָך שטעלט ער אַוועק זײַן בעכער אויפֿן טיש און זאָגט:

— און איצטער, קינדער, לאָזט מיך מיט מײַנע הונדערט יאָר אין וועג אַרײַן!

פֿאַרשטייט מען ניט וואָס ער מיינט און וואָס ער וויל מיט די לעצטע ווערטער זאָגן, נאָר ווען ער גייט אַרויס פֿון טיש, טוט אָן זײַן פּעלצל אויף דער שבתדיקער קאַפּאָטע, גאַרטלט זיך אונטער מיט דער גרינער קרײַקע, שלעפּט אַרויף אויף דער יאַרמלקע דעם אויסגעריבענעם סויבלענעם יאַלעם, נעמט פֿון ווינקל יענעם אויסגעשניצטן שטעקן, וואָס זרחל האָט פֿון טײַך געבראַכט, — יענעם שטעקן וואָס איז איבער דער פּאָלאַנקע געלעגן און דאָס קינד פֿון טויט געראַטעוועט... דאָ פֿאַרשטעלט אים סטיסיע דעם וועג:

— ווהין גייט איר דאָס מיט אָט דעם שטעקן?

— איך גיי אַליין אַהין! פֿון אַברהמען מיט חרותן האָסטו מיר, סטיסיע, קיין איין וואָרט ניט געקאָנט זאָגן. דו שווײַגסט... דער אַכזר האָט מיר אויף דעם בריוו, וואָס כ׳האָב אים קריק מיט צוויי וואָכן אָוועקגעשיקט, אויך ניט געענטפֿערט, גיי איך אַליין... כ׳האָב אים געשריבן דעם משיח בן־יוסף אַז בשעת די פּעטליורישע פּאָגראָמען בין איך אין טלית און תּפֿילין געגאַנגען נאָכן אָבאָז פֿון די רויטע... און איצטער האָט ער זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף מיר ווי דער מאַרדער בײַ נאַכט אויפֿן וואַלדהאָן, וואָס זיצט אין די פֿאַרשנייטע יאָדלעס... דער וואַלדהאָן טוט זיך נאָך אַ הייב אויף איבערן וואַלד מיטן מאַרדער אויפֿן רוקן, נאָר דער מאַרדער בײַסט זיך אים אײַן מיט די ציינער אין האַלדז, און דער פֿייגל פֿאַלט אַ פֿאַרבלוטיקטער אין שניי אַרײַן...

— אַזוי האָט איר אים געשריבן?

— אַזוי האָב איך אים געשריבן. מיט אָט די קלאָרע ווערטער, סטיסיע, האָב איך אים געשריבן. און נאָך האָב איך אים געשריבן, אַז אויב ער וועט פֿאַרגיסן דאָס בלוט פֿון חרותן מיט אַברהמען, וועלן פֿאַלן אויף זײַן קאָפּ אַלע קללות פֿון דער תּוכחה. און איך האָב זיי אים אויסגערעכנט די אַלע קללות פֿון דער תּוכחה.

— מ׳וועט דאָך אײַך... זיי וועלן ניט קוקן אויף אײַער עלטער!

— מסתּמא, סטיסיע, איז מיר באַשערט אַזאַ טויט. פאַר וואָס זאָל מיר קומען שטאַרבן אויפן בעט, קומען צו קבר־ישׂראל, און מײַן אייניקל, שמואַ־ליקן, און מײַן אייניקל דניאלהן, ניט? איז דאָס דרײַצן־יעריקע קינד געווען זינדיקער פון מיר? האַ, סטיסיע, מיט וואָס האָט דאָס קינד געקאָנט דער־צאָרענען דעם בורא־עולם?.. פאַרשטעל מיר ניט דעם וועג, סטיסיע! איך וויל גיין אין טורמע אַרײַן. איך בין שוין דאָרטן אַ מאָל געזעסן פאַר חרותן. פאַרשטעל מיר ניט דעם וועג, איך וויל גיין צו אַברהמען, צו חרותן, צו איווען, צו דניאלן דער מומע ליבעס... מיר וועלן זיצן אַלע אין איינעם. דאָרטן, סטיסיע, איז איצט דער יושר און דער גלויבן אין דער וועלט, אין דעם אחרית־הימים... — און ער ווערט מיט אַ מאָל אַנטשוויגן. זײַן לאַנגע ווײַסע באָרד גייט אַרײַן אין אַ שאָטן, און ווי אַלע באַיאָרס ווען זיי ווערן אַרומגעכאַפּט מיט אַ פלאַם־צאָרן, טוט ער אַ שאַר מיטן רעכטן פוס איבער דער ערד, און לאָזט זיך פון שטוב אַרויס.

— איך גיי מיט אײַך, ר׳ יצחק! איך וועל אײַך איינעם אַליין ניט לאָזן אין וועג אַרײַן.

— סטיסיע, אין וועג וועל איך זײַן ניט אַליין, דער וואָס־לעבט־אייביק וועט זײַן מיט מיר. ער וועט מיך באַגלייטן! דאַרפסט בלײַבן אין דער היים. דו, סטיסיע, ביסט איצטער אַ מאַמע פון צוויי קינדער... מאַטעס, שפּאַן אײַן די בלינדע שקאַפּע און פיר מיך אָפּ צו דער סטאַנציע. מיר וועלן מיט דער בלינדער אויך באַוויזן אָנקומען צו דער באַן. ביזן שאַריען האָבן מיר נאָך גוטע צוויי שעה... אַ גוטע נאַכט, קינדער!

# יט

און דער אַלטער באָיאַר איז מיט דער בלינדער הניאַדער שקאַפּע, וואָס מ׳אַקערט מיט איר שוין נאָר די גערטנער, אָנגעקומען צום פּאַרטאָגיקן באַן צו דער צײַט, הגם אין מיטן וואַלד זיך געמוזט פּאַרהאַלטן, ווײַל אַראָפּ־צו פון וועג האָט אַ צעבראָכענער קול געבעטן הילף... האָט דער זקן געהייסן מאַטעסן אָפּשטעלן די קאָבילע און זיך געלאָזט אַהין מיטן שטעקן לויפן: מיט אַ מענטשן האָט ערגעץ אַן אומגליק געטראָפן! אָבער ווי נאָר פון וועג אַראָפּ, און נאָך פון דער ווײַטנס, צווישן די ליכטיקע בערעזעס, אין די לבנה־שנייען דערזען די אָפּגעהאַקטע פּאָסטאָראָנקעס אויפן האָרטשיק פון דעם ברייטן שליטן און אויפן דישל דעם שטיקל לעדער פונעם אָפּגעשניטענעם נאַשילניק... האָט שוין דער זקן ווײַטער קיין טראָט ניט געמאַכט, אויפגעציטערט געוואָרן און אַ קלאַפּ געטאָן מיטן שטעקן איבער אַ דערבײַיִקן בוים. ער האָט ניט געוואָלט אַפילו וויסן ווער ס׳קאָרטשעט זיך דאָרטן אין שליטן אויף דער שטרוי אינעם שוואַרצן פּעלץ, און געזאָגט צו מאַטעסן:

— אַ געזונט אין דײַן סטיסיעס ביינער! — דערנאָך אויפגעהויבן דעם פּנים צו די הייכן: אַ דאַנק דיר, רבונו־של־עולם! — און מ׳איז אַוועקגעפאָרן ווײַטער, ווו אין די ווײַס־בערעזעווע שטילקייטן, אין די פאַרבאָרגענע יאָדלע־שווײַגענישן, ווייעט מיט וואַרעם בלוט פון אַן אויף שטיקער צעריסענעם האָז; ווו פון מאָל צו מאָל, און דאָך ווי אומדערוואַרט, און ווי פּלוצלינג, דערהערט זיך דער רויב־גרויליקער ווי־געשריי פון דעם פּילין... און די קאָסע באַזילבערטע לבנהדיקייט בויטעט ווײַטער די געדיכטע, די ערב־פרילינגדיקע שוואַרצע וואַלדשאָטנס.

— ר׳ יצחק, — טוט אים מאַטעס אַ פרעג אין איינער שרעק. — ר׳ יצחק, איר גלייבט אין נסים? יענער, וואָס ליגט דאָרטן אין שליטן אַ צעבויקערטער, קאָן דאָך...

— איך גלייב, מאַטעס, אין דער העכערער השגחה! דער־וואָס־לעבט־אייביק וועט זײַן מיט איר. ווער ס׳פּאַלט אויפֿן פּנים פאַר דער בייזער שעה, ווער ס׳וויל ראַטעווען זײַן פּעלעכל, דער מוז דערפאַר באַצאָלן מיט זײַן נשמה... סטיסיע וועט גיכער זיך לייגן אונטער די מילשטיינער, זיך לאָזן צעדריבלען און צעמאָלן זיך די ביינער, נאָר איר כּבוד, איר ווערדע, איר נשמה וועט זי ניט פאַראומרייניקן... אָ, דאָס וועט זי קיין מאָל ניט טאָן! און אויב, מאַטעס, מ׳וועט זי חס־וחלילה צונעמען, מ׳וועט זי אַרויסרײַסן, סטיסיען, פון דער ערד, וועלן מיר דאָ אַלע ווערן די טאַטעס און די מאַמעס פון די צוויי קינדער... פאָר, מאַטעס, פאָר, די בלינדע שלאָגט זיך בײַ דיר אַראָפּ פונעם וועג. אַך דו, רבונו־של־עולם, סאַראַ פּורים־נאַכט דו האָסט אַראָפּגעוואָרפן אויף מײַנע הונדערט יאָר... פאָר, מאַטעס, פאָר, מיר קאָנען נאָך פאַרשפּעטיקן צום באַן.

און ער האָט ניט פאַרשפּעטיקט דער אַלטער באַיאַר. ער איז צום פאַרטאָגיקן באַן אַקוראַט און צו דער צײַט אָנגעקומען. און פאַרפאָרן איז ער אויך בשלום. און דאָרטן, אין דער אַרומיק־טומלדיקער, אין דער דערשראָקן־אויפגעהײַטערטער גרויסער שטאָט, נאָך האַלבן טאָג, — פון די אַרומגעשניטן־ברוינע קאַשטאַנען־ביימער האָבן זיך געשאָטן אויף די נאַסע פּירקאַנטיקע שאָסיי־שטיינער בליציקע טראָפּנס; דאָרטן, ווי נאָר פונעם באַנטרעפּל אַראָפּ מיטן געשניצטן שטעקן, מיט טלית און תּפילין אונטערן אָרעם, — ניט פאַרגעסן פאַרן אַרויסגיין פון שטוב מיטנעמען, און אין וואַגאָן, צווישן דעם פרעמדן עולם, דעם טלית און תּפילין אָנגעטאָן און מיטן פּנים צום זונאויפגאַנג זיך געשטעלט שחרית־דאַוונען און אויף אַ קול... דאָרטן, נאָך אויפן פּעראָן, גענומען פרעגן און איבערפרעגן, ווי אַזוי, מיט וואָסערע מיטלען און וועגן קאָן ער וואָס גיכער אַהין, צו דער טורמע זיך דערקלײַבן.

און ווען ער האָט זיך צו יענער תּפיסה, וווּ ער איז אַ מאָל מיט גבריאלן, מיט דער מומע ליבע, מיט אַברהמען און מיט עקיבאַן העכער פינף חדשים אָפּגעזעסן פאַר זיי, פאַר חרותן מיט איוון... ווען זי, חרות, קומט דעמאָלט ניט אַליין, ווען זי ענטפערט זיך דעמאָלטן ניט איבער אין די הענט פון דער אָכראַנקע, וואָלטן זיי אַלע, אויך די טראַגעדיקע מומע ליבע, פאַרטריבן געוואָרן קיין סיביר אויף קאַטאָרגע; אַז ער האָט זיך שוין יאָ דערקליבן,

דער זקן, אַהין־צו, צו יענער תּפיסה, זײַנען שוין אַלע טיר־ און־טויערן געווען פֿאַר אים פֿאַרריגלט, פֿאַרקייטלט און אויף דרויסנדיקע הענגשלעסער גע־נומען. נאָר פֿון דער רויט־געמויערטער וואַנט דורך אַ פּירקאַנטיק טאַפּליעלע האָט געקוקט אויף אים, אויפֿן אַלטן באָיאַר, פֿון אונטער אַ בלויער אָקאָלישקע אַ קאָנאָפּליאַנע קודלע אויפֿגעשלאָגענע האָר. דעם אַלטנס לאַנגע ווײַסע באָרד איבערן פּעלצל מיט דער גרינער קרײַקע, די שוואַרץ־זײַדענע כאַלאַמידע, דאָס אָפּגעריבענע היטל אויף דער יאַרמלקע, דער הויכער געשניצטער שטעקן, דער עיקר אָבער דעם אַלטנס אויגן פֿון צווישן די כוואַליעס קנייטשן, האָבן יענעם ניט נאָר פֿאַרוווּנדערט, נאָר שטאַרק דערשראָקן:

— דיעד, — עפֿנט די קאָנאָפּליאַנע קודלע דאָס פֿענצטערל, — ביסט אַ היגער?

— ניין, סינאָק, ניין. כ׳בין פֿון ווײַט. געפֿאָרן אַהער גאַנצע צוועלף שעה.

— הם... מ... און וועמען האָסטו דאָ?

— קינדער האָב איך דאָ, קינדער, סינאָק, צוויי קינדער.

— טאַקע דײַנע?

— מײַנע, סינאָק, מײַנע. טאַקע מײַנע. אייגענע.

— וויפֿל ביסטו אַלט?

— הונדערט, סינאָק, הונדערט. הײַנטיקע נאַכט האָט אויסגעקלאַפּט הונדערט.

— הײַנטיקע נאַכט, זאָגסטו?

— יאָ, סינאָק, הײַנטיקע נאַכט. הונדערט...

— ווי אַזוי זײַנען די פֿאַמיליעס פֿון דײַנע קינדער?

— באָיאַר, סינאָק, באָיאַר. פֿון דער פֿאַמיליע באָיאַר... כּיירוס באָיאַר, אַווראָם באָיאַר, איוווע באָיאַר, דאַניעל באָיאַר... אַלע באָיאַרס!

— העי, דיעד, פּלאָנטער ניט! דו האָסט דאָך נאָר וואָס געזאָגט, אַז דו האָסט דאָ נאָר צוויי?

— יענע, סינאָק, יענע צוויי זײַנען מיר אויך ווי אייגענע קינדער. ביידע, איוווע און דאַניעל, ביידע, סינאָק, ביידע ווי פֿון מײַן קנאָכן אויסגעשניטן. סינאָק... סינאָק!

— וואַרט דאָ צו, דיעד, וואַרט דאָ צו... — און יענע קאָנאָפּליאַנע אויפֿגע־

שלאָגענע קודלע אונטער דער בלויער אָקאָלישקע, וואָס האָט זיך אָקערשט געוויגט פאַרן זקנס אומבאַהאָלפן־מאָנענדיקע אויגן אין דעם סוף־טאָגיקן אָפענעם פענצטערל, ווערט אין איין בליק פאַרשווונדן, און אין דעם פיר־קאַנטיקן טאַפליעלע הוידעט זיך שוין אַ שפערל אויף אַ צווײַגל. דער אַלטער באָיאַר טוט זיך אַ דריי אויס: אויפן נאַקעטן קאַשטאַנען־בוים הוידעט זיך טאַקע אויף אַ ברעקל צווייגל אַ וואָראָבעלע... פאַרמאַכט דער זקן די אויגן און שפאַרט זיך אָן נאָך שטאַרקער אויפן שטעקן, וואָס האָט גערעטעוועט סטיסיעס יינגל פון אַרײַנפאַלן אין טײַך אַרײַן.

— רבונו־של־עולם, — נעמט זיך יצחק באָיאַר בעטן בײַם באַשעפער פון אַלע וועלטן, — פאַרלאָז מיך דאָ ניט, זײַ דאָ מיט מיר בײַ די טויערן פון דעם־אָ גיהנום. זע ס'זאָל דאַרטן ניט פאַרהאַקט ווערן דאָס קרישקעלע פענצטערל פון רחמים בײַ דעם גוי אין האַרצן... מיט עפּעס שרעקן אים מײַנע הונדערט יאָר, מיט עפּעס שרעקט אים דער שטעקן, נאָר ווי מיר דאַכט, שרעקן אים באַזונדערס מײַנע אויגן... בעט איך דיך, גאָט אין הימל, זאָל דער טראָפּן געבענטשטער פחד אין זײַן האַרצן ניט אויסגעטריקנט ווערן. זאָל דער לעצטער פונק מענטשלעכקייט אין אים ניט אויסגעלאָשן ווערן. — און דער אַלטער באָיאַר שפאַרט זיך דערבײַ אָן מיט ביידע הענט, שוין מיט אַלע זײַנע כּוחות, אויף דעם שטעקן, ווי אויך ער, דער זקן, וואָלט פלוצלינג געבליבן הענגען איבער אַ פּאָלאָנקע, ווו די קרירה־וואַסערן דערגייען אים שוין ביז צו די אַקסלען.

און בײַ יצחקן, ווי תּמיד פאַרן וואַרטן אויף אַ שטאַרקן קלאַפּ פונעם גורל, נעמט זיך אײַנבויגן און אויסקײַלעכיקן דער רוקן... ער אָטעמט שווער און קוקט פון הינטער די וויִעס זייער אָנגעשטרענגט, ממש מיט שרעק, אויף דער ווײַסער זון, אויף דער גרויסער האַרעפּאַשניצע פון דער וועלט, ווי זי נידערט אַ מידע איבער די שנייוואַסערן, וואָס ריזלען פון די בערג.

און דאָ, גראָד בײַ אָט דעם ליכט, בײַ אָט די יאָגנדיקע שפּיגל־וואַסערן, פאַלט ער אַרײַן, דער זקן, אין יענער ווײַטער נאַכט פון די פריִיאָריקע סטאַוו־וואַסערן, וואָס האָבן דערטרונקען די גערטענער, דעם שליאַך אַריבער, און צו דער אַלטער קרעטשמע אויפן בערגל זיך דערקליבן; אין יענער נאַכט,

נאָך עקיבאס פּלוצעמדיקן אַרײַנקומען, האָט זיך אויך באַלד זי, חרות, אויפן שוועל באַוויזן... און ער, יצחק, האָט איר דאָרטן, דער טאָכטער, וואָס צען יאָר איר נאָמען ניט געוואָלט הערן, גלײַך טאַקע אויפן שוועל געזאָגט: איך וויל ניט. דו הערסט, איך וויל ניט אַז דו זאָלסט וואַרפן דײַנע לוחות... פון אַ תורה קאָן זיך אָפּזאָגן נאָר דער, וואָס האָט פאַר איר קיין בלוט ניט פאַרגאָסן. אָבער דיר קאָסט דײַן תורה אַ סך בלוט און אַ סך יסורים... איז גיי דיר מיט דײַן וועג ווײַטער, זאָל זיך עקיבא פאָרן אויף זײַן כּישוף־וועגעלע, זאָל זיך שיפרה גיין מיט איר וועג, און איך וועל מיר גיין מיט מײַן וועג. לאָמיר אַלע גיין! ערגעץ אויף די וועגן דאַרף דאָך און ס׳מוז דאָך געלייזט ווערן אונדזער גורל. און אויך דער גורל פון דער וועלט... זײַנען מיר אַלע געגאַנגען, און מיר זײַנען אַלע דערגאַנגען!...

דער זקן רײַסט אויף די ווי̇עס: די זון פאַלט מיט אַ שטראָם וואַסער פון אַ הויכן באַרגאָפּריס אין טיפן טאָל אַרײַן, און אין דער געדיכטער בלויקייט פון די הימלען פאַרבלײַבט אַ פײַערדיקער קנויל. אויפן שפּיץ צווײַגל וויגט זיך נאָך אַלץ דאָס וואָראָבעלע אין דעם פירעקעכדיקן טאַפּליעלע.

דער שטעקן קאָן אים שוין מער ניט אונטערהאַלטן, לאָזט ער זיך, דער זקן, פּשוט אַראָפּ אויף דער פײַכטער ערד, בײַ דער תּפיסה־וואַנט, דעם טלית־און־תּפילין אויף די קני, דעם שטעקן אָנגעשפּאַרט אין אַקסל, ווישט די שפּיצן פינגער אין דער קאַפּאָטע, און דאַוונט מינחה, זיצט שמונה־עשרה, ווײַל שוין ניט ביכולת פון דער ערד זיך אויפהויבן, און קוקט מיט גלויבן, און וואַרט מיט אַלע רמ״ח אברים, אַז אָט וועט זיך דאָס פענצטערל באַלד אויפעפענען.

און דאָס פענצטערל, שוין בײַם סאַמע טאָג־פאַרגיין, עפנט זיך טאַקע מיט אַ מאָל אויף, און די קודלע האָר, שוין אויך אַ טונקל געוואָרענע, רופט מיט אַ פינגער צו זיך... שפּרינגט ער אויף, דער אַלטער באָיאָר, ווי אַ יי̇נגל, און לויפט צו מיט אָנגעשטעלטע אויערן.

— סינאָק, יאָ?

— ניין, דיעד, ניטאָ דאָ פון דײַנע שוין קיין איינער.

— שוין ניט?.. איז וווהין, סינאָק, זײַנען זיי אַהינגעקומען, וווהין, וווהין?

— דאָס, דיעד, ווייס איך ניט. כ׳האָב געפרעגט אין אַלע קאַמערן,

כאָטש דאָס איז שטרענג פאַרבאָטן. נאָר וואָס איז עס ביי דיר פאַר אַ שטעקן?

— אַ דעמבענער, סינאָק, אַ דעמבענער. ניט מיינער... האָט דאָרטן אפשר עמעצער אין די קאַמערן, סינאָק, מיינע קינדער געזען?

— פאַראַן דאָרטן איינע, וואָס איז געזעסן מיט דייניקע, נאָר...

— סינאָק, כ׳וועל פאַר דיר ביזן סוף פון מיינע טעג גאָט בעטן אַז ער זאָל דיר מוחל זיין די זינד... און דו ביסט דאָך, סינאָק, שטאַרק פאַרזינדיקט פאַר גאָט און פאַר מענטשן.

— פון וואַנען ווייסטו עס, — פרעגט יענער שטאַמלענדיק פון באַפאַלענער שרעק. — ווער האָט עס דיר דאָ געקאָנט זאָגן?

— קיינער, סינאָק, האָט מיר דאָ גאָרניט ניט געזאָגט... קיינער ניט... נאָר דאָ זיינען די הענט ביי אַלעמען אין בלוט... איך וועל פאַר דיר, סינאָק, גאָט בעטן... באַוויז מיר, סינאָק, דעם מענטשן, וואָס האָט געזען מיינע קינדער. אויב דוווילסט וועל איך פאַר דיר אויף די קני פאַלן!...

— אַלטער, דו האָסט שוין אָפּגעלעבט הונדערט יאָר! — רוקט זיך מיט אַ מאָל פון פענצטערל אַ האַלבער פנים, אַן אָנגעגאָסענער מיט רויטער רציחה, און שטאַמלט ווייטער פון שרעק אַרויס. — ניט מיט מיין גוטן ווילן, אַלטער, שיס איך דאָ מענטשן ביי נאַכט און וואַש דערנאָך אָפּ זייער בלוט פונעם צעמענט... זע, אַלטער, קוק, איך בין שוין אין גאַנצן גרוי, און מיר איז ערשט זעקס און צוואַנציק יאָר... דיעד, שוין אַ יאָר ווי איך בין פאַרמישפּט צום טויט! דו הערסט, דיעד? אַז איך שיס יענע, לעב איך... יענע איז דאָך שוין אַלץ איינס ווער ס׳וועט זיי שיסן... דיעד, דו זעסט, מ׳האָט מיר אַפילו אָנגעטאָן אַן ענקאַוועדיסטסקע היטל! קוק ניט אַזוי אויף מיר מיט דיינע גרויע אויגן, קוק ניט אַזוי... דיעד, דיעד, איך וויל לעבן! איך האָב מורא פאַרן טויט... — און דאָ ווערט דאָס פענצטערל פאַוואָלינקע, און אויך ווי שטאַמלענדיק־שטיל, פאַרמאַכט. אַ פאָר רגעס זעט נאָך דער אַלטער באַיאַר אינעם טאַפּליעלע אַ שאָטן פון אַ מענטשן... און אויס! אַן אויפגעטרייסלטער פון יענעמס רייד, פון יענעמס שרעקלעכער ווידוי, שפּאַרט זיך אָן יצחק באַיאַר אין דער וואַנט אויף ניט אומצופאַלן. נאָר דאָ, ווי פון דער ערד, קריכט אַרויס אַ שינעל מיט אַ ביקס און שטופּט אים, יצחקן, אין דער פּלייצע:

— פראָוואַליוויַי, סטאַרי כרעז, פראָוואַליוויַי! פאַרנעם זיך פון דאַנען, אַלטער כריין, פאַרנעם זיך!

און דער אַלטער יצחק באָיאַר שפּאַנט וויַיטער מיטן טלית־און־תּפילין אונטערן רעכטן אָרעם, מיטן הויכן, מיט דעם אין סוד־פאַרהילטן, שטעקן אין דער לינקער האַנט, דער רוקן איז אים אויסגעגלייַכט, — דער קלאַפּ איז דאָך שוין נאָר וואָס דערלאַנגט געוואָרן מיטן גאַנצן אַכזריותדיקן כּוח:

— ניין, דיעד, ניטאָ דאָ פון דייַנע שוין קיין איינער!

און דער סוף־טאָג פאַרלאָזט אים, דעם זקן. דער ווינט לעשט אויס די לעצטע שקיעה־שייַנען אויף די בערג און די גראַקן שלאָגן זיך מיט געפילדער פאַר איטלעכן צווייַג אויף די אָסאָקאָר־ און יאַשינע־ביימער; און ערגעץ קלינגען די טראַמווייַען, און דער ראַדיאָ־הילכער שפּילט אויס אַ קאַמאַרינסקע. און די פריַיאָריקע וואַסערן פאַלן מיט פאַרטומלעניש אין טאָל אַרייַן:

— ניין, דיעד, ניטאָ שוין דאָ פון דייַנע קיין איינער!

ס'שמעקט גוט מיט אָנגעיוירטע ווייַנשל־קנאָספּן, מיט נאַסער זילבער־ווערבע און מיט אָנגעווייקטן טייַך־קאַמיש... ניטאָ שוין דאָ! איז ווו זייַנען זיי? ווהין האָט מען זיי אַוועקגעפירט? לעבט זי נאָך מייַן טאָכטער, חרות? זי איז דאָך אַ מאָל געווען אין טראָצקיס סוויטע... נאָך וואָס האָט מען זי פון דאָרטן, פון מאָסקווע, אַהער־צו געפירט? און וואָס איז דאָ מיט מייַן זון, מיט אַברהמען, געוואָרן? און מיט גבריאלס טאָכטער, מיט איווען, וואָס שוין אַריבער דרייַסיק יאָר האַלט זי אין איין צאָלן מיט איר לעבן? און וואָס איז דאָ געוואָרן מיט זיי, מיט דער מומע ליבעס קינדער, מיט דניאלן און שיפרהן? רבונו־של־עולם, ווער וועט מיר דאָ אויף דעם אַן ענטפער געבן? און אפשר האָט שוין אויף אַלע מייַנע שאלות צו דיר, רבונו־של־עולם, געגעבן דעם ענטפער יענער, פונעם פענצטערל?... האַ?

(סוף דריטער באַנד)